י. מ. ווייסנבערג


# געזאַמלטע ווערק



באנד 1


אַרויסגעגעבן פון יצחק מאיר ווייסנבערג-קאָמיטעט
דורך די זשעליעכאָווער לאַנדסלייט איבער דער וועלט

תשי״ט טשיקאַגאַ 1959

I. M. WEISSENBERG

# GEKLIBENE WERK

# SELECTED WORKS

●

Published by the
ZELECHOW SOCIETY OF THE WORLD

●

Copyright 1959
by
PEARL SILBERBERG
Calgary—Alberta, Canada

●

צחאַמענגעשטעלט פון

פערל וויסנבערג

●

שער־בלאַט געצייכנט פון

י. ליכטענשטיין

●

געזעצט

בן־ציון לעווקאָוויטש

●

Printed in the United States of America
by
INTERNATIONAL PRINTING COMPANY
204 So. Kedzie Avenue
Chicago 12, Illinois

 602

## אויספיר קאָמיטעט:

•

לייב גרייצער, ניו־יאָרק

שאלעק אַלטמאַן, פּאנאמא

פּערל ווייסנבערג, קאַלגאַרי, קאַנאַדע

מלכּה פּרוכטענבערג — קאַסרירערין, ניו־יאָרק

דזשעק מייסטער, מילוואָקי

לייביש ווייסלעדער, סעקרעטאַר, שיקאַגע

מיט דער מיטהילף פון די זשעל־עכאָווער אין אויסטראַליע, קאָסטא־ריקא, פּאנאמא, אַרובא, קאלאמביע, בראזיל, ניו־יאָרק, שיקאַגע און מילוואָקי.

# פאָרוואָרט

די זשעלעכאָווער איבער דער וועלט האָבן, לויט דער איני־ציאַטיוו פון דעם אומדערמידלעכן לייבוש ווייסלעדער, באַשלאָסן אַרויסצוגעבן די ווערק פון זייער גרויסן לאַנדסמאַן י. מ. ווייסנ־בערג ז״ל, וועלכע ליגן אין פאַרשוויגנקייט שוין צוויי יאָרצענדליק.

דאָס פאָרוואָרט וועט שרייבן „אַליינעניו״, פונקט ווי דער נאָמען פון איציק מאַנגערס פאַרלאַג איז — „אַליינעניו״.

ווייסנבערג פאַרדינט אוודאי אַ פיל בעסערן פאָררעדנער, נאָר ווייל איך בין מסופק, צי עס וועט זיך געפינען ביים היינטיקן טאָג דער אויפריכטיקער קריטיקער (מיט אַ פּאָזיציע, אָדער וואָס פרע־טענדירט אויף אַזעלכער), וועלכער זאָל וועלן ריזיקירן מיט זיין ליטעראַרישער קאַריערע און פאַלן אין אומחן ביי די פּני הליטע־ראַטור — מוז איך, מיט מיינע פיל צו באַשיידענע מעגלעכקייטן, דאָס טאָן אַליין.

איך מאַך מיר אָבער נישט קיין צו פיל עגמת נפש דערפון, ווייל מיך טרייסט די זיכערקייט, אַז וועגן ווייסנבערגן וועלן פיל מער רעדן זיינע אומשטערבלעכע ווערק גופא.

דאָס דערשיינען פון דעם דאָזיקן בוך איז ספּעציעל וויכטיק, ווי דער אָנהייב פון אַרויסגעבן ווייסנבערגס שאַפונגען פון זיינע לעצטע יאָרן (פון וועלכע דער אָפּקלייב באַשטייט הויפּטזעכלעך — **אַחוץ דעם „שטעטל״, „אַפּגעשטויסן״, „אין דער שטיל״, „געברענגט אַ סוד״), וועלכע זענען דעם יידישן לייענער, מיט קליינע אויסנאַ־מען, אומבאַקאַנט.**

איך האָב נישט געזען קיין שום מעגלעכקייט פון אַן עווענ־טועלן אַרויסגעבן די דאָזיקע ווי אויך די אַנדערע ווערק פון ווייסנ־בערגס לעצטן שאַפונגס־פעריאָד דורך אונדזער היינטצייטיקן ייד׳ פאַרלאַג־וועזן. אין משך פון די 20 יאָר זינט ווייסנבערגס פּטירה איז דערשינען איין בוך אין פאַרלאַג „יידיש בוך״, וואַרשע 1950,

און איינס ביי דער ל. מ. שטיין־פאָלקס־ביבליאָטעק, פאַרלאַג „ציקאָ", ניו־יאָרק 1954. דיביידע ביכער נעמען אָבער אַרום בלויז דערציילונגען פון וויסנבערגס התחלהדיקער תקופה.

מיר האָבן אָנגעהויבן דאָס אַרויסגעבן גראָד מיט שאַפונגען פון זיינע לעצטע יאָרן, ווייל דאָרט אַנטפּלעקט זיך וויסנבערג אין זיין פולער רייפקייט, הגם — ווי די קריטיק זאָגט — איז וויסנבערג געקומען באַלד אַ רייפער צו דער יידישער ליטעראַטור. דאָך אָבער זענען פאַרגעקומען ענדערונגען אינעם שעפער.

וויסנבערג פון פריער איז אַ פעסט־שטייענדיקער מיט ביידע פיס אויף דער ערד. מיט אַן אויג, וואָס דערזעט, וואָס אונטער דער הויט פון זיין געשילדערטן העלד טוט זיך; מיט אַ פילבאַרקייט פאַר סיטואַציעס און זשעסטן, וואָס יעדער פּרט ווערט געזען און יעדער פּרט האָט זיין באַרעכטיקונג. נישטאָ ביי אים קיין סתם רייד, סתם זשעסט, סתם מענטשן. אַלץ האָט זיין שליחות און גאָרנישט איז איבעריק אין זיין באַהאַנדלען און אַנטוויקלען אַ טעמע. ער גע־שטאַלטיקט און פורעמט זיין ווערק מיט דער זעלבער צילבאַוואוסט־קייט, ווי די נאַטור פורעמט אירס.

אינעם לעצטן פעריאָד זעען מיר וויסנבערגן שאַפן זיינע ווערק מיט די זעלבע קינסטלערישע מיטלען, מיט דעם אויסערגעוויינלעכן און פאַר אים כאַראַקטעריסטישן כוח הראיה און אָריגינעלקייט פון אויפפאַסן און איבערגעבן געמיט־צושטאַנדן. אָבער אין זיין לעצטער שאַפונגס־תקופה זענען וויסנבערגן, נוסף לזה, אַנטפּלעקט געוואָרן נאָך אַנדערע סודות און ער איז געוואָרן עטערישער. זיינע שאַפונגען זענען אַ מין פּאָעזיע אין פּראָזע, אָבער אַזאַ געלייטערטע און צאַרטע, ווי אַ תפילה אין דער פרימאָרגן־שעה, ווען דער חלל איז נאָך ריין פון אַלע ערדישע אויסהויכונגען. די ערד איז נאָך אַלץ דער שורש, דער אור־קוואַל, פון וועלכן ער ציט זיין שעפע־רישע יניקה. אָבער מיטן דמיון, מיט זיינע אָנונגען איז ער אין די ספערן פון דער אייביקייט, וועלכע בלייבט אַ סוד, אַ נישט־דורכדרינגלעכער קאָסמאָס פאַר אַנדערע. פאַר וויסנבערגן, דעם באַאָבאַכטער מיט זיין טיפער אינטואיציע, זענען יענע מקומות, ווי די אַלע וואונדער אויף דער ערד כמו באַקאַנט, ווי ער וואָלט שוין אַמאָל דאָ געוועזן. און ווען ער האָט פאַרלאָזט די וועלט איז אויך

זיין אָטעם געבליבן; ווייסנבערגס אַ שאַפונג האָט צוליב איר שלימות — בצימצומדיקייט אין וואָרט און רחבותדיקייט אין בילד און אויסדרוק — דעם היפּנאָטישן כוח, וואָס אַז מען ווערט אַריינ־געפירט אין דער געגעבענער אַטמאָספערע, קען מען זיך נישט לייכט אָפּטרייסלען פון איר. דער לייענער לעבט אין איר ווייטער נאָכן איבערלייענען די שאַפונג. מיט דעם פאַרמאַכן דאָס בוך האָט ער נישט אויפגעהערט לייענען ווייסנבערגן. דאָס געשילדערטע דורך אים לעבט אינעם לייענער ווייטער און באַווירקט אים נאָכצו־טראַכטן און נאָכצולעבן יענע באַשריבענע לעבנס און שטימונגען. ווייסנבערג איז דעריבער אַ מערקווערדיקע שיין פון נצחיות.

אין זיין לעצטן שאַפונגס־פּעריאָד האָט זיך ווייסנבערג אויך אַנטפּלעקט ווי אַ פילאָזאָף, אַ פּסיכאָלאָג און אַ מאַן פון העכערער מאָראַל און עטיק, מיט וועלכע אַ סך פון זיינע שילדערונגען און דיאַלאָגן זענען באַהויכט. אָבער ווי אַנדערש איז די ווייסנבערג־מאָראַל פון דער אונדז אַזוי וואויל באַקאַנטער מאָראַל. ער האָט אַזויפיל פאַרשטענדעניש פאַר די קרבנות פון דעם אַנגענומענעם געזעלשאַפטלעכן לעבנס־שטייגער; פון דעם וועלן לעבן אַזוי ווי די וועלט פירט זיך, כאָטש דאָס האַרץ און גאַנצע וועזן ציט גאָר אין אַ היפּוכדיקער ריכטונג („ווי דער גורל פירט”). ער זאָגט דאָרט, אַז אַלע מענטשן לעבן פאַרשטעלט; מען רעדט אַנדערש און קלערט און באַגערט אַנדערש. זיי זענען, הייסט עס, קנעכט פון אַ טוגנט, וועלכע איז קעגן די מענטשן אַליין. „ווי דער גורל פירט” איז אַ דורכאויס נייע און אָריגינעלע שאַפונג, הן לויט דער פאָרם, הן לויט איר אינהאַלט, הן מיט איר געוואַגטקייט, נישט נאָר אין דער יידישער ליטעראַטור, נאָר אויך אין דער וועלט־ליטעראַטור. וויפל טיפע פּסיכאָלאָגיע, וויפל קענטעניש פון דער פרויען־נאַטור אינם מיליע, אין וועלכן זי לעבט און דאַרף זיך אַן עצה געבן מיט איר אייגענער עקזיסטענץ. מאַשעלעס געשפּרעכן מיט די דריי שוועבערינס, אירע אייגענע מחשבות טאָג־איין, טאָג־אויס און די אויספירן צו וועלכע זי קומט נאָכן וועגן און מעסטן, וואָס פאַר אַ מין גראָבע הילף זי קען דערוואַרטן פון דער גאַס, געבנדיק איר זיך אַליין אַלס אָביעקט צו שטילן איר נייגיר און די מיאוסע מענטש־לעכע אייגנשאַפטן פון וועלן אַריינקריכן מיט די קאַלאָשן אין

האַרץ אַריין פון דעם געקווײלטן, און דאָס, פאַרשטייט זיך, אין נאָמען פון וועלן אים העלפן. און דאַן די געשיכטע מיט די בעטן, וואָס זענען געשטאַנען אין באַזונדערע ווינקלען פונעם גרויסן חדר און, וואָס מאַשעלע האָט באַשלאָסן שוין בעסער זיי צוזאַמענצו־רוקן, כאָטש סיי ווי ליגט אַ טיפער תהום צווישן איר און איר מאַן. איז דאָרט אינטערעסאַנט די שפּיל, אין וועלכער זי ווערט אַרײַנ־געצויגן, אַ שפּיל פון וועלן אַלעמען צוליב טאָן. אַלעמען, נאָר נישט זיך אַליין. זי האָט שוין געזען, אַז די בעטן מוז זי צוזאַמענרוקן, אָבער זי וויל דאָס מאַכן אַזוי, ס'זאָל הייסן, אַז אי זיי זענען צוזאַ־מענגערוקט, אי ס'איז אומדירעקט, פון זיך אַליין אַזוי אַרויסגע־קומען. — דאָס אַלץ איז באמת מייסטערשאַפט פון דער העכסטער מדרגה. וויפל דורכדרינגלעכקייט און דינקייט מוז פאַרמאָגן אַ קינסטלער, כדי צו קענען אַזוינס אויסוועבן!

עס איז דאָרט דאָ נאָך אַ ביז גאָר טראַגישע געשטאַלט: דער מאַן מאַשעלעס. ער איז נאָך טראַגישער פאַר דער העלדין גופא. אָבער אים באַהאַנדלט דער מחבר צום טייל אָן רחמנות, דער עיקר צום סוף, ווען ער איז שוין טויט. עס דערגייט ביז לעסטערונג און אכזריות. נאָר דאָס איז אַ מין אומבאַפרידיקט נקמה־געפיל, כמו אַ שטראָף פאַר אַרײַנציען אַ גלייכן מענטשן מיט געזונטע חושים און באַגערן אין אַ לעבן פון נישט אַהער און נישט אַהין, — דורך אַ מענטשן אַ קאַליקע — נאָר דערפאַר, ווייל דער וועלטס פירונג איז אַזעלכע.

נאָר דאָך שילדערט ער אים מיט אַזויפיל האַרצרייסנדיקן שטומען רחמנות, אָבער אַזאַ אָפּגעשלאָסענעם, איזאָלירטן, אַז אין זיין אומגליק נעמט שוין גאָר קיינער קיין אָנטייל נישט. אים פרעגט קיינער נישט. מען לאָזט אים גיין און דערפאַר איז זיין טראַגעדיע נאָך טיפער. דעם מחברס רחמנות צו אים איז עס אָבער נישט. ער גיט אים נאָר אַזוי ווי ער איז, און ווייל ער איז איין שטיק טרויער, במילא מוז ער אַרויסרופן רחמנות. ווי טראַגיש ער איז אין דער סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־ליידנדיקע, וואו ער האָט געקריגן אַ קור פון ליגן אויף דער פרישער לופט, זאָגן עדות אָט די שורות:

„שטיל איז געוועזן דאָס ליגן, ווי פון נישט קיין מענטש, קיין לעבעדיקע זאַך, נאָר גיכער אַ שוואַם, וואָס דאַרף אין זיך עפּעס אַרײַנזאַפּן . . .

„דערביי האָט זיך גערעדאַכט, אַז דאָס גאַנצע גופל איז איינ־געטוליעט און — אַריינגעהויקערט עפּעס אין איין פּיצעלע דמיונדל, אַזוי גרויס, ווי אַ קליינטשיק קייקעלע . . . "

זעט נישט נאָר די אומהיימלעכע געשטאַלט אַזוי אוים ביי וויסנבערגן, נאָר אויך די גאַנצע אַטמאָספערע איז אַזאַ. דער חותם פון אומפאַרמיידלעכן סוף הענגט דאָרט אין דער שטילקייט פון דער לופט. די קראַנקע דאָרט ווייסן, אַז זיי געפינען זיך אין דער נעץ פונעם טויט און אַלע שווייגן אין זייער טיפער טראַגיק, ווי פאַרמשפטע מיט דעם באַוואוסטזיין, אַז קיין שום קראַפט אין דער וועלט איז נישט בכוח דעם משפט אָפּצורופן.

ווי קוריאָז, אַז דער צופאַל האָט געוואָלט, אַז אויך דער מחבר פון דער דאָזיקער דערציילונג זאָל שטאַרבן אויף דער זעלבער קראַנקהייט. און, לייענענדיק די שילדערונג אין דער סאַנאַטאָריע פאַר לונגען־ליידנדיקע, האָב איך נאָכגעטראַכט, צי דעם מחבר — ווערנדיק שפעטער מיט אַ צייט אַליין קראַנק אויף דער דאָזיקער אומהיימלעכער קראַנקייט — זענען דאַן מער סודות אַנטפלעקט געוואָרן פון איר; צי האָט ער דאַן מער איבערגעלעבט די דער־שיינונג זייענדיק אַליין קראַנק, ווי ווען ער האָט געשילדערט זיינע לונגען־קראַנקע?

און מיין ענטפער איז: ניין. ער האָט נישט ווייניקער געשפּירט די טראַגעדיע פון זיינע קראַנקע העלדן בעתן שילדערן זיי, ווי ווען דאָס איז געוואָרן זיין אייגענע טראַגעדיע.

און אָט די אַלע ליידן, ספּעציעל די שטילע ליידן פון די מענטש־לעכע וועזנס אויף דער וועלט, זענען פאַר אים נישט פאַרהוילן. ער דערפילט זיי און דערזעט לויט אומגעזעענע סמנים און גיט זיי מיט אַזויפיל ווייטאָג און מיטלייד, וויפל עס קען נאָר איינזאַפּן אין זיך דאָס פילבאַרע מענטשלעכע האַרץ.

און אַז זיין העלד איז אומגליקלעך צוליב עפּעס אַן איבער־לעבעניש, איז אויך דער גאַנצער אַרום אַזוי גורלדיק אומגליקלעך; די נאַטור, די לופט, די קלאַנגען אין איר, די אַנונגען — אַלץ איז אומגליקלעך און אַלץ האָט אַן אָנדייטונג אויף אונטערגאַנג.

„איך האָב מיך איינגעקאָרטשעט און איך ווייס אַליין נישט ווי אַזוי איך האָב די רעשט נאַכט פאַרבראַכט. איך האָב מיך געפילט,

ווי אַ דיקער שלייער וואָלט זיך צווישן מיר און דער וועלט געלייגט — און איך ליג באַגראָבן, ווי אַ קליינטשיק ווערעמל אין אַ גרויסער פינצטערניש ערגעץ, און ווייט, ווייט איז ערגעץ פאַראַן אַ וועלט, וואו עס פלעכטן זיך שרעקלעכע סודות . . .״ („אָפּגעשטויסן״).

אין דער דערציילונג „אין דער שטיל״ איז די שטימונג געשיל־דערט אַזוי איבערצייגנדיק, אַז דער לייענער מוז בפירוש פילן די געדריקטע אַטמאָספערע, וואָס ווערט אַרויפגעצוואונגען אויף דער געמיטלעכער שטוב דורך דעם בעל־הביתס פאַרליבטקייט אין זיין פרוי — אַ פאַרליבטקייט, אַ דורכגעפרעסענע פון אייפערזוכט — גע־מישט מיט רוגזה, מיט תקיפות, מיט אַזויפיל רשעות און בייזקייט, וואָס שטעכן אַרויס פון דער זייט, וואו ער זיצט. און זי—מיט אַזויפיל ווייבלעכער וואָרעמקייט און שטילער חנעוודיקייט פון איר ווינקל, ווי אויך פון אַלץ, וואָס זי באַרירט. און דער גאַסט פון זיין זייט — מיט אַ שטילער צוריקגעהאַלטנקייט און שטייגנדיקער איבערגע־שראָקנקייט צוליב דער — כאָטש אויך שטילער, אָבער — ביי־זער רעאַקציע פון דעם מאַן, דעם תקיף. — שפּילט זיך אַלץ דאָס אָפּ נאָר אין דער לופט, אין דעם כמעט אָנווערטעדיקן קאָנפליקט אין יענער שטוב. דאָס איז אַ גוואַלדיקער כוח, אַזאַ שילדערן שטומע קאָנפליקטן, וואו דער לייענער שפירט בפועל ממש, אַז דאָס מוז פירן צו אַ שרעקלעכער טאַט, וואָס דאָס איז אויך דער סוף פון דער דערציילונג.

מערקווערדיק איז דאָס, וואָס יענע שרעקלעכע טאַט איז אויך אַ שטיק סתירה צו דער רואיקייט פון דער באַשריבענער נאַכט, פּונקט ווי עס איז אַ סתירה דעם מאַנס רוגזה אין יענער וואַרעם ליבלעכער געמיטלעכקייט פון דער שטוב, וואָס וואָלט געדאַרפט זיין אַ סטימול צו ליבע — און אַרויסגעקומען איז גאָר אומענד־לעכער האַס און פאַרברעך.

אין „געברענגט אַ סוד״ איז ווידער די זומער־לופט אָנגעפילט מיט ליידנשאַפט שוין באַלד פון די ערשטע פאָר שטריכן, מיט וועלכע דער מחבר צייכנט מיכאַלן, וואָס איז געקומען אויף אורלויב פון מיליטער, און וועמענס ברודער און דער עיקר די שוועגערין עס האַלטן אין איין זאָרגן: „וואוהין וועלן זיי אים לייגן?״

ניי לויט דער טעמאַטיק איז אויך „אייפער און געוויסן״. דעם מחברס סימפּאַטיעס און אַנטיפּאַטיעס קומען דאָרט שטאַרק צום

אויסדרוק. דער מאַן און דער מענטש זענען דאָרט איינס. ער ליבט זי, ווייל זי געפעלט אים אויסערלעך. ער האַסט זי — און דאָס איז דעצידירנדיק — צוליב איר זוכן נאָר נוצן פון יעדן שריט אירן.

גאָר פון אַן אַנדער זשאַנער איז שוין די דערציילונג „קינדער". דאָרט שפּרודלט עס מיט געזונטן פאָלקס-הומאָר און קינדערישע איינפאַלן און שפּיצלעך, וועלכע די צוויי „קעלבאַסעס", די זין פון בכבודיקן אַלמן, טוען אָפּ כסדר. זענען דאָס קינדער מיט גע-זונטע חושים, לעבעדיקע און לוסטיקע און נישט די וועלכע מיר קענען פון דער יידישער ליטעראַטור; בלאַסע באַנק-קוועטשערס, אָפּט פאַרקריפּלטע — אויב ניט פיזיש, איז פּסיכיש אוודאי — אומ-דרייסטע, פאַררוקטע אין אַ ווינקל פון דורותדיקן גלות.

ווייסנבערגס „קינהער" טוען דעם טאַטן אַן צרות, חרפּות און בושות און צוליב זייערע נישט בעל-הביתישע פּירעכצן ברענגען זיי דעם אויסערגעווינלעך גוטן פאָטער צו פאַרשידענע פאַרדאַכטן, אַז זיינע זין גייען אַראָפּ פון דרך הישר וכדומה.

ווייזט זיך אָבער דער דאָזיקער פאָלקס-טאַטע אַרויס אַלס דערציער, וואָס די היינטצייטיקע פּעדאַגאָגן מיט דיפּלאָמען פון אוניווערזיטעטן וואָלטן זיך געמעגט גיין לערנען אַביסל פּעדאַגאָגיק ביי דעם דאָזיקן פּשוטן קליינשטעטלדיקן יידן. די חכמה זיינע און דאָס לאַווירן אין די געשפּרעכן מיט זיינע זין, וועלכע ער פאַר-דעכטיקט אין נישט שיינע מעשים, אָדער סתם נישט-לייטישקייט — ווען ער וויל אָבער גלייכצייטיק נישט דערצערנען צופיל, אַז זיי זאָלן נישט אינגאַנצן אַנטלויפן פון דער שטוב, ווייל ער האָט זיי דאָך טראָץ אַלעם ליב — רוקט ער אַרויס אַ שטראָף-וואָרט און באַלד דערויף דריי פאַרגלעטונגס-ווערטער. היינט זיינע איינ-פאַלן אונטערצורוקן די זין געלעגנהייטן אויף אַרויסצושלייכן זיך פון אַ געשאַפענער סיטואַציע, ווען ער דערזעט נאָר, אַז עס האָט דעם זון צופיל אַנגעריירט, אָדער פאַרשעמט — מוז נאָר שטעקן אין אַן איינגעבוירענעם אינטעליגענטן דערציער און עמפּינדלעכער נאַטור.

און „אַ רעטעניש" איז ווידער אַ פאַרוויקלט פּראָבלעם: פאַר-וואָס האָט זי דער חתן אַוועקגעשטעלט און גאָר געפאָרן חתונה האָבן מיט אַ יונג ווייבל?

האָט ער זי נישט געליבט? האָט ער זי גענאַרט נאָר? „געמאַכט

דעם אַנשטעל פאַר לייטן"? — דאָס איז די פראַגע, וואָס מאַטערט די העלדין פון דעם „רעטעניש". וואָרעם עס איז טאַקע נישט תופס צו זיין. אַלץ זאָגט דאָך דערפאַר, אַז ער האָט זי יאָ געליבט, און דאָך — איז ער אַוועק פון איר.

נאָר דאָס רעטעניש ליגט אין די ספּעציפישע כאַראַקטער־שטריכן, וואָס זענען אייגן פאַר די מינים.

זי איז די פאַרשטייערין פונעם שוואַכן מין, פאַר וועלכן עס זענען כאַראַקטעריסטיש געוויסע אייגנשאַפטן, וואָס זענען פרעמד דעם אַנדערן מין.

אַ פאַרליבטע פרוי לאָזט נישט צו צו זיך קיין שום אַנדערע געדאַנקען ווי נאָר די וועגן איר געליבטן. זי פילט אוים אירע טעג און נעכט נאָר מיט די מחשבות, דערינערונגען און טרוימען פון אים. אַלדאָס אַנדערע עקזיסטירט נישט, אָדער האָט אין בעסטן פאַל, אַ ביי ראָלע.

דאַקעגן דער מאַן קען נאָך האָבן אַ סך אַנדערע „האָבים" אַפילו זייענדיק פאַרליבט. ער קען אַ שטייגער האָבן גרוים אינ־טערעס פאַר שפּילן אין בילאַרד (אין אונדזערע צייטן), און אין יענע צייטן — צום מעשענעם קנעפּל מיטן צווייקעפּיקן אָדלער אויפן זעלנערם מונדיר.

און אויף דעם סמך אַנטשטייט דער ערשטער קאָנפליקט צווישן אונדזערע פאַרליבטע, וועלכער פאַרטיפט זיך וואָס אַמאָל מער און מער.

דערביי שפּילט נאָך אַ קאָלאָסאַלע ראָלע (אין דעם פאַל) דעם מיידלס נטיה צו זען אַלץ אין שוואַרצע פאַרבן. די איבערגעטריבנ־קייט און דאָס העקלען זיך אין אַן אומשולדיק וואָרט, טאָמער האָט ער איר אין אַ מינוט פון אָפּנהאַרציקייט עפּעס אָנפאַרטרויט, און דאָס מגזם זיין אירס דערפירט צו אַזאַ תהום — ניט אַריבערצו־שפּרייזן מער.

פאַר איר, פאַר דעם מיידל, איז דאָס נאָך כסדר אַ רעטעניש: פאַרוואָס איז ער אַוועק?

אָבער פאַר דעם לייענער בינדט זיך אַזוי בהדרגהדיק אויף דאָס רעטעניש דורך אַנדערע שפּירונגען, נישט געקוקט דערויף, וואָס די פאַקטן ווערן אים צוגעטראָגן דורך דער געליטענער גופא.

פּאַרטיפּנדיק זיך אין „זעלבסטשוץ" מוז מען קומען צו דער מסקנה, אַז ראָמען ראָלאַן (אויב דער זכרון פּאַרפירט מיך נישט), איז גערעכט מיט זיין זאָג, אַז ווען אַלע מענטשן וואָלטן געטראַכט בקול רם, וואָלט גאָר קיין מאָראַל נישט געווען.

די צוויי פּרויען אויף דעם איינזאַמען דאַטשע-אָרט הייבן טאַקע אָן צו טראַכטן אויף אַ קול, אָבער בהדרגה. זיי הייבן נישט אָן פריער אַראָפּצוואַרפן פון זיך דעם צניעות-שלייער, ביז איינע דערפילט נישט דער אַנדערערס מחשבות און גאַרונגען. ערשט דערשנאַפּנדיק, אַז די אַנדערע איז אויך אַזוי, ווי זי . . . — נעמען זייערע אייסע-רונגען פליסן פריי. עס ווילט זיך פּשוט אויסשרייען: גוואַלד, וואָס פאַר אַ מענטשן-קענער ער איז!

היינט די געדעמפּטע לײדנשאַפט, מיט וועלכער דער חדר איז אָנגעפילט פון די פריער האַלב נישט דעררעדטע רייד?

די דראַמע-פּאָעמע „אין טאָג פון געריכט" איז אַן אָפּשפּיגלונג פון דורות יידיש לעבן אין פּוילן: די רעכטלאָזיקייט, די שוצלאָ-זיקייט, אין וועלכער דער ייד האָט געלעבט און קינדער דערצויגן יאָר-איין, יאָר-אויס אָן אַ פּיצל פונדאַמענט אונטער די פיס. „די גערעכטיקייט אָן אַ קאָפּ" איז — שוין אָפּגעזען פון דעם טיפן אמת, וואָס עס טראָגט מיט זיך בכלל אַזאַ נאָמען — פּוילנס אמתער פּרצוף. „אין טאָג פון געריכט" איז געשיכטע. דאָס איז אָבער גלייכצייטיק אַ מאַטעריאַל, וואָס איז אַקטועל אויך, — און אפשר ספּעציעל — אין דער איצטיקער צייט. עס איז געשריבן מיט אַן אויסגעהאַלטענעם ריטם. אויך בילדעריש אַנטשפּרעכנדיק פאַר דער בינע און, עס וואָלט געדאַרפן אויפגעפירט ווערן. נאָר מיר קלאַמערן זיך אַלץ נאָך — אחוץ די פּאָר ערנסטע ספּעקטאַקלען פון מאָל צו מאָל — אין די גאָרנישט זאָגנדיקע טעאַטער-סוזשעטן, גלייך די צייט וואָלט געשטאַנען אויפן זעלבן אָרט און גאָרנישט איז נתחדש געוואָרן אין דער עקזיסטענץ פון אונדזער פאָלק.

אַמערסטן האָט מען געשריבן וועגן ווייסנבערגס „שטעטל". האַלט איך אָבער, אַז כאָטש עס איז אַזויפיל געשריבן געוואָרן דערוועגן, איז עס דאָך נישט ריכטיק אָפּגעשאַצט.

אמת איז, אַז דאָס איז אַ רעוואָלוציאָנערער מאָטיוו. און אמת איז אויך, אַז ווייסנבערג איז געווען דער ערשטער צו שילדערן

אין אַ קינסטלעריש־קלאַסישער פאָרם די ערשטע שפּראָצן פונעם קלאַסן־קאַמף און פון דער אַרבעטער־באַוועגונג. די לינק־געשטימטע פּאַרטייען האָבן זיך דעריבער אָנגעכאַפּט אין ווייסנבערגן ווי אין אַן אַרבעטער־שרייבער. זיי זענען אָבער גאָר שנעל געבליבן שטיין מבולבל, ווען דער זעלבער ווייסנבערג האָט ביי פאַרשיידענע געלעגנהייטן קריטיקירט און אַרונטערגעריסן אָנגעזעענע אַרבעטער־פירער פונעם יידישן סאָציאַליסטישן לעבן. אויך האָבן זיי געקוועטשט מיט די פּלייצעס, נישט קענענדיק תופס זיין, פאַרוואָס ער, וואָס פאַרשטייט אַזוי גוט די נויטן פון די אונטערדריקטע און באַעוולטע, שטעלט זיך גאָרנישט אַרונטער אונטער די פענער פון דער פּאַרטיי, וואָס פאַרטיידיקט די אינטערעסן פון די זעלבע.

אָבער דאָ איז געלעגן זייער טעות. ווייסנבערג דער הומאַניסט מיט זיין שטאַרק אַנטוויקלטן חוש פאַר יושר, — „אַ קינסטלער איז אויך דער, וואָס קען נישט אַריבערגיין יענעמס עוולה, אַזוי גוט ווי זיין אייגענע עוולה", זאָגט ער אין איינער פון זיינע זעלטן גייסטרייכע עסייען, „קונסט און סוביעקטיוויטעט" — איז בטבע געווען אַ שומר פון דער גערעכטיקייט. במילא איז ער בלב ונפש געווען תמיד אויף דער זייט פון דעם באַעוולטן, דערניידעריקטן. אָבער נישט מיט יענער בלינדקייט פון אַ „הוראַ"- אָדער „נידער"-שרייער. דאָס הייסט אויך נישט, אַז אים זענען נישט געווען דערווידער אויך די זעלבע פּראָלעטאַרישע קאַריעריסטן, וואָס האָבן ווידער געשלאָגן קאַפּיטאַל ביים פאַרטיידיקן דעם... אונטערדריקטנס אינטערעסן.

אַחוץ דעם איז די שמאָלקעפּיקייט סתם נישט ביכולת צו באַגרייפן, אַז דעם אָדלערס מעכטיקע פליגלען קענען אומגעשטערט און גליקלעך שוועבן נאָר אין די פרייע און ברייטע הימלען און ער קען זיי נישט לאָזן איינפּאַסן אין קיין שום רעמלעך, אויך נישט — אין קיין פּאַרטיי־רעמלעך.

אינעם „שטעטל" איז ווייסנבערג, מיט זיין שטאַרק אַנטוויקלטן חוש פאַר גערעכטיקייט, ווי שוין אויבן געזאָגט, פאַרשטייט זיך אויף דער זייט פונעם געקריוודעטן. אָבער מיט וואָס פאַר אַ קלוגן בליק דאָס איז געזען! ווי עס וואַקסן אויס די פאַרלאַנגען צום דעמאָנסטרירן און אויך גיין מיט פענער, „האַנט ביי האַנט", פאַר־

קוקנדיק זיך באַדיי אויף... דער רעליגיעזער פּראָצעסיע, און דאָס מיטגעריסן ווערן פון ממש יעדן יוגנטלעכן אינעם שטעטל, — זענען דערפאַר דאָ פּסיכאָלאָגישע סיבות, אַזוי איראָניש און פיין געזעענע דורכן קינסטלער.

איז כאָטש דאָס איז — ווי אין אַלגעמיין אָפּגעשאַצט — אַ ווערק מיט אַ סאָציאַלן אונטערשלאַק, שוועבט אָבער דעריבער אַזאַ דינע איראָניע, וואָס גלעט און צערטלט דאָס געמיט, ווי דער גאָלדיקער שימער פון דעם טייערסטן שאַמפּאַניער.

פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער טראַגישער מאָמענט קומט דאָרט שטאַרק צום אויסדרוק, ספּעציעל צום סוף, ווען דאָס אַזוי הייטער אויפגעברויזטע שטעטל בלייבט אויף איינמאָל בית-הקברותדיק שטיל . . . און וויפל אומענדלעכער טרויער און מרה שחורה אין דעם בילד, ווען זעלנער פירן אַוועק די געבונדענע אָנפירער מיטן אויפברויז?

דערביי איז ווייסנבערג אַ גוואַלדיקער מייסטער אויף שילדערן מאַסן-סצענעס. ער גיט זיי אָפט אין אַ פּאָר געציילטע שטריכן, אָבער די כאַראַקטעריסטישסטע, וועלכע זענען אַזוי אויסדרוקס-פול, אַז מען דערזעט דער גאַנצער מאַסעם דראַנג אינעם געגעבענעם מאָמענט. נישטאָ ביי אונדז נאָך איין מאַסן-שילדערער כמוהו.

ווייסנבערג איז, וואָלט איך זאָגן, דער קינסטלער, וואָס דער-בליקט פון נאָענט און פון ווייט; ער זעט דעם יחיד ביז די קלענסטע דעטאַלן, אין זיינע דינסטע נשמה-וויבראַציעס. ער זעט דעם אַרום אין ווייטע פּערספּעקטיוון.

מיר האָבן, בכן, אין די עטלעכע שאַפונגען אַ גאַנצע גאַלעריע טיפּן, וואָס זענען — ווי מען זאָגט אָפט אין אונדזער קריטיק — ווי פון גראַניט אויסגעהאַקט. שטימט דאָס. אָבער די נשמות, די פּסיכישע צושטאַנדן און דעם גאַנצן אינערלעכן און פאַרבאָרגענעם אַפּאַראַט, וואָס שטויסט די מענטשן צו די פאַרשידענע האַנדלונגען און אָפט אויסטערלישקייטן — ווי עס וואָלט זיך געדאַכטן — מאַכט ווייסנבערג פאַר אונדז נישט ווייניקער בולט. ער מאַכט זיי קלאָר פאַר אונדז ווי מיטן אויג צו דערזען און מיט דער האַנט אָנצוטאַפּן פונקט, ווי עס זענען בולט פאַר אונדז זייערע גופים, זייערע געשטאַלטן.

דערביי שילדערט ווייסנבערג נישט בלויז די מענטשן מיט זייערע פּאַרדרייטקייטן און אייביקע קאָנפליקטן, נאָר — ווי שוין אויבן געזאָגט — גיט ער אויך די אומגעבונג און די אַטמאָספערע אַזוי ווי דעם מענטשנס געמיט־צושטאַנד איז. און אַפילו די טויטע קעגנשטאַנדן באַקומען אויך אויסדרוק ביים מייסטער און פילן אוים די רעם פון אַלגעמיינעם בילד.

ס׳רוב זענען דאָס ליידנדיקע, געקריוודעטע מענטשן, געקווייל־טע נשמות אינעם סאָציאַלן, צי יחידישן לעבן.

איז דאָס אַ וועלט פון ליידן, אין וועלכער דער יחיד איז זיך אַפּט אַליין שולדיק, צי עס איז שולדיק דערין דער צבור — אַלצ־איינס זענען דאָס נישט קיין לייכטע לעבנס ביי אים.

און דאָך איז ווייסנבערגס מאָטאָ:

„יעדער מענטש און יעדעס קלענסטע באַשעפעניש, דאָס מינד־סטע ווערעמל אַפילו, האָט מער שאַנסן צו זיין פריילעך ווי אָנ־מעטיק”.

ער איז בכן אַן אָפּטימיסט, טראָץ דעם, וואָס ער זעט אַזוי פיל צער אין דעם עמק הבכא.

די קאַנווע פאַר ווייסנבערגס דערציילונגען איז מייסטנס דאָס קליינע שטעטל. וואַסער שעפּט מען פונעם ברונעם און די באַלייכ־טונג איז דער נאַפט־לאָמפּ. שפּילן די עלעקטרישע זשיראַנדאָלן און די גרויסשטעטישע וואַסער־לייטונגען נישט קיין וועזנטלעכע ראָלע. וויפל ליידנשאַפטן, סטיכישע קראַפט און אורשפּרינגלעכע מענטש־לעכע אינסטינקטן קומען דאָרט צום אויסדרוק! דער גרויסער קינסטלער שטייט איבער דעם אָרט און איבער דער צייט, וואָס ער שילדערט, ווייל דאָס וואָס איז כאַראַקטעריסטיש פאַר דעם מענטש־לעכן מין באַגלייט דעם מענטשן — אפשר אין אַנדערע פאָרמען, אָבער — אין יעדער אומגעבונג. דאָס זעלבע איז אויך נוגע דער געוויקסן־וועלט און דער בעלי חיים־וועלט. זיינע שאַפונגען זענען העריבער גילטיק פאַר אַלע שטחים און אַלע צייטן.

• • •

און ווייסנבערג, דער קינסטלער פון אַזאַ גוואַלדיקער פּאָטענץ, איז ביי אונדז אַוועקגעשטעלט געוואָרן מחוץ למחנה. איך זאָג

„מחנה", ווייל פֿאַרהעלטנישמעסיק צו דער צאָל נפֿשות, וואָס מיר ציילן, פֿאַרמאָגן מיר מחנות שרייבער, כן ירבו. וואָס ס'איז אָבער אינטערעסאַנט דערביי איז, אַז מען שרייבט וועגן די מער פֿאַר־דינסטפֿולע און די ווייניקער פֿאַרדינסטפֿולע ביי פֿאַרשיידענע גע־לעגנהייטן, נאָר ווייסנבערגן „פֿאַרגעסט" מען. איז דאָס נישט קיין נאַטירלעך פֿאַרגעסן, ווייל זיינע ווערק לאָזן עס נישט.

ווי עס ווייזט זיך אַרויס, איז מיט ווייסנבערגן געשען דאָס וואָס עס געשעט פֿון צייט צו צייט מיט אַ שרייבער פֿון מעכטיקן פֿאַרנעם אויך אין אַנדערע ליטעראַטורן; עס טרעפֿט אָפֿט, אַז די פּאָפּולאַ־ריטעט פֿון אַ שרייבער מיט קלענערע פֿאַרדינסטן שטייגט אַ סך אַריבער איינעם מיט אומפֿאַרגלייכלעך גרעסערע פֿאַרדינסטן. אַזוי איז עס למשל געשען (לפּחות ביזן היינטיקן טאָג) אין דער רוסי־שער ליטעראַטור מיט דאָסטאָיעווסקין און טאָלסטאָיען. דאָסטאָ־יעווסקי איז נאָך אַלץ נישט דערגאַנגען (ביי אַלע אָנערקענונגען פֿאַר אים) צום רוסישן פֿאָלק. און אַזוי אויך אין אויסלאַנד. דאַקעגן שעמט זיך איינער גאָר שטאַרק, אויב ער האָט נישט געלייענט אַלע ווערק פֿון טאָלסטאָיען. קלאָר, אַז זיי זענען ביידע זיילן פֿון דער רוסישער פּראָזע. נאָר ווי גרויס עס איז דער מהלך פֿון דאָסטאָיעווסקיס טיפֿקייטן ביז טאָלסטאָיס — וועלן נאָר יחידים קענען אָפּשאַצן.

אַזוי איז אויך געשען מיט די בויער פֿון דער פּוילישער ליטע־ראַטור. ווער און וויפֿל פּאָליאַקן קענען ציפּריאַן נאָרווידן? דאַקעגן וועגן אַדאַם מיצקיעוויטשן זינגען קינדער אין די וויגן. איז עס נישט קיין אומרעכט. מיצקיעוויטש האָט אַזאַ רום פֿולשטענדיק פֿאַרדינט און קיינעם קען נישט איינפֿאַלן צו מינערן אויף אַ האָר זיין גרויס־קייט. פֿאַרקערט, הלוואי וואָלטן אַלע קינסטלער — און ספּעציעל די וואָס האָבן אַזוי פֿיל געבלוטיקט פֿאַר זייער פֿאָלק שאַפֿנדיק זייערע ווערק — אַזוי אָפּגעשאַצט געוואָרן. אָבער ווידער דאָס זעלבע: פֿאַרוואָס איז נאָרוויד נאָך נישט דערשאַצט געוואָרן, האָבנדיק איבערגעשטיגן דעם גרויסן מיצקיעוויטשן מיט אַ הימל הויך?

און אַזעלכע פֿאַלן קען מען געפֿינען מער.

אָבער אויב עס גייט אין אַנדערע ליטעראַטורן, וואו אַ מער פֿאַרדינסטפֿולער קינסטלער איז ווייניקער דערשאַצט געוואָרן, איז

עס אפשר אַ נישט דערזען, אָדער נאָר אַ פראַגע פון דער צייט, וואָס האָט מער אַרויסגעהויבן איין דיכטער איבער דעם אַנדערן. (אויב עס גייט אין די צוויי לעצטע, שפּילט נאָך אַ ראָלע דאָס וואָס מיצקיעוויטש איז אַ מער נאַציאָנאַלער דיכטער).

מיט ווייסנבערגן אין דער יידישער ליטעראַטור איז געשען עפּעס אַנדערש. אים האָט מען באַלד, פון זיינע ערשטע שריט אָן, דערשאַצט. און אויב זיין פּאָפּולאַריטעט אַלס פּאַרדינסטפולער שרייבער איז געמינערט געוואָרן — איז דאָס אַ קינסטלעך געוויקס, אַ טענדענציעזע און אויסגערעכנטע טאַקטיק מצד זיינע מיט־צייטלער.

פאַרוואָס עס איז אַזוי געשען? — דאָס איז ווייט נישט קיין צופאַל. ווייסנבערג האָט אין זיין קנאַישן קאַמף פאַר אַ בלאָף־און שונד־לאָזער יידישער ליטעראַטור געהאַט דעם מוט אַנטקעגנצו־שטעלן זיך אַ גאַנצער געזעלשאַפט; דער פּרעסע, פּאַרטייען, איינ־פלוסרייכע יחידים וכו' וכו'.

פאַרשטייט זיך, אַז אַרויסגייענדיק אין קאַמף קעגן אַזעלכע כוחות, איז ער שוין באַלד פון אָנהייב געווען אַ פאַרשפּילטער. די רעאַקציע פון די, וועמען ער האָט געמאַכט פאַר זיינע שונאים, איז געווען אַ נאַטירלעכע און מאַכט האָבן זיי געהאַט גענוג דערויף. אַזאַ איז דער גאַנג פון געשעענישן אויף דער וועלט. ווער פון די רעוואָלוציאָנערן און ווידערשפּעניקע קעגן אָנגענומענע נאָרמעס און דאָקטרינען אין יעדן געביט און אין אַלע צייטן האָט דען נישט געהאַט אַן ענלעכן סוף? זאָל דאָס זיין סאָקראַטעס אין 5טן י"ה פ"ק, צי דזשאָרדאַנאָ ברונאָ אין 16טן י"ה, צי פרויד אין 20סטן י"ה; דעם ערשטן האָט מען, ווי באַוואוסט, פאַרגעלייגט אויסצו־טרינקען סם. דעם צווייטן האָט מען פאַרברענט אויפן שייטער־הויפן. און פרוידן האָט מען נישט פאַרברענט, נאָר זיינע קאָלעגן־דאָקטוירים, די מיטלמעסיקייטן, האָבן אים סתם אָנגעטאָן גע־ברענטע צרות אַזוי לאַנג ווי ער האָט נאָר געלעבט; געחוזקט פון אים, איזאָלירט אים און נישט צוגעלאָזט קיין פּראַקטיק פון אַ דאָקטאָר, אַז ער זאָל גאַנץ פשוט אויסגיין פון הונגער.

אָבער אַזעלכע מענער, וואָס דער אמת, וועלכן זיי טראָגן פאַר דער וועלט, שטייט ביי זיי העכער פון זייער אייגענער עקזיסטענץ,

ווערן נישט נתפעל און שטייען אומדערשראָקן פּנים אל פּנים דעם בייז. זייער לעבן ווערט צעריבן, אָבער זייערע אמתן באַקומען — פריער צי שפּעטער — אַ תיקון.

אַזעלכע ביישפּילן זענען דאָ אָן אַ שיעור.

לגבי ווייסנבערגן זענען — נישט אויפן מעדיציניש מאַרק, נאָר אויף דעם ליטעראַרישן — אָנגעוואָנדן געוואָרן די זעלבע מע־טאָדן. דער באָיקאָט האַלט נאָך אַלץ אָן. משמעות אַז די מיטל־מעסיקייט האָט פון אים צו שטאַרקע אמתן געהערט . . . ווי זיינע לעצטע ווערטער זענען טאַקע געווען: **„צי האָב איך די מענטשן צו פיל אמת געזאָגט?"**

אָבער ווייסנבערג, די קרישטאָל־ריינע און קאָמפּראָמיסלאָזע נאַטור, וואָס איז גרייט געווען (גאַנץ באַוואוסטזיניק) צו ברענגען פאַר אַ קרבן זיין אייגן לעבן אויפן מזבח פון דער הייליקער קונסט, איז געשטאַנען אומדערשראָקן און אומגעבראָכן פאַר די אַלע קאָנ־סעקווענצן. ער זאָגט טאַקע אין דער שוין אויבן דערמאָנטער עסיי „קונסט און סוביעקטיוויטעט":

„קונסט איז אויך דאָס, וואָס אין וועמענס האַרץ אַז זי באַזעצט זיך, פאַרנעמט זי מער פּלאַץ ווי דאָס גרעסטע ווירטשאַפט; דער אייגנטימער קען זיך מיט איר נישט איינאָרדענען אין קיין שטוב, ער טראָגט זיך מיט איר אַרום אין דרויסן, איבער וועגן און שטעגן. ערשט דאָרט ווערט אים קלאָר, וואָס פאַר אַ טרעגער ער איז און ער הייבט זיך אָן איינצואָרדענען מיט איר אונטערן פרייען הימל..."

ער האָט דאָס געזאָגט. האָבן נאָך אַנדערע גרויסע גייסטער אַרויסגעזאָגט פיל שיינע געדאַנקען. אָבער ביי אים זענען דאָס געווען נישט נאָר בלויז שיינע פראַזן, נאָר ער האָט טאַקע, און תמיד, אין הסכם מיט זיינע רייד און שיינע אידעאַלן — געלעבט. **ווי אָנגעמאָסטן איז פאַר אים היינעס ליד „די גרענאַדירן":**

"Was scheert mich Weib, was scheert mich Kind,
Ich trage weit besseres Verlangen;
Lass sie betteln gehn, wenn sie hungrig sind, —
Mein Kaiser, mein Kaiser gefangen!"

ער האָט פיינט געהאַט תכלית און פּראַקטישקייט. אַ פיל גרעסערן ווערט האָט ביי אים געהאַט לעבן אין שיינקייט, אין דערהויבנ־

קייט. צו זיינע געגוסן האָט קיינמאָל נישט געהערט דער זאַק גאָלד, וועלכן מען דערווערבט אַדאַנק גיריקייט, כיטרעקייט, און דער כבוד, וועלכן מען דערגרייכט אַדאַנק פאַלשן אָנשטעל און דער טויגלעכ־קייט אין לעבן, אָדער „קליגערישקייט" (טאַקע זיינס אַן אויסדרוק). ער האָט די אַלע „מעלות" פאַראַכטעט און אין קאָנסעקווענץ דער־פון האָט ער זיך אַלעמאָל מיט זיין גאַנצער נאַאיוויטעט פון אַ קינסטלער אָנגעהאַנגען אַן מענטשן, וואָס האָבן די דאָזיקע „מעלות" נישט פאַרמאָגט. ביי ווען ער האָט נאָר דערשנאַפּט אַ פונק פון פשטות, נאַטירלעכקייט און ערלעכקייט (אין דעם פאַל — לגבי דער קונסט) — איז ער שוין נישט אַפּגעטראָטן און גרייט געווען צו־צוקלעפּן אים אַלע שיינע אייגנשאַפטן, גלייבנדיק, אַז יעדע פאַלקס־מכה ווערט געהיילט אַדאַנק די געציילטע מענטשן־קינדער, וואָס טראָגן אין זיך די בעסערע און שענערע פאַרלאַנגען.

וואָס האָט זיך אָבער אַרויסגעוויזן? — אַז אויך די אויסדער־וויילטע דורך אים זענען נישט ווייט געווען פון דעם פּראַקטישן חוש פאַרן לעבן. וואָלט דאָס אפשר אויך קיין עוולה נישט געווען, ווען דאָ וואָלט די רייד נישט געווען וועגן דער פּראַקטישקייט אויפן חשבון פון פאַרהוילן דעם אמת אין דער קונסט.

איך וויל דאָ נישט רעדן וועגן די אומצייליקע „מבינים" ביי אונדז, (סיי צווישן לייענער און אויך צווישן שרייבער גופא...) וואָס אַז אַ נאָמען איז אויסגעקלונגען צען מאָל אַ טאָג אין אַלע צייטונגען און ביי אַלע פּרעמיעס־פאַרטיילונגען און אַלע קולטור־אונטערנע־מונגען — איז דער טרעגער פון דעם נאָמען שוין אַ נביא, אַ גאון, און אַ נס מן השמים. און ווער קען דען וויסן, וואָס אַלץ נאָך, ווען עס פעלן פשוט אוים שבחים ביי אונדז און די יידישע שפּראַך איז נאָרנישט רייך גענוג אויף צו באַוואָרפן דעם גליקלעכן מיט גענוג סופּערלאַטיוון. און עס שטייט אונדז סתם פאַר אַ געפאַר, אַז אויב עס וועט נאָך קומען אַמאָל צו אונדזער פאָלק אַן אמתער נביא, ווי אין די אַלטע, שיינע צייטן, וועט מען גאָר קיין נאָמען נישט האָבן פאַר אים, ווייל נביאים וואַקסן דאָך ביי אונדז שוין ווי די שוואָמען נאָך אַ רעגן . . .

מילא, וועל איך פון יענע מיטלויפערס נישט רעדן. מען קען

אויך אפשר נישט האָבן צו זיי, ווען זיי גלייבן, אַז זייער אַנטציקונג איז אַן אויפריכטיקע.

דאַקעגן קען מען יאָ האָבן צו די געצייילטע, וואָס זייער מבינות איז עכט און מען קען זייער חוש פאַר אמתער קונסט נישט נאַרן. מען קען זיי נישט פאַרקויפן קיין פּסיידאָ־קונסט ווי אַן עכטע מטבע. און אַזעלכע — אמת, נישט קיין סך, נאָר טאַקע בלויז געצייילטע — זענען פאַרבליבן נאָך אונדזער פאָלקס חורבן. איבעריקנס זענען די לעצטע אַלעמאָל געווען נאָר אויף די פינגער אָפּצוציילן. און אויב אויך די געצייילטע יחידים האָלטן אונטער — ווער מיט זיין צובאַמבלען מיטן קאָפּ צו דער גאַנצער שעדלעכער קעגן־ווייסנבערג־טאַקטיק און ווער מיט זיין אַננעמען אַ פול מויל מיט וואַסער און ווער — אַפילו — מיט זיין דיפּלאָ־מאַטישן דערמאָנען ווייסנבערגן, ווען עס לאָזט זיך שוין נישט אַנדערש . . . אָבער אַזוי פאַרזיכטיק, מיט אַ פערטל וואָרט נאָר, האַלטנדיק גוט דעם חשבון אין קאָפּ, עס זאָל קודם כל אים אַליין נישט שאַטן, ער זאָל חלילה נישט פאַלן אין אומחן ביי די היינטיקע תקיפים אין דער ייד' ליטעראַטור — אַט צו די קען מען שוין גראַד יאָ זייער פיל האָבן. הוי האומרים לרע טוב ולטוב רע, שמים חושך לאור ואור לחושך, שמים מר למתוק ומתוק למר (ישעיה).

איז דאָס אַ זייער טרויעריקע דערשיינונג, אַזאַ געשוואָלענע פאַרקויפטקייט אין אַ ליטעראַטור. אָבער — צום טרייסט זאָל עס געזאָגט ווערן — זענען דאָס נאָר צייטווייליקע, אַריבערגייענדיקע דערשיינונגען. איז עס שוין די טבע אַזאַ פון שקר, אַז ער פאַרבליפּט און האָט די אייבערמאַכט איבער דעם אמת, אָבער — נאָר אין אַ געוויסן אָפּשניט פון צייט. נישטאָ דער כוח, וואָס זאָל גרויסע ווערטן פאַרווישן, ווי „קלוג” און מיט וועלכע געמיינזאַמע כוחות דאָס זאָל נישט אָרגאַניזירט ווערן.

אַזוי וועט עס אויך — און עס קאָן נישט געמאָלט זיין אַנדערש — זיין מיט דעם פענאָמען ווייסנבערג. ער איז (און דאָס איז זיכער נישט קיין איבערגעטריבענער שבח) פון די זעלטנסטע אוצרות, מיט וועלכע נישט יעדער פאָלק איז זוכה באַשאַנקען צו ווערן. דאָס דאָזיקע קען נישט פאַרמינערט ווערן, אומאָפּהענגיק דערפון, צי זיינע מיטצייטלער ווילן דערצו דערלאָזן, צי זיי ווילן עס נישט.

ביי די אַלע אומגערעכטיקייטן אויף אונדזער וועלטל זענען אָבער דאָ פּאַקטאָרן אומדערשיטערנדיק גערעכטע, אויף וועלכע מיר — קליינטשיקע באַשעפענישן, מיט אונדזערע נאָך קלענערע חשבו־נותלעך — האָבן, צום גליק, קיין שליטה נישט.

דאָס אייביקע איז שטאַרקער פאַר דעם פאַרגענגלעכן. אַלץ, וואָס פאַרמאָגט אין זיך אומשטערבלעכן כוח, לעבט איבער דאָס מינדערוווערטיקע; וואָס ווערט דורך דער צייט אָפּגעווישט.

**פּערל וויסנבערג.**

# ווי דער גורל פירט

אויף אַ סטאַנציע האָבן זיי זיךביידע געטראָפֿן אין אַ וואַגאָן. ער איז מיט דער זעלבער באַן געפֿאָרן פֿון אַ ווייטערער שטרעקע; זי איז אויפֿגעזעסן, ווען ס׳איז שוין נישט ווייט געווען צו דערפֿאָרן אין דער שטאָט, וואוהין דער צוג האָט געפֿירט.

ביי דעם ערשטן דערזען זיך איז די איבערראַשונג געווען אַזעלכע, אַז ביידע זענען פֿאַרשטיינערט געבליבן, זי איינגאַנצן, נישט צו מאַכן אַ ווייטערע באַוועגונג, אָדער נאָך איין טריט, געפֿילט, ווי אַן אויסלערונג אין איר קערפּער, ווען ביסלעכווייז האָט איר אָנגעהויבן אין קאָפּ רוישן, ביז עס איז איר אינגאַנצן טונקל געוואָרן פֿאַר די אויגן. ער, ווידער, איז געבליבן זיצן, ווי אַליץ אין אים וואָלט זיך איבערגעקערט און ער וואָלט פֿאַרלוירן די באַהערשונג אויף זיך. דאָך נישט אין אַזאַ שטאַרקער מאָס ווי זי. ער האָט זיך דערכאַפּט דער ערשטער און שנעל באַגריפֿן, וואָס מיט איר קומט פֿאָר.

ווען ער האָט זי באַלד אַ כאַפּ געטאָן ביי דער האַנט און איר אַני־דערגעזעצט אויף זיין אָרט, האָט זי ערשט אַ פֿאַר מאָל נאָך איבערגעלייגט דעם קאָפּ, די ליפּן האָבן אויסגעזען ווי אויסגעלערט פֿון בלוט און ליידיק פֿון אָטעם. זיצנדיק שוין האָט זי נאָך אָנגעלענט דעם קאָפּ אָן אייגענעם אַקסל, ווי אַליין זיך געוואָלט העלפֿן צו דערהאַלטן אים... ער, שטייענדיק איבערגעבויגן איבער איר, מיט איר האַנט אין זיינער, האָט געזען, ווי געל איר פּנים איז, זי האָט נישט קיין מאַכט אַ וואָרט אויסצורעדן און, נאָר די אויגן, וואָס זי נעמט נישט פֿון אים אַראָפּ.

ווען ער האָט זי שוין געהאַט צו זיך געבראַכט דורך אַ גלעטן איר איבערן פּנים מיט זיין טיכל, האָט ער זיך ערשט לעבן איר געזעצט.

אָבער ביידע האָבן די גאַנצע צייט, פֿון דעם צופֿאָרן דאָס שטיקל וועגנס, קיין וואָרט נישט אויסגערעדט. זי איז נאָר בלויז פֿאַרשטיינערט געזעסן,

מיטן פּנים צוגעקערט צו זיין פּראָפיל. אויך ער האָט די ברעמען שטיל אַראָפּגעהאַלטן, אין די באַקן האָבן געשפּילט פאַרבן, און געדאַנקען, האָט זיך געדאַכטן מישן זיך אין זיין קאָפּ, ווער ווייסט וועגן וואָס?

ביי דעם אַראָפּגיין אין באַנהויף, ווען זיי זיינען צוגעפאָרן צו דער שטאָט, האָט זי דאָס ערשטע וואָרט אויסגערעדט:

— נו, פאַרוואָס־זשע רעדסטו נישט צו מיר?

— כ׳האָב נישט וואָס. — האָט ער שטיל, ברוגזלעך געזאָגט.

— האַ? כ׳האָב טיף געזינדיקט? — האָט זי געפרעגט.

— האָסט גאָרנישט געזינדיקט. — האָט ער נאָך טיפער, ברוגזלעכער געענטפערט.

— כ׳האָב יאָ געזינדיקט. — האָט זי נאָך שטאַרקער געזאָגט — כ׳האָב געטאָן דאָס, וואָס כ׳האָב נישט געקענט און נישט געדאָרפן...

— קיינער טוט נישט דאָס, וואָס ער קען נישט...

— כ׳האָב עס געטאָן נישט אַליין...

ער האָט ברייטער געעפנט די אויגן:

— נישט אַליין?...

— מעגסט מיר גלייבן, יאָסל, נישט אַליין... די טייוולשע שפּיל, וואָס איז דעמאָלט געזעסן אין מיר, אין מיין האַרץ...

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש, — האָט ער געזאָגט — הייסט עס, אַז נישט דו, נאָר דיין האַרץ, אָדער, דאָס גאָר, וואָס ס׳איז געזעסן אין דיין האַרץ?...

זי האָט זיך, פאַר אוממעכטיקייט, צעוויינט:

— קיין שום פּרוי האָט נישט איבער זיך אַליין צו שאַפן. — האָט זי גערעדט — דורך שוואַכקייט גייען זיי אין פייער אַריין, צינדן זיך אַליין אונטער און פאַרברענען זיך... וואָס ווילסטו דען ערשט, — האָט זי דעם אָטעם אָפּגעכאַפּט — מיין לעבן פלאַקערט.

די לעצטע ווערטער האָט זי געוואָרפן, ווי איינע, וואָס איז זיך סיי ווי סיי מפקיר און דערוואַרט שוין גאָרנישט פון זיך.

— וואָס איז דען?... — האָט ער זי ערשט אָנגעקוקט.

— ניין, יאָסל, איך בין נישט גליקלעך... — האָט זי געדרייט מיטן קאָפּ.

— האָסט דען חרטה? — האָט ער זי געפרעגט.

— אוי ווי, חרטה. אוי וויי חרטה — האָט זי כמעט ווי אויסגעשריגן. „ער ווייסט?... ער וואָלט איר אפשר געגלייבט, ווען ער זאָל נישט

האָבן געהערט אַזויפיל וועגן דער פאַלשקייט פון פרויען, און זאָל אַליין נישט האָבן אויסגעפרוווט זי טאַקע מיט איר״...

— אויב אַזוי — האָט ער געזאָגט — קום־זשע... וואו גייסטו אַציבנד?...

— קעגן וואָס? — האָט זי געפרעגט.

— דו ווילסט אפשר, אַז איך זאָל מיט דיר מיטפאָרן אָדער מיטגיין, אָדער אפשר ווּעסטו מיט מיר מיטפאָרן?...

— טו ווי דו ווילסט. — האָט זי אים געגעבן דערלויבעניש. — איך קען פאָרן מיט דיר. — האָט זי זיך אינגאַנצן ווי איבערגעגעבן אין זיינע הענט.

ער האָט צוגערופן אַ דראָזשקע און ביידע זענען איינגעזעסטיגן. אין אַ פערטל שעה אַרום זענען זיי שוין געזעסן אין אַ שטוב.

— דו זעסט — האָט ער געזאָגט — אָט, דאָס איז היינט מיין באַזונדער צימער. אין שטוב זיצט מיין מאַמע און מיין שוועסטער. פון דאַנען וועט דיך קיינער נישט אויסגעבן, ווי לאַנג דו וועסט נישט הייסן, זאָלסט אַפילו וועלן בלייבן דאָ אויף אייביק...

— איך דאַנק דיר, יאָסלשי — האָט זי געזאָגט — אָט דאָס איז דיין באַזונדער ווינקל? — האָט זי מיט באַזונדערער אויפמערקזאַמקייט אין בליק אַרומגענומען די ווענט.

— נו, יאָ, נו, וואָס געפעלט דיר דאָ אַזוי? — האָט ער געפרעגט.

— ווי וואויל וואָלט מיר געווען — האָט זי מיט באַדויערן געזאָגט — מיט דיר גליקלעך צו לעבן אין דעם דאָזיקן שטיבל.

— נו, עס שטייט צו דיין גרייטקייט. — האָט ער געענטפערט.

זי האָט געקוקט אויף אים מיט אומגלויבן:

— דו מאַכסט עס נישט אין שפּאַס, יאָסל?

— שפּאַס? — האָט ער געענטפערט, און אין איין מינוט געלעגן ביי איר מיטן מויל אויפן האַלז און געקושט. אויך זי האָט באַדעקט מיט קושן זיין איינע באַק, וואָס איז געשטאַנען נאָענט צו איר מויל.

— אוי, די נאַרישקייט... — האָט זי מיט אַ שטילן זיפץ דערשטיקט איר שטים, ווען זי איז אויפגעקומען מיטן קאָפּ פון זיין פּנים.

— נו, האָסט דאָך נישט געוואָלט... — איז ער געבליבן שטיין מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

אַ מינוט איז געווען שטיל. דערנאָך האָט זי זיך געווענדט:

— יאָסלשי.

— וואָס?

— שעכט מיך...

— פאַרוואָס? — האָט ער אויפגעהויבן די אויגן.

— דערפאַר, וואָס כ׳האָב אַזוי געטאָן... — האָט זי געענטפערט, ווען די אויגן זענען איר געווען אין טרערן־גלאַנץ.

— נו, גוט.. — האָט ער געזאָגט — כ׳וועל מיר איבערלייגן...

— נעם, איך בעט דיך. — האָט זי נאָכאַמאָל איבערגעחזרט אין אַ ספּאַזמאַטישער שטילקייט אָנגעצויגן.

— נו, גוט. — האָט ער אַ באַוועגונג געמאַכט און אַ דריי מיט דער האַנט געגעבן — כ׳האָב דאָך דיר געזאָגט, אַז איך וועל מיר איבערלייגן...

אַ מינוט איז ווידער געווען שטיל מיט דער שטילקייט פון אַ קבר.

— נו, און דו וואָלסט געווען גרייט?

— צו וואָס? — האָט זי געפרעגט.

— צו לאָזן זיך שעכטן?

— אַז נישט, — האָט זי געזאָגט — זאָל איך פון דיין שטוב נישט אַרויסגיין! וואָס־זשע דען האָב איך אינגאַנצן גאָר צו טאָן ביי דיר?...

— נו, וואָלסטו אַזוי אויסגעצויגן דעם האַלז?

— אָט אַזוי... — האָט זי געוויזן — אָבי אונטער דיין האַנט.

ער האָט איר פלוצלינג אַריינגעקוקט אין די אויגן, געזען ווי ווייט ס׳איז אמת, און אַריינגעקושט איר אין די אויגן אַריין, דערנאָך אין האַלז.

— צוריקגיין איז אַ בעסערע עצה, ווי שעכטן זיך?... — האָט זי געפרעגט.

— יאָ. — האָט ער געזאָגט — איבעריקנס, קענסטו בלייבן ביי מיר.

— און דאָס, וואָס כ׳האָב שוין אים אַוועקגעגעבן?... — האָט זי ווי־דער געפרעגט מיט אַנגסטלעכער ביטערקייט.

— דאָס דאַרף איך נישט; אויסער דיך. — האָט ער אַ זאָג געטאָן.

אַ שיין פון טרערן, מיט אומגלייבן און אַ ביטערן שמייכל, האָט זיך אויף איר פּנים און אויגן באַוויזן.

— דאָס דאַרפסטו נישט?...

— ניין. — האָט ער באַפעסטיקט מיט אַ שטאַרקן אַקצענט.

— און „צוריקשפּילן״ — האָט זי ווייטער ווי געחוזקט אויס זיך אַליין — וועסטו מיר אויך העלפן?...

— אויך...

און ווידער האָט ער געמאַכט אַזאַ פעסטע באַוועגונג און טריט איבער דער שטוב, ווי דאָס וואָרט, וואָס ער האָט געזאָגט, זיך שטאַרקער אַריינ־

צוקלאַפּן אין מוח.

אַ גרויסע שטילקייט האָט איר אינגאַנצן פאַרגליווערט און זי האָט זיך ערנסטער אָנגעהויבן צוצוהערן.

— וואָס זאָגסטו, יאָסל ?...

— אַזוי זאָג איך...— איז ער געבליבן שטיין ערנסט און אַנטשלאָסן פאַר איר.

ביי איר האָט זיך אין קאָפּ עפּעס ווי אַ טומל געטאָן און זי איז גרייט געווען צו חלשן, צומאַכנדיק אויף אַ מינוט די אויגן, און די גלידער האָבן זיך איר ווי איינגעבראָכן.

ער האָט איר אונטערגעשפּאַרט מיט זיין האַנט אונטער די פּלייצעס.

— ס'איז גאָרנישט. — האָט ער געזאָגט — אַבי, דו ווילסט נישט צוריק...

זי האָט געזוכט מיט די אויגן אונטער זיך אַן אָנשפּאַר, אַ שטול, וואו זיך אָנצולענען... ער האָט זי אונטערוויילעכץ אַוועקגעזעצט אויף זיין בעט, וואָס איז הינטער אירע פּלייצעס געשטאַנען. אָבער זי איז שוין שטום געבליבן, ווי דאָס לשון וואָלט איר אָפּגענומען.

— זעסט — האָט ער ווייטער געזוכט איר אויסצורעדן פון האַרץ, זעענדיק איר אַנטשטאַנענדיקע אוממעכטיקייט — זעסטו, ווען ער זאָל מיר שוין גאָרנישט צוריקגעבן, ס'הייסט... אָט דאָס, וואָס איך האָב מיך היינט דערוואוסט, אַז דו ווילסט צו מיר... וואָלט נישט געטויגט... אַזוי, אָבער, איז קיין זאַך נישט צו־שפּעט...

— פאַר וועלכן זכות ?... — האָט זי געפרעגט די ערשטע ווערטער, ווען זי איז נאָר צו זיך געקומען.

— פאַר אַ זכות ?... — האָט ער צוריקגעפרעגט, איר אָנקוקנדיק — נישט פאַר דיין זיידן !... נאָר ווייל איך ליב דיך.

זי האָט זיך צעוויינט.

— איך האָב דיך געבעטן, געדענקסט?...—האָט ער איר דערמאָנט...

— געדענקסט, איך בין דיר געפאַלן צו די פיס?...

זי איז אינגאַנצן צוגעפאַלן מיטן קאָפּ צו זיין ברוסט, דאָס פּנים דורכגעווייקט אין טרערן. ער האָט איר געגלעט, געוואָלט טרייסטן. אָבער, וואָס מער, האָט זי אַלץ מער געוויינט.

ווען זי האָט זיך באַרואיקט און ער האָט איר געהאַלטן אַרום קאָפּ אויף זיין ברוסט, האָט ער ווייטער געשמועסט:

— פאַר דער חופה, געדענקסט... האָסטו מיך נישט אין זינען געהאַט...

די כלי־זמרים האָבן געשפּילט, האַ?...

און ס׳איז אים אַליין געװען טראַגיש דאָס דערמאָנען; און ער האָט אַליין נישט געוואוסט פאַרוואָס ער טוט דאָס. נאָר מסתמא איז דאָס געווען זיינער אַן אַלטער וואונטש, פון דער צייט ווען ער איז אַליין געבליבן, אַז ער זאָל עס נאָך אַמאָל דערציילן אין „נחת״.

אָ, ווי גליקלעך און אומגליקלעך ער האָט זיך געשפּירט:

— געדענקסט, די כלי־זמרים האָבן געשפּילט?—

זי איז געלעגן פאַרטראָגן אין רעיונות. ערשט איצט האָט זי איבער־געלעבט איר גאַנצע פאַרגאַנגענהייט. נאָר ביי דעם הערן זיין טאָן און זיינע לעצטע רייד האָט עס איר אַ שפּאַר געגעבן ביים האַרץ. זי האָט פאַרלייגט איר עלנבויגן אויף זיין אַקסל און מיטן קישעלע־זייט פון דער האַנט פאַרשטעלט איר פּנים.

— האָסטו שוין דעמאָלט גאָרנישט געוואוסט, וואָס מיט דיר טוט זיך?... — האָט ער ווייטער געפרעגט.

— גאָרנישט... — האָט זי געזאָגט — גאָרנישט...

— און, אַז אין דרויסן איז דאָ אַ יאָסל... און, אַז ער בלאָנדזשעט אַרום אונטער אַ פענצטער, ווי אַ נשמה נאָכן טויט אויף „צוריקשפּאַציר״ צום גוף — האָט ער איר אין די אויגן אַריינגעקוקט — און זי קען נישט צוריק אין איר שטוב דערצו... דאָס האָסטו געקלערט?

— איך געדענק גאָרנישט — האָט זי געזאָגט — איך געדענק נאָר, אַז איך האָב דערצו מיטגעהאָלפן...

— טאָ, וואָס־זשע איז דאָס געווען מיט דיר?

— איך געדענק גאָרנישט! אַזוי ווי אין אַ פאַררוישונג, אַפּטויבונג.

— און, אַז יאָסל וועט נישט אָנהייבן ערשט אַ ביי, פרעמד לעבן, האָט זיך דיר געחלומט?

— ניין...

— פאַרוואָס?

— ווייל כ׳האָב גאָרנישט געטראַכט.

— וועגן מיר גאָרנישט?

— ניין, ווייל כ׳האָב גאָרנישט געטראַכט, אין יענער נאַכט אַוודאי גאָרנישט...

ביידע זענען שטיל געבליבן, ווי אויף אַ לאַנגן חשבון הנפש, יעדער אין זיך. דערנאָך איז זי אויפגעשטאַנען און געפרעגט:

— יאָסלשי, ווי מיינסטו, וועט בישט זיין גלייכער, אַז איך וועל אוועקגיין?

— פאַרוואָס ווילסטו אַזוי? — האָט ער זי אָנגעקוקט.

— איך וויל עס נישט. — האָט זי געזאָגט — אָבער איך זע דאָך...

— וואָס זעסטו?

— עס גייט נישט אַזוי לייכט אַדורך אַזאַ טאָט ווי מיינע...

— קום אַהער, — האָט ער געזאָגט — מיין שרעקלעכע באַשטראָפעריך...

— יאָסלשי — האָט זי געבעטן, צעגיסנדיק זיך ווידער אין טרערן — אפשר איז געבוג?...

— איך ווייס גאָרנישט און וויל גאָרנישט וויסן וועגן וואָס דו רעדסט. מיר בלייבןביידע צוזאַמען, ווייל איך קען אָן דיר נישט לעבן. — האָט ער פעסט באַשטעטיקט.

ביי די ווערטער איז איר פנים צוריק ליכטיק געוואָרן. זי איז צו אים צוגעפאַלן. ער האָט זי אַרומגענומען און געקושט.

— דו וועסט מיך שוין מער נישט דערמאָנען, וואָס געווען? — האָט זי געבעטן.

— ניין. — האָט ער מיטן גאַנצן האַרץ צוגעזאָגט, און מען האָט געשפירט, ווי אונטער די ווערטער איז אים עפעס שטעקן געבליבן אין האַלז.

— וועל איך דיר אויך צוריק דינען דאָס גאַנצע לעבן. — האָט זי געזאָגט — מיין נישט, אַז נאָר מענער קענען שטאַרק זיין; מיין נישט, אַז, ווייל כ׳האָב דאָ די גאַנצע צייט בלויז געוויינט... אַ פרוי קען נאָך אומגעדולדיקער זיין אין איר באַגער, ווי אַ מאַן. נאָר וואָס דען, זי דאַרף נאָר האָבן אָן וועמען זיך אָנצושפאַרן...

— איז זי דאָך טאַקע „גוט שטאַרק”... — האָט יאָסל, ווי צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ, געזאָגט — און, אַז מען דערלאַנגט איר דעם אָנשפאַר פון אַ פאַרקערטער זייט?...

— יאָסלשי. — האָט זי געזאָגט, אַרויפלייגנדיק אים אַ האַנט אויפן מויל, וואָס דאָס האָט אים דערמאָנט אָן זיין צוזאָג — שוין געבוג...

יאָסל האָט איר אַרומגענומען און נאָכאַמאָל איר ליידנשאַפטלעך געקושט, ביי וואָס זי האָט פאַרמאַכט די אויגן און זיך אים איבערגעגעבן.

— דו זעסט שוין, — האָט ער איר דערנאָך, נאָך גלעטנדיק זי, איינ־

גערוימט אין אויער — ווי שטאַרק דו ביסט ?... און דערפֿאַר האָט מען דיך אויך חתונה געמאַכט אָן דיין ווילן...

איר טרער האָט געשמייכלט: „אַבי ער פֿאַרשטייט שוין כאָטש איצט, אַז די חתונה איז געווען אָן איר ווילן"...

ביי די ווערטער איז זי אויפֿגעשטאַנען און געלאָזט זיך גיין צו איר מאַנטל, וואָס האָט געהאַנגען ביי דער טיר.

— מאָרגן וועלן מיר זיך ווידער זען — האָט זי געזאָגט.

יאָסל איז איר, עפּעס מיט גרויסע שפּריזן, אויף די שפּיץ בעגל באַכגעגאַנגען נאָך אירע אַקסלען. פֿון גוט ווייט, כמעט, איבער אירע אַקסלען, שוין אויסגעצויגן אַ לאַנגע האַנט צום הענגער, און אַרויפֿגעהילט איר מאַנטל איבער איר אַקסל, כמעט טולענדיק דאָס קעלנערל צום האַלדז אירן.

— ווען, מאָרגן?... — האָט ער זיך, ווי ערשט איצט געכאַפּט אויף איר פֿריערדיק זאָגן.

— יאָ, דאָ היבען... — האָט זי געענטפֿערט — אין דער זעלבער צייט וואָס היינט. וואַרט אויף מיר דאָ, איך וועל אַליין קומען גלייך פֿון דער באַן אַהער.

זיי האָבן זיך ביידע געקושט אין אַ לאַנגדויערדיקן קוש, און ער האָט זי אַרויסגעלאָזט דורך דער איינציקער טיר, וואָס גייט דורך דער פֿאָרנ־דיקער שטוב.

— אַ גוטן טאָג! — האָט ער איר נאָך געזאָגט אין דער אָפֿענער טיר, ביז זי איז אויך אַדורך די פֿאָרנדיקע שטוב צו דער ווייטערדיקער טיר.

ווען יאָסל איז געבליבן אַליין האָט ער זיך ערשט צייט געהאַט צו באַטראַכטן, ווי אין אים שטעקט געוווג גראָבע, נישט אויסגעשליפֿענע רוי־קייט... וואָס האָט ער איר געהאַט צו דערמאָנען וועגן אירע פֿאַרגאַנגענע זינד... איר חתונה? און נאָך אין אַזאַ פֿאָרם, אַז דאָס זאָל איר אַזויפֿיל טרערן קאָסטן...

אוודאי האָט ער זיך צו איר נישט גענוג ליב באַצויגן... — האָט ער געטראַכט — וואו איז זיין גאַנצע סענטימענטאַלקייט, וואָס ער שפּירט צו איר אַלעמאָל, דאָסמאָל פֿאַרשוואונדן ?...

„פֿאַרוואָס—עקבערט אים אין קאָפּ—האָט זי מיין נאָמען איבער דער צייט פֿון אונדזער געשפּרעך דערמאָנט אומגעהייער [אַ סך] מאָל: „יאָסל־שי"... און איך אירן, וואָס איך פּלעג אים אַזוי אָפֿט, אַפֿילו פֿאַר די ליידיקע ווענט חזרן: „מאַשעלע"... פֿאַרוואָס האָב איך קיין איין מאָל נישט דער־מאָנט? פֿאַרוואָס האָב איך זי געפּאַשעט מיט פּרעטענזיעס און... נאַרישע

רייד וועגן 'נשמות' אונטער פענצטער?..."

יאָסל האָט געשפּירט, ווי עפּעס אין האַרצן שטעלט זיך ביי אים אָפּ, צוזאַמען מיט דער דאָזיקער שטילקייט, וואָס דרינגט ערשט אַריין אין אים, און אַ נייע זאָרג האָט זיך ווי אַריינגעלייגט אין די שפּאַרעס פון זיין ברייטן, קרעפּטיקן שטערן.

ער האָט געקלערט, צי האָט ער זי נישט צופיל צעבראָכן מיט זיין פאַרוואָרפן... און — פונדעסטוועגן — מיט זיין פלוצלינגן זיך „אַרויפ־וואַרפן" אויף איר קושן?... עס איז אים פאַרגעקומען אומגעהייער „ברו־טאַל", אומגעהייער „גראָב"...

ער איז צו אין דעם מאָמענט צום שפּיגל, און, פונקט ווי ער וואָלט עפּעס נישט געהאַט נאָך מקים געווען און, ווי דאָס וואָלט אים איצט גע־פעלט, אַזוי האָט ער אַ געשריי אַריין געטאָן אין שפּיגל אַריין: „מאַשע־לע!..." און מערקווירדיק, זי איז דערשינען אין אים אין דער רגע. ער האָט זי דערזען, און — צוריק איז געשטאַנען פאַר אים זיין אייגן גע־שטאַלט...

אָבער, ווי גליקלעך איז ער געווען, ווען צומאָרגנס, פונקט אין דער זעלבער שעה, האָט ער זי ווידער דאָ אין צימער דערזען.

ער האָט זי געבעטן אויסטאָן דעם מאַנטל, היינט שוין גאַר מיט אַן אַנדערן שטייגער...

די אויגן זענען אים, נישט נאָר וואָס נישט פאַרכמורעט געווען ווי נעכטן, נאָר אַ ווייכקייט האָט פון זיי אַרויסגעקוקט, פונקט ווי נאָך אַן איבערגעקומענער קרענק.

פון באַלד אָן, ווי זי איז אַריין, האָט פון זיי אַ שמייכלען אַרויסגע־לויכטן, און שוין מער האָט ער זיין פּנים פון איר נישט אָוועקגענומען.

ער האָט פון איר דאָס מאַנטל צוגענומען, דאָס טעשל פון דער האַנט, און אויך אַזוי זאָרגפעלטיק, כמעט מיט אַ צערטלעכקייט גלעטנדיק איר קליין היטעלע... ער האָט זיך געשפּילט דערמיט ווי אַ קינד און געגלעט מיט די פינגער דעם סאַמעט.

דערנאָך האָבן זיי זיך אַנידערגעזעצט, זי אויפן בעט, ווי נעכטן, און ער אויף אַ בענקל אַנטקעגן־איבער איר.

— נו, ווי ביסטו געשלאָפן די נאַכט? — האָט ער געפרעגט.

— אַ ביסל אומרואיק — האָט זי געענטפערט.

— טאַקע איבער דעם זעלבן?... — האָט ער ווידער געפרעגט.

— טאַקע איבער דעם זעלבן... — האָט זי געזאָגט.

— אָט, איך האָב באַלד געוואוסט — האָט יאָסל אַ צעצויגענעם, פיינלעכן שמייכל געטאָן.

— און דו, ווי ביסט געשלאָפן? — האָט זי געפרעגט.

— איך נישט גוט... — האָט ער ווידער מיט אַן אומרו אין פּנים געזאָגט.

— איך טאַקע איבער דעם זעלבן ?... — האָט זי ווידער געפרעגט.

— יאָ...—האָט ער שוין זייער שטיל, ווי פון חרטה, געענטפערט...— דו מוזסט מיר מוחל זיין... — האָט ער, נאָך אַ ווײַלע, געזאָגט מיט אַ גע־קרענקטן, קוים לויכטנדיקן שמייכל.

— אויף וואָס? — האָט זי געפרעגט.

— נו, אויף דאָס זעלבע טאַקע... ווייל...

און ער האָט אַליין נישט געוואוסט, ווי אַזוי פון דעם „ווייל" אַרויס־צוקריכן און ביי וועלכן „ווייל" פריער אָנצוהייבן.

— דו ווייסט דען פאַרוואָס איך בין שלעכט געשלאָפן? — האָט זי זיך פלוצלינג געכאַפּט, לאַכנדיק און זעענדיק זיין אומבאַהאָלפנקייט...

ער האָט זי אָנגעקוקט און עפּעס איז אים אינגאַנצן נישט קלאָר גע־וואָרן פאַרוואָס זי לאַכט...

— איצטער — האָט ער געזאָגט — ווייס איך שוין נישט, פאַרוואָס דו ביסט שלעכט געשלאָפן...

— פאַרוואָס ווייסטו נישט? — האָט זי געפרעגט — איך, ווייל איך האָב שוין צו דיר קיין שום האָפענונג נישט געהאַט... און פלוצלינג, מיט איינמאָל, אין איין טאָג, בין איך צוריק די גליקלעכסטע אין דער וועלט... צי פאַר גליק, מיינסטו, מיין טייערער, קען מען מער שלאָפן ווי פאַר אומ־גליק ?...

ער האָט געעפנט די אויגן ברייט.

— אַזוי גאָר ?... — האָט ער געפרעגט.

און ער האָט דערשפּירט, אַז ס'איז אים פלוצלינג גרוים געוואָרן.

— און איך, זעסטו, — האָט ער געזאָגט — בין נישט געשלאָפן, ווייל כ'האָב געמיינט, אַז דו שלאָפסט נישט...

— פאַרוואָס ?

— ווייל כ'האָב דיך נעכטן אָנגעגריפן...

— יאָסעלע, — האָט זי געלאַכט — איך בין ווערט נאָך טויזנט מאָל אַזויפיל...

— אָבער דו ביסט מיר מוחל ?...

— דיר ?... עטלעכע פּעטש, אפשר, קענסטו מיר געבן, וועל איך זיי אויך ליב האָבן... יאָ, יאָ... יאָסלשי, טו עס מיר. דו זאָלסט אַזוי געזונט זיין, יאָסלשי. פּאַרוואָס זאָל איך נישט האָבן אַמאָל די זכיה צו קריגן עטלעכע פּעטש פון אַ מאַנספּאַרשוין, אַזוי אַז איך זאָל שפּירן, אַז דאס איז אַ מאַנספּאַרשוין.

— נו, דו ווילסט איך זאָל דיך פּאַטשן ?

— ווי דו זעסט מיך אַ לעבעדיקע!

זי איז געווען אַזוי ערנסט דערביי, אַז יאָסל האָט אָנגעהויבן צו לאַכן, פון וואָס זי האָט שוין אויך אָן אַ ברירה, געמוזט אים מיטהעלפן לאַכן, און ביידע האָבן זיך צעקושט אין איין לאַנגדויערנדיקן, צוגעקלעפּטן קוש.

— דו ביסט אַ נשמה... — האָט ער איר געזאָגט — און איך — האָט ער איר איינצייטיק איינגערוימט אין אויער — אַ טאָטער... — און גאָר צום סוף, הויכערהייט צוגעגעבן — נו, מער וועט שוין אַזוינס ווי „נעכטן” נישט פּאַרקומען...

— וואָס איז דען פּאַרגעקומען ?... — האָט זי לאַכנדיק געפרעגט.

— נו, — האָט ער אַ זאָג געטאָן — דאָס האָט געהייסן נישט גוט... אַז איך בין שפּעטער אַליין געבליבן, האָב איך עס דערשפּירט... דאָס האָט געהייסן דאָס זעלבע, וואָס כעס, וואָס רציחה. אפשר, אַביסל אַנדערש, מיט אַן אַנדערן קאָליר... אָבער דאָס זעלבע... איך האָב די גאַנצע צייט עפּעס ווי געטראָגן, ווייזט אויס, אַ האַס אין האַרץ...

— שוין לאַנג ? — האָט זי געפרעגט.

— שוין, אפשר, פון דיין חתונה אָן.

— און נעכטן האָסטו אים אַזוי אויסגעגאָסן ?

— יאָ.

זי האָט אים באַדויערט און דערנאָך ווייטער געפרעגט :

— אָבער, מער האָסטו אים שוין נישט?

— ניין... — האָט ער געזאָגט — איך מיין, אַז אַזאַ איינמאָל אויס־שיסן... איז נישט געלעגן אין מיין האַנט... דאָס האָט עפּעס ווי עמעצער אַנדערש געטאָן... גלייך ער איז זיך געגאַנגען אָננעמען פאַר מיר, גאָר־נישט פרעגנדיק אַפילו מיין ווילן... אָבער, איצטער האָב איך דיך ליב. איצטער ביסטו מיין נשמה, פּונקט ווי אַמאָל, פּונקט ווי דו האָסט עס גאָר קיינמאָל נישט געוואוסט אַזויפיל און, פּונקט ווי דו האָסט עס גאָרנישט אויפגעהערט צו זיין ביי מיר ביז היינט...

— כ'האָב שוין מורא — האָט זי ווידער געלאַכט — פאַר דיינע

זיסקייטן... ווּעסט גלייבן, אַז אַ פרוי קענסטו איבערשרעקן מיט דיך צו שטאַרקער ליבע. אַ פרוי האָט קיין זאַך נישט ליב צו שטאַרק. עפּעס שפּירט זי, אַז נאָך דעם גייט אויך נאָך נישט גלאַטיקס.

ער האָט גאָרנישט געענטפערט, נאָר אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ.

זי האָט געזען זיין שווער פּנים, וואָס איז אָנגעלאָדנט מיט צער און זי האָט אים געפרעגט:

— יאָסלשי, דיר איז עפּעס?

— ניין, אַבסאָלוט גאָרנישט. — האָט ער איר פאַרזיכערט — גאָר־נישט, גאָרנישט.

זי האָט אים אַרומגענומען דעם קאָפּ, ווי זי איז געזעסן, און געלייגט אים צו זיך אויף דער שויס. זי האָט אים געקרייזלט די האָר, גליטשנדיק די פינגער צווישן זיי און געפילט דאָס פאַרגעניגן פון זייער קורצגע־שוירנקייט און האַרטקייט, ווי פון דראָטלעך.

— נו, איצטער — האָט זי געזאָגט — וועל איך דיר אַליין דערציילן פון מיין לעבן מיטן מאַן...

זי האָט אים אַ קוק געגעבן אין פּנים אַריין, זען צי ער איז באַגיטיקט, און ווייטער געזאָגט:

— זעסטו שוין כאָטש, פון דיר האָב איך פאַרלאַנגט, אַז דו זאָלסט איבער דעם נישט שמועסן...

— דערצייל. — האָט ער געזאָגט.

— אָבער דו זאָלסט מיר שווערן, אַז עס זאָל דיך נישט פאַרדריסן; עס זאָל דיך גאָרנישט אָרן, קיין זאַך נישט...

ער האָט איר אַ קוש געגעבן אין ביידע הענט און געשוואוירן, אַז נישט נאָר עס וועט אים נישט פאַרדריסן, נאָר עס וועט אים שאַפן פאַר־געניגן, אויב זי וויל.

— און איך, ווידער, — האָט זי געזאָגט — פיל דעם זעלבן טעם ווי פון איינעם, וואָס אויף אים איז שוין די צייט געקומען, אַז די רייפן זאָלן פון אים אַראָפּפלאַצן. אויב איך וועל נישט דערציילן, וועט עס זיך אַליין אויסדערציילן.

ער האָט זיך אויפגעזעצט לעבן איר, כדי צו נעמען אַן אַנטייל אין איר גורל, ווענן וועלכן זי גייט דערציילן, זיצנדיק, ווי צונויפגעוואַקסן, האַנט אין האַנט, אין זיינער אירע, מיט וועלכער ער האָט זיך געשפּילט אויף איר שויס, האָט זי אָנגעהויבן:

— איך האָב דיר נישט דערציילט און דו קענסט עס גאָר קיינמאָל

נישט וויסן אויך, ווי מוראדיק איך האָב מיין קלאַפּ דערשפּירט באַלד אין דער חופּה־נאַכט, און צומאָרגנס האָב איך מיך שוין געפּילט באַגראָבן.

זי האָט אָפּגערוט אַ רגע, ווי פאַרנעמען זיך צו אַ וויטן וועג מיט צרות, און, ווי גרייט זייענדיק אויסצושטיין גרויסע פּיין, אָנגעהויבן אויף דאָס ניי איבערצולעבן דאָס אַלץ, וואָס זי איז דורכגעגאַנגען.

— מער האָב איך שוין נישט געזען קיין ליכטיקע טרייסט פאַר מיר — האָט זי דערציילט — די זון איז מיר אויף איינמאָל אויסגעלאָשן געוואָרן. איך האָב זיך מיט איינמאָל דערפילט, ווי פּלוצלינג איז מיין קערפּער אָפּגעריסן געוואָרן פון דער נשמה און אַריינגעוואָרפן אין קבר. דערנאָך זענען געקומען נעכט אָן האָפענונג.

— און דאָס אַלץ איז באַלד צומאָרגנס געשען? — האָט ער געפרעגט.

— יאָ.

זי האָט ווידער אָפּגערוט אַביסל און ווייטער דערציילט:

— דעם טאָג האָב איך מיך געשעמט צו קוקן אין די אויגן. אויך, אין דער שיין קעגנאיבער מיין פענצטער ביי דער לאַמטער, צו וועמען מיין עלנטקייט איז ביינאַכט גלייך געווען.

עס האָט זיך מיר אויך געדאַכטן, אַז אומעטום סודעט מען זיך וועגן מיין אומגליק. אַפילו דער נאַכט, דער לופט אין דרויסן איז עס באַקאַנט, און זיי האָבן מיין שמערץ צוגעזען מער ווי די מענטשן.

פאַר מענטשן האָב איך מיין בראָך פאַרבאָרגן. מיר האָט זיך געדאַכטן, אַז זיי לעזן זי מיר פון פּנים אַראָפּ און איך בין פון זיי אַנטלאָפן.

קיין איין פרוי, קיין איין מאַנספאַרשוין האָבן אין מיינע אויגן אויסגעזען, אַז זיי זאָלן זיך נישט שטיקן מיט מיין סוד; און איך בין פאַר דער וועלט, אויסער מיין אייגענער לייד, נאָך אויסגעשטעלט צו שאַנד.

וועגן מענער האָב איך געהאַט אַן איבערצייגונג, פון דער נאַכט אָן, ווי זיי וואָלטן אָפּגעשמועסט אַ בונד קעגן מיין פאַרבלאָנדשעטער נשמה. דערצו זענען זייערע בליקן געווען דורכדרינגענדיק: נישט נאָר האָבן זיי מיך געלעזן פון פּנים, נאָר זיי האָבן מיך אַנטפּלעקט... און מיט אַ שטילער זעלבסטצופרידנהייט...

פרויען, ווידער, ווייסט איין גאָט, אַז איך האָב זיי שטענדיק געמיטן. איך געדענק מיך פון פריער: איך בין קיינמאָל נישט געווען מיט זיי צוזאַמען, נישט אין זייער געזעלשאַפט.

ובפרט איצט, וואָס וואָלט איך דען געקענט ביי זיי טאָן, ווען מיין הארץ איז פאַרשטומט?

צי וואָלט מיך נישט באַלד וועלכע עס איז אַ פרעג געטאָן, ווי ס'איז מיר אָנגעקומען „די ערשטע נאַכט"?...

נאָר, אויב אויף צו שווייגן האָב איך געהאַט אַן עצה: אויסצומיידן! ווי אָבער אַנטלויפט מען פון דער חרפה, וואָס וואַרט אויף מיר ביינאַכט?

איך וועל מיך נישט שעמען צו דערציילן: ווען ס'זענען אַריבער צוויי וואָכן און איך האָב געזען אַז „גאָרנישט..." ווי האָט דעמאָלט די חרפה שוין געברענט אין מיינע ביינער. איך האָב דאָך שוין דערזען מיך אויף אייביק פאַרלוירן...

מאַשעלע האָט אָפּגערוט פון דערציילן און געקוקט יאָסלען אין די אויגן. ער איז געזעסן ערנסט באַטייליקט, ווי פאַרטיפט אין אירע איבער־לעבונגען, און דאָס האָט איר געגעבן ווייטערן מוט.

— איך ווייס נישט — האָט זי געזאָגט — פאַרוואָס אין מיר האָט פשוט געברענט אַ כעס אויף אים, כאָטש ער איז אַליין אומגליקלעך.

צי האָט ער זיך דען געקענט פאַרשטעלן כאָטש איין רגע, אַז ער טוט מיר מיין ליב, וואָס אַן דעם וועט זיך קיין איין ווייב אין דער וועלט נישט דעצידירן צו גיין פאַר אַ מאַן?

האָט דען דאָס אַליין ווייניק אומגליק און פאַרביטערונג געקענט ברייננען זיין באַוואוסטזיין?

אָדער, פאַר זיך אַליין צו פילן דעם טעם פון אַ סריס?...

אַ קער, וואָס מען לייגט אין דער ערד, לאָזט איר קערן.

אַ קאַרטאָפּליע אין קעלער, ווען עס קומט איר צייט, וואַקסט זי.

איז דאָך דאָס מיטלייד מיט אים אויך געווען גענוג גרויס.

און פונדעסטוועגן: ווען עס לאָזט זיך אויף אים אַראָפּ אַ שווערע האַנט און באַשטראָפט אים פאַר פאַרפינצטערן מיין ליכט פון טאָג, וואָלט איך מיך דערפילט געלייטזעליקט און באַגיטיקט.

ווייל פאַרט, האָט ער דאָך געוואוסט, אַז ער איז אַ קאַליקע!

און וואָס איז ער געקומען: אויף מיין באָרד זיך לערנען שערן?... אויספּרווון זיין פינצטער אומגליק אויף מיר?

האָט ער דען נישט געקענט מאַכן „רעפּעטיציעס" מיט מאַנעקענען, אַז סיי ווי סיי איז עס מער ווי צו „רעפּעטיציעס" נישט געקומען! נישט נעמען לעבעדיקע מענטשן און באַגראָבן?

זאָלסט זיך נישט וואונדערן, יאָסל, וואָס איך רעד אַזוי גראָב. דאָס

רעדט אין מיר יענע פּאַרוויסטקייט פון יענע נעכט. איך וויל נאָר וויסן איין זאַך: צי דאָס איז רעכט, אָדער אומרעכט?

ווייל, אויב קיין משגיח, קיין אַכטונגגעבער, קיין קאָדעקס זענען אויף אַזעלכע זאַכן נישטאָ, פּאַרוואָס גיט אַזעלכער אַליין נישט אַכטונג אויף זיך? ווי קען אַזעלכער צונעמען יענעמס אַטעם און לעבן, אַן וועלכן מיר זענען אַלע געגליכן צו טרוקן גראָז אויפן פעלד?

אָט, דאָס וויל איך נאָר וויסן: צי דאַרפן מענטשן זיין אונטערגעוואָרפן אומגליקן פון ערשטן, גרעסטן פאַרנעם?

און, דאָך, איז אויף די אומגליקן, ווער עס הערט זיי, אָדער גייט זיי פאַרביי — נישטאָ מער ווי אַ קוועטש מיט די פּלייצעס...

איך האָב דערשפּירט אַזאַ האָס צו אים, אַז איך בין שיכור געווען פון שטענדיקן האַסן.

אָבער דאָך, פאַרשאָלטן איז די טבע פון אַ פרוי.

אָט, קומט די נאַכט, איך הער, ער גרייט זיך פון זיין בעט אין מיינעם. וואָלט דאָך געווען גענוג אַיין פּיפּס: „איך וויל נישט"...

אָדער, אַז איך וואָלט גאָר פאַלש געוועזן: געגעבן אַ קלאַפּ אין ברעטל: „אַ, מיסאַ, האַ!..."

אין ערשטן פאַל, וואָלט ער דען נישט פאַרשוויגן, ווי אַ פאַרמשפּטער, וויסנדיק, אַז ער טויג „צו גאָרנישט", וואָס מען מיינט דאָס?...

אין צווייטן פאַל, וואָלט דען נישט דאָס בלויזע דערשרעקן אים צוריקגעהאַלטן פון זיין „נסיעה"... וואָס דער יצר הרע ברענט ביי אים אַזוי שטאַרק? עס וואָלט אים, אפשר, אויך געקענט איינפאַלן, אַז דאָס מיין איך טאַקע אים... וואָס ער האָט דען נישט גענוג סיבה דערצו?...

אי ער וואָלט געמיינט, אַז דאָס מיין איך אים, אי איך וואָלט דאָס גאָרנישט געהאַט געזאָגט צו אים, נאָר, כלומרשט, די מייז מיין איך...

נאָר, אָבער, די פרויען־נאַטור איז קיינמאָל נישט באַטייליקט אין דעם וואָס מיט איר קומט פאָר, און וואַרט ביזן סוף.

און דער סוף איז שטענדיק ווי אַלעמאָל.

מיט „גאָרנישט" קומט ער און מיט „גאָרנישט" גייט ער צוריק אַוועק...

אַ טיף רחמנות נעמט מיך אָן, טיילמאָל, דער שווייס רינט פון אים... און אַ טיפער עקל פילט מיך אָן.

ער בלייבט ליגן מיטן קאָפּ אויפן קישן ווי אַן אָפּגעשטאַנען פייגעלע, ווי אַ פישל אויפן ברעטל...

לעבן מיין אָרעם ליגט ער פאַרשעמט און פרעסט דעם אָטעם, וואָס ער וואַגט נישט צו ציען...

אָט אַזוי פאַרברענגט מען נעכט, ער, איין אומגליקלעכער, איך, די צווייטע לעבן אים.

טיילמאָל פאַרלירט די שיין פון דער לאַמטער, קעגנאיבער מיין פענצטער, די שאַרפע העלקייט שוין.

די געדיכטע פינצטערקייט איז לאַנג שוין אַוועק אין די לעכער און אין שפּאַלטן.

דער מאָרגן אונטערן פענצטער קוקט אַריין ווי אַ גראָער, אויסגעקראַכענער פעלץ —

און — נאָך איין נאַכט איז אַוועק.

און איך באַדויער גאָרנישט די נעכטס אַוועקגיין.

פאַרקערט, זיי זענען מיר לענגער ווי אייביקייטן.

און כאָטש זיי לאָזן מיך נאָר איבער געהילט אין מיין טרויעריק געמיט, פונדעסטוועגן, בעט איך אויפן טאָג אויך נישט.

אויך זיין אָנקומען וועט מיך נישט דערפרייען.

ווי אַ שטילע, שלעפּערדיקע הון אַ בלייכע, אַזוי קומט דער טאָג.

קיינער וועט אין מיין שטוב קיין פּיפּס נישט געבן; קיין לאַך, קיין שמייכל.

אפילו קיין הויך וואָרט נישט רעדן.

אַלץ וועט פאַרבייגיין אויף ווייכע טריט.

וואָרן ביי מיר אין שטוב זעט שוין לאַנג אויס ווי אַ בית־עולם מיט פאַרטריקנט גראָז. און יעדע זאַך אין איר—פאַר זיך אַליין, ווי אַ באַזונדער קבר.

אַזוי איז אויך דער טאָג.

אין אָונט, מיין מאַן איז שוין דאָ אין שטוב, אָבער די טויטע שטילקייט איז נאָך גרעסער.

די ווענט זאַפּן אין זיך אַריין צוויי לעבעדיקע מענטשן, וואָס ווערן זיי צוגלייך.

מער ווי אַ שטילן זשומזש, ווי פון אַ פליג נאָר, פון צייט צו צייט, הערט זיך נישט פון אים — און צוריק איז קבר־שטיל.

קיין אויג גלאַנצט נישט, קיין וואָרט קלינגט נישט.

די לופט איז פאַרשטאָפּט דורך אים, דורך מיר.

זי וועט קיינמאָל נישט טראַגנדיק ווערן, די לופט, און קיינמאָל גאָר־נישט געבירן.

אָט דאָס, יאָסלשי, איז דאָס חתונה האָבן מיינס.

בשעת איך האָב געזען ביי אַן אָרעמען שוסטער, ווי ער האָט אַ פּאַטש געטאָן אויפן קלייד דעם ווייב זיינעם אין הינטן אַריין, האָב איך געזען, וואָס פאַר אַ פייערלעך עס האָבן אויפגעגלאַנצט אין זיינע אויגן.

די גאַנצע לופט אַרום זיין קאָפּ האָט געבלאַנקט...

אויך זי — וואָס פאַר אַ מכלומרשטער ברוגז און נאַשערישער, מכלומרשט אומצופרידענער שמייכל עס האָבן איר אין די ווינקלען מויל פאַרראַטן...

אָט, די לופט פעלט ביי מיר.

ווער קען אַריינגיסן דאָס דאָזיקע ליכט אין מיין שטוב?

דאָרט, וואו פאַריתומטקייט געבירט נאָר פאַרגליווערטקייט?

ביי מיין טיש וועלן זיך קיין מאָן און ווייב נישט וואַרפן מיט שטיקלעך, פּיצלעך, דראָבעלעך, איינציקע פעדעמלעך פלייש, ער צו איר און זי צו אים.

ווי אַ האָן, וואָס גיט אַ שטעל־אויף דעם האַלז פעדערן, ווען ער געפינט אַ קערנדל, טוט עס אַ „טליק" אָן דער ערד און אַ שאָקל מיט דער „באָרד", צונויפרופנדיק אַלע הינער פון הויף, וועט דאָס אין מיין שטוב קיין מאַנספאַרשוין, פאַרלויפיק, נישט טאָן.

פיל וואַסערן וועלן נאָך, ביז דעם, אָפּשווימען.

נאָר ביי דעם שוסטער אין שטוב האָב איך דאָס דאָך געזען... אַלץ געזען...

זי איז שטיל געבליבן. יאָסל האָט איר געפרעגט:

— אָבער וואָס ביסטו אַזוי פאַרצווייפלט, אַן האָפענונג?

— ניין, יאָסלשי, — האָט זי געענטפערט — דאָס קען נאָך הייגט־מאָרגן ביי מיר נישט געמאָלט זיין...

ער האָט אַ שטילן קוק געגעבן אויף איר. בשעת זי האָט אָפּגעזיפצט, אוןביידע זענען שטיל געבליבן.

יאָסל, פון זיין זייט, איז געזעסן אַ האַנט אונטערגעשפּאַרט אונטערן פּנים; אויך זי דאָס זעלבע — און ביידע האָבן געקוקט פאַרטראַכט אין דער לופט, ווי צו עפּעס איין וויטן דמיון.

ער האָט זי אַרומגענומען, איר געטרייסט און צוגעזאָגט, אַז נישט לאַנג וועט געדויערן און איר שטוב וועט אויך זיין פריילעך און פול מיט לעבן.

זי האָט צו זיינע רייד דעם גרעסטן צוטרוי געוויזן, דערמיט וואָס זי האָט זיך באַלד אין זיינע אָרעמס איבערגעגעבן, באַלד היינט. אַזוי האָבן זיי פאַרברענגט אַ לענגערע צייט, און דערנאָך איז זי שטיל אַוועק.

ווען יאָסל איז געבליבן אַליין, אַראָפּגענומען די מאַרינאַרקע פון זיך, צוגעשפּאַרט זיך אויפן בעט, האָט ווער אַ רודער געגעבן ביי דער טיר און די מוטער זיינע האָט זיך באַוויזן.

— דו האָסט דיך צוגעשפּאַרט, יאָסל? — האָט זי געפרעגט, בלייבנ־דיק שטיין אין דער מיט וועג.

— יאָ, קום אַהער, מאַמע, וואָס האָסטו געוואָלט?

זי איז צוגעגאַנגען, געשטעלט זיך ביי זיין צופוסנס.

— איך האָב גאָרנישט געוואָלט — האָט זי געזאָגט — נאָר דיך זען... האָסט געהאַט אַ גאַסט?...

— יאָ. — האָט ער געזאָגט, האַלב פאַרטראַכט קוקנדיק נאָך אין דער לופט, ווי עפּעס וואָלט נאָך דאָרט געשטאַנען פון דער פאַרשוואונדענערס בילד...

— ווי קומט זי דאָ?... — האָט די מוטער געפרעגט.

— האָ? — האָט יאָסל זיך אומגעקוקט — ווי זי קומט דאָ?...

— יאָ?

— זי וויל זיך, דאַכט זיך, צעגיין מיט איר מאַן.

— נו?

— און מיט מיר חתונה האָבן.

— זיכער? — האָט די מוטער געפרעגט, ווי אויף עפּעס אַ פּלוצ־לינגע נייעס, וועלכע געפעלט נישט.

— יאָ... — האָט ער געזאָגט — וואָס האָב איך דיך דען אָפּצונאַרן?

— איך ווייס נישט... — האָט זי געזאָגט — אפשר פאַרדריסט דיך פאַרוואָס איך קום דיך אַריין פרעגן...

— ניין. — האָט ער געענטפערט.

— איך ווייס נישט, — האָט זי ווייטער געזאָגט — צי קען איך דיך פרעגן אויף דאָס: צי דו ווילסט זי?

— כ׳האָב זי דען נישט געוואָלט שטענדיק?

— מילא, שטענדיק.... איז זי דאָך נאָך געווען אַ מיידל...

אויף דעם האָט שוין יאָסל נישט געענטפערט. נאָר די מוטער האָט אים געוואָלט אָנרעגן אויף אַ ווייטערן שמועס און זי האָט, ווי אין דער לופט אַריין, נאָך צוגעגעבן:

— נאָר, גלאַט... ווער קען וויסן... אפשר איז זי נאָך היינט אויך אַ מיידל... עס קען אַמאָל פּאַסירן!...

אויף דעם האָט שוין יאָסל געענטפערט:

— האָסט זיך נישט אַמאָל איינגעהערט אונטער דער טיר?...

די מוטער האָט זיך, אַפילו, קיין קרום נישט געגעבן.

— ניין. — האָט זי געזאָגט — נאָר, איך שטעל מיר פאָר... אַזוי גייט עס...

— מאַמע, ווען זי וואָלט אַזוי געווען ווי דו מיינסט, אָט, ווי דו זאָגסט דאָ, וואָלט איך זי נישט ליב געהאַט. — האָט יאָסל, כאָטש שטאַרק אַקצענטירנדיק, דאָך פאַרטרוילעך, אַ האָר נישט בייז, צו דער מוטער גע־רעדט. — נאָר די גאַנצע מעשה איז, —

דאָ איז די שוועסטער אויך אַריין אין צימער. יאָסל האָט, ווי אומ־צופרידן, אויפגעהויבן דעם קאָפּ און שטיל געבליבן. די שוועסטער, ווידער, איז אויך צו צום בעט און געבליבן שטיין.

— נאָר... די גאַנצע מעשה איז, — האָט יאָסל ווייטער געצויגן — וואָס מיר געפעלט נישט פאַר דער שוועסטער אַזאַ חתן!...

דאָס מיידל האָט געעפנט אַ פּאָר גרויסע אויגן, געקוקט אויף יאָס־לען, געקוקט אויף דער מוטער. נאָר די מוטער האָט איר אויך גאָרנישט געקענט העלפן... איז זי צוריק אַרויס פון צימער.

— וואָס, זאָגסטו, די גאַנצע מעשה איז?...

— אַז איך קען זי פאַר מער מענטש, ווי דו מיינסט... — האָט יאָסל ווי פאַרענדיקט און פאַרוואָרפן דעם קאָפּ העכער איבערן קישן קעגן פענצ־טער, פאַר אַ צייכן, אַז ער וויל שוין מער נישט טענהן...

— מאַ... — האָט די מוטער געזאָגט און שטיל צוריק אַרויס פון דאַנען...

---

צומאָרגנס, שוין אויפן דריטן טאָג, אויף פּינקטלעך צוויי אַזייגער, ווען יאָסל האָט שוין דאָ געוואַרט אין צימער, האָט ער ווידער דערהערט ווייבערישע, געשווינדע טריט אָנקומען צו דער טיר. ווען ער איז אויפ־געשפרונגען אַנטקעגן און אויפגעלעפנט די טיר, איז עס ווידער געווען זי.

— איך דאַנק דיר זייער. — האָט ער שטיל געזאָגט, און צונעמענדיק ביי איר די זאַכן, צוגעפירט זי צו איר אָרט, געקושט איר און זי האָט זיך געזעצט.

— פאַרוואָס — האָט זי אים געפרעגט — דאַנקסטו?

— ווייל באַוווייזסט דיך פּינקטלעך צו דער צייט.
— שוין לאַנג וואַרטסטו?
— ניין. — האָט ער געזאָגט — קעגן וואָס פרעגסטו?
— איך וויל וויסן — האָט זי געלאַכט — אויף וויפל שטאַרק דו וואַרטסט אויף מיר...

זי האָט היינט אויסגעזען פיל רואיקער און פיל שמייכלענדיקער, ווי אין די צוויי פריערדיקע טעג. זי האָט זיך צורעכט געמאַכט די האָר אויפן קאָפּ און אָנגעהויבן ווייטער צו דערציילן.

— ס׳איז דיר אינטערעסאַנט ווייטער צו הערן? — האָט זי געפרעגט.

— יאָ, זייער. דערצייל. — האָט ער זי געקושט.

— און ער, פונקט — האָט זי אָנגעהויבן, וואו זי איז געבליבן שטיין נעכטן און, ווי דער גאַנצער מעת לעת וואָלט ביי איר קיין אָרט נישט פאַרנומען, נאָר זי איז בלויז פאַרטאָן געווען אין איר פאַרגאַנגענהייט — פונקט ווי איינער, וואָס שפּירט די נשמה אויסגייך און ער וויל זי צוריק דערכאַפּן, אַזוי האָט ער געזוכט הילף אין די פאַרצווייפלטע מינוטן....

זעענדיק אים אין דער לאַגע, האָט ער מיר אויסגעזען ווי איינער אין אַ גסיסה־צושטאַנד, ווי ער וואָלט זיך געשלאָגן קאָפּ אָן דער וואַנט; — בשעת, ווי איך פאַרשטיי, איז דער גלי פון אַ געזונטן מאַנספּאַרשוין צו אַ פרוי אַזוי, אַז ער קען זיך אַפילו דורך אַן אונטערגראָבונג דורכקריגן און באַזיצן זי.

אָבער, יאַסלשי! איך האָב אַמאָל געזען, ווי אַ פערד איז געפאַלן אין מיטן גאַס, האָט עס מיט ציטערדיקע ליפּן פאַרן טויט, געכאַפּט אַ פּאָר הייעלעך פון לעבן זיך, וואָס וואַלגערן זיך אויפן ברוק...

כ׳האָב געזען זיין אומגליק, זיין טרינקען זיך, ווי אַ פליג, וואָס קלאַפּט מיט די פיסלעך אָן דער וואַנט פון גלאָז, ביז זי בלייבט אָן כוחות...

„נו, לאָז שוין די דאָזיקע וואַנט — טראַכט איך — בלייבן פאַר אַן אַנדערן“...

אַזוי האָב איך באַלד באַשלאָסן אין יענע פינצטערע נעכט פון פאַרצווייפלונג, ווייל איך האָב געזען, אַז ס׳איז נישטאָ וואָס צו דערוואַרטן.

— ס׳איז אָבער, גרינג נאָר צו זאָגן. איך האָב געזען אַז ס׳איז אַ ברייטע טיר אַריין„ א שמאָלע — אַרויס...

קלאָגן דעם קאָפּ, פאַרבינדן אים קען מען גיך, אויפבינדן אָבער, ניין.

ס'איז גוט, אויב מען טרעפט אויף אַן אומגליק און מען קען זיך דערפון אַרויסוויקלען.

און כאָטש ס'איז דאָס אויך נישט גוט, אָבער בעסער ווי בלייבן דערינען.

ווי אַזוי, אָבער, האָב איך געקאָנט האָפן, אַז ער זאָל מיך באַפרייען?

צי האָב איך דען געקענט גיין צו אים: הער מאַן, אָדער מענטש, אײַ־גענער צי גאָר פרעמדער, האָב אויף מיר רחמנות; דו זעסט דאָך וואו עס האַלט.

צי וואָלט איך געווען דערמיט געפּועלט אַ גט?

און נאָך דערצו: ווי אַזוי לייגט מען דאָס פאָר? ס'איז דאָך נישט קיין שפּילעכל, ווי הייסן זיך קויפן אַ שפּילקעלע, אָדער בראָשקעלע.

איז גוט אין אַזאַ פאַל צו לאָזן דאָס וויסן דער אייגענער משפּחה.

אָבער ווי אַזוי דערציילט מען אַזוינס?

און אויב נישט, נאָר גלאַט: „איך וויל זיך גטן"... ווער וועט מיך דען נישט אָנקוקן פאַר פלוצלינג משוגע?

אָבער, אויך דעמאָלט, ווען איך דערצייל, וואָס האָבן זיי דען פאַר אַן עצה?

אַז טאָמער רופט מיין משפּחה נאָך אַרויס הייס בלוט ביי זיינער דורך אַריינמישן זיך?

מוז מיין משפּחה שוין נישט בעטן גלייך אים, נאָר זיינע קרובים...

אָבער צו וואָס זאָלן זיך יענע אָננעמען מיין קירץ? אַפילו, אַז זיי ווייסן שוין אין וואָס עס האַנדלט זיך.

וואָס קענען זיי נישט באַשטייך, אַז ס'איז אַזוי?

בלייבט דעמאָלט, נאָר פון בריק אין וואַסער אַריין. אָדער זיך מבזה מאַכן פאַר אַ גאַנצער שטאָט. זאָלן אַלע וויסן ווי מיינע פּיין זעען אויס; ווי מען האַקט אָפּ אַ יידישער טאָכטער דעם קאָפּ.

און אָט דאָס האָב איך נישט געוואָלט, האָב עס נישט געקענט...

אָבער, ווידער דאָס אייגענע: קען עס דען אַנדערש גיין?

וועט ער מיך דען אַליין גטן?

כ'האָב דאָך געזען, לויט זיין אומגליק אין די אויגן, ווי שלעכט ער שפּירט זיך, ווייל אַז טאָמער וועט ער מיך דאַרפן פאַרלירן.

און, לויט דעם קלאָמערן, ווי ער האָט זיך געקלאַמערט מיטן לעצטן אָטעם, צו ווערן אַ מאַן און נישט געקענט...

איז נישטאָ קיין אַנדערער וועג, הייסט עס, ווי נאָר, אַז אַלע מענטשן זאָלן וויסן...

— און, פאַרוואָס האָסטו נישט געפּרוּווט טאַקע אים אַליין זאָגן, אפשר יאָ? — האָט יאָסל אין דער מיט איבערגעריסן.

— אוי, נאַרישער מענטש. — האָט זי אים אַ גלעט געגעבן — דו זאָלסט עס איבערחזרן? דו מיינסט, אַז אַ סך מענטשן האָבן ליב זייער כבוד?... ס'קען זיין, אַז דו מיינסט אַזוי. נישט געפּרוּווט זאָלסטו ווערן אויף מיין אָרט. כאָטש דו ווייסט סיי ווי סיי נישט געפּרוּווט ווערן, ווייל דו גייסט נישט אין קיין קלייד. אָבער איך זע, אַז אַנדערש קען מען דאָס נישט פאַרשטיין, מען מוז גיין אין אַ קלייד דערצו...

ביינציק מאָל: איך וויל אַ גט — זאָגן, אָבער, טאָר איך נישט. אויב יאָ, בין איך פאַרלוירן. מען מוז וואַרטן אויף אַ שעה פון חסד. און אויב דער גורל איז, אַז דער חסד זאָל נישט געשען קיינמאָל, איז אויך פאַרפאַלן.

דערווייל מוז מען שווייגן.

און אַז מען שווייגט, מיינט יענער, אַז מען קען זיך שוין באַגיין אויך אָן „אַלעם"... וואָרן זיין ווייב, הייבט ער זיך אָן טראַכטן, איז דאָך קיין פרוי נישט...

און ווען, טאַקע, בין איך געווען אַ פרוי, אָדער געוואָרן „אַ פרוי"? פאַרוואָס זאָל ער נישט אָנהייבן צו טראַכטן, „אַז איך וועל מיך שוין קענען באַגיין"?...

מען איז פאַרפאַלן פון ביידע זייטן.

דו טאָרסט נישט רעדן און — דו טאָרסט נישט שווייגן...

סיידן נאָר, אַכיבע, הייסט עס, אויפשטעלן די גאַנצע גאַס אויף איין־מאָל אויף די פיס, אַזוי, אַז קינד און קייט זאָלן וויסן. אפשר וועט דאָס העלפן.

אָבער, דער עיקר איז, אַז אַלע זאָלן וויסן, אַז כ'האָב אָפּגעשניטענע יאָרן... און, אַז אַלע זאָל עס פאַרדריסן.

וואָרן אַז נישט, ווער וועט זיך פאַר מיר אָננעמען?

איך מוז דאָך שטיין אין דער לאַגע פון אַ „פאַרוויסט געוואָרענער", כדי מענטשנס הערצער זאָלן זיך רירן...

אָבער, נאָכדעם ווי מען ווערט שוין אויפגעבונדן דורך דער הילף פון אַ שטאָטס מיילער, בלייבט מען, ערשט, נישט קיין מענטש פאַר זיך. דאַכט זיך יעדערן, אַז ער האָט דיר עפּעס צושטייער געגעבן צו דיין באַפרייען און קומט דיר, דערפאַר, פאַרלייגן אַ טאַטן אַן אַלמן מיט קינדער.

און אַלע וואָלטן גערן געוואָלט, אַז דו זאָלסט גיין „בדרך הישר" און איך זאָל טאָן וואָס זיי געפעלט, וואָרן איך בין דאָך שוין עפּעס דער שטאָטס אַ קרובהטע... און גיין מיט אַ בחור איז גאָרנישט קיין זאַך. אַלע וועלן באַלד דערזען מיין בייזן האַלדז, אַז: „איך בין אַ גוטע פויגלטע"...

אָבער נאָך אַזאַ לאָזן זיך אויסזידלען און ציען אויף זיך דעם נאָמען „אַ פאַרוויסט געוואָרענע", וועלכער בחור וועט עס וועלן גאָר צו מיר שמעקן?

ובפרט נאָך, כ'האָב מיך אַרומגעדורסט מיט אַ מאַן, געפירט אַזעלכע שרעקלעכע קאָמפּאַניעס און, אַזש, אויף דער גאַס אַרויסגעטראָגן זיי. איז דאָס וואָס מיר וועט ליב זיין, וועט מיך שוין ווייכן; און דאָס, וואָס איז מיר נישט ליב, איז נאָר חתונה האָבן, כדי צו דערענדיקן אַ פאַרשפּילט לעבן? ס'איז נישט גוט! — האָט זי אַ זיפץ געגעבן און איז שטיל געבליבן.

ביידע זענען געזעסן שטיל, אַ ווײַלע פאַרטראַכט. דערנאָך האָט זי אים געפרעגט:

— זאָג מיר, יאָסלשי: צי איך וועל נישט ביי דיר אויך געפאַלן דורך אַזעלכע מעשיות? אפשר זאָלן מיר אויפהערן?

— אָ, מיין טייערע. — האָט ער זי אַרומגענומען און צוגעטוליעט צו זיך — איך זע דאָך, ווי ווייט דו פאַרשטייסט דיינע צרות, דיין גורל, פאַר וועלכן איך קריג דיך נאָך ליבער.

— אָבער דעמאָלט האָב איך נאָך נישט געוואוסט — האָט זי ווייטער געזאָגט — אַז איך וועל מיך נאָך אַמאָל מיט דיר באַגעגענען, און ס'איז נישט געווען ווער עס זאָל שטאַרקן מיין טריט. צו אַלץ, פון וואָס איך האָב געטראַכט, אַז איך האָב מיך נאָר דערצו געוואָלט אַ ריר געבן, האָבן זיך מיר די קני אונטערגעבראָכן.

זי איז ווידער שטיל געבליבן און ביידע זענען געזעסן איצט פאַר־טיפט איינער אין אַנדערן, אַזוי אַ לענגערע ווײַלע.

ווען ער האָט צוריק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און געפרעגט זי, צי זי וויל נישט היינט מער דערציילן.

ניין, — האָט זי געענטפערט.

— ביסט מיד?

— מעגלעך...

און, באַלד, איז צוריק שטיל.

ער קושט איר אין די ליפּן און אַזוי בלייבן זיי שוין ביידע זיצן; זי איינגעטוליעט אין זיינע אַרומגעשלאָסענע אָרעמס אַרום איר.

— האסט מיך ליב ? — האט זי שטיל געשעפטשעט. און אַ לאַנגער, הייס־צונויפגעגאָסענער קוש, מיט אַראָפּגעלאָזטע ברעמען פון ביידע, ווי צו אַ תפילה, האט אַריינגעצויגן אין זיך אַריין נישט נאָר זייערעביידעס פּנימער, נאָר עס האט זיך אויך געדאַכטן, אַז די לופט פון שטיבל האט זיך אין אים אַריינגעזאַפּט ווי אין אַ שוואָם.

---

אויפן פערטן טאָג איז זי שוין געווען נאָך הייטערער, און מאָדנע ווייך האט געקלונגען איר „גוט מאָרגן" אין צימער, ווען זי איז אַריינגעקומען. דעמאָלט איז יאָסל, ווי דער שטייגער איז, צו, ווידער אַראָפּצונעמען איר מאַנטל פון איר.

אַ שמייכלדיקע רואיקייט האט אַרויסגעקוקט פון די ווינקלען פון אירע ליפּן און אויך פון די אויגן. נאָר די לעצטע האָבן נאָך, פונדעסטוועגן, אויסגעזען ווי פאַרטויט פון אַן ערשט ניט לאַנגסטיקן איבערגעלעבטן טרויער.

— נו, — האט איר יאָסל געבעטן — זיץ, מאַשעלע.

און ער האט זי צוגעפירט צו איר אָרט, בשעת זי האט, גייענדיק איבער דער שטוב נאָך, שוין אָנגעלעגט איר קאָפּ אויף זיין אָרעם, ביז ער האט זי צוגעפירט אַהין.

— דו ווילסט מיך שוין מאַכן אויס צוהערער פון דיין דערציילן ?...

— האט ער שמייכלענדיק, בלייבנדיק שטיין מיט איר פאַרן זיץ־אָרט, געפרעגט און געקושט איר אין די ליפּן.

— פאַרוואָס דען מיינסטו, — האט זי אים געפרעגט — איז נישט וויכטיקער דאָס פאַרברענגען, ווי דאָס דערציילן ?

— פונדעסטוועגן, — האט ער געענטפערט — איז דאָס ערשטע אויך נישט מיט דער האַנט אַוועקצומאַכן.

— באַזונדער — האט ער ווייטער געזאָגט — איז מיר וואונדערלעך דיין אַרט דערציילן, ווי טיף דו דערציילסט דאָס.

— מיין ליבער — האט זי געענטפערט — כ'האָב געהאַט דאָס אומגליק צו זיין אַ פּרוי פון אַ מאַן... צרות לערנען אויס דעם מענטש טיף צו זיין...

וואָלסטו געוואוסט מיינע נעכט... — האט זי געזאָגט און צוריק שטיל געבליבן, קומענדיק שוין ווידער אין פאַרטראַכטקייט אַריין, אַז אַזש ער האט זי געדאַרפט דערמאָנען:

— נו, זיץ, מיין ליבע.

זי האָט זיך געזעצט, ער לעבן איר, וואו ער האָט זיך ווידער גע־שפּילט מיט איר האַנט אויף איר שויס, ווי אין ערשטן טאָג, ווי אין צווייטן טאָג.

— דערצייל ווייטער. — האָט ער זי געבעטן. און זי האָט דערציילט.

— מיר זענען געבליבן שטיין — האָט זי אָנגעהויבן — ווי אַז דערציילן פאַר מענטשן איז מיר אוממעגלעך געווען און אויסמיידן דערציילן אויך נישט מעגלעך.

אין לעצטן פאַל וואָלט מיר אויסגעקומען, אייביק פאַרבונדן צו בלייבן. אָבער, אויך אין ערשטן, אַ חוץ, וואָס איך וואָלט געוואָרן געשטעלט אין אַזאַ קלאָגעדיקער לאַגע פון אַ פאַרוויסטער... ווער קען אים דען צווינגען?

אויב, לויטן דין? האָט ער דאָך דאָס רעכט צו האַלטן מיך געבונדן אין קייטן.

ער האָט אַ כתובה, אַ חופּה פאַר די אויגן פון אַ גאַנצער גאַס מענטשן, און אַלץ לויטן דין...

אויב כ׳האָב נישט קיין טעות און גוט אויפגענומען, האָב איך גע־הערט, אַז אַ מאַן איז מחויב, פּונקט ווי צו געבן דעם ווייב שפּייז און אַ קלייד, אויך צו קענען זיין אַ מאַן...

אָבער, אויב כ׳האָב ווידער נישט קיין טעות, שטייט נישט אין דער תורה, ווי איך האָב געהערט, אַז ער מוז זיך גטן, אויב ער איז עס נישט...

דו פרעגסט, פאַרוואָס איך האָב נישט געפּרוּווט פאַרלייגן אַליין אים? ערשטנס האָב איך דיר שוין געענטפערט, אַז דאָס איז אַ „האָנאָר״־זאַך פון מאַנס זייט אַליין. צווייטנס, גאָט ווייסט, וויפל פאַרביטערטע הערצער עס זענען דאָ לעבעדיק באַגראָבענע, אַזעלכע ווי איך, און קענען זיך נישט העלפן; טאָ, ווי וואָלט איך מיר געקענט בעסער מאַכן?

איך האָב אויך מיר גענומען צו פאַרשווייגן מיין אומגליק, נישט מאַכן מיך כאָטש צו שאַנד, אַז אַלע זאָלן וויסן, אַז איך לעב מיט אַזעלכן...

אָט, אין אַזעלכע ביטערקייטן האָב איך געלעבט.

ביינאַכט, ווען איך בין איינגעשלאָפן, דורכגעזאָפּט פון מיין גורל, פאַרוואָגלט און האַלב וואַך, ווי אַ טויב אויף אַ פרעמדן דאַך, האָט זיך מיר גאַנץ אָפט געדאַכטן, אַז איך זע אַ מענטשן־מאַסע און, אַלע זענען דורכ־גענומען מיט מיין אומגליק. טייל האָבן ענערגיש פּראָטעסטירט, רעדנדיק מיט אַ פּרעטענזיע וועגן דעם צווישן דעם אַרומיקן עולם: „פאַרוואָס זאָל מען זי נישט ראַטעווען?...״ די אַנדערע האָבן דאָס מיט טרויער אויס־

געהערט, אָבער נאָר ווי אַן אורטייל וועגן שוין אַן אייביק פאַרפאַלענער...
און נאָך אַנדערע, די פון אַרום ביי די זייטן, האָבן נאָר בלויז געגלאָצט
אויף מיר טעמפּ מיט די אויגן...

דאָס זעען אַזוינע חלומות איז, מסתמא, דערפאַר, וואָס איך האָב
מיך שטענדיק אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע הוריות, ווי אַזוי אָנצווועגדן
אויף מיר רחמנות. אָבער אין שלאָף פלעג איך דאָס זען אַזוי לעבעדיק,
אַזוי בולט, אַז איך האָב געמיינט, איך ווער דערדריקט אונטער דער משׂא
פון דער זעאונג. דערהויפּט בין איך געווען דורכגענומען מיט די וואָס
האָבן טעמפּ געגלאָצט און, טיילמאָל, מיט שרעק, אויף מיר, ווי מיר האָט
זיך געדאַכט, ווי אויף אַ פאַרשאָלטענער...

גאָט, וואָס קען איך פאַר וועמען דערציילן, וואָס איך האָב אין יענע
נעכט איבערגעלעבט.

אַן אַנדערס מאָל, ווידער, האָט זיך מיר געדאַכט, אויך אַ גרויסער
עולם מענטשן, נאָר די, שוין נישט עקסטרע פאַרזאַמלט צוליב מיר, נאָר,
גלאַט, ערגעץ אויף אַ גרויסן פּלאַץ, צופעליק... און די מאַכן שוין חוזק
אויס מיר. מיט צעשטראָלטע פּנימער און אין דער ברייט צעשפּרייטע ליפּן
וואָס לאַכן אָבער נישט אַרויס דאָס וואָס די אויגן ווייזן... קוקן זיי אויף
מיר; שמייכלען צו מיר וועגן מיין גרויס אומגליק, בשעת מיין פּנים, שפּיר
איך, איז רויט ווי צונטער...

און אַנדערע צעפירן זיך נאָך ברייט די הענט וועגן דעם זעלבן ענין,
געבנדיק צו פאַרשטיין איינער דעם אַנדערן וועגן מיר...

אַ גרויסע אויפלעבונג כאַפּט אַרום דעם עולם. עס איז פאַר זיי וויכטיק
דאָס געשעעניש אַליין, וואָס אַזויפיל מענטשן צוזאַמען קענען זיך פריילעך
מאַכן, דאָס איז איינמאָל; צווייטנס, מיין נישט באַפרידיקטער קערפּער,
אויס וועלכן זיי קענען לאַכן, פּשוט, איינטונקענדיק די אויגן אין מיין לייב...

נאָך אַזעלכע חלומות, וואָס איך האָב זיי אַזוי שאַרף געזען, מיט
אַלע סמנים פוןווירקלעכקייט און מענטשנס טבע אויף זיי... איינצלהייטן,
וואָס קיין גרעסערן איינדרוק קענען שוין קיין שום אמתן נישט איבערלאָזן
וועגן זייער ריכטיקייט — האָב איך דערנאָך געהאַט אַ געהעריקע אָפּשאַ־
צונג וועגן מענטשן, מיט וואָס זיי קענען מיר העלפן...

איך האָב באַשלאָסן צו בלייבן שטיל, שטום, ווי מיין אייגן קבר,
אין וועלכן איך ליג דערוויל באַגראָבן... פאַרלאָזן זיך נאָר אויף דעם, ווי
דער גורל וועט פירן. איך בין אויף אַזאַ אַרט געבליבן הענגען, ווי אין
דער לופט, גאָרנישט טאָן, וואַרטן אויף אַ נס. —

נאָר, לאָמיך דיר קיין ליגנט נישט זאָגן; איינמאָל האָב איך מיך געכאַפּט ביי דער האַנט: איך האָב מיך געפונען שטיין מיט אַ מעסער פאַר זיין בעט...

און, שאַ, יאָסל... דו זאָלסט נישט אויסזאָגן פאַר קיינעם: אין דעם בין איך נישט שולדיק געווען; דאָס האָט מיך די לבנה געפירט דערצו... איך האָב עס באַטראַכט פאַר אַ קרענק, ווען כ׳האָב מיך געלייגט צוריק אין בעט אַריין און דערזען, אַז די לבנה שיינט. וואָרן, ווי קומט צו מיר דאָס מעסער, אַז דאָס מעסער איז פון קיך און איך געדענק נישט, אַז איך זאָל מיך האָבן פריער איבער דער שטוב אַרומגעדרייט? געפונען האָב איך מיך נאָר בלויז שטיין פאַרן בעט דערמיט, ווען איך האָב שוין געדאַרפן זיך באַזינען, אַז איך דאַרף עפּעס טאָן... און דעמאָלט ערשט איז פאַר מיר קלאָר געוואָרן אויך, אַז כ׳האָב אַ מעסער אין דער האַנט... און, וואָס איך האָב געוואָלט דערמיט טאָן...

איבעריקנס, יאָסל, לאָמיך דיר, ווידער, קיין ליגנט נישט זאָגן. איך בין נישט קיין קראַנקע. איך בין נאָך צו געזונט. איך מיש קיינמאָל נישט אויס קיין חלום מיט קיין וואָר, און דאָס האָט ביי מיר קיינמאָל נישט געקענט טרעפן. איך האָב מיך נישט געפונען פאַרן בעט זיינעם שטיין מיטן מעסער. אויך דאָס איז נאָר אַ חלום, וואָס האָט זיך מיר געחלומט, אַז איך בין געשטאַנען מיט אַ מעסער, מיט וועלכן איך האָב מיך אין דער לעצטער מינוט געכאַפּט אַליין ביי דער האַנט...

— אַזוי האָט זיך דיר מיט יעדער קלייניקייט געחלומט, אויך, ווי דו געדענקסט נישט, אַז דו זאָלסט האָבן איבער דער שטוב אַרומגעגאַנגען און ווי עס קומט צו דיר דאָס מעסער?...

— אויך וועגן דעם אַפילו.

— טאָ, ווי זשע ווייט איז פון אַזאַ חלום ביז אַ וואָר, האַ?... — האָט יאָסל געפרעגט, — פון וואַנען־זשע ווייסטו, אַז דאָס איז נישט געשען ביי דיר טאַקע אויף אַן אמת? לאָמיר זאָגן, אַז אַזוי ביסטו אין חלום דיינעם נישט געלעגן אין בעט, נאָר טאַקע אַרומגעפּלאָנטערט אין שטוב... נו, און צומאָרגנס, האָסטו דאָס געדענקט ווי אַ חלום?...

— ניין, ביי אַזאַ געזונטער ווי איך בין קען נישט טרעפן, אַז אַ חלום זאָל מיך אויפשטעלן אין מיטן שלאָף.

— נו, דערצייל ווייטער — האָט יאָסל געבעטן.

— אַזוי האָב איך מיך נאָר בלויז געפּלאָגט אין געדאַנקען וועגן באַ־פרייט ווערן. — האָט זי ווייטער אָנגעהויבן — וועגן האָפן אויף זיין געזונט

ווערן, אַז איך זאָל זיך פאַרשפּאָרן צו באַפרייען פון אים, האָט קיין רייד נישט געקענט זיין.

מען קען נאָר געזונט ווערן פון אַ קרענק, וואָס אויב, אַז מען ווערט נישט צוריק געזונט, שטאַרבט מען... דאָ אָבער, וואָס נייט אים? וועלכן קריזיס האָט ער דען אויסצושטיין: אָדער־אָדער? ער קען דען נישט אַזוי אויסלעבן זיבעציק יאָר?

ביי דעם אַלעם, קענענדיק גוט מיין גורל, זע איך, פונדעסטוועגן, נישט קיין מיטל אַז איך זאָל קענען אַרויס פון אים.

עס קומען צו מיר געסט זיינע קרובים: שוועסטערן, מומעס, אַפילו אויך זיינער אַן עלטער־פעטער; איך נעם זיי פון צייט צו צייט אויף, נישט נאָר ווי זיי וואָלטן פון זיין בלוט און פלייש געווען, נאָר אויך פון מיין אייגנס... איין שוועסטער ראָט מיר:

— דו זעסט, מאַשעלע, די בעטן?

איך קוק מיך אום אַ צעשטרייעטע. איך ווייס וואָס זי מיינט: פאַר־וואָס זיי שטייען נישט צוזאַמען. אָבער, וואָס קען איך העלפן?

— ס׳איז היינט נישט מאָדערן — דערקלערט זי מיר — אַז איינס זאָל שטיין ביי דער און איינס ביי דער צווייטער וואַנט...

און די שוועגערין ווייסט גאָרנישט, אַז דאָס איז נאָר אַ שפּילקע־קעפּל קעגן אַ באַרג, צו יענער גרויסער ליידיקייט צווישן מיין און איר ברודערס האַרץ. און אַז זי וועט נישט ווערן קלענער, אַפילו ביי נאָענט שטיין...

איך דערשפּיר, אָבער, אַז איר האָב איך אויך נישט וואָס צו ענטפערן דערויף.

וואָס זאָל איך איר זאָגן?

עס בלייבט ביי מיר נאָר איין פאַל: צו דעם פאַרהאַקטן לעבן זיך נישט צו באַגעגענען מיט קיין מענטשן אויך. זאָל מען כאָטש נישט אַריינ־קוקן אין מיין לעבן אינעווייניק. אָבער, ווי קען מען דאָס: קיינעם נישט איינלאַדן, אויפנעמען.

איך ענטפער איר:

— דו ביסט גערעכט...

און איך דערצייל איר נאָך אַ תירוץ, וועלכן איך מוז דערציילן: אַז כ׳האָב געמיינט דערמיט צו געווינען גרוימקייט; אָט, טאַקע די ליידיקייט אין צימער...

— אָבער עס פירט זיך נישט אַזוי... — זאָגט זי מיר.

דאָס בלוט איז מיר געקומען אין פּנים אַרײַן, אויף דעם דייטלעכן פּאָרוואורף... איך האָב מיך געפילט שולדיק, אַז איך מאַך דעם ברודער אירן אַ צו גרויסע „טרחה" בײַנאַכט... און ווער ווייסט נאָך, וואָס די שוועסטער טראַכט: אפשר, אַז איך מיין מיך אָפּצוזונדערן און האַלטן זיך ווייט פון אים...

צי פירט זיך אָבער אַזוי, אַז מען זאָל מוזן האָבן אַ קאַליקע פאַר אַ מאַן; דאָס, באַטירלעך, האָט זי שוין נישט געוואוסט.

אין דעם אַלעם זע איך, אַז מיין לעבן ווערט מיר וואָס אַמאָל ענגער. אויך די בעטן דערציילן פון מיין אומגליק און, איך מוז עס וואָס טיפער פאַרבאָרגן קעגן אָפענער שאַנד...

— נו, — זאָג איך — דאָס זיינען קלייניקייטן. ווען ער וועט קומען פון געשעפט, וועט ער זיי צונויפרוקן.

נו, ווער וואָלט דאָס געגלייבט, אַז איך זאָל אַזוי קענען שמועסן, אַזוי זיין אויסגעהאַלטן אין טאַקט פון פאַרבאָרגן זיך? אָט אַזוי מוז מען זיך נאָך געבן אַ קניפּ אין דער באַק...

און וואָס פאַר אַ ברירה האָב איך דען געהאַט? האָב איך דען, פאַרלייפיק, געקענט אַנדערש טאָן; אויב איך האָב באַשלאָסן צו וואַרטן אין געדולד אויף אַן ענדערונג, וואָס מוז פון זיך אַליין קומען?

און איך האָב מיר געטראַכט:

בין איך דען די איינציקע, וואָס דערשטיקט פאַר מענטשן, וואָס אין האַרץ?

און לעבט דען נישט אַ האַלבע וועלט, נישט גראָד אין דער הינזיכט, נאָר אויך אין אַלע אַנדערע, אַזוי פאַרבאָרגן?

און, אַז איינער פרעגט דעם אַנדערן מכות עפּעס, ענטפערט אים יענער נישט פונקט אַזוי פאַרשאַנצט?...

יאָ, נישט קיין האַלבע, נאָר אפשר די גאַנצע וועלט לעבט אַזוי. מען גענאַרט זיך און יענעם.

און אַזוי האָב איך אויך אויפגענומען דעם עלטער־פעטער זיינעם.

שבת, מען זיצט ביים טיש, די שוועסטערן קומען אויך אין דער וואָכן, אָבער דער פעטער קומט נאָר אין שבת — שטעל איך אים כיבוד, ווי ביי מיר אין האַרץ וואָלט אַלדעס גוטס געוועזן.

און, דאַך, קומט אַרויס עפּעס אַזוינס, פאַרוואָס מען קען זיך קיין אָרט נישט געפינען....

יענער הייבט אויף דאָס גלעזל און ווינטשט:

— אם ירצה השם...

מיין מאַן ווערט פאַרשעמט; איך קער דאָס פּנים אָפּ און וויל נישט קוקן דעם פעטער אין די אויגן אַריין.

מיר דאַכט זיך, אַז אַלץ ווערט מען געוואָר, אַז מען קוקט אויף מיר. אגב, וויל איך אויך נישט זען דעם אויסדרוק פון „אים", דעם מאַן, בשעת יענער נעמט ביי אים די האַנט און „קוועטשט" זי אים שטאַרקער ווי געווייגלעך, מיט אַ פּשוטער אָנצוגעהערעניש: „פון היינט איבער אַ יאָר"...

— אָ, ביסטו שוין, איינמאָל, אַ דערציילערין — רייסט איר יאָסל איבער — קענסט, זע איך, נישקשה אָפּריכטן פון זיך אַליין?...

— יאָ, לאָמיך כאָטש אַליין אויך לאַכן פון מיינע צרות — זאָגט זי. און דער פעטער — דערציילט זי ווייטער — נעמענדיק ביי אים די האַנט, זאָגט ערנסט: „מילא... די וועלט איז געשטעלט געוואָרן דערויף"... און ער קוקט אים אַזוי באַהאַוונט אין די אויגן אַריין, ווי זיכער אין דעם מאַנס דערפאָלג....

וויל איך, איינמאָל, דערפאַר נישט זען, ווייל ס'איז אַ קאָמעדיע; און דאָס צווייטע מאָל: איבער דעם געשלאָגענעם בליק פון מיין מאַן, אויב איך וועל מיך אומקוקן.

ווינטשט אים דער פעטער אָן, הייסט עס, ביז עס ווערט אין מיין מאַנס האַרץ און אין מיינעם אַ קאַצניאַמער... און מען גייט זיך פונאַנדער.

און אָט דאָ, נאָכן פעטערס אַוועקגיין, הייבט זיך ערשט אָן דאָס אמתע שווייגן... אַזוינס, וואָס קריכט אין אַ גראָען טאָג דורך דער שויב אין שטוב אַריין... אָדער ווען האַרט פאַר איר שטייט אַ געמויערטע וואַנט...

מיר האָבן באַלד, קיינמאָל, נישט געהאַט וואָס צו רעדן, נאָר דאָ, זאָל שוין אַזוינס נישט געבוירן ווערן.

די שטומקייט פון צוויי פאַרוואָרפענע צווישן פרעמדע ווענט.

איך שפּיר, ווי די ברעמען זענען מיר שווער אויפצוהייבן, ווי צוויי וואָגעס.

און, מורא האָבנדיק, אַז איך זאָל קיין זיפץ נישט טאָן, שטיי איך אויף די ערשטע פון פאַרן טיש, אַראָפּצונעמען דאָס קאַרפּינקעלע מיט די גלעזלעך.

די שטומקייט פון אים, שפּיר איך, ווי פון אַ טויבער, גראָבער וואַנט הינטער מיינע פּלייצעס, אָבער, וואָס דריקט מיך מיט איר משא. ער דרייט זיך שוין אויך ערגעץ אין אַ ווינקל, ווייט...

אָבער, מערקווירדיק! ווי עס ווייזט אויס, זענען אַלע מענטשן איבערגעפילט מיט איין סאָרט געדאַנקען...

איך האָב געמיינט, אַז נאָר מיר בוירערט דאָס אין קאָפּ, ווייל איך בין געפּעלט דערין און אַלץ, וואָס איך טראַכט, דרייט זיך אַרום דעם זעלבן.

דער פעטער האָט אויך נישט געקענט זיך געזעגענען פריער, איידער ער האָט געגעבן אַ קוק אין שלאָפצימער צו די בעטן...

ער זאָל דאָס אַ בליק געבן, צוםביישפּיל, צו דער שאַפע, אָדער זייגער, נאָר — די בעטן. און דער עיקר — דערכאַפּט, וואָס מען דאַרף...

אָבער, ער האָט דערפון געשמועסט בלויז מיט אַן איידל אָנצוגעהערעניש:

— אַ וואָ, אַזאַ גרויס, גרוים שלאָפצימער...

עס איז מיר געוואָרן קלאָר, אַז אַלע געדאַנקען פון מענטשן דרייען זיך נאָר אַרום דעם איינעם געביט...

און איצטער, נאָך דעם פעטערס אַוועקגיין, האָב איך אָנגעהויבן צו פאַרשטיין, אויף ווי ווייט די מענטשן האָבן נישט נאָר זיך, נאָר אויך דעם צווייטן אויפן אויג...

אָבער וואָס העלפט עס, ווער עס זאָל נישט באַמערקן, דערכאַפּן, — אַז ס'איז נאָך נישט קיין טראָפּן פון ים צו דעם, וואָס ס'איז אין דער אמת צווישן מיר און מאַן. אין יענער טיפעניש וועט קיינער נישט אַריינקוקן.

אָבער, די צוויי בעטן שטייען און דערציילן עפּעס פאַר פרעמדע מענטשן.

איך האָב אָנגעהויבן צו זוכן עצות, ווי אַזוי זיי צוריק צו דערנענטערן. ווייל נישט נאָר זיי פאַרמסרן, נאָר זייער טרויער, וואָס זיי רופן אַרויס, זייענדיק געגליכן צו צוויי שטומע, באַזונדערע קברים!

אָבער ווי אַזוי טוט מען דאָס? זאָל איך עס טאָן, וועט ער מיינען, אַז איך מאָן ביי אים עפּעס... און ער איז דאָך אַזוי אין שטאַנד צו „צאָלן", פונקט וויפל אַ טויטער...

האָב איך אַליין די בעטן נישט צונויפגערוקט, כאָטש איך וואָלט שוין דערויף יאָ באַשטאַנען, ווייל איך האָב דורכאויס נישט געוואָלט האָבן קיין צוויי מוסרים אין שטוב. מיין לייד איז שוין סיי ווי, געשריבן און געתתמעט. נאָר, נאָכוואָס זאָלן זיי נאָך אַרויסרופן תרעומות אויף מיר. ווייסן דען פרעמדע, ווי ווייַ ס'איז דעם הויז, וואָס ברענט אינעווייניק?

דאַדורך, צומאָרגנס, זונטאָג, ווען זיין שוועסטער, די זעלבע, האָט בייטאָג ווידער אָפּגעטרעטן צו מיר, צי ווייל דאָס איז איר טאַקע געלעגן

אין זין צו קאָנטראָלירן... צי אפשר האָט זי נאָר בלויז ווי געווײנלעך אָפּ־געטרעטן — האָב איך אויפן פּנים געזען איר דייטלעך אויסגעדריקטע, פול מיט פּראָטעסט גרימאַסע, וועלכע זי האָט שוין דאָס מאָל אַפילו נישט באַהאַלטן; זי האָט דערזען די בעטן נאָך פונאַנדערגערוקטע...

אָבער, דערפאַר האָט זי שוין גאָרנישט גערעדט דאָס מאָל...

האָב איך אַליין פאַרכאַפּט און געזאָגט:

— ווי געפעלט דיר, וואָס ער האָט ווידער נישט צונויפגערוקט די בעטן; אָבער ער וועט עס שוין טאָן מסתמא היינט. צו וואָס זאָל איך מיר אַליין דאָס האַרץ רירן?

כ'האָב געזען, ווי מיינע רייד האָבן אירע אויגן באַגיטיקט; זיי האָבן אַפילו אַ שיין געטאָן.

— אוודאי נישט. — האָט זי געזאָגט — ס'איז שווער פאַר אַ פרוי אַליין.

און, גאָט דו מיינער! זי איז באַלד פריינטלעכער געוואָרן, און גאָר געטרייער, וואָרעמער מיר געקוקט אין די אויגן.

ווער ווייסט, צי האָט זי מיך נישט חושד געווען, צי איך טראָג שוין נישט אויך... דורך מיין היטן זיך פאַר אַ משא. וואָרן מיר האָט זיך גע־דאַכט, אַז זי האָט זיך צו געשיקט אַ כאַפּ געטאָן: „איך זאָל עס נישט דערוועגן צו טאָן אַליין.״

און פונדעסטוועגן, כאָטש ס'איז שוין ביי מיר געווען באַשלאָסן אַזוי צו טאָן, האָב איך אָבער דערשפּירט די גאַנצע קעלט דערפון, ווען ער איז געקומען פון געשעפט, — און דאָס מויל איז מיר געבליבן אָן לשון.

צו מיין גרויסער וויטיק, האָב איך אַליין אויך נישט געקענט אָפּשאַצן די גרויסע פרעמדקייט, וואָס איז געשטאַנען צווישן מיר און אים.

גיין אים זאָגן, אַז ער זאָל צונויפרוקן די בעטן — אוממעגלעך...

טאָן עס אַליין, האָב איך דיר שוין דערקלערט, אַז אים וועט זיך דאַכטן, אַז איך מאָן ביי אים אַ מאָן.

איך האָב, אָבער, געשפּירט, אַז די בעטן זענען איצט געוואָרן דער „קלאָץ״ אין מיין אויג.

איך האָב געדאָרפן באַשליסן: אָדער צעשטערן דעם סוד, אָדער, צונויפרוקן זיי ווי אין דער ערשטער צייט.

וואָס זאָל איך טאָן אין אַזאַ פאַל?

— לאָזן זיי שטיין צערוקט. — האָט יאָסל, וואָס האָט געשוויגן די

גאַנצע צייט, געזאָגט. — אַדרבה, אויב דורך זיי קען אַרויסקומען אַ צע־שטערט לעבן, זאָל עס קומען.

— און, אָט, אין דעם ליגט טאַקע די שוואַכקייט פון דער פרוי, ווען עס קומט צו אַן אַנטשיידענעם טריט. — האָט זי ווייטער דערציילט.

איך האָב עס נישט געוואַגט. איך האָב געוווסט, אַז די בעטן מוזן מאַכן אַן אויפרייס, נישט אַזוי אין צוזאַמענלעבן, נאָר אין מיין לעבן... און דערפאַר טאַקע האָב איך אויף זיי געקוקט מיט אַזויפיל אומרו. איך האָב זיי געזען אַלס צוויי פאַרשאָלטענע שלוחים, וואָס ווילן זיך אַריינמישן אין מיין לעבן.

און כ׳האָב נישט געקענט, נישט צונויפרוקן און נישט לאָזן זיי צע־רוקט. עס איז מיר שוין גרינגער געווען צו טראַכטן אינגאַנצן וועגן אַנט־לויפן...

אָבער, אויך דאָס האָב איך נישט געטאָן. אויך צו דעם דאַרף מען האָבן כוח.

און ווי מיר דאַכט זיך, האָט מיר מיין דעמאָלטיקע שוואַכקייט פאַר־שטעלט דעם וועג מיט: „וואָס וועסטו דען האָבן דערמיט דערגרייכט?"...

גאָרנישט דערגרייכט, נאָר, גלאַט, אַנטלאָפן, און אַ גט.

און איך האָב אויך נישט ווו צו אַנטלויפן. די וועלט איז מיר צו ענג געווען. איך האָב מיך געשפירט אַרומגעצוימט מיט שטעכנדיקע דערנער. אויך אין דיר, יאָסל, האָב איך דעמאָלט געמיינט צו געפינען אַ שטעכנדיקן דאָרן.

— פאַרוואָס? — האָט יאָסל געפרעגט.

— ווייל, נישט איך און דיר, נאָר דו און מיר האָסט דיך צעשטאָכן... אַגב, האָב איך אויך נישט געטראַכט, מיט דיר זיך צו באַגעגענען. מיין וועג צו דיר איז פאַרמאַכט אויף אייביק... — האָט זי זיך אָפּגעשטעלט אויף אַ מינוט, אַרויפלייגנדיק די הענט זיך אויף די אויגן.—

— האָסט יאָ געדאַרפן קומען. — האָט יאָסל געזאָגט.

— מייך זינד קעגן דיר איז געלעגן ווי אַ צו שווערער באַרג אויף מיר. — האָט זי ווייטער דערציילט. — אַ צו גרויסן הויקער האָב איך אויף מיינע פּלייצעס געטראָגן. ווי פון הימל צו דער ערד.

איך האָב מיך אין יענע טעג געפרעגט: „וואו לויפן?"... אָבער איך האָב קיין ענטפער נישט געפונען. און, דעמאָלט האָט געמוזט קומען די צווייטע פראַגע: „טאָ וואָס וועל איך דערמיט דערגרייכן?"... איך בין אונטערטעניק געוואָרן צוליב דעם וויסן, אַז פון די קייטן וואָס וועלן מיך

ווייטער האַלטן, וועל איך סיי ווי נישט אַנטלויפן. און נישט דערמיט וועל איך מיין לאַגע ענדערן.

דאָס איז געווען אַ שוואַכקייט, אָבער, נישט אָן אַ רעכענונג. מיט דעם איינעם טריט האָב איך געקענט אַ תל מאַכן צו מיין פּלאַן פון אַפּוואַרטן אַ גינסטיקע מינוט... לאָמיר זאָגן, ווען אַזעלכע וואָלט געקומען.

און איך האָב מיך אויפגעכאַפּט, פון מיין איינפאַל זיך אויסגעניכ־טערט. דאָס איז געווען מיין טיפסטער באַגער, אָבער אין רעזולטאַט נישט גוט. גאָרנישט וואָלט איך געווען דורך אים אויסגעשפּילט.

אַ פאַרשיכורטע פון צרות, צעביסן פון געדאַנקען ווי פון בינען, האָב איך מיך אָפּגעשאָקלט פון דאָס וואָס כ׳האָב אַליין איבער מיר שיר גע־בריינגט.

ער וואָלט דען נישט געהאַט קיין צייט, אַז ער זאָל מיך נאָכיאָגן מיט אַ גט?

צי איילט זיך אַזעלכער דען אַזוי גיך חתונה צו האָבן מיט אַ צווייי־טער?

צי ברענט ביי אים דער יצר הרע: „אַ פרוי!”.. אַז ער האָט נישט די, מוז ער זוכן אַ צווייטע?

און וואָלט ער מיך נישט געקענט האַלטן לאַנגע יאָרן, אי פון ווייטנס, אי נישט געגט?

און וועלכע פרוי וואָלט אים דען שוין גענומען נאָך דעם שם, וואָס וואָלט אַרויס?...

און אַזוי האָב איך דאָך אַ האָפענונג: אפשר מיט גוטן...

ווען עס וואָלט געקומען דער טאָג און מיר האַלטן ביי צעגיין זיך, וואָלט איך אים געקענט איינשאַצן אין בדן:

— הער, מיין מאַן — אָדער, ווי מען זאָגט אין אַזאַ צייט... — קיינער ווייסט נישט דעם פאַרלויף צווישן אונזביידע... איך בלייב אויך ווייטער שטום וועגן דעם. נאָר, גט מיך.

און איך וואָלט אים נאָך געזאָגט:

— דו ווייסט דאָך, אַז איך האָב געליטן פון דיר צרות, וואָס עס ליידט זיי נישט די שטאָט ירושלים פון צייט אָן זי איז פאַרוויסט; ווייל זי האָט נאָר געליטן איינעם אָדער צוויי טעג פון פלאַמען, און איך, פון צייט אָן כ׳האָב דיך דערקענט... צו וואָס זאָלסטו מיך פאַרוויסטן אויף אייביק?

אָט אויף אַזאַ טאָג האָב איך נאָך געקענט האָפן, אַז ער וועט קומען,

ווען די צייט וועט זיין. אָבער אַלץ אין גוטן.

ווי אומבאַרעכנט וואָלט, אָבער, געווען מיין אַנטלויפן? דאַדורך האָב איך אין מיר, מיט אַלע כוחות, צוריק פאַרלאָשן מיין באַגער, וואָס וואָלט אים, דעם מאַן, געקענט אויף אייביק צערייצן און מיך אויף שטענדיק פאַרוויסטן.

נאָך אַזאַ פּלאַם פון געדאַנקען, בין איך געבליבן אָן כוחות. כ׳האָב זיך געשפּירט אויסגעברענט ווי אַ גלאָווניע, און האָב געדאַנקט גאָט, וואָס כ׳האָב אויסגעהאַלטן אַזאַ פּרווו. קיינער ווייסט נישט וואָס אַזאַ פּרווו איז, נאָר די געפּרוּווטע.

און, פאַרשטייט זיך, אַז די בעטן מוז מען שוין אויף וועלכן ס׳איז אופן צוזאַמענרוקן...

ווייל איצט, ווען דער שטורם איז אין מיר איבערגעגאַנגען און איך האָב זיך צוריק איינגעשטילט, דאַרף איך מיין לעבן צוריק פאַרדעקן...

זאָל די צעשיידונג פון די בעטן נישט זיין מיין „אויסלייזער״, נאָר אַן אַנדערע אויסלייזונג. — האָב איך געטראַכט — דען דאָס הייסט נאָך נישט די צעשיידונג, וועלכע איך דאַרף.

אין אָוונט, ווען ער איז געקומען פון געשעפט, האָב איך גענומען פּוטודירן די פּאָדלאָגע, אַריינרופנדיק די „סטרוזשקע״.

פאַרשטייט זיך, אַז דאָס ערשטע האָב איך גענומען דאָס שלאָפצימער. און כ׳האָב אים מיט אַן אונטערוויילעכצדיקער אָנצוגעהערעניש געהייסן אָנטראָגן דאָס בעט אין מיטן פון חדר.

דערנאָך, ווען די „סטרוזשקע״ האָט געהאַלטן ביים אַנדערן ווינקל צימער, האָב איך אים אויך אַזוי געהייסן דאָס צווייטע טאָן.

צוריק האָט מען זיי שוין נישט געדאַרפן רוקן. ווייל צום ערשטן איז געווען אין דער מיט אָפּפּוטורירט, האָבן זיי שוין געקענט אַזוי בלייבן שטיין, אומווילנדיק פון מיין זייט.

נישט איך האָב דאָס פאַרלאַנגט, האָט עס געהייסן, נאָר ס׳איז שוין אַזוי אויסגעקומען.

אויך איך אַליין האָב געזוכט אַ תירוץ, כאָטש זיך אָפּצונאַרן.

ווען מיין שווער־יעגערין, זיין עלטסטע שוועסטער, איז געקומען איצטער און האָט, דאָס ערשטע מאָל נאָך אַ לאַנגער צייט, באַגעגנט די בעטן ווידער צוזאַמען, האָב איך געזען ווי פונטן פלייש זענען אויף איר געוואַקסן, גלייך די טויערן פון הימל וואָלטן זיך פאַר איר געעפנט.

כ׳האָב קיינמאָל נישט געוואוסט, אַז פרויען קענען זען אַזויפיל גליק אין בעט.

נאָר וואָס האָב איך צו זאָגן אויף יענער, איז עס דען ביי מיר אַליין נישט אַזוי?

זע איך דען נישט מיין גאַנצע וועלט, וואָס איז פאַרוויסט געוואָרן, אין איין צוזאַמענהאַנג מיטן בעט?

אָט, אָ, דאָ הייבט זי זיך אָן די וועלט פון דער פרוי און דאָ ענדיקט זי זיך. און נאָר איך איינע אַליין בין געפעלט אין דעם און מיר איז זי פאַרשניטן. — האָט זי געענדיקט.

יאָסל, וואָס איז געזעסן די גאַנצע צייט שטיל, ווי צוזאַמענגעוואַקסן מיט איר פאַסירונג, האָט פלוצלינג דערזען טרערן אין אירע אויגן.

ער איז אויפגעוואַכט און געבעטן זי:

— גענוג אויף היינט.

ער האָט זי אַרומגעאָרעמט, געטוליעט איר קאָפּ צו זיין ברוסט, און אַזוי האָבן זיי פאַרברענגט אַ לענגערע צייט אין די צערטלעכע אַרומהאַלטונגען, ביז זי איז אויפגעשטאַנען און, ווען ער האָט איר אַרויפגעלייגט דאָס מאַנטל אויף די אַקסלען, האָט זי שטיל פאַרלאָזט דאָס צימער.

מאָרגן, האָט זי אים צוגעזאָגט, ווידער צו קומען.

---

צו דער באַשטימטער צייט איז זי צומאָרגנס ווידער געווען. ער האָט ביי איר צוגענומען דאָס מאַנטל און די אַנדערע זאַכן און געבעטן זי אויף איר אָרט, וואו זי האָט ווייטער דערציילט:

— נאָכדעם, ווי די ערשטע שווערע איז געווען אַזוי צופרידן פון מיר, האָט זיך אָנגעהויבן ווי אַ שטילע פרייד אין דער משפחה.

איך ווייס נישט, פון וואָס אַלע זענען אַזוי גערירט געווען צו מיר פון איצטער אָן.

צי ווייל די אומשולדיקע ווערטער: „איך וועל מיר אַליין נישט רירן דאָס האַרץ"... — האָט זי איבערגעגעבן ווייטער — און זיי זענען אַלע פאַרפירט געוואָרן דורך אַ פאַלשער אויסטייטשונג? וואָרן אויסערגעווינלעכע איבערגעבנהייט האָבן מיר אַלע אָנגעהויבן אַרויסווייזן.

אפשר האָב איך צו גיין אָן איבעריק מאָל אין גאַס אַריין, האָט מען מיר באַזאָרגט, אַז די קרעמערקעס פון אַרום זאָלן מיר צושטעלן אַלע פראַדוקטן אין שטוב אַריין.

קיין איבעריק מאָל איינבייגן, אָדער אָנשטרענגען זיך, האָט מען מיר אָנגעזאָגט, זאָל איך נישט.

אַזוי לאַנג, ביז אין אַ גאַר וואַרעמען שמועס האָט מען מיך שוין גע־פרעגט „ווי ווייט איך האַלט"...

איך האָב געשמייכלט און געזאָגט: „דערווײַלע" נאָך נישט...

נו, שוין. זיי זענען געוואָר געוואָרן, אַז „נאָך נישט"... און זענען אַזוי אויך געבליבן דאָס זעלבע פריינטלעך און גליקלעך. ווייל, מסתמא, אויב נאָך נישט היינט, איז אַ ליאַדע אַנדערן טאָג...

אָבער יעדע שוועגערין באַזונדער האָט געהאַלטן פאַר איר פליכט, מיט עפּעס מיר צו דינען.

די צווייטע שוועגערין האָט זיך שוין נישט אינטערעסירט מיטן מעבל מיינעם, איר האָט אינטערעסירט מיין קיך, ווען זי איז געקומען.

זי האָט מיך געלערנט ווי אַזוי אַ פלאָדן צו מאַכן. וויפיל ראָזשינקעס, בוימל, צוקער צי וויפל מעל, בשמים און נעגעלעך. ווי אַזוי דאָס אין בעקן אַריינצוטאָן. וויפל אונטערגיסן בוימל, און פאַרזיכערט מיר, אַז קיין בעסערע נאַכשפּייז נאָכן מיטאָג איז נישטאָ.

אויך וועגן דעם, וואָס איך גיב מיט דעם מאַן צום צווייטן פרישטיק אין געשעפט אַריין.

אויף דעם האָט זי מיך געהייסן אויסקאָכן פאַלענדוויצע, לאָזן שטיין אויף קיל און שניידן פריטשן. פון דעם אַ צוויי דריי פּוטער־שניטן מיט צעמאַלענע זויערע אוגערקעס און אַרבעסלעך אויף זעמל.

— און וועטשערע — פרעגט זי — וואָס איז ביי אייך ?

איך זאָג דעם אמת, אַז אַנשטאָט איר צו ענטפערן צו דער זאַך, איז מיר גאָר ערשט געקומען אין זינען : „נישט דאָס אייגענע, וואָס ביי אַן אַנדער פאַרפאַלק"...

איך האָב נאָך געהאַט נסים. וואָרן איך האָב מיך דאָס זעלבע אויך שיר געוואָלט אַרויסכאַפּן. אָבער איך האָב מיך געשטאַרקט.

— מילא — זאָג איך — מען וואַוינט דאָך נישט אין קיין וואַלד...

זי האָט געלאַכט פון דעם ענטפער, וואָס איז אַזוי אויך נישט צו דער זאַך. אָבער, האָב איך דען געקענט בעסער ענטפערן, אַז מיר איז דער קאָפּ שטענדיק פאַרנומען מיט עפּעס אַנדערש, און פון וואָס מען זאָל נישט שמועסן, דערמאַנט עס מיך אַלץ אָן דעם, וואָס ביינאַכט קומט פאַר צווישן מיר און אים.

איך האָב דערשפּירט, אַז ווי נישט ווי, כאָטש איך שטיק מיך מיין

לעבן צו פאַרהוילן, דאָך רייסט עס זיך אַרויס. ווייל, ווי זאָגט די וועלט: „שפּיל דעם חתן אַ פריילעכס און ער האָט זיך זיינס אין זינען“...

נאָר אַריינקוקען אין האַרץ קען זי דאָך מיר נישט. „מיר וואוינען דאָך נישט אין קיין וואַלד“ — האָט געהייסן, אַז אין שטאָט שטאַרבט מען נישט פאַר הונגער. און אַזוי האָט זי טאַקע געטייטשט. זי האָט נאָר בלויז געלאַכט.

אָבער אַפילו אַז איך רעד אַמאָל גאַריש און נישט צו דער זאַך — וואָס קען מען מאַכן? אַזוי איז שוין דער מענטש. מיט דאָס, וואָס ער איז איבערגעפילט, דאָס זאָל פון אים אַרויסרעדן.

דאָך האָט זי נאָכאַמאָל איבערגעפרעגט:

— וואָס האָט איר אַלעמאָל פאַר ווערטשערע?...

און, ווי מיר האָט זיך געדאַכטן, מיט ליבלעכער נייגעריקייט און אַליין שוין אויך אָנגערעגט דערויף... וואָרן וויפל דאַרף אַ מענטש, לויט ווי מיר האָבן פריער געשמועסט, אַז באַלד זאָל אים קומען „דאָס“ אין געדאַנק?

— מילא — זאָג איך — וויפל דאַרף דען אַ מענטשן?

זי שמייכלט און זאָגט:

— איך פאַרשטיי נישט. וואָס ביסטו אַזוי באַשיידן. דו דאַרפסט גאָרנישט?

— און אַז איך דאַרף?

— נו, פעלט דיר? דער ברודער האָט, חלילה, נישט?

— אַך, וואָס רעדסטו — זאָג איך — וואָס הייסט?...

— נו, דערום, עך — זאָגט זי ווייטער — איז עס...

איך שפּיר, אַז איך האָב זיך שוין פאַרפּלאָנטערט אין „אַ געוועב“, פון וועלכן איך וועל אַזוי גרינג נישט אַרויס.

— וואָס פרעגסטו? — זאָג איך — וואָס מען עסט ווערטשערע?

— יאָ. — זאָגט זי.

— וואָס זאָל מען עסן?

איך האָב זיך אָנגעשטרענגט מיט אַלע קרעפטן, ביז איך האָב געקענט אין מיר אַריינברענגען נאָך אַן אַנדערן געדאַנק:

— זעמל מיט פּוטער. — זאָג איך.

— און קאַווע? — פרעגט זי.

— פאַרשטייט זיך...

איך האָב דערשפּירט, ווי אַן אויסלייזונג.

וואָס דער מענטש איז, האַ? האָב איך מיך גערעדאָרפן אַזוי לאַנג פּייניקן? אַזעלכע צוויי פּשוטע ווערטער „זעמל מיט פּוטער”, פּונקט ווי איך וואָלט גאָר פאַרטראָגן געווען מיטן קאָפּ אונטער די הרי חושך.

איך ווייס נישט, ווי לאַנג עס האָט געדויערט, ביז איך בין דעם שמועס „דורכגעקראָכן”, נאָר געפילט האָב איך דאָס גיהנום, נישט אַנדערש, נאָר אַ נעפּל איז ביי מיר אין קאָפּ וועגן מיינע נעכט, וואָס איך פאַרברענג.

נאָר מילא, וואָס קען איך טאָן? איך האָב מיך נישט ביי מיר אין דער האַנט. איך פאַרשטיי דאָס און קען מיר נישט העלפן. אויך בנוגע מיר אַליין בין איך, גאַנץ אָפּט, צו שטאַרק פאַרטאָן אין זיך.

— זעמל מיט קאַווע — האָט זי צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ — אויף ביינאַכט איז עס גאַנץ גוט.

און איך טראַכט מיר: פון קיין בעסערס זאָל קיין שונא נישט וויסן. אָבער אויף אַלע יידישע טעכטער זאָל יאָ געזאָגט ווערן בעסערס...

אונדזער שמועס האָט זיך געענדיקט. מיר האָבן זיך געזעגנט פריינטלעך, און איך ווייס נישט פאַרוואָס מיר האָבן זיך נאָך צעקושט אויך און, דווקא, איך די ערשטע האָב אויסגעשטרעקט צו איר דאָס מויל. אפשר פון ווייכקייט צוליב צרות?

דערנאָך, נאָך צוזאַמענגנס קומט די דריטע, די יינגסטע שוועגערין.

זי לערנט מיך שוין נישט וועגן מעבל, אויך נישט וועגן דער קיך, נאָר אָנטאָן זיך מיט געשמאַק; ווייל זי איז אין איין עלטער מיט מיר און די יינגערע פון מאַן מיינעם.

זי זאָגט מיר, אַז דאָס שוואַרצע ראַצעמאָרענע קלייד איז זייער אַ שיינס, נאָר זי וואָלט עס נישט געטראָגן.

איך פרעג זי, פאַרוואָס? און זי ענטפערט מיר, אַז, צו אַן אָוונט, אַ באַל, אָדער חתונה איז עס גוט. נאָר אויף שטענדיק טויג עס נישט.

איך זאָג איר, אַז איך טראָג עס אויך נישט שטענדיק, אָבער זי ענטפערט מיר:

— ניין, איך מיין נישט אַזוי שטענדיק; איך מיין, אַז אַפילו אויף אַן אָוונט אָדער חתונה טויג עס אויך נישט שטענדיק...

איך בין געבליבן שטיין.

איך מיין, אַז זי האָט געהאַט דאָס געפיל, אַז איך בין שטאַרק גע־רירט, ווייל זי האָט זיך טיפער צוגעבויגן צו מיר און, מיט אַן איידעלער,

גלעטנדיקער קול און גלייכצייטיק מיך גלעטנדיק אויך אויפן בלוזקעלע מיט איר האַנט, געזאָגט:

— זעסטו, יענץ האָט אַ צו שטאַרקן גלאַנץ, מאַשעלע... אַ ראַצנדיקן, אַזוי ווי זייד...

— ווי זייד — האָב איך געזאָגט — איז דאָך גוט.

— יאָ, — זאָגט זי און באַמיט זיך, אויף וויפל איר נישט האַלטן פון מיין קלייד וועט זיין שאַרף, זאָל אָבער דאָס קול זיין ווייך — ס'איז גוט; אָבער אפשר אויף מאַנספאַרשוינישע ווענסטלעך...

— פאַרוואָס עפּעס?

— אַלץ אויך פאַר דאָס אייגענע...— זאָגט זי — עס גלאַנצט און שאַרזשעט ווי בלעך...

ס'איז פאַרגעקומען אַ שטיקל הפסקה, אַזוי לאַנג ווי אַן איבער־קוקן זיך.

— ביי פרויען, פאַרשטייסטו מיך, — האָט זי ווייטער געזאָגט — דאַרף מען אַנדערש. קודם עס זאָל זיין מאַט, און דאַן זאָל דאָס שטאָף זיין פעסטלעך און ווייך. אַמליבסטן איז אַ קרעפּע, נישט קיין צו דיקע, — האָט זי מיר געגעבן צו פאַרשטיין — אָבער אַ ווייכע, אַ פיינע... די קאָליר מעג זיין ביט־טונקל, אָדער אַפילו שאַרע מיט אַ זילבערן הערעלע, אָבער נישט שוואַרץ. דאָס אַלץ איז זייער ווייך, אַפילו אויך, ווען אַן אויג קוקט דערויף...

מיר האָבן זיך ביידע ליבלעך פאַרשטאַנען, אָנגעקוקט, און זי האָט מיך צוגעפירט צום שפּיגל.

דאָ האָט זי אַרומגענומען מיטן בליק אירע און אויך מיין פיגור און געזאָגט:

— אַזעלכע שטאָפן וויקלען זיך בעסער אַרום דער פיגור, זיי האַלטן זי בעסער אַרום. אויך די פאַלדן — האָט זי מיר געוויזן — האָבן אַ גרויסע באַדייטונג; מעג דאָס קלייד זיין ווי ברייט אַפילו, הינטן נאָך דער טאַליע הענגען זיי ווי בליי אַראָפּ... עס פלוישט זיך נישט און בלאָזט זיך נישט, ווי ביי אַ גלאַנציק, נישט ווייך שטאָף... דאָרט ווייסט מען נישט, וואו איין ווינקל פיגור ענדיקט זיך און וואו דאָס צווייטע הייבט זיך אָן... ווייל אין גלאַנץ, וואָס שלאָגט אָפּ אַרום, שפּיגלט־נאָך די פיגור אין דער ברייט... מען ווייסט נישט וואוהין זי פאַרלויפט... און וואו ס'איז אַ טינקעלער אָרט און וואו עס שלאָגט אָפּ דאָס אַרויסגעהויבענע העלער...

זי האָט מיך אָנגעקוקט מיט אַזאַ ליבן שמייכל, אַז אַחוץ דער

וואַרעמקייט אין בליק, מיט וועלכן זי נעמט אַרום מיין גאַנצע פיגור און, ענדלעך, אים אָפּשטעלנדיק אויף מיין האַלדז, האָב איך געמיינט, אַז זי גייט מיך אויך אַרומנעמען צום קושן זיך מיט מיר. אָבער זי האָט נאָר בלויז געענדיקט: — דאַדורך איז אַמליבסטן טונקעלע קרעפּע... זי קאָנ־סערווירט די פיגור אין זיך... בשעת גלאַנץ מאַכט אַ תל פון איר.

אַזוי האָט זי מיך געלערנט, און איך האָב מיך פלייסיק איינגעהערט.

אָבער זי האָט אויפגעוועקט אין מיר, מיט דער ווייכקייט פון אירע טענער, אַזאַ מין באַהאַלטענע ליידנשאַפט, אַז איך האָב געשפּירט, ווי דער קאָפּ איז מיר באַטויבט פון אַ שכרות — און אין האַלדז האָט מיר ווי געגליט.

איך האָב זיך געשפּירט, אַז איך וואָלט, פאַר קיין פאַל, נישט געוועזן דאַגעגן, אַז אַ מאַנספּאַרשוין זאָל צו מיר צוקומען און מיך באַהערשן...

אָבער — דאָס טאַקע האָט אַרויסגערופן מיין וויי.

וואָס זאָל איך איר זאָגן? אַז פאַר איר ברודער זענען אַלע גלאַנצן און מאַטקייטן אַלץ איינס?...

בין איך דען אויף אַזוי פיל געשמאַקלאָז, אַז מיין שוועגערין ווייסט בעסער פון מיר די צאַרטקייטן, וואָס אַן אויג באַגערט?

נאָר פאַר וועמען?... דאַרף מען דאָך האָבן ערשט דעם, וואָס זיין אויג באַגערט דאָס.

און איז דען גאָר דאָס קלייד מיין גוסט געווען? וואָלט איך מיר דען אַזאַ שטאָף צוגעקליבן? און פון וואַנען דערנעמט עס זיך דען צו מיר, אויב נישט טאַקע דורך אַזאַ אויג, וואָס ס'איז עס אַלץ איינס — גלאַנץ, אָדער נישט...

זאָג איך מיט אַ זיפץ:

— דיין ברודער האָט מיר צוגעשיקט דאָס שטאָף פאַר דער חתונה...

זי איז שטיל געבליבן און דערנאָך געפרעגט:

— וואָס זשע זיפצסטו?

— מיר געפעלט עס אויך נישט... — זאָג איך איר.

נאָך אַ ווײַלע שווייגן, פונקט ווי עס וואָלט איר באַנג געטאָן דאָס אָנגעהויבענע געשפּרעך, זאָגט זי ווייטער:

זיפץ נישט; מילא, דו וועסט דיר מאַכן אַן אַנדערס. ס'איז נישט כדאַי.

איך האָב נישט געענטפערט, ווייל איך האָב געשפּירט, ווי אין מיין

פּנים וואָלט זיך געגראָבן אַ קוואַל טרערן. און שוין טאַקע זענען מיר די אויגן פאַרלאָפן געוואָרן.

— צי דו ווילסט טאַקע וויינען ?... — האָט זי דערשטוינט געפרעגט.

איך האָב איר נישט געקענט ענטפערן. כ׳האָב מיך אויך נישט צעוויינט, ווייל פאַרט איז זי דאָך נישט מיין שוועסטער, נאָר זיינע... אָבער כ׳האָב געפילט דעם טעם פון אַלע ביטערקייטן אויף דער וועלט אין דער איינער רגע.

ווען איך האָב מיך באַרואיקט, געשטילט, האָב איך געזאָגט:

— אַוודאי וועל איך נישט וויינען איבער אַ זאַך, וואָס ס׳איז נישט כדאַי... ס׳איז נישטאָ איבער וואָס...

— נו, דערום, עך, איז עס. — האָט זי מסכּים געווען — מען קריגט אַן אַנדער קלייד.

— אָבער דאָס וואָס דיין ברודער פעלט, — האָב איך איצט געטראַכט נאָר אין געדאַנק, מיט וועלכן איך בין געווען איבערגעפילט שוין ביז צו איר אַוועקגיין — דאָס קריגט מען נישט...

לאָזן זי אַוועקגיין מיט אַן איינדרוק וועגן מיין טרויער, איז מיר אָבער געווען שטאַרק נישט צו דער האַנט.

איך האָב מורא געהאַט, אַז עס וועט איר שטאַרק אויפפאַלן (אויב שוין נישט איצט...) נאָך איר אַוועקגיין, אַז אַזאַ טרויער איז נישט איבער אַ קלייד.

און איך בין שיר געווען צופרידן, וואָס איך האָב מיך געקענט צודעקן אונטער אַ שמייכל און פאַררוקן זיך אונטער אים איינגאַנצן...

— ווייסטו, — האָב איך זי געבעטן — אַדרבא, זאָג עס דו דעם ברודער דיינעם וועגן אַ קלייד...

זי האָט געשמייכלט. עס האָט איר געפרייט; ערשטנס די דאָזיקע זייער ווייבלעכע, אַנגענעמע שליחות; צווייטנס: דאָס ברענגען עפּעס אַ וואַרעמקייט אין דער פאַמיליע... דאָס באַפעסטיקן מער ס׳משפּחה־קניפּל... מאַכן עס ענגער...

און כאָטש עס האָט איר געפרייט, וואָס איך האָב אויף איר אַרויפגעלייגט אַזאַ שליחות, און זי האָט געשמייכלט דערביי, דאָך האָט זי געמאַכט אַן אַנשטעל:

— און וואו ביסטו, אַז דו זאָלסט אַליין זאָגן ?...

— ס׳איז ערשט אַזוי פיל געלט אויסגעגעבן געוואָרן צו די חתונה־קליידער, אַז עס וועט שוין זיין נישט דאַנקבאַר פון מיין זייט, נאָך צו וועלן... — האָב איך איר געענטפערט.

— ס׳שאַט נישט. — האָט זי געשמייכלט — ס׳פעלט אים נישט...

איך האָב זיך באַמיט אויך צו שמייכלען און האָב מיר, אַזוי, גוט־משפחהדיק, פריינטלעך געוואונטשן:

— מיר זאָל דאָס, פונדעסטוועגן, צוקומען, וואָס אים פעלט...

זי איז געווען איבערגליקלעך, הערנדיק מיין געטריישאַפט צו אים, מיינענדיק, אַז דאָס באַדויער איך אפשר זיינע קליינע פאַרדינסטן, אָדער גאָר אַנדערע זאָרגן.

זי האָט געלאַכט און געזאָגט:

— נו גוט, איך נעם אויף מיר...

— הייסט עס, אַז דו וועסט שמועסן?... — האָב איך מיך אויך געמאַכט, ווי איך בין גליקלעך...

אין אַז זי האָט זיך מיט מיר געזעגנט, האָט זי נאָך נישט אַנדערש ווי אָנגעקניפּט מיר די באַקן און געקושט מיך, ווי דער ערשטער, בעסטער לאַבוז... נישט אַנדערש, ווי נאָר אין די ליפּן... מיין לאַגע איז געווען, נאָר פון זינען אַראָפּצוגיין. איך בין דאָך איר נאָכגעגאַנגען אונטער דער טיר, פונקט ווי זי וואָלט מיינער אַן „ער״ געווען... און דאָ האָבן מיר זיך נאָך געשמייכלט איינע דער צווייטער און געוואונטשן זיך אַ גוטן טאָג.

און אַז איך בין צוריק אַריין אין שטוב, האָט די פאַרשיכורונג געברענט שוין אין מיינע באַקן.

און נישט, דווקא אַצינד, וויפל מי קאָסט מיך שטענדיק, אַז איך זאָל מיך קענען האַלטן מיט מענטשן אין אַ שמועס; איך זאָל כאָטש נישט אַראָפּ פון דער ליניע און אַרויף אויף דער, פון וועלכער איך טראַכט שטענדיק... ובפרט נאָך אַצינד, ווען איך האָב דאָ מיט איר פאַרברענגט.

טיילמאָל בלייב איך שטיין אין מיטן שטוב אַ פאַרמישטע און כאַפּ מיך אויף ערשט, ווען איך דערמאָן מיך, אַז, אייגנטלעך, בין איך געגאַנגען בעמען צוויי אייער אויף אַביסל לאָקשן; נאָר דערווייל האָב איך מיך פאַרטראַכט וועגן אַזאַ ענין וואָס אַ פרוי איז דאָס נישט דערלויבט צו ברענגען פאַרן מויל.

איך כאַפּ מיך אויף, ווען אין געדאַנק האָב איך זיי שוין געוואָלט מצרף זיין דאָרט אַהין וואו זיי פעלן, און איך שפּיר, אַז איך בין אומגליקלעך, און אַז אומגליקלעך וועל איך ענדיקן.

וואָרן איך ביי אַ הון קריכן אויס די פעדערן פון בויך פאַר היץ, ווען די צייט קומט און זי האָט נישט קיין אייער, אָן וואָס צו קילן אים.

איך האָב אָנגעהויבן אַלץ אין דער וועלט צו פאַרגלייכן מיט דעם, וואָס מיר פעלט; און דאָס וואָס מיר פעלט האָב איך אָנגעהויבן ביסלעכווייז אין אַלץ צו זען. —

איך האָב קיין מערן נישט געטאָרט שאַבן, קיין וועלגער־האַלץ נישט געטאָרט קראַצן, און אַזוי, איז די גאַנצע וועלט ביי מיר איבערגעדרייט געוואָרן נאָר אין איין זאַך.

פאַר אָט די אַלע פּיין, ווער וועט באַצאָלן די יענע, וואָס זיי דער־לויבן זיך, ביי אַזאַ צושטאַנד, פאַרבינדן צו זיך אַ פרוי?

ווער איז דיר שולדיק? — האָט יאָסל זי געפרעגט — ביי אַזאַ צו־שטאַנד האָט מען נישט צו טאָן מיט קיין משלים און געדאַנקען, נאָר, מען גייט און מען שאַפט זיך אַ לעבעדיקן מענטש...

— אַיי, אַיי, יאָסל. — האָט זי געענטפערט — איך האָב אַלץ געוואָלט, נאָר גאָרנישט האָט זיך גערירט פון אָרט... איך האָב מיך צו גאָרנישט אַנטשלאָסן, כאָטש מיטן געדאַנק בין איך געווען פול אומעטום און גרייט צו אַלץ.

יאָסל איז אַנטשוויגן געוואָרן און זי האָט ווייטער דערציילט:

— צי האָב איך דען נישט גערן געהאַט, אַז אַ יונגערמאַן זאָל אַריינ־קומען צו מיר אין שטוב? אָבער וואָס האָב איך געזאָלט טאָן, אַז ער איז נישט געקומען?

איינמאָל נאָר האָב איך געהאַט אַ געלעגנהייט, האָב איך זי נישט געקענט אויסנוצן.

נישט איך, נאָר יענער האָט זי נישט געקענט אויסנוצן.

איינמאָל נאָר איז עס געווען... ווען איך האָב שוין געוואוסט מיין גורל אַ באַשטימטן; ווען איך האָב שוין פון מיין מאַן גאָרנישט געהאַט צו דערוואַרטן, ווייל מיין בראָך איז פון לאַנג שוין געווען פאַרטיק און איך בין געווען גרייט דעמאָלט צו אַלץ. נו, האָב איך אויך דאָס מאָל דערשפּירט, אַז איך שטעק אין אַ טיף אומגליק. עס האָט זיך מיר אויסגעוויזן, אַז איך בין אונטער אַזאַ גורל באַשאַפן און, איך מוז שוין בלייבן אַזוי פאַר־שלאָסן.

איינמאָל נאָר האָט עס פּאַסירט... ווען מיין האַרץ איז שוין געווען פול מיט לייד, איז אַ ייִנגל, אַ טעכניקער פון עלעקטרי, אַכצן אָדער צוואַנציק יאָר אַלט, געקומען אַ נייעם לאָמפּ אויפהענגען.

נישט ער האָט זיך געדרייט אַרום מיר, נאָר איך אַרום אים. איך האָב געוואָלט, אַז ער זאָל מיך דערזען, ער זאָל דערשפּירן, אַז אויך איך זע

אים. איך האָב מיך דאַדורך געהאַלטן כמעט ווי אייגן, כדי ער זאָל די ווייט־קייט נישט האָבן ווי אַ שטערונג. איך האָב אים צוגעהאַלטן די שטול, אַז זי זאָל זיך נישט דרייען, ווען זי איז געשטאַנען אויפן טיש און ער אויף איר. איך האָב מיך געמאַכט קוקן אין די זעלבע דראָטן אַריין, וואָס ער האָט דאָרט פאַרלייגט אונטערן סופיט. איך האָב אים אונטערגעזאָגט, צי ס׳איז גלייך אָדער נישט... איך האָב אויך נישט אָפּגעטרעטן ביי זיין אַראָפּגיין פון דער הייך, כדי ער זאָל בלייבן שטיין מיט מיר בוזעם קעגן בוזעם; כדי ער זאָל מיר אויך אַ קוק געבן אין די אויגן און עפּעס דערקענען.

אָבער, גאָט ווייסט, אַז ס׳איז גאָרנישט געוואָרן. ער האָט צומאָל, נישט גלייך קיין קוק געגעבן אויף מיר.

פונדעסטוועגן האָב איך נישט פאַרצווייפלט באַלד. אדרבא איך האָב זיין נישט גלייך קוקן אויף מיר אָנגענומען נאָך פאַר אַ גוטן סימן. טאַקע ווייל ער איז נישט דרייסט, האָב איך אים ווידער גערופן אין קיך, אַז ער זאָל מיר עפּעס צוהעלפן, אַ פּאָר בעקעלעך אויפהענגען. דאָ האָב איך מיך געשטעלט אויף דער קאַלטער פּליטע און ער זאָל מיר דערלאַנגען.

אָבער, גאָרנישט איז געוואָרן.

ער האָט מיר די בעקנס אַרויפדערלאַנגט, בשעת איך בין געשטאַנען אויבן, אינגאַנצן אויסגעדרייט פון אים און ער אונטער מיר, גרייכנדיק מיטן קאָפּ ביז אונטער מיין טאַליע.

איך בין גערן געווען, אַז ער זאָל מיך אַנטפּלעקן, כאָטש אין דער הייך אין מיין שטיין, דורך דעם קלייד, וואָס האָט געפעלבלט זיך אים פאַרן פּנים, בשעת איך האָב געמיינט, אַז דער אידיאָט וועט עס זיכער נישט אויסהאַלטן, כאָטש אַ האַנט, ווי אומגערן, פאַרטשעפּען אָן מיר.

אָבער, פינצטער איז מיר געוואָרן אין די אויגן פון לאַנגן שטיין אויבן, און ער האָט עס נישט געטאָן.

איך האָב מיך דערנאָך אומגעקערט צו אים, קוקנדיק אויף אים פון דער הייך אַראָפּ, אַז ער זאָל שכל האָבן, אויב נישט אינגאַנצן מיך אַראָפּ־צונעמען, כאָטש העלפן מיר אַראָפּגיין, וועל איך שוין די רעשט אַליין אַרויפשווימען מיט די אָרעמס אויף זיינע אַקסלען.

אָבער דאָס בלוט איז מיר געזעצט געוואָרן, ווען איך האָב געזען, אַז ער שטייט ווי אַן אָקס און איך מוז אַליין אַראָפּקריכן פון דאָרט...

אָט דאָס זענען דיינע מאַנספּאַרשוינען, יאָסל. אָט די דאָזיקע בעק! דו קענסט זיך מיט זיי גרויסן! — האָט זי אים מיט אַ מין דערנידערונג געזאָגט די לעצטע ווערטער — און, וואָס האָב איך געקערט צו טאָן, אָנכאַפּן

אים ביים מאַנטל, ווי פּוטפרה יוספן?

איך בין שוין דערנאָך געבליבן אין אַזאַ פאַרלעגנהייט, אַז איך האָב אויפגעהערט די וועלט צו פאַרשטיין. כ׳האָב שוין געטראַכט, אַז אפשר וואָלט אויך דער אידיאָט אַרויסגעלאָפן אין גאַס מיט אַ געשריי, אַז כ׳האָב אים געוואָלט מאַנס זיין...

אָט דאָס איז געווען מיין לאַגע. און גיך רופן וועמען פון גאַס, ווי דו מיינסט, פאַרוואָס איך האָב מיר נישט געהאָלפן... ווי קען איך וויסן, ווער ער איז און מיט וואָס פאַר אַ פּרעטענציעס ער וועט קומען צו מיר מאָרגן, ווען מיין מאַן וועט זיין?...

— און פאַרברענגען ווילסטו איצט גאָרנישט? — האָט איר יאָסל איבערגעהאַקט דאָס דערציילן.

— איך האָב מיך שוין דאָ צו לאַנג פאַררעדט און צו לאַנג פאַרזעסן...

— האָט איר אַ מערקווירדיק געפיל, ענלעך צו שטאָלץ אָדער פּראָטעסט קעגן וועמען... איצטער אונטערגעזאָגט צו ענטפערן.

דאָך, יאָסל האָט נישט געקוקט, נאָר איינגעשלאָסן זי אין זיינע אָרעמס, אוןביידע זענען נאָך אַזוי אַ לאַנגע צייט געבליבן זיצן אויפן בעט — זי אין אים איינגעטוליעט און ער באַדעקנדיק איר פּנים מיט קושן.

---

צומאָרגנס האָט זי ווייטער דערציילט:

— נו, האָב איך געקלערט: ווייטער קען אַזוי שוין נישט גיין.

ווען די גאַנצע וועלט האָט זיך שוין פאַרוואַנדלט אין איין פיין פאַר מיר און קיין שום טראַף איז נישט אוממעגלעך, טאָר עס אַזוי ווייטער נישט זיין.

איך האָב מיך פאַרטראַכט אין מיין לאַגע, צי זע איך אַן אויסגאַנג פון איר.

און כאָטש כ׳האָב דאָך אַלעמאָל געטראַכט, נאָר דאָס מאָל: פון די שפּיצן האָר ביז די שפּיצן פינגער. אַלע מיינע גלידער האָבן זיך באַטייליקט אין טראַכטן.

איך האָב געשפּירט, ווי די וואָרצלען אין קאָפּ ברענען מיר אויס פון טראַכטן, און די האָר שטעכן ווי דראָטן.

יאָ, איך האָב געטראַכט און האָב מיך דערטראַכט. איך האָב דערזען אין מיר דעם „עפּעס״, וואָס רופט זיך גרויל.

דאָס וואָלט מיך טיף דערשראָקן אַן אַנדער מאָל; אָבער איצט שוין נישט. דעם גרויל האָב איך גערופן „אויסלייזונג״.

וואָרן אויב מענטשן קענען זיך נישט אויסלייזן, דאַרפן זיי דער־גיין צו דער מאָס ליידן, וואָס איך, און זיי דערזעען זי שוין, די אויס־לייזונג נאָענט.

איך האָב דערפילט די גאַנצע וועלט ווי אַ שריפה און מיך אין דער מיט.

ביי אַזאַ לאַגע בלייבט שוין מער נישט איבער ווי דעם טריט צו מאַכן. קיין צייט אויף צו פאַרשליסן זיך נאָך ווייטער אין זיך איז שוין נישטאָ.

איך האָב מיך דערפרייט מיט מיין נייעם צושטאַנד: אָט אַזוי דאַרף מען ליידן, במילא, וועט מען שוין דרייסט זיין אַלץ צו טאָן...

— גענוג, — האָב איך מיר אַ טראַכט געטאָן — אַראָפּצוּוואַרפן פון מיר די קייטן.

און דאָס האָט מיך געמאַכט אַזוי זיכער, אַז איך בין געוואָרן אינ־גאַנצן קאַלט ווי אייז. אָן אַ שום געאיילצייקייט, אָן אַ שום נערוון, נאָר, פשוט, גלייך און אומדערשראָקן גיין צו מיין ציל...

אין דער צייט פון מיין זיכערקייט איז דערווייל געשען איין קליי־ניקייט, וואָס האָט במילא געגעבן דער גאַנצער זאַך אַן אַנדער פּנים. דאָ־דורך וועל איך שוין נישט דערציילן וועגן מיין פּלאַן, וואָס איך האָב געהאַט אויסצושפּילן, נאָר וועגן דעם, וואָס עס איז אַליין פון זיך געשען.

באַלד נאָך דער חתונה האָב איך שוין געקענט האָבן סמנים, אַז אַזוי וועט, ענדלעך, זיין... אָבער איך האָב קיין שכל נישט געהאַט זיך אָפּצו־שטעלן דערויף, צו לייגן דערויף אַכט.

ווען מיר פלעגן נאָך דער חתונה, די ערשטע שבתים, דורכאַנאַנד גיין אין געסט צו קרובים, לויט דער רייע — ווי נאָך אַ חתונה, בשעת יעדער האָט געוואונטשן צו זען אונדז ביי זיך אין שטוב — האָב איך דעמאָלט שוין באַמערקט, אַז אָפּגייענדיק אַ שטיקל וועג, האַלט ער זיך הינטערשטעליק, פונקט ווי ער וואָלט געוואָלט אָפּרוען...

איך האָב געזען אַז צוביסלעכווייז האָט אים געפעלט אָטעם, און דערהויפּט — אַז דינע אַנגסט־טראָפּנדלעך פון שווייס האָבן באַדעקט זיין דינעם שטערן, וואָס איז אין דער צייט געוואָרן דורכגעוועבט מיט בלאָע אָדערלעך.

צום מיינסט איז ביי אים אַרויס אַזאַ שווייס אין די שלייפן, דאָס געדענק איך, ווי היינט. אין די אויגן האָב איך באַמערקט אַ פּייכטלעכן

גלאַנץ. אין די אויגנאַפּלען, נאָך אַ גלי מיט אַ געל בלישטשל אין דער ענ־לעכקייט פון אַן אַנגעוואָרעמטן בורשטין...

דאָס אַלץ געדענק איך אַזוי קלאָר, אַז עס שטייט מיר פאַר די אויגן. אָבער איך האָב נישט געוואוסט, וואָס דאָס באַדייט.

מילא, — האָב איך געטראַכט — איך ווייס דאָך, אַז ער איז נישט דער גרויסער גבור.

וואָרן אַז ער וואָלט דאָס געווען, וואָלטן דאָך מיינע נעכט פאַרשפּאָרט צו זיין אַזעלכע...

אָבער אַז ער איז אַ געפערלעכער מענטש, אַ חוץ אויך, וואָס אומ־גליקלעך, איז מיר נישט איינגעפאַלן.

דאַדורך האָב איך אין יענער צייט ווען מיר איז, צום סוף, אַזוי ענג געוואָרן, אַז איך האָב געמוזט זוכן אַ פּלאַן שוין... גאָרנישט געריכט זיך, אַז פון אָט דער קלייניקייט, וואָס איך האָב אין יענע ערשטע שבתים באַ־מערקט, קען קומען אַזאַ גרויסע איבערענדערונג אין אַלץ.

אָבער זאַכן קומען אומגעריכט.

און ווען איך האָב שוין פון קיין זייט גאָרנישט דערוואַרט, אויסער פון מיר אַליין און האָב מיך שוין געהאַט באַשלאָסן אויף אַ נייעם שריט, דערפרייענדיק זיך מיט מיין נייעם מוט, וואָס איך האָב אין מיר פלוצלינג דערזען דורך דער טיף פון מיינע ליידן — איז פּלוצלינג די דאָזיקע „קלייניקייט" אַרויסגעשוואומען און געבערענגט דאָס, נאָך וואָס איך האָב שוין מער נישט געדאַרפט מיין מוט אַפילו באַנוצן.

דאָס האָט פּאַסירט ביי אַ האַלב יאָר נאָך דער חתונה.

איך הער פון זיין בעט, וואו ער איז געלעגן, צוויי הוסטלעך און — אַ דריטס, ווי אַ קריי פון אַ הון...

ווייס איך נישט, וואָס דאָס איז דאָס סאַמע לעצטע: צי אַ רוף צו מיר, אָדער אַ ווייַ, וואָס האָט זיך אים פון אינעווייניק אַ שפּאַר געטאָן...

איך בין געלעגן און נישט געוואוסט, וואָס דאָס איז.

פּלוצלינג דערהער איך שוין קלערער:

— אוי!

און, מאָמענטאַל, האָט זיך עפּעס אַ כאָרכל געטאָן...

און, דאַכט זיך מיר, אויך עפּעס ווי איבערגעגאָסן פון קראַוועטש פון בעט אַראָפּ...

איך בין אויפגעשטאַנען פון מיין בעט, האָב אַרויפגעדרייט דאָס ליכט, גיב אַ קוק:

דאָס ערשטע זע איך, אַז ער איז איינגעריכט אין בלוט; די הענט טונקען זיך ווי אין אַ „פּאַטשקע", צוהאַלטנדיק זיך מיט זיי דאָס מויל... דער קאָלנער און דער פאָרנט פון העמד — פּאַרגאָסן, די פּאָדלאָגע לעבן בעט — דאָסגלייכן.

אָבער ער „זיפּט" נאָך... צווישן די פינגער אַדורך גייט נאָך בלוט און ער ליגט פאַרשטאַרט מיטן פּנים צום בעליק.

— וואָס איז דיר ? — האָב איך אויסגעשריגן.

אָבער ער ענטפערט נישט ; מאַכט צומאָל די אויגן נישט אויף.

איך האָב נישט געוואוסט, ווי אַזוי איך בין אַריינגעקראָכן אין אָנטאָן, נאָר בלויז וועגן אַ דאָקטאָר האָב איך געטראַכט.

און ווען איך האָב מיך געפונען אין אנטאָן פּאַרטיק, האָב איך אים געזאָגט, אַז איך לויף נאָך אַ דאָקטאָר און בין אַרויס אין דרויסן.

שטייענדיק אויף דער לופט, ווי וואַקלענדיק זיך, האָב איך גע־טראַכט :

„אייגנטלעך, וואָלט איך געדאַרפן גיין צו דער שוועסטער, די וואָס וואוינט דאָ דערנעבן; פאַרוואָס זאָל זי נישט וויסן, וואָס דאָ איז?"...

און אַזוי ווי די עלטערע שוועסטער וואוינט טאַקע אויף דער זעלבער גאַס, געדענק איך נישט ווי אַזוי און ווי לאַנג עס האָט געדויערט, איך געדענק נאָר בלויז, אַז עס האָט מיך איין מאָל אויסגעשווידערט איבערן וועג... און איך האָב שוין געהאַלטן ביים גלאָק און געצויגן. מען האָט מיך אַריינגעלאָזט אין הויף. דער וועכטער האָט געוואָרטשעט : „פאַרוואָס אַזוי האַסטיק ?..." און די אויגן האָט מען אים נישט אַרויסגעזען, נאָר בלויז די וואָנסעס אונטערן פוטערנעם היטל.

אויף צוויי גרויסע שטיוול, געדענק איך, האָב איך געזען... און כ'האָב אָנגעקלאַפּט ביי דער שוועסטער...

כ'האָב אויפגערודערט די גאַנצע שטוב.

איך געדענק אַפילו נישט, ווער עס האָט מיך אַריינגעלאָזט, — נאָר די קינדער האָבן זיך אויפגעזעצט אין די בעטן, דער מאַן אירער אויך, און די שוועגערין איז שוין אַראָפּ און געשטאַנען אויף דער פּאָדלאָגע.

כ'האָב נישט געזען, אַז זי זאָל זיין באַזונדערס איבערראַשט מיט דעם וואָס איך האָב איר דערציילט. איך האָב נאָר געהערט פון איר איינעם אָדער צוויי קרעכצן אין זיך אַריין, ווען זי איז נאָך געשטאַנען האַלב נאַקעט און זי האָט זיך אָנגעהויבן אָנצוטאָן אָן אַ שום איבערפרעגן מיך עפּעס.

זי האָט אָנגעזאָגט פאַרן אַרויסגיין דער דינסט, וואָס זי טאַקע האָט מיך, מוז זיין, אַריינגעלאָזט, אַז שפּעטער זאָל זי אויך אַהינקומען. און מיר זענען ביידע אַרויס פון שטוב.

מאָדנע... ערשט איצט, ווען מיר זענען אַרויסגעקומען אויף דער גאַס, האָב איך דערזען, אַז די לאָמטערן ברענען אין פאַרטאָג...

אַהער בין איך געגאַנגען, גלאַט ווי אין הוילן חלל, און איך געדענק נישט, אַז איך זאָל האָבן וואו געזען אַ לאָמטער אויפן וועג...

— נו, גיי צוריק. — זאָגט די שוועגערין — לאָז אים נישט אַליין. איך גיי נאָך אַ דאָקטאָר.

דאָס האָט זי מיר געזאָגט נאָך איר טויער, אַוועקגייענדיק אין איין ריכטונג, און איך בין צוריק אין מיינער.

ער איז געלעגן נאָך אין דער זעלבער פּאָזע, אַזוי זיך צוגעהאַלטן דאָס מויל, מיטן פּנים אַרויף... נאָר אויף די הענט איז שוין געווען פאַר־גליווערט דאָס בלוט, שוואַרץ ווי לעבער...

איך האָב גענומען אַ נאַס האַנטעך און האָב אים אַרומגעווישט די הענט, אויך דאָס פּנים און דאָס מויל; דערנאָך עס אַראָפּגעלייגט אויף דער פּאָדלאָגע, כדי אויסצווישן אויך פון דאָרט דאָס בלוט.

ווען איך האָב גענומען נאָך איינס, אַן אַנדערס, כדי אַרומצווישן אים אויך דאָס האַרץ, האָב איך אים געפרעגט, צי ער וועט איבערטאָן אויף אַן אַנדער העמד?

ער האָט געדרייט בלויז מיט די אויגן:

„ניין"... און אַ צייכן געגעבן, בלויז דאָס האַנטעך, נאַסער־קאַל־טערהייט, צו אים אויפן האַלדז...

— פילסט זיך בעסער? — האָב איך אים געפרעגט.

ער האָט אַ מאַך געגעבן מיט די אויגן ווי:

„ער ווייסט נישט."

און אַ טיף רחמנות צו זיך האָט אַרויסגעקוקט פון זיי.

איך האָב אַרויסגענומען דאָס זייגערל פון זיין וועסטל, וואָס האָט געהאָנגען אויף דער שטול:

„פונקט פיר..."

דערנאָך האָב איך אויף אויף דער גאַז־מאַשינקע אין קיך געשטעלט אַ טשייניק וואַסער צום וואַרעמען, טאָמער דאַרף מען אַזוינס.

אין אַ האַלבער שעה אַרום איז דער דאָקטאָר געקומען צוזאַמען מיט דער שוועגערין.

ער האָט פאַרברענגט אַ גאַנצע שעה ביי דעם חולה. מסתמא האָט ער די צייט נישט געהאַט וואו היגצוטאָן און אַלץ איינס... זאָל ער שוין האָבן צו מאָנען, ווי עס געהער צו זיין...

דאָס נאָסע האַנטעך אויפן האַלדז, ביז זיין קומען, האָט ער געזאָגט, איז גוט. —

פון וואַנען האָט עס מיין מאַן געוואוסט, איז מיר נאָך געוועזן אַ סוד...

איצטער האָט דער דאָקטאָר געהייסן צעהאַקן אייז אויף קליינע שטיק־לעך און געבן צו שלינגען, צום קילן...

אייז לייגן מיט אַ בייטל ביי יעדע זייטן האַלדז — אויך, צום קילן... אויף דער ברוסט באַזונדער, — אַז דאָס בלוט זאָל זיך מער נישט דער־וואַרעמען... אַ חוץ דעם — אַראָפּצוברענגען זשעלאַטין, וואָס מען קען דערמיט פאַרקלעפּן לעכער...

ווען דער דאָקטאָר איז געגאַנגען צו דער טיר, האָב איך אים גע־פרעגט:

— צי שוין לאַנג איז ער קראַנק דערויף?

ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרשנדיק:

— מאַ... — האָט ער געענטפערט.

און איך האָב פאַרשטאַנען דעם סוד:

„טאָמער בין איך אַ יונג, אַריינגעגאַרט ווייבל אין זאַק אַריין...״

אַ סוד, כאָטש, קענען זיי מאַכן די דאָקטוירים.

נישט בלויז פאַר צדקות, נאָר פון פּרנסה וועגן.

ווען איך האָב אים געפרעגט:

— צי וועט ער נאָך געזונט ווערן?...

— כ׳ווייס?... אויב ער וועט נישט קריגן נאָך איין „קרוואָטאָק״ — האָט ער געזאָגט.

דאָס הייסט געענטפערט, אַזוי גוט ווי: אויב ער וועט נישט מער קראַנק זיין וועט ער געזונט ווערן...

נו, — האָב איך געטראַכט — דאָס איז דאָס וויסן פון אַ דאָקטאָר...

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז ער איז ליידיק ווי אַ טאָפּ און אַז איך וועל מיט אים רעדן מער, וועט דאַן קומען דער צווייטער ענטפער:

— „נו, או באָגאַ ווסיסטקאָ מאָזשליווע...״

דאָס איז דער ענטפער, וואָס זאָגט עפּעס מיט אַ ברייטן פּאַרנעם און גאָרנישט... פּונקט ווי ביי דער קאָרטנלייגערין דער אייביקער „בריוו״, וואָס גייט אין וועג...

אָבער נישט אין זיין עם־הארצות איז מיר געגאַנגען, נאָר פאַרוואָס זאָל מען אייביק אָפּנאַרן מענטשן, נאָך ביז היינט. ווי דער פאָרצייטישער זנאַכער האָט געהאַט אַן אומפאַרשטענדלעכע שפּראַך פאַר שדים, האָבן זיך די דאָקטוירים אויך איבערגעלאָזט אַ „כשוף־שפּראַך" פון „אַקווי דע פּאָמפּע" און „אַקווי דיסטילאַטי", אַז יאַנקל, חיים, מענדל זאָלן נישט קענען נעמען אַליין אַ ביסל רויטן, צעמאָלענעם ציגל און אויסמישן מיט אַ ביסל וואַסער...

איך האָב אויך געוואָלט וויסן, און, איבער דער צייט פון זיין קראַנק־הייט געהאַט לאַנג צייט צו טראַכטן: וועגן דעם בלוט, וואָס מען פאַר־האַלט... צי איז בעסער דער שוואַם, וואָס איז אינעווייניק ווערעמדיק, נאָר פון אויבן פאַרמאַכט?...

צי האָט מיין מאַן אויך געטראַכט וועגן דעם דאָזיקן צושטאַנד?

איך ווייס נאָר, אַז מיין מאַן האָט אויך געוואָלט פאַרהאַלטן דאָס בלוט... וואָרן כ'האָב דאָך אים געטראָפן פאַרשלאָסן דאָס מויל מיט דער האַנט פון אויבן...

נאָר אפשר איז גלייכער איבערצולאָזן קראַנק בלוט אין זיך, כדי דאָס פריש צוגעקומענע זאָל אויך נישט קענען פילטרירן און רייניקן די לונגען, נאָר מיט אַ שנעלערער קראַפט אויך ווערמדיק ווערן?

נאָר, איך האָב נישט געהאַט וועמען צו דערציילן דעם געדאַנק און איך האָב מיך געשראָקן מיט אים אויך פאַר מענטשן.

„ווער האָט עס איר אונטערגעזאָגט אַזאַ מעטאָדע, צו היילן מיט אַרויסלאָזן דאָס בלוט?... צי איז עס שוין נישט אַמאָל אַ פאַלש ווייב?"...

אָט דאָס אייגענע האָט מיך אָפּגעהאַלטן, כאָטש — ווי צוויי מאָל צוויי איז פיר, אַזוי זיכער בין איך געווען אין שאָדן פון דאָקטוירים.

דאַקעגן בין איך געווען איבערצייגט אין מיין געדאַנק. איך האָב אים אָבער מורא געהאַט אויסצופירן פאַר באַשולדיקן מיך אין אומטריי־שאַפט.

צי וואָלט איך אָבער געקענט שוויגן, זיך רעכענען מיט זאָגן פון מענטשן, ווען איך בין אים באמת געטריי און איך ווייס, אַז דאָס איז זיין רפואה? דאָס ווייס איך נישט.

און מיך האָט געפייניקט אַ געדאַנק: „צי בין איך אים אמת גע־טריי?"

איך בין געווען זיכער, אַז איך וואָלט נישט געשוויגן, אָט ווי עס קען אַ מוטער ניט שוויגן ביי אַן אומגליק פון איר קינד. אָבער וואָס האָב איך

געקענט טאָן, אַז אַ פאַלש לעבן האָב איך דאָך פאָרט געלעבט מיט אים.

נו, האָב איך קיין דעות נישט געזאָגט, נאָר געהאַט אויף מיר אַ חוב מיטצופילן, מיטצוזיין טרויעריק, ווי עס טוען עס אַלע געטרייע...

אַך וואָס איך האָב דעמאָלט דערפילט! ווי אומבאַגלייבט עס איז די געטריישאַפט און ווי באַגלייבט די פאַלשקייט.

מיט וויפל וואָלט איך געווען איינגעשטעלט, ווען איך רעד איין וואָרט מיט אמתער געטריישאַפט? מיט דעם גאַנצן נאָמען מיינעם. איך וואָלט געהייסן ניט אַנדערש ווי פאַלש ווייב: „איך וויל אים אומברענגען"...

אַזוי אָבער, אַז איך „פיל אים מיט", „טרויער מיט", פאַרדעקנדיק דעם פאַלש, ווי געטריי קום איך אויס פאַר די אויגן פון דער וועלט...

איך האָב דעמאָלט צייט געהאַט אַ טראַכט צו געבן טיף אין זיך, וואָס עס באַדייט אַזוינס אַ צוזאַמענלעבן פון אַזאַ פּאָר.

אַ ווינט האָט דאָרט געבלאָזן דורך אָפענע טירן און „הוילקייטן"...

איך האָב מיך אָבער אויך געפרעגט:

„פון וואַנען דערנעמט זיך צו מיר טאַקע אַ נייע מעטאָדע פון היילן?"...

און איך מוז מודה זיין, אַז איך האָב מיר אויפגעהערט אַליין צו געטרויען אויך דאָ...

צי קען איך דען טאַקע וויסן, אַז מיין נייע „געטריישאַפט" איז נישט אַרויסגעשוואומען פון מיין באַהאַלטענעם וואונטש אין יענע וויסטע נעכט, אַז: איך זאָל פּטור ווערן מיין, אָדער זיין לעבן?

און כדי צו באַפעסטיקן אָט דעם געדאַנק, האָב איך נאָך צוגעגעבן:

צי ביי אַן אמתער געטריישאַפט וואָלט איך אויך געווען אַזוי רואיק צו מאַכן נאָך „דערפינדונגען", ווי אַזוי צו היילן?... וואָרן וויפל גליקלעכע עצות, וואָס מען קען אויפטאָן ביי אומגליקספאַלן, ווערן פאַרלוירן ביי מענטשן נאָר דערפאַר, ווייל זיי זענען דורכגענומען נאָר מיט דעם איינעם אומגליק, וואָס האָט פּאַסירט?

אַזוי האָב איך אַליין אויפגעבויט און אומגעוואָרפן אַ געדאַנק נאָך אַ געדאַנק, ביז איך בין געקומען צום באַשלוס, אַז איך בין טאַקי נישט געטריי מיט מיין מאַן און ווען אים היילן... און אַז דאָס האָט טאַקע געזאָלט זיין, לויט מיין מיינונג, די אמתע פאַלשקייט.

איך האָב אַ מאַך געגעבן מיט דער האַנט אויף דעם אַלעם און האָב געזאָגט:

„זאָל עס גיין, ווי עס גייט"...

נאָר, נאָך דעם אַלעם, כאָטש איך באַשולדיק דאָך מיך אַליין אין

פאַלשקייט — הייב איך דאָך נישט אָן צו געדענקען אין מיר אַזוינס דורך דער גאַנצער צייט פון זיין קראַנקהייט. פאַרקערט געדענק איך יאָ: אַז נישט איינמאָל האָב איך באַוויינט זיין אומגליקלעך לעבן.

סיידן נאָר, אַז דאָס איז אַ סוד פאַר מיר אַליין... און די פאַלשקייט האָט זיך געטייעט אין מיר אָן מיין וויסן.

אפשר יאָ?

אָבער איך ווייס עס נישט. דאָס זענען פאַר מיר פאַרהוילענע זאַכן און לאָזן זיך ביז היינט אין מיר נישט אָפּוועגן...

איך וועל עס דאַדורך איבערלאָזן פאַר גרעסערע חכמים און די, וואָס מאַכן זיך פאַרמאַכן די אויגן אויפן לעבן פון אַזעלכע פאַרפעלקער.

בין איך אים געווען פאַלש? וואַרשיינלעך יאָ. איך האָב געהאַט אַלע סיבות דערצו. בין איך געווען אמתדיק? (געטריי נישט, נאָר אמתדיק). וואַרשיינלעך — אויך יאָ...

נאָר גיין כאַפּן עס, דאָס „פייגעלע", וואו ס'איז אמת און וואו נישט, בין איך נישט אין שטאַנד, פּונקט ווי דעם אָפּגלאַנץ פון אַ טאַנצנדיק בלעכל קעגן אַ וואַנט, ווען עס שיינט די זון...

אינגיכן האָט זיך דאָס בלוט אים געשטילט, וואָס ס'האָט געהייסן, אַז די קראַנקהייט האָט זיך „געבעסערט", און אויפן דריטן טאָג האָט אים דער דאָקטאָר שוין דערלויבט זיך אויפצוזעצן. —

דערביי האָט ער געזאָגט, אַז ער מוז אַרויספאָרן שוין, אין אַכט טעג אַרום, אויב עס וועט גיין נאָרמאַל...

איך האָב דערהערט, ווי מיינע שוועגערינס האָבן געשמועסט צווישן זיך, ווי דאָס געשעפט גייט פאַרלוירן: צי אַ סטאָליער קומט נאָך ברעטער, צי אַ בעקער נאָך קלאַפּטערס האָלץ, צי אַ טשעשלער נאָך אַ בעליק; אַלץ איינס קען מען דעם „מענטש" נישט אָנגעטרויען און דאָס געשעפט מוז שטיין דערווייל געשלאָסן.

נאָר מיך איז דאָס געשעפט ווייניק אָנגעגאַנגען.

דער דאָקטאָר האָט געזאָגט:

— אין איטאַליע וואָלט געווען דאָס בעסטע... נאָר אויב מען קען נישט, איז גוט אויך דאָ אין דער אַרומיקער געגנט.

די שוועסטערן האָבן באַשלאָסן, אַז איטאַליע וועט זיין אַ צו גרויסע „רואינאַציע"...

און אָט האָבן זיי מיר אין אַכטן טאָג איבערגעגעבן אַ באַשלוס,

מיט אַ קוויט שוין אַפילו פון אַן איינגעצאָלטן חודש, אַז כ׳האָב אַרויס־צופאָרן מיטן מאַן, דאָ, נישט ווייט.

זיי האָבן אויף זיך גענומען צו זיצן אין געשעפט פאַר און נאָך מיטאָג, ווייל מיטאָג איז סיי ווי געשלאָסן — זיך אייגטיילנדיק די שעהען צווישן זיך.

איך ווידער דאַרף זיין נאָר מיטן מאַן און אים צוזען.

אַז מיר זענען אָפּגעפאָרן, האָט מען אונדז גלייך אַריינגעפירט אין אונדזער צוגעגרייט צימער, — פונאַנדערגעלייגט די זאַכן, וואָס מיר האָבן מיטגענומען, געמאַכט אונדז קלאָרע בעטן און נאָך אַנדערע קלייניקייטן — אין אָרדענונג, ווי: האַנטעכער, אַ טישטעך.

און ווען אַלץ איז שוין געווען פאַרטיק, האָט מען מיך געבעטן עסן אין אַלגעמיינעם זאַל אַריין און אים, אויב ער פילט זיך גוט... אָדער, אויב ער פאַרלאַנגט אַהער דאָס עסן?

— דאָס ערשטע מאָל — האָט ער געזאָגט — וויל איך דאָ עסן.

מען האָט עס פאַר אים באַלד ארויפגעברענגט און איך בין אַראָפּ אונטן.

כאָטש אין ערשטן טאָג און דאָס ערשטע מאָל, און כאָטש אַלץ איז זייער שטאַטלעך און זויבער, ציכטיק, האָב איך פונדעסטוועגן באַלד געכאַפּט, אַז די לופט איז דאָ אַ שטומע...

און כאָטש צום עסן קומען כמעט אַלע — דאָך איז יעדער פאַרשלאָסן אין זיין סוד... און כאָטש זיי זעען ווי צום לייטישסטן אויס: אי די האָר פאַרקעמט, אי געראַזירט, אי דעם קראַוואַט אויסגעלייגט ווי צו אַ באַל... דאָך, ליגט אויף יעדן עפּעס, וואָס חתמעט אים...

דערהויפּט ווערט אומהיימלעך דאָס, וואָס די נעז זענען געל ביי אַלע און די אויגן זענען גאָר אומהיימלעך...

דאָס איז דאָס סאַמע ערשטע, וואָס וואַרפט זיך אין די אויגן.

נאָר אַז איך בין אָפּגעווען דאָרט עטלעכע טעג, האָב איך שוין געהערט פון אָט דער גאַנצער שטומקייט און סודותדיקייט אַרויס אויפ־שווימען פאַרשידענע מעשיות...

און טיילמאָל ווערט פּלוצלינג איינער נעלם, ער קומט נישט צו זיין עסן... זיין אָרט ביים טיש בלייבט ליידיק ווי אַ לאָך, און אַנדערע רירן זיך נישט צו דערצו... נישט נאָר, ווי זיי וואָלטן מורא געהאַט דאָרט צו זיצן, נאָר אַפילו אַ קוק געבן אַהין...

דעמאָלט פילט זיך אַ געפּייניקטע שטילקייט אין אַלע אַראָפּגעהאַנ־

גענע קעפּ, פּונקט ווי ביי אַ סטאַדע, וואו דער „וואָלף" האָט אַרויסגעריסן איינעם...

נאָך אַ זאַך:

אין די ליידיקע שעהען, ווען איך שפּאַציר אַרום אין וואַלד, באַמערק איך אַ סך נעמען געקריצט אין דער קאָרע פון ביימער...

ווער זענען זיי?

צי פון לעבעדיקע מענטשן? און לעבן זיי נאָך?

דער נאָמען איז דאָ, נאָר דער מענטש?...

אַז איך וויל מיר גוט פאַרשטעלן, שפּיר איך עפּעס אַ שאָטן, וואָס הענגט אין דער לופט... און אַרום — אַ פאַרשטומטקייט און לערקייט, ווי נאָך אַ ווידערקול.

— עך, גלוסט זיך דעמאָלט צו געבן אַ געשריי — לעבן, וואו ביסטו אַנטלאָפן!...

איינער אַזאַ שאָטן האָט אויסגעקריצט:

„יעווטשאַ, פאַרבינד נישט מער דיין האָפענונג מיט מיר — יוליק."

דערביי קומט נאָך אויף אַ קליינטשיק שטיקעלע אָרט: די דאַטע, דאָס יאָר, און שוין — ווייטער איז אַלץ שטום...

אַ צווייטע אויסקריצונג זאָגט:

„ווען די בלומען וועלן בליען, וועל איך שוין זיין טויט..."

דאָס איז שוין גאָר עלנט.

איך קוק אויף דעם נאָמען:

„דאַוּוטשאַ..."

צו וועמען האָסטו דאָס געזאָגט?...

דאָס איז שוין עפּעס, גלאַט, אין דער וועלט אַריין.

פאַר וועמען האָט זיך דער יונגער אַראָפּגערעדט פון האַרץ?...

וועמען האָט ער זיך דאָס פאַרטרויט —

די שפּיצן ביימער, וואָס שטעקן אין הימל אַריין?...

און עס דאַכט זיך מיר, אַז אַזעלכער איז גאַרנישט געווען אויף דער וועלט —

דער נאָמען אַליין איז אויך אַ פאַנטאַזיע...

אָבער די קורצע אויסקריצונג איז דאָך אַן עדות פון עפּעס...

און פאַרט זענען די דאָ געווען מענטשן, וואָס האָבן געלעבט, גע־האָפט, געטרוימט, אַפילו אויך געזונגען באַגינען, גלייך מיט די פייגל, און דער עיקר — געטרוימט...

נאַר, ס'איז דאָך ווייניק.

ווי ווייט דאָס אויסקריצן זיך די נעמען דערגייט.

איך האָב באַמערקט, אַז אויף די וועראַנדעס פון יענער געביידע איז נישטאָ קיין איין סלופּיקל, וואָס זאָל נישט זיין באַדעקט מיט די קריצונגען. אַפילו די ווענט ביי זיי.

איך האָב אָפּגעוואוינט דריי חדשים דאָרט, ס'איז מיר געוואָרן ענג.

מיין מאַן איז געלעגן. ער האָט געהאַט אַ קור פון ליגן אויף דער וועראַנדע, מיט אַ צוגעמאַכט מויל — און — זיך נישט באַוועגן.

שטיל איז געווען דאָס ליגן, ווי פון נישט קיין מענטש, קיין לעבעדיקע זאַך, נאָר גיכער אַ שוואָם, וואָס דאַרף אין זיך עפּעס אַריינזאַפּן...

דערביי האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס גאַנצע גופל איז איינגעטוליעט און — אַריינגעהויקערט עפּעס אין איין פּיצעלע דימיונדל, אַזוי גרויס ווי אַ קליינטשיק קייקעלע...

און שטיל איז געווען אַרום. קיין מינדסט שאָרכל פון אַ בלעטעלע אויף אַ בוים איז נישט פאַרלוירן געגאַנגען...

אַזוי איז ער און די איבעריקע געווען אין סודות איינגעהילט בשעת אין ליגן, און איך פלעג עס רופן אין מיר: די „מתים־קור"...

איינמאָל, ביינאַכט, אונטער מיין פענצטער הער איך, ווי איינער זאָגט:

— סולימאַ, דו וועסט מיך אייביק געדענקען, אַפילו ווען איך וועל שטאַרבן ?...

— יאָ,.. — זאָגט זי — און דו וועסט מיך נישט פאַרגעסן, אין קבר אַפילו ?...

און אין אַ ווײַלע אַרום זאָגט ער ווייטער מיט אַ שטיל געבראָכן קול:

— אין אַזעלכע לבנה־נעכט וועלן זיך אונדזערע נשמות דאָרט צו־נויפקומען ?...

און ס'איז שטיל געוואָרן אַרום. ס'איז געווען אַזוי האַרצרייסנדיק דאָס וויסן, אַז צוויי לעבעדיקע מענטשן שמועסן דאָס און ווילן זיך באַזאָרגן מיט ליבע אויף יענער וועלט, און רעדן דערפון פּונקט ווי פאַר אַן אומ־פאַרמיידלעכער רייזע...

ס'איז אינטערעסאַנט, ווי אַזוי שטעלן זיך די דאָזיקע מענטשן פאָר די ליבע אָן אַ גוף. עפּעס אַ דמיון מוזן זיי דאָך וועגן דעם האָבן...

נאָך קיינמאָל אין מיין לעבן בין איך אַזוי סענטימענטאַל נישט געווען. איך האָב געפילט ווי מיינע אַלע גלידער שווימען אַרום אין טרערן.

און ווען כ׳האָב מיר שפּעטער אָנגערירט מיטן טיכל די אויגן, זענען זיי טאַקע געווען נאַס.

זיי זענען מיר געווען נאַס איבער דער דאָזיקער פּאַרס קורצע, פאַר־שניטענע טעג, איבער די קורצע אויפשריפטן אויף ביימער, מיט וואָס איך די פּאָר האָבן זיך שוין מסתמא באַוואָרנט, און איבער זייער באַלדיקן אַוועק פון דער וועלט און זיך שוין קיינמאָל נישט טרעפן אויף יענער...

ס׳איז מיר געוואָרן ענג נאָך דריי חדשים לעבן דאָ אַ גאַנץ באַזונדער לעבן, אַ גאַנץ וואונדערלעכס...

נישט קיין לעבן אין אַ וועלט פון גופים וואָלט איך דאָס אָנגערופן, און אַפילו נישט קיין בית עולם פון טויטע! נאָר אין אַ וועלט פון לונאַ־טיקער, וואָס די, וואָס זענען אין איר ווייסן שוין נישט פון זייערע גופים און הערן נאָר דעם רוף פון זייערע נשמות אין לבנה־נעכט...

אינגאַנצן פאַרגייסטיקט, ס׳איז גאָרנישט קיין לעבן אין אַ וועלט פון קערפּער, און ס׳וועט ביי מיר זיין ריכטיק, אַז מען האָט אַזאַ איינעם געטראָפן פאַרשטעקט אין אַ שפּיץ פון אַ בוים — גאָרנישט, נאָר גלאָט אַזוי, זיצן מיט פאַרגייסטיקטע אויגן קעגן דער לבנה...

אויך מיין מאַן איז עס נישט געגאַנגען צום בעסערן.

נאָך דריי חדשים האָט ער אָנגעהויבן אויסצוזען ווי אַ שאָטן, און עפּעס אַ געהיימע מורא האָט אים אָנגעהויבן טרייבן...

ער האָט געזאָגט, אַז ער וויל דאָ מער נישט זיין...

אָבער אי איך אי די שוועסטער האָבן אים געגעבן צו פאַר־שטיין, אַז דערמיט פירט ער זיך איבער...

אים האָט עס אָבער געצויגן אין שטאָט אַריין... און ער האָט אַליין נישט געוואָוסט, וואָס צו וועלן...

האָט ער געזאָגט, אַז אויב נישט אין שטאָט אַריין, זאָל זיין אין אַ געדונגען היג צימער באַזונדער, אַבי נישט דאָ הינען...

מען האָט אים געמוזט צוליב טאָן... און מיר איז שוין געווען אַלץ איינס: ענג דאָ און—איינזאַם דאָרט. איינע אַליין מיטן קראַנקן, טאָג מיט נאַכט.

ערשט היינט אין דער פרי האָב איך דערזען, אַז דער סוף דערר־נענטערט זיך... און איך בין געקומען די שוועסטערן איבערגעבן ווי עס האַלט... איך וויל נישט אַליין טראָגן אויף מיר דאָס אחריות... — האָט מאַשע געענדיקט איר דערציילן.

— און שוין ?... — האָט יאָסל געפרעגט.

— שוין... — האָבן זיך מאַשע מיט יאָסלען איבערגעקוקט — אפשר שלאָגט נאָך אין אים אָן אָדער, אָבער ס'איז שוין...

— ווען ביסטו אַרויס פון אים אין דער פרי? — האָט יאָסל גע־פרעגט.

— אַלץ איינס... דער דאָקטאָר האָט געזאָגט, אַז ער האָט נאָך אַ פּאָר געציילטע שעה; אפשר — צוויי, אפשר — דריי... און אויב נישט בייטאָג, איז ביינאַכט... יאָ — האָט זי באַזונדער צוגעגעבן — דער טויט האָט אים שוין געחתמעט.

ביידע זענען געבליבן זיצן שטיל, פאַרטראַכט, ווי ווען עפּעס, וואָס ענדיקט זיך און מען ווייסט נישט וואָס ווייטער.

— איך האָב גאָרנישט געוואוסט, — האָט ער זיך אין אַ ווײַלע אַרום אָנגערופן — וואוהין דו ווערסט פאַרשוואונדן יעדן טאָג פון דאַנען אוך, פון וואַנען דו קומסט...

— יאָ... — האָט זי געזאָגט — דאָס איינציקע איז געווען מיין רע־טונג... דאָס צווייטע אומגליק האָט מיך געראַטעוועט פון ערשטן.

— אָבער, ס'איז שוין אַזוי? — האָט ער ווידער געפרעגט.

— נעכטן — האָט זי גערעדט ווי אין אַ חלום — האָט ער געהאַט דעם לעצטן בלוט־שטורץ. דאָס איז דער, וועגן וועלכן מען האָט גערעדט, אַז אויב ער וועט נישט באַקומען נאָך „,איינעם".

— ווען איז דאָס געשען?

— ווען איך בין נישט געווען אין דער היים.

— נאָר וואו דען?

— דאָ הינען.

ווען איך בין אַהיימגעקומען, — האָט זי ווייטער דערציילט, — האָט זיך אין אים נאָר וואָס דער אָטעם נאָך געהאַלטן.

ביינאַכט האָט ער געהאַט אַ קאָנסיליום. און איין דאָקטאָר האָט מיר דערקלערט, אַז נאָר נאָך געציילטע שעהען...

— קום, — האָט יאָסל געזאָגט — איך וועל מיט דיר מיטפאָרן.

— קום. — האָט זי איינגעוויליקט.

זי איז אויפגעשטאַנען, אָנגעטאָן דאָס מאַנטל.

זי האָט איינגעענורעט די גאַמבע אונטערן קאָלנער, ווי אַ דראָבנער שוידער וואָלט איר אַדורך...

---

זיצנדיק אין דער באַן האָבן זיי נאָך געהאַט אַ געשפּרעך.

יאָסל האָט געפרעגט:

— זאָג מיר, פאַרוואָס ביסטו אַוועק פון מיר, ווען איך האָב דיך געבעטן, געפאַלן צו די פיס?...

— ווי לאַנג אַ פרוי לעבט — האָט זי געענטפערט — איז זי דאָס לעבן נישט ווערט; נאָר ערשט, ווען מען האַקט איר אָפּ דעם קאָפּ... דעמאָלט איז זי עס אפשר שוין יאָ ווערט, אָבער — איז שוין צו שפּעט...

— דאָך, פאַרוואָס?

— עס וועט דיך גאָרנישט בייזערן, יאָסל? —— האָט זי געפרעגט.

— ערשט? ניין.

— נאַריש מיידל... ווי וועסטו אַריינקריכן צווישן אַ גאַנצער פאַמיליע — האָט זי גערעדט, ווי זיך אַליין דאָס צו זאָגן — נעמען אַ מאַן? באלד צו אַ מוטער און אַ שוועסטער און זיך שטיקן אין איין שטוב, ביי איין קוימען?... איז דאָס נאָך ווייניק, וועט דיר די שוויגער נאָכציילן יעדן קוש וואָס איר זון וועט דיר טאָן... און די שוועסטער וועט אַרומגיין אַ פאַרוואָגלטע, ווי דו וואָלסט איר חלק צוגענומען...

אָט דאָס, יאָסלשי, האָבן מיר איינגערעדט אייגענע און פרעמדע מענטשן, און האָבן מיך געוואָרנט: „לייג זיך נישט מיט קיין געזונטן קאָפּ אין אַ קראַנק בעט...״

אָט פאַרוואָס מען האָט אונדז ביידע צעשיידט...

אָבער הייַנט בין איך שוין נישט מער יענץ נאַרישע מיידל.

יאָסל איז געבליבן זיצן אַ דערשלאָגענער, צוליב די מאָטיוון, וואָס זי האָט אָנגעגעבן, פאַרוואָס זי האָט נישט מיט אים חתונה געהאַט. אָבער איר אָפנהערציקייט, איר דערציילן דאָס פונקט ווי אַ ווידוי, האָט אים צוריק גלייכגעשטעלט אין די געדאַנקען.

— האָסט צופיל „רבי־געלט״ באַצאָלט...

— נו, יאָ... — האָט זי אויך אַזוי שטיל און דערשלאָגן ווי ער געענטפערט. — ווייסט אַ נאַריש מיידל וואָס עס הייסט „אַ קראַנק בעט״?... אָט האָב איך אויסגעמיטן, אַנטלאָפן דערפון... צום „געזונטן״...

זי האָט זיך פאַרשטעלט די אויגן מיטן טיכל און אַריינגעוויינט דעריין.

— איז דער כאָטש רייך?... — האָט יאָסל געפרעגט.

— וואָס האָט עס מיר דען געטויגט? ווער האָט עס געדאַרפן?... — האָט זי געענטפערט.

— זעסטו, — האָט יאָסל געזאָגט — איך וואָלט שוין די, וואָס איך ליב, נישט אויסגעטוישט אויף אַ רייכע.

— איך ווייס, — האָט זי געזאָגט — אַז מיר פּרויען זענען נישט ווערט, אַז עמעצער זאָל זיך אויף אונדז אָנגעטרויען.

— און פאַרוואָס איז דאָס ? — האָט ער שטיל געפרעגט.

— איך האָב אַ סך מאָל געטראַכט וועגן דעם, — האָט זי געזאָגט — פאַרוואָס דו וואָלסט נישט געקענט אַזוינס טאָן...

— נו, פאַרוואָס ?... — האָט ער געפרעגט.

— בלויז דערפאַר, ווייל דו ביסט אַ מאַנספּאַרשוין...

יאָסל האָט אַ שמייכל געטאָן:

— נו, דאָס איז שוין גענוג ?...

— גענוג... — האָט זי געענטפערט — איך בין די פרוי, די שוואַכע... איך וויל ווען אַן עוולה טאָן, האָלט עס קיינער נישט פאַר קיין „באַ־טרעף"... און דו, ווייל דו ביסט דער מאַנספּאַרשוין, דער שטאַרקערער...

— און אַליין אָבער... — האָט יאָסל געפרעגט — אַליין ווייסטו דאָך די עוולה דערפון, אַפילו אַז אַנדערע נעמען עס נישט אָן פאַר אַזעלכעס ?...

— אָט דאָס איז די מעשה טאַקע... וואָס מיר אַליין ווייסן דאָס נאָך גיכער נישט ווי אַנדערע. — האָט זי געזאָגט — אָט אַזוי קוקן „מיר" טאַקע אויף זיך נאָר ווי אַנדערע... נאָר אונדז צו באַשיצן פאַר אַן עוולה... אָבער ווען מיר טוען דאָס צו יענע, רעכנט עס זיך נישט...

יאָסל האָט געשמייכלט, מיט לייד און פרייד געמישט...

— זאָג זשע מיר — האָט ער געזאָגט — אַז דו פאַרשטייסט ווידער אַזוי וואויל, פאַרוואָס זשע דערלויבסטו דיר דאָס ?...

— אַז איך פאַרשטיי, ווערט עס דען אַנדערש ? — האָט זי אַ פרעג געטאָן מיט אַן אויפגעהויבענעם בליק, ווי אַ שיין צו טאָן מיט אים אויס איבערצייגונג...

יאָסל איז געבליבן זיצן אַ פאַרקלערטער אין דער טרעפלעכקייט פון די ווערטער „ווערט עס דען אַנדערש"...

ער האָט אַ פּאָר מאָל זיך איבערגעקוקט מיט מאַשעלען:

— וועט איר אַזוי אייביק זינדיקן ?... — האָט ער ענדלעך איבער־געפרעגט מיט אַ ביטערן שמייכל און בטול צו זיך אַליין, צו וואָס ער פרעגט עס גאָר...

— נו, יאָ... — האָט זי געזאָגט — דאַכט זיך: שוין אַזוי...

— נו, יאָ... — האָט ער אויך צוגעטאַקעוועט און געקוקט אויף איר פון אַ זייט מיט אַ זעלטענעם צופרידן־אומצופרידענעם שמייכל...

— נו, און, ווי זאָגסטו, — האָט ער ווייטער געפרעגט — ווען איך

וואַרף דיך אַזוי אַוועק ?... נו כאַטש ווי דו מיך...

— דו האָסט נישט קיין רעכט... — האָט זי געענטפערט.

— אַלץ דערפאַר, ווייל איך בין שטאַרקער ?... — האָט ער ווידער ביטערלעך געשמייכלט.

— יאָ... — האָט זי געזאָגט — אַלץ דערפאַר... און דו האָסט נישט קיין רעכט.

ער האָט זיך שוין ערשט האַרציק צעלאַכט.

— מילא, פאַרפאַלן... — האָט ער געזאָגט — נאָר פאַרוואָס האָסטו דיינעם נישט אַוועקגעוואָרפן ?...

— אויך טאַקע דערפאַר: פאַר מיין שוואַכקייט...

פאַר אים איז עפּעס נישט קלאָר געווען, האָט ער זי אָנגעקוקט... און זי האָט מיט אַ געפאַלנקייט אויסגעטייטשט:

— יאָסל, דו מעגסט מיר גלייבן; מיר קריגן דאָך שוין, נאָר מיר זענען זי ווערט...

יאָסל האָט איינגעלייגט דעם שמועס. דאָס לעצטע באַקלאָגן זיך אירס איז געווען איבערצייגנדיקער מער פון אַלץ...

ער האָט אַ בליק געוואָרפן דורכן פענצטערל און געפרעגט:

— מיר זענען שוין באַלד ?...

— שוין באַלד. — האָט זי געזאָגט און אויפגעשטאַנען אָנצוטאָן דאָס מאַנטל.

דעם קאָנדוקטאָרס פּנים מיטן היטל האָט זיך באַוויזן דורך דער שויב. ער איז אַריין און געמאָלדן די סטאַציע.

זיי זענען אַראָפּ פון דער באַן. די זון איז געשטאַנען נאָך גענוג הויך איבערן באַן־פלאַנט.

— און אויב דיינע שוועגערינס זיינען שוין דאָ ?... — האָט ער גע־פרעגט.

— ניין, פיר מיך צו ביז מיין שטוב... — האָט זי געזאָגט.

— און, אויב דיינע שוועגערינס זיינען שוין דאָ?... — האָט ער גע־

זי האָט דערויף נישט געענטפערט. און ביידע זענען געגאַנגען. זי מיט אַ האַלב־פאַרטראַכטן, אַראָפּגעלאָזטן בליק, און עס האָבן הויך אָפּגע־קלאָפּט די טריט פון אירע הויכע און שמאָלע אָפּצאַסן איבער דעם לאַנגן טראָטואַר ביי דער זייט גאַס, וואָס פירט פון וואָקזאַל אַוועק.

ווען זיי זענען אַראָפּ אין אַ זייט, איבערן זאַמד אַריבערצוגיין, און זיי זענען אַריין אין ערשטן געסל צווישן ביימער און צוויי פלויטן ביי די

זייטן, האָט זי אין טונקעלן שאָטן דאָ אויפגעהויבן איר פּנים אויף אים און מיט אַ טונקעלן בליק אין די אויגן, שטיל געזאָגט:

— ווער ווייסט, צי איך גיי שוין נישט אומזיסט?...

— פאַרוואָס?

— צי וועל איך אים נאָך טרעפן...

ער האָט געשוויגן.

— מאַ... — האָט ער אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט — שטאַרבן האָט ער דאָך געמוזט, נישט היינט, איז מאָרגן... דו האָסט אים גאָרנישט אַראָפּ־גענומען און נישט צוגעלייגט...

— אָבער כ'האָב געדאַרפט נישט פאָרן היינט, נאָר איך האָב געמוזט די שוועגערינס אָנזאָגן...

— און, אַז נישט היינט... וואָלסטו אים געוועןן אָפּגעראַטעוועט אויף נאָך אַ פּאָר שעה? נו, שטעל דיר פאָר אַפילו ווען ער איז שוין טויט?...

— אָבער איך האָב קיינמאָל נישט געגלייבט, אַז עס זאָל מיר אַזוינס צוהאַנען קומען: מיין גליק זאָל זיך אויסשפּילן נאָר אויף יענעמס אומגליק... קען איך דיר דען זאָגן, אַז עס ליגט נישט מיין פרייד אין דער צייט ווען ער גייט שטאַרבן, אין זיין טויט, חלילה, נאָר אין מיין געהאָלפן ווערן? און דאָך ליגט זי אין זיין טויט.

— מאַ... — האָט יאָסל אַוועקגעמאַכט מיט דער האַנט — דאָס ווייסט מען סיי ווי סיי און דאָס קען אַנדערש נישט זיין... אַפילו ביי די, וואָס „צעקרעלן" זיך די פּנימער ביים טויטנס צוקאָפּנס... פאַרהוילן אויף די פרייד נישט איינמאָל. דו ביסט נישט, חלילה, זינדיקער פון זיי...

ביידע זענען שטיין געבליבן פאַר אַ פאַרקאָן, ביים טירל פון אַ ווילע, וואָס איז יאָסלען אומבאַקאַנט.

— מיטגיין אַריין אויך?... — האָט ער געפרעגט.

זי האָט אויסגעזוכט אַ שפּאַרע פון צווישן די שטראַכעטן, דורך וועלכער זי האָט געקענט ציען דאָס אויג גלייך קעגן דעם הייזל, וואָס איז געשטאַנען אין דער טיף אינעווייניק.

— באַלד... — האָט זי געזאָגט מיט אַ צוגעבויגן פּנים אין שטראַכעט, פאַרשנדיק מיט די אויגן אינעווייניק — דאָס פענצטער איז פאַר־מאַכט... דו זעסט?

— איז וואָס זשע?

— אַזוי האָב איך עס געלאָזט...

— איז וואָס?...

— איז דאָרט נאָך קיינער נישט געווען, הייסט עס; ווען יאָ, וואָלט מען עס אויפגעמאַכט...

— און ער?...

— ווער ווייסט ..

זיי זענען געבליבן שטיין אַ ווילע פאַרטראַכט.

— ווייסט מיר גלייבן, אַז כ'האָב מורא אַליין אַריינצוגיין...

זי איז צוגעגאַנגען צום טירל, אָפּגעשפּאַרט עס און געזאָגט:

— קום...

אויף די שפּיצן נעגל איז ער נאָכגעגאַנגען, פאַרשנדיק מיטן בליק צום הייזל.

— ס'איז צו שטיל דאָרט... — האָט זי געזאָגט.

— קענסט גאָרנישט וויסן... — האָט ער געענטפערט — די שרעק מאָלט...

— נו...

אין אַ ווילע אַרום זענען זיי שטיין געבליבן וויט פון דער הינטער־טיר פון איין זייט פון דעם איינציקן הייזל.

— נו, וואָס?...

— איך וועל אַליין גיין אריין... — האָט זי געזאָגט — טאָמער איז ער נאָך אויף... ס'הייסט, טאָמער... יאָ...

— נו, גוט...

— איז, אויב ער לעבט נאָך, וועל איך נישט קענען אַרויסקומען באַלד... געזעגענען מיר זיך שוין, ווייל וואַרטן דאָ לאַנג אין דרויסן קענסטו אויך נישט, די שוועגערינס דאַרפן אָנקומען...

— גוט. — האָט יאָסל געזאָגט.

זי האָט אויסגעצויגן די ליפּן. יאָסל האָט זי אַרומגענומען מיט אַ לאַנג דויערנדיקן קוש.

— צום ווידערזען. — האָט ער געזאָגט — ביז צו דער ערשטער געלעגנהייט...

— נאָר וואַרט נאָך דאָ, טאָמער איז ער שוין טויט...

— נו, גיי אַריין, שרעק דיך נישט...

זי איז אַריין דאָרט, אָפּן לאָזנדיק די טיר נאָך זיך, וואו יאָסל איז געשטאַנען פון ווייטנס און געוואַרט.

אין אַ קליינער ווילע, עטלעכע צענדליק סעקונדעס שפּעטער, האָט זיך מאַשעלע צוריק באַוויזן אויף דער שוועל פון דער אָפענער טיר.

— יאָסל!... — האָט זי אים אַ וואונק געגעבן.

יאָסל איז צוגעגאַנגען מיט אַן אויפגעשטעלט, איינהאָרכנדיקן פּנים צו איר, און אויף די שפּיצן נעגל...

זי האָט אַ שמייכל געגעבן, ווען זי האָט דערזען זיין פאַרזיכטיק צוגיין.

— ס'איז שוין נישט נייטיק... —האָט זי נאָך טיפער, נאָך גליקלעכער געשמייכלט — ס'איז שוין נישטאָ פאַר וועמען...

— וואָס ?...

— ער איז טויט; דאַרפסט דיך נישט היטן...

זי איז אַראָפּ פון דער שוועל, געשטאַנען קעגן איבער אים און שטיל געשוויגן. דערנאָך האָט זי געפרעגט:

— ווילסט אים זען ?...

— קום אַריין... — האָט ער געזאָגט.

ביידע זענען אַריין.

דאָ איז געווען די קיך דורכצוגיין.

אין דער גרויסער שטוב מיט דער גלעזערנער וועראַנדע־טיר האָט זי אים געוויזן ביי דער וואַנט דאָס בעט, אויף וועלכן דער טויטער איז געלעגן.

גראָד איז ער געלעגן מיטן קאָפּ אויף אַ ווייס, אומבאַפלעקט קישן. דאָס האָט אים זי, מאַשעלע, מוז זיין, צוגעגרייט פאַרן שטאַרבן! גראָד איז דאָס פענצטער געווען פונקט קעגן בעט, וואו עס האָט אַריינגעשלאָגן אַ העלקייט, און גראָד איז אויך דעם טויטנס פּנים געווען גוט בלאַס, האָט ער געמאַכט אַן איינדרוק, אַז ער שלאָפט.

אָבער דאָס איז געווען דער ריכטיקער שלאָף... דער אמתער שוין, פון וועלכן מען שטייט נישט אויף, נישט היינט, נישט מאָרגן און נישט איבעראַיאָר...

ס'איז אַ ביסל שלעכטלעך, וואָס מען קען נישט אויפשטיין, כאָטש איינמאָל אין טויזנט יאָר אַ ביסל...

נאָר ער איז געשלאָפן.

און וואָס איז אייגנטלעך דער אונטערשיד ? דער זעלבער קאָפּ נאָך לעת עתה... די זעלבע ברעמען זענען צו, ווי ווען מען שלאָפט... מער נישט, אונטער דעם רוט נאָך עפּעס:

דער טויט...

נו, איז וואָס זשע ?

אויך גאָרנישט...

דער קערפּער האָט זיך נאָר פאַרמאַכט, פאַרשטאָפּט, פאַרקייטלט פאַרן דרויסן. קיין לופטעלע נישט אַריין, קיין לופטעלע נישט אַרויס, און דאָרט אינעם ברוסט־קאַסטן אָן לונגען רוט שווער ווי בליי, אַנגיסנדיק דאָרט די הוילקייט מיט זיך —

דער טויט...

דער טויט איז דאָס, וואָס פאַרלאַנגט נישט, אַז דער דרויסן זאָל זיך אים אַריינמישן, ווען ער פאַרמאַכט זיך אין אַ קערפּער... אם ירצה השם, עפנט זיך דער קערפּער אַליין, ווען עס קומט זיין צייט. און דעמאָלט איז ער שוין אַליין אויך אינגאַנצן דרויסן... אָט אַזוי ווי די זאַמדלעך, אַזוי ווי דאָס אַש, און ס'איז שוין נישטאָ — דער טויט...

נאָר דרויסן...

**און אַזוי האָט איר, מאַשעלען, טאַקע געזאָגט דער דאָקטאָר:**

— ווען עס וועט אים צעפּאַלן דאָס לעצטע שטיקעלע לונג, נישט קיין גרויס, ווייל קיין סך האָט ער שוין נישט, נאָר אַזוי ווי אַ שמעק טאַבאַק, וואָס שיט זיך אָפּ...

אָט דעמאָלט וועט ער נאָך געבן אַן עפן דאָס מויל, מיט אַ הונ־דערטסטל סעקונדע שפּיר, אַז עפּעס איז פאַרשטאָפּט געוואָרן... און ער וועט אַרויסלאָזן פון דער האַנט דעם זעמל מיטן איי...

ווייל דער טויט לאָזט שוין גאָרנישט אַריין פון דרויסן...

— נו, וואָס זאָגסטו צו דעם אומגליק? — האָט מאַשעלע געפרעגט.

— מילא, טויט... — האָט יאָסל געענטפערט.

— אָבער זע נאָר, ווי רואיק ער ליגט. דו ווייסט, אַז ביים לעבן האָט ער געהאַט אַ סך מער ווייטיקן... — האָט מאַשעלע געזאָגט — איז דען דאָס שטאַרבן אַזוי שלעכט?

— האָסט דאָך אַ סימן, אַז גוט — האָט יאָסל געזאָגט — דו פרייסט דיך, אַז דו וועסט ערשט קענען לעבן...

— נאָר מיט דעם איינעם איז ס'לעבן בעסער, וואָס מען פרייט זיך...

— נו, מען דאַרף נישט מער... — האָט יאָסל געזאָגט. — דער טויט וואָלט אויך נישט געוואָלט מער, ווי אַ ביסל זיך פרייען...

— ווייסט וואָס, — האָט זי אויף יאָסלען ערנסט אַ קוק געגעבן — מיך הייבט טאַקע אָן צו שרעקן דאָס, וואָס ער קען שוין דאָס פּנים אַנדערש נישט מאַכן, נאָר ווי עס איז, מוז עס שוין פאַרבלייבן...

— נאַרישקייטן — זאָגט יאָסל — דאָס זאָגט נישט פאַר די לע־

בעדיקע צום ערגערן, די וואָס קענען עס יאָ האָבן אַנדערש...

— אָט איז אַ מעשה נורא — זאָגט מאַשעלע אַ פאַרטראַכטע — אָפּ־געלעבט אַ לעבן, געוואָלט אַ ברית מאַכן און נישט געקענט... איבערגע־לאָזט מיך אַ מיידל, אַזוי ווי איך שטיי און גיי, מיט די בתולים...

— שאַ..

— פאַרוואָס? — פרעגט מאַשעלע — דו זאָגסט דאָך, אַז דאָס וואָס ער איז, איז נישט די לעבעדיקע צום ערגערן, קענען דאָך מיר אים אויך נישט זיין צום ערגערן. טאָ רעד איך הויך. איך זאָג עס נאָכאַמאָל: וואו וועט ער דאָס ערשט נעמען, אויב ער האָט דאָס ביז היינט נישט טועם געווען?...

— באַליידיקסט?

— אָסור נישט! נאָר זע, וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן עס פּאַסירן. אָט ווערט אַזאַ איינער אָפּגעפּטרט אויף דער וועלט מיט גאָרנישט... מיט אַן אויסגעבלאָזן איי... מיט אַ זייפנבלאָז... עפּעס, האָט די וועלט געשמועסט וועגן מיידלעך, מיידלעך, און זיין חלק דערפון איז אויך געווען... עפּעס אַ ליידיקע פּייג... ער האָט געמיינט, אַז מער ווי אַ שמועס איז עס נישט, און ווייטער האָט ער גאָרנישט געהאַט וואָס צו געניסן דערפון...

אָבער, ס'איז נישט אמת, אַז די וועלט האָט אים יוצא געווען מיט שהי־פּהי!... ווייל מיט גאָרנישט איז ער געקומען און מיט גאָרנישט איז ער אַוועקגעגאַנגען.

מיט גאָרנישט איז ער געקומען, מיט גאָרנישט אַוועק — און דער עיקר, אַז צווישן די ביידע גאָרנישטן האָט ער אויך געהאַט אַ „גאָרנישט"...

— ווי אַזוי רעדסטו עפּעס, ביסטו משוגע, מאַשעלע? — האָט יאָסל דערשראָקן געפרעגט.

— איך שווער דיר, אַז נישט; איך שווער דיר, אַז דאָס איז דער קלאָרסטער שכל, און אַז אַזוי דאַרף מען טאַקע רעדן צו אַזאַ טויטן, אָדער וועגן אים. נאָר די מענטשן האָבן דעם שכל שוין לאַנג פאַרדאָרבן, און דאָס אַלץ וואָס זיי קוואַקן אין אַזאַ פאַל, איז גאָרנישט צו דער זאַך.

זאָלסט מיך חושד זיין ווידער, אַז איך וויל מיך אָן אים נוקם זיין, איך וויל אים איצט לעסטערן, ווען ער קען זיך נישט רירן, נישט ווערן — אויך נישט. איך שווער דיר, אַז איך בין אים ערשט דער גרעסטער גוטער פריינט. ער האָט פאַר מיינעט וועגן געטאָן ערשט אַזוי פיל טובה מיט זיין איצטיקער לעצטער טאַט, אַז נישט פון פיל פריינט וואָלט איך דאָס גע־קענט דערוואַרטן. און איצטער ליב איך אים פשוט דערפאַר.

— האָט זיך אין דיר גלאַט די פרייד אַזוי צעזונגען? — האָט יאָסל געפרעגט.

— אָט דאָס אפשר יאָ. אָט דאָס קען איך מיך דיר שוין נישט אַנטקעגנשטעלן. מעגלעך, אַז דאָס איז די פרייד, וואָס איך האָב דערלעבט.

— אָבער אַזוי אויסדריקלעך? גאָרנישט באַהאַלטן?

— אליעזר, מיין מאַן — גיט זי דעם טויטן אַ גלעט אויפן אַקסל (ביז היינט האָט זי אים נאָך ביים נאָמען נישט דערמאָנט) — אפשר פעלט דיר איצטער עפּעס? אפשר ווילסטו עפּעס עסן, אפשר עפּעס טרינקען? אַפילו אָנצווייגן דיך בין איך איצט גרייט, ווי כ'האָב קיין מילך נישט און ווי דו האָלטסט די ציין פאַרהאַקט. אָדער, שאַ... כ'האָב פאַר דיר נאָך אַ בעסערן אויפטו: אפשר ווילסטו ערשט פּרוּוון קענען דאָס, וואָס דו האָסט ביים לעבן נישט געקענט... בין איך גרייט.

— שווייג שוין שטיל, דו חצופה! — האָט יאָסל זי שוין כמעט אַ שלעפּ געטאָן פאַרן אַקסל — איך שווער דיר, אַז דו ביסט משוגע. — האָט ער איר ערנסט געזאָגט.

— מאַכט אויך נישט אויס. — האָט זי אים מיט דער זעלבער ערנסטקייט און אפשר נאָך שטאַרקער, איבערצייגנדיקער און אַוודאי אַ סך זיכערער געענטפערט — וואָס איז דען, אַז מען ווערט משוגע פאַר אַזאַ פרייד? פאַרוואָס קומט עס מיר דען נישט?

— אָבער שוין... נו, שאַ... — האָט יאָסל געזאָגט — אָבער באַגנוגן דיך שוין; נו, שוין, דו האָסט דיך שוין גענוג אָנגעפרייט.

אָבער זי האָט זיך געהאַלטן ביי דאָס איריקע:

— איך בין אים דען נישט אַ גוטער פריינט? אַפילו אַ שטיק לייב וואָלט איך ערשט פון מיר אַוועקגעגעבן פאַר אים. פאַרוואָס זאָלסטו נישט גלייבן אַז דאָס אַלץ, וואָס איך רעד, איז ביי מיר טיף און מיטן גאַנצן האַרץ? ס'איז דען דאָ נאָך אַ גרעסערע פרייד, ווי איך האָב דערלעבט?

— אָבער פאַרוואָס האָט נאָך קיינער ביז דיר נישט אַרויסגעוויזן זי אַזוי ווי דו?

— נו, וואָס בין איך שולדיק, יאָסל? אַז די מענטשן לעבן אַזוי, אַז איינער „קערעווועט" דעם צווייטן?...

— אָבער נו, שוין, זאָל שוין זיין גענוג.

— נו, גוט — האָט זי געזאָגט — איך פאָלג דיך; אָבער פאַר דעם וויל איך באַצאָלט ווערן פון דיר.

— וואָס ווילסטו?

— זעקס קושן, אויף ביידע באַקן צו דריי.

ער האָט זי אַרומגענומען, איינגעשלאָסן אין זיינע אָרעמס און דער־לאַנגט איר דריי קושן אויף דער און דריי אויף דער זייט. און ווען די קושן האָבן זיך צעקלונגען, האָבן זיך ביידע אומגעקוקט צום טויטן.

— נו, האָסט זיך שוין באַרואיקט? — האָט יאָסל געפרעגט.

— באַרואיקט. — האָט זי געענטפערט. אָבער זי האָט אויסגעשטעקט צו יאָסלען דאָס מויל און אים נאָך איין מאָל אַ קוש געגעבן אין די ליפּן.

— וואָרן דאָס, וואָס מען הייבט אָן צו זינגען צווישן די ווענט, וואו עס ליגט אַ טויטער, „הימנען" — האָט ער געזאָגט — איז נישט קיין גוטער סימן. אין בעסטן פאַל איז עס אַ ביסעלע צעלאָזטקייט. איך מיין דיר נישט צו זאָגן קיין מוסר, ווייל איך בין נישט קיין מוסר־זאָגער; און אין צווייטן פאַל: היט דיר דיין פאַרשטאַנד...

— ניין, נישט דאָס איז דער סימן — האָט זי געזאָגט — יאָסל, איך זע עפּעס אַנדערש דערינען: נישט דו האָסט געהאַט אַזויפיל גהינום פון דיין מיך נישט האָבן, ווי איך פון דעם דאָזיקן מאַן יאָ האָבן... ווייטער, אַנטשולדיק, מיין פריינט, מער וועל איך דיר מיט מיין ווילדקייט נישט שטערן.

זי האָט אַראָפּגעלאָזט דאָס פּנים.

יאָסל האָט איר געפרעגט:

— ביסט אויף מיר ברוגז?

— חלילה; נאָר דו פאַרשטייסט מיך נישט. כ'האָב מיך ערשט אַזוי דערהויבן געקענט פילן אין דער געגנוואַרט פון מיין מאַן, ווי ער האָט עס קיינמאָל אין זיין לעבן נישט געהאַט די זכיה. און פאַרוואָס זאָל איך אים דאָס דאָזיקע נישט אָפּצאָלן, כאָטש איינמאָל זיין דערוואַרעמט און איבערגעגעבן אין אַלע געדאַנקען צו אים, ווען ער האָט מיט מיר איצטער אַזאַ גרויסן חסד געטאָן?

יאָסל איז געבליבן שטיין פאַרבראָכן די הענט און איינגעוויגט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען:

— וואָס זאָל איך דיר טאָן, מיין טייערע? איך ווייס, ווי גערעכט דו ביסט, נאָר איך קען דאָס עפּעס נישט צונויפקלעבן...

— נו, טאָ מאַך עס נישט בעסער ווי ס'איז... — האָט זי געזאָגט און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ. — איבעריקנס, בין איך משוגע...

— דו שפירסט דיך געטראָפן ? — האָט יאָסל געפרעגט, זעענדיק אַז איר שטיין איז אַ באַליידיקטס.

— ניין. — האָט זי געזאָגט.

— נו, זעץ־זשע ווייטער פּאָר... — האָט ער געבעטן — איך וויל דיר קיין שטערונג נישט זיין...

— ניין, איצטער שוין נישט... — האָט זי אויך געזאָגט.

— גלייב מיר, — האָט ער זיך געבעטן — אַז איך ווייס ווי שיין דאָס איז, וואָס האָסט ערשט געטאָן. איך ווייס ווי אָפּצושאָצן עס, נאָר...

— גנבו!... — האָט זי אַ הייב אויף געגעבן די אויגן.

— בין איך קיין ייד נישט! — האָט ער זי געבעטן — צי איך מייך עס אין שפּאַס... נעם, טו עס ווייטער...

— איצטער שוין נישט. — האָט זי נאָכאַמאָל געזאָגט.

— פאַרוואָס ?

— ווייל כ׳האָב דיר געזאָגט : כ׳האָב שוין גענוג . כ׳האָב שוין ערשט פאַרלוירן דעם חשק...

— אָבער ברוגז ביסטו נישט מיט מיר ?...

— אויך נישט...

— קוק זשע מיר גלייך אין די אויגן אַריין...

ביידע קוקן זיך אַריין אין די אויגן, ביז זייערע ליפּן פאַלן זיך צוזאַמען איינע אויף די אַנדערע. דערנאָך שיידן זיך ביידנס ליפּן צוריק אָפּ און ביידע קוקן זיך ווידער אין די אויגן אַריין. אַזוי ביז אַ פּאָר מאָל, ווי זיי וואָלטן זיך ביידע אויסגעפּרווּוט, צי זענען זיי שוין גענוג חבר, אָדער נאָך ברוגז...

— שוין... איצטער — זאָגט ער — ווייס איך, אַז ס׳איז שוין גענוג... אמת, דו האָסט דאָך מיר שוין פאַרגעבן ?...

— פאַרגעבן... — שאָקלט זי מיטן קאָפּ.

— הער זשע, — זאָגט ער, יאָסל, — זאָלסט אים נישט באַוויינען, דעם מאַן...

— וואָס !

— כ׳ווייס דאָך, די שוועסטערן וועלן דאָ קומען. זאָלסטו זיי נישט מיטהעלפן...

— וואָס !

— שאַ, שריי נישט, מיין טייערע — זאָגט ער — דו ווייסט דאָך...

— וואָס ? דאָס ווילסטו מיר אויך שטערן ?

— אָבער, יאָ, פֿאַרשטייסטו מיך...

און יאָסל, וואָס האָט זיך נאָך קיינמאָל נישט געקראַצט אין קאָפּ, האָט זיך איצטער, ווי אין אַ שווערער פֿאַרלעגנהייט, יאָ אָנגעהויבן קראַצן:

— צו וואָס?... האָסטו שוין איינמאָל אַריינגעקוקט אין אַ שפּיגל זען ווי דו זעסט אויס בשעת דו וויינסט?...

— יאָסל! — איז זי מיטאַמאָל רויט געוואָרן ווי פֿייער און באַלד צוריק זייער ווייך — איך בעט דיך: וואָס ווילסטו פֿון מיר האָבן?...

— אָט דאָס איינע... זאָלסט נישט וויינען... וואָס טויג עס דיר?... לאָז עס איבער פֿאַר אַנדערע אין דיין „שאָדן"...

— דו ביסט אײַפֿערזיכטיק? — האָט זי געפֿרעגט.

— איצטער, נאָך זיין טויט, גלייב איך, אַז דו ליבסט אים...

— פֿון וואַנען ווייסטו?

— צי איז עס דען נישט אַזוי? — האָט ער געפֿרעגט.

— יאָ... — האָט זי געזאָגט — און דו ליבסט מיך נאָך אויך אַזוי שטאַרק, ווי דו האָסט מיך אַמאָל געליבט?

— איך ווייס נישט; אויף מיר בין איך נישט זיכער. נאָר אַז דו ליבסט ערשט דיין מאַן, דאָס האָב איך ערשט דערזען אין דער פֿייער־שפּריצנדיקייט פֿון דיינע איצטיקע רייד צו אים, וועגן אים. אָ, ווי אַלץ קומט צו שפּעט. ערשט איצט האָט זיך דער וואולקאַן־אויסברוך געעפֿנט!...

— יאָסלשי, וואָס טויג מיר די רייד — האָט זי געזאָגט — איך זע, אַז דו ווילסט מיך פֿאַררעדן... זאָג מיר, אַז דו ליבסט מיך נאָך היינט אַזוי שטאַרק ווי פֿריער.

— פֿון וואַנען ווייסטו?

— איך דערקען אין דיר; איך האָב פֿאַרבראַכט מיט דיר די עטלעכע טעג און איך האָב אַלץ געזען און געהערט; איך הער עס אַפֿילו אין קלאַנג פֿון דיין יעדן וואָרט.

— אָבער דו ליבסט דאָך שוין ערשט דיין מאַן, וואָס דו האָסט אים ערשט אויף ס'לעצט ליב געקריגן.

— אַלץ, ווייל איך וויל אים באַוויינען?... ווייל איך וויל העלפֿן די שוועסטערן אים צו באַוויינען?

— יאָ. — האָט ער געזאָגט.

זי איז געבליבן שטיין אַ ווײַלע פֿאַרטראַכט.

— נו, ווייסטו וואָס, יאָסל, — האָט זי געזאָגט — אויב דו ווילסט, קען איך אים צעשניידן ערשט אויף צוויי העלפֿטן.

— יאָ, — האָט ער געזאָגט — איך וויל.

— נו, ווערסטו שוין נישט זיין אייפערזיכטיק?

— ניין.

זי איז אַוועק אין קיך אַריין, געברענגט אַ מעסער און איז צו צום בעט פון טויטן.

ווען זי האָט שוין געהאַלטן דאָס מעסער איבער אים, נאָר אַ האַק־אַראָפּ עס צו געבן מיטן שפּיץ אין זיין אָפּגעדעקטן האַרץ־גריבל אונטער זיין ברוסט־קאַסטן, האָט יאָסל איר ערשט געגעבן אַ כאַפּ אָן:

— שטיי! אָט דאָס איז דיין חלום; דו זעסט, ווי ווייט אמת ער איז געוועזן, ווען ער האָט זיך דיר דעמאָלט געחלומט . . . ווי דו האָסט דיך אַרומגעטראָגן מיט אַזעלכע געדאַנקען, און אַז דו ביסט שוין טאַקע אַמאָל געשטאַנען מיטן מעסער איבער אים!...

זי איז געבליבן שטיין אָפּהענטיק, צעמישט:

— נו, וואָס זשע, יאָסל?

— לייג אַוועק ס׳מעסער איצטער; מען דאַרף עס שוין נישט.

זי איז צו זיך געקומען, געגעבן ווי אַ זונק מיט די אַקסלען, שטייענדיק פאַר אים:

אָבער דו ליבסט מיך ווי פריער?

ער האָט ביי איר אַרויסגענומען דאָס מעסער פון דער האַנט, געקושט זי און דערנאָך געקוקט אויף איר פון דער ווייטנס ווי אויף אַ „ביין וואונדער”...

„ווי רעגנבויגנדיק, ווי פאַרב־שפּילנדיק דו ביסט”... — האָט ער געטראַכט, קוקנדיק אויף איר פון דער ווייטנס, זעענדיק ווי אירע אויגן שפּילן אין ליכט און אין טונקעלן שאָטן פון אומעט, אין פרייד פון איבער־געבנקייט און אין פינצטערן יאוש פון אַכזריותדיקייט.

„אָט דאָס אַלץ אויף אַמאָל איז זי”... — האָט ער זיך אַ טראַכט געטאָן.

— נו, נאַ, מאַשעלע... — האָט ער אַ זאָג געטאָן — מיך ווערסטו דאָך פאַלגן...

— ביז שטאַרבן... — האָט זי נישט געוואַרט אַרויסצוזאָגן און איז שוין געפאַלן פאַר אים אויף די קני...

— גיי שוין... — האָט ער געזאָגט, אַראָפּבייגנדיק זיך צו איר און געבנדיק איר אַ קוש אויפן שפּיץ קאָפּ, דערנאָך זי אויפגעשטעלט — צו

וואָס דאַרפסטו דאָס? כ׳האָב נאָר געוואָלט, זאָלסט אַוועקלייגן צוריק דאָס מעסער...

— אָבער איך האָב נישט געזינדיקט קעגן דיר?

— ניין.

זי האָט גענומען דאָס מעסער, פּאַמעלעך, פון זיין האַנט, צוריק עס אַוועקגעטראָגן שטיל אין קיך און צוריקגעקומען מיט דער זעלבער שטיל־קייט און אַראָפּגעלאָזטע אויגן.

— כ׳האָב געמיינט — האָט זי שטיל אָנגעהויבן, מיט די זעלבע נאָך אַראָפּגעלאָזטע אויגן — אַז עפּעס איז דיר נישט געפעלן אין מיר... און אַז דערפאַר... וועסטו דיך צעגיין מיט מיר.

— און דעריבער ביסטו געפאַלן אויף די קניען?

— יאָ... — האָט זי אויפגעהויבן דעם קאָפּ, אויסגלייכנדיק דעם שטערן קעגן אים, און אַ קוק געטאָן אים אין די אויגן אַריין.

— אַדרבא, — האָט ער געזאָגט — אָט דאָס אַלדעס בייז, וואָס ס׳קען נישט געפעלן, באַשאַפט פאַר מיר טאַקע דאָס „בייזע וואונדער״, וואָס שטעלט מיט זיך פאַר דאָס וואונדער... און אַ מאַן ליבט דאָך נישט עפּעס אַנדערש ווי נאָר אַזוי...

— אָבער דו ליבסט מיך נאָך אַזוי שטאַרק ווי פריער?

— איצטער? נאָך טויזנט מאָל שטאַרקער. — האָט ער געענטפערט און זי אַרומגענומען, איינפּרעסנדיק זי אין זיינע אָרעמס און קושנדיק איר צענדליקער, צענדליקער מאָלן אין די ליפּן אַריין, אַזש מיט צערו־דערונג.

— נאָר העלף נישט די שוועסטערן וויינען... — האָט ער זי געבעטן, ווען ער האָט זיך באַרואיקט פון קושן זי.

— איך מוז. — האָט זי געזאָגט, אי מיט אַ באַחנטדיקייט, אי מיט אַן אַנטשלאָסנקייט.

ער האָט זיך פאַרטראַכט.

— פאַרוואָס טוסטו דאָס?

— איך וויל נישט, — האָט זי געזאָגט — אָבער איך שפּיר, אַז איך וועל וויינען.

— פאַרוואָס?

— ווייל וויינען קען מען נאָר, ווען אַ שטראַל פון פרייד, פון אויס־לייזונג קלאַפּט אָן אין דער טיר, נאָכדעם ווי די צרה איז שוין פאַרמיטן, וואָס דאָס האָב איך ביז היינט נישט געקענט. גלייב מיר, אַז ערשט נאָר

קען איך אַלץ: אי ווײנען, גיסן מיט טרערן, און אין דער זעלבער צײט שפּרינגען פֿאַר פֿרײד ביז צום בעליק. נו, פֿאַרוואָס זשע פּרעגסטו דאָס, פֿאַר וואָס איך מוז ווײנען? איך שפּיר, אַז איך וועל ווײנען, איך וועל נישט קענען אַנדערש.

יאָסל איז אָפּהענטיק געבליבן פֿאַר איר ענטפֿער.

„אָט ווי מענער זענען געוואוינט צו זען אין דער פֿרוי נאָר די פֿאַלשקײט...“ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן און איז געבליבן אַ פֿאַרשעמטער קעגן איר ליכטיקן, קלאָרן און איצט אַזוי אָפֿענעם בליק.

ער האָט זיך געשפּירט שטײן ווי קעגן אַן אוצר פֿון רײנעם, ליכטיקן אינסטינקט, אַ שווערער מיט טעמפּן גריבלען זיך; וואָס די מענער דענקען און גראָבן טיף מיטן שטערן, אײדער זײ דערגראָבן זיך צו עפּעס אַ געדאַנק, ליגט עס בײ דער פֿרוי אין בלוט, אין שפּיל, און דער עיקר, ווי בײ דער האַנט...

— נו, — האָט ער געזאָגט — דעם אמת, דאַרף איך מיך איצט ערשט אויפֿסנײ דערקלערן דיר אין ליבע...

— אָבער דו ליבסט מיך?

— יאָ. — האָט ער געזאָגט.

— און דו וועסט מיך לאָזן ווײנען?

— ווײן. — האָט ער געהײסן, צושאָקלענדיק מיטן קאָפּ.

זי האָט זיך אים אָנגעהאָנגען אָן האַלדז.

— כ'האָב בײ דיר געפּועלט?...

— יאָ.

בײדע האָבן זיך צעקושט.

— נו, איצטער — האָט ער געזאָגט, אַ קוק אַרויס געבנדיק דורכן פֿענצטער צום פֿאַרקאַן — דאַרף איך שוין גײן. און אָט, דײנע שווערגערינס קומען שוין טאַקע.

— וואו? — האָט זי, ווי אין דערשרעק, געפֿרעגט.

— אָט גײען זײ שוין. שטײ דו בײם פֿענצטער און איך — טיפֿער אין שטוב. קוק, און ווײז מיר אַ צײכן, דורך וועלכער טיר זײ וועלן זיך נײגן אַנצוקומען, וועל איך אַוועק דורך דער צווײטער.

— און שוין, איצט?...

— נײן, איצט טויג נישט... זײ קענען זען אי פֿון דער, אי פֿון דער זײט.

— גוט.

— איצטער בלייבסטו דאָ.

— איך וועל זיך אויסביטן: מיט דער ייִנגסטער שוועגערין צו בלייבן אין דער שבעה...

— איך וועל אַרויסקומען צו דיר מאָרגן אין אָוונט.

— קום.

אַ ווײַלע איז שטיל.

זי גיט אים אַ צייכן מיט דער האַנט:

— גיי.

ער גייט אַוועק דורך דער קיך־טיר, בשעת דאָס אָנקומען פון די שוועגערינס הערט זיך שוין פון דער וועראַנדע.

די זון האָט זיך געזעצט, און די ביימער האָבן געוואָרפן אַ טונקעלן אָוונט־שאָטן אויף דעם הייזלס דאַך, ווען דורכן פענצטער האָבן זיך, פון אינעווייניק, אָנגעצונדענע ליכט־פלעמלעך באַוויזן...

---

די צווייטע נאַכט. דעם טויטנס בעט איז שוין צוריק אויסגעגלייכט. ביים צוקאָפּנס נאָר ליגט אַ שטיקל שוואַרצער טיול אויפגעשפּרייט, אויפן טיש ברענט אַ שטייענדיקער לאָמפּ מיט אַ גרינער אַבאַזשור, וואָס גיט צו דער ליכט אין דער שטוב ווי אַ קילקייט און די ווענט אַרום אַ שטילקייט.

אויף מאַשעלעס בעט, איבער דער פאַרשאַרצטער קאָלדרע, מיט אַ הויך קישן צוקאָפּנס, ליגט חיהלע, די ייִנגסטע שוועסטער, די ליבנסוויר־דיקסטע, די וואָס האָט געלערנט מאַשעלען די פיינקייטן פון קליידונג, און וואָס ביידע האָבן זיך דערבײַ שיר פאַרליבט איינע אין דער אַנדערער. איר האָט זיך טאַקע מאַשעלע אויסגעבאָטן ביי די שוועסטערן, אַז זי זאָל בלייבן מיט איר איבער דער שבעה. זי ליגט אין אַ קורץ, דין קליידל מיט אַ בלוזקעלע, די האַנט אויפן עלנבויגן אונטערגעשפּאַרט אונטערן קאָפּ, ווי אויף דערוויל זיך אָנגעלענט, און זי קוקט אויף דער שטוב. לענג־אויס פון דעם בעט, אויף אַ קאָשעטקע ביי דער זעלבער וואַנט, ליגט מאַשעלע אין אָנטאָן, מיטן פּנים אַרויף צום בעליק, ווי פאַרטראַכט.

— כ׳האָב נישט געהאַט קיין שום פאַרשטעלונג וועגן דעם — זאָגט מאַשעלע — ווי אַזוי אַ טויטער זעט אויס...

— איך אויך נישט — ענטפערט חיהלע. — כ׳בין נאָך אויך קיינמאָל אויף קיין לוויה נישט געווען, קיין טויטנס פּנים אַוודאי נישט געזען... און דו אויך נישט, מאַשעלע?

— אויך נישט, ביז דעם מאָל. — זיפצט מאַשעלע.

— פונדעסטוועגן, זע נאַר, — זאָגט חיהלע — האָט ער גאָר קיין שרעק נישט איבערגעלאָזט אין שטוב...

— פון וואָס, פון ווען?... שטיל געלעבט, שטיל געשטאָרבן...

— פונדעסטוועגן, — זאָגט ווייטער חיהלע — מען זאָגט, אַז אײנער שטאַרבט, לאָזט ער איבער אַן אימה אויפן גאַנצן הויז. דאָ — גאָרנישט... דו שפּירסט זי עפּעס?...

— ניין. — זאָגט מאַשעלע.

— אַפילו געשטאָרבענערהייט האָט ער אויסגעזען, ווי ער שלאָפט...

— אויך ביים לעבן אַזוי... — האָט מאַשעלע געזאָגט.

— האָט ער אויך אויסגעזען ווי פאַרשלאָפן?

— יאָ, ווי אַ שטילע הון...

— און פונדעסטוועגן, אַ הון, אַז מען נעמט אַרויס פון שטוב, פעלט אויך עפּעס.

— און דאָ? — האָט מאַשעלע געפרעגט.

— כ'ווייס נישט; כ'האָב עפּעס גאָרנישט קיין איינדרוק פון זיין פעלן...

— פאַרוואָס? — גיט מאַשעלע נייגעריק אַ פרעג.

— כ'ווייס נישט; כ'האָב עפּעס גאָרנישט דעם צער, ווי נאָכן פעלן פון אַ לעבעדיקן...

מאַשעלע, שטאַרק פאַראינטערעסירט, דערהייבט זיך אַריבערצוקוקן, ליגנדיק, צו דער שוועגערין אויפן בעט.

— כ'וועל דיר זאָגן דעם אמת, — הייבט די שוועגערין אָן — אַ קראַנקער איז ער דאָך געווען, איז מען דאָך שוין צוגעוואוינט... נאָר חוץ דעם, האָט זיך מיר אַלעמאָל געדאַכטן אַז עס פעלט אים נאָך עפּעס...

— וואָס?... — האָט מאַשעלע זיך אַ כאַפּ געטאָן נאָך נייגעריקער.

— אַ רחמנות איז מיר געווען אויף אים... כ'ווייס?... קליינערהייט האָט מיט אים פּאַסירט אַ פאַל: ער האָט זיך צעקוועטשט...

— וואָס?... — האָט מאַשעלע אַן אויפגערודערטע געפרעגט.

— שרעק זיך נישט אַזוי... — האָט חיהלע געזאָגט — מילא, איצט איז דאָך שוין אַלץ איינס... נאָר מען האָט געזאָגט...

— אַז וואָס?...

— עס האָט פּאַסירט, אונדזער פאָטער האָט דעמאָלט געהאַט אַ וואַלד. האָט ער אונדז קינדער מיט דער מאַמען, עליה השלום, אַרויסגענומען אַהין אויפן זומער. האָט דער ברודער זיך געהוטשקעט אויף אַ ברעט און איז

געגעבן אַ פּאַל גלייך אויפן קאַנט אַרויף מיט דעם, וואָס ס׳איז צווישן די פּיס...

— איז וואָס האָט ער זיך צעקוועטשט?

— דאָס וואָס די הינער לייגן...

מאַשעלע איז שטיל געבליבן, ווי דאָס פרעגן אירס וואָלט ביי איר פאַרגליווערט געבליבן אויף די ליפּן, נאָר אויס נייגעריגקייט, האָט זי נישט געקענט:

— נו?...

— נו, און די רעשט דאַרפסטו דאָך גיכער וויסן...

— און דו ווייסט נישט?

— ניין.

ביי מאַשעלען האָט זיך אַ שטילער שאָטן צעלייגט אונטער דער טונקלקייט פון די שוואַרצע אויגן:

— איך ווייס אויך נישט... — האָט זי שטיל געענטפערט און, ווי אין זיך אַריין פאַרבאָרגן אַ זיפץ.

— מיר שוועסטערן ווייסן נישט, קיינע, וואָס ס׳איז דעמאָלט געוואָרן דערפון... נאָר, שטענדיק, ווען איך האָב אים געזען אַזוי זיך אַרומדרייען אין זיין שטילקייט, האָב איך אויף אים געהאַט רחמנות... עפּעס האָט זיך מיר געדאַכטן, אַזוי ווי מען וואָלט ביי אים אַלץ צוגענומען און מען האָט אים איבערגעלאָזט אַן גאָרנישט אויף דער וועלט... אַ ביטער רחמנות האָט צו מיר אַראָפּגעשלאָגן פון זיין פּנים... מעגסט מיר גלייבן, מאַשעלע קרוין, נאָך אַ גרעסערס ווי דאָס איצטיקע שטאַרבן זיינס. — האָט חיהלע געזאָגט און זיך פלוצלינג צעוויינט. זי האָט דערשפּירט, ווי די טרערן גיסן זיך איר און זי קען זיי נישט איינהאַלטן.

— און דאַדורך, — האָט זי דורך טרערן ווייטער געצויגן, בשעת מאַשעלען זענען אויך געקומען טרערן אין די אויגן. אויסהערנדיק דאָס — האָבן מיר זיך, שוועסטערן, האָב נישט פאַראיבל אויף אונדז, מאַשעלע, נאָך דיין ערשטער נאַכט געוואָרפן זיך אַזוי אַלע צום ליילעך אַ קוק געבן... נישט דיך, נאָר אים צו רעווידירן...

— איך האָב נישט פאַראיבל... — האָט מאַשעלע, שוין נישט קענענדיק איינהאַלטן אויך אירע טרערן, געזאָגט.

— אָבער ווען מיר האָבן גאָרנישט געפונען... זענען מיר טאַקע געבליבן דערשטאַנען: „ווער ווייסט, צי ער איז נישט אַ קאַליקע"... מיר זענען געוואָרן צעמישט אויף לאַנגע וואָכן.

שפּעטער האָבן מיר געטראַכט, האָב ווייטער נישט פּאַראיבל, מאַשע־לע: היינטיקע מיידלעך, ווער ווייסט... זענען דען מחויב צו זיין מיידלעך... אפשר איז דאָס נאָך נישט קיין סימן?...

אַזוי האָבן מיר זיך אַליין געוואָלט טרייסטן...

און הער, מאַשעלע, — האָט זי ווייטער געזאָגט — אויב דו ווילסט מיר געבן אַ שטיקל רו און טרייסט נאָך מיין ברודער, און אויב דו האָסט מיך ליב, ווי מיר דאַכט זיך, אַז איך נאַר מיך נישט אין דיר, וועל איך דיך באַשווערן: זאָלסט מיר זאָגן, צי איז מיין ברודער געווען אַ מאַנס־פּאַרשוין?

מאַשעלע איז ערשט געשטאַנען פאַר אַ האַרבער פּראַגע: אויסזאָגן דעם סוד... אָדער שטעלן זיך אין דער לאַגע, אַז זי איז בעסער נישט געווען קיין מיידל צו דער חתונה... און זי האָט אויסגעקליבן דאָס לעצטע:

— איך ווייס עס נישט... ער איז געווען אַ מאַנספּאַרשוין צו דער חתונה...

— וואָס הייסט „אַ מאַנספּאַרשוין צו דער חתונה?..." — האָט די שוועסטער געלאַכט דורך טרערן — ער האָט דען עפּעס געדאַרפן זיין אַ מיידל מיט בתולים?...

— איך ווייס נישט... — איז מאַשעלע געקומען אין פאַרלעגנהייט — כ'האָב מיך נישט ריכטיק אויסגעדריקט...

— ביי אים איז נישט וואָס באַלאַנגען צי צו דער חתונה... נאָר סתם, צי איז ער געווען אָדער נישט?...

— יאָ... — האָט מאַשעלע געענטפערט נישט הויך, נישט שרייענ־דיק, נאָר זיכער, וואָס עס האָט אויף דער שוועסטער געמאַכט נאָך אַ טיפערן איינדרוק פון אמת.

— קום זשע אַהער, מאַשעלע — האָט זי באַפוילן, אויך נישט הויך, נאָר מיט אַן איינגעהאַלטענער שטימע, ווי זי, חיהלע, וואָלט זיך שוין נישט געקענט איינהאַלטן פון פרייד — קום זשע אַהער, וועל איך דיך קושן...

אָבער באַלד איז זי שוין אַליין געשטאַנען אויף די פיס.

מאַשעלע איז צו איר צוגעלאָפן.

— דו ליבסט מיך?... — האָט איר די שוועגערין געפרעגט.

— יאָ...

— נו, דערצייל מיר, ווי אַזוי האָט דיר מיין ברודער געטאָן?... האָט ער דיך געקושט, אַזוי ווי איך קוש דיך?...

— יאָ... — האָט מאַשעלע געענטפערט.

ביידע פרויען האָבן זיך אַרומגענומען און געקושט זיך, איינמאָל פאַרן בעט און דאָס צווייטע מאָל, ווען זיי האָבן אָפּגעזוכט אַן אָרט פאַר זיך אויפן בעט און זיך געקושט שוין ליגנדיקערהייט.

דאָס ערשטע מאָל אין לעבן האָט חיהלע געקוקט אויף מאַשעלען מיט אַזאַ גלאַנץ אין די אויגן און געווען גליקלעך וועגן איר ברודער, גראָד איצטער, שוין נאָך זיין טויט... אַזוי האָבן איר די געדאַנקען פאַרפאָלגט וועגן אים.

איצטער איז אויך גליקלעך געווען מאַשעלע.

אויך פאַר איר איז ערשט אַנטפּלעקט געוואָרן אַ נייעס; זי האָט געפיבערט, ווי פון אמתער ליידנשאַפט, זיך קושנדיק מיט איר, מיט אַ פרוי.

און נאָך עפּעס איז איר אַנטפּלעקט געוואָרן; וויפיל גליק זי האָט אין דער שוועסטערס האַרץ אָנגעצונדן מיט דעם, וואָס יענע האָט זיך דערוואוסט, אַז איר ברודער איז חלילה נישט געווען פאַרמיטן, אויף דער וועלט, פון ליבע...

וואָס פאַר אַ גליק אַלע פרויען פילן אין ליבע, און וואָס פאַר אַן איידלקייט זיי דערגרייכן אין איר...

באַזונדער איז גרויס געווען מאַשעלעס הנאה, וואָס זי איז געווען די סיבה פון גליק, ווייל זי האָט נישט אַנטפּלעקט דעם סוד פון ברודער... און אפשר זיך אַליין נאָך דיסקרעדיטירט...

— מאַשעלע, — האָט איר יענע אַרומגענומען — דו וועסט די נאַכט שלאָפן מיט מיר אין איין בעט... ס'איז דאָך פּאַרט אַן אָבל־שטוב...

אָבער וועגן דער אָבל־שטוב האָט מאַשעלע ווי יאָ געהערט און נישט געהערט. זי איז געווען דורכגעפיבערט מיט דעם כוח פון ליבע, וואָס האָט איר ביז היינט געפעלט. אויך מיט דעם דערוויסן זיך, ערשט היינט, וויפל פיינקייט, וויפל פייער עס ליגט אין דעם האַרץ פון איר יינגסטער שוועגערין. און אָנשטאָט אַן ענטפער, האָט זי איר אויסגעשטרעקט די ליפּן.

ביידע פרויען האָבן זיך נאָך אַ מאָל צעקושט ביז שיכרות, ליגנדיק ליפּן צו ליפּן און אַרויפגעלייגט הענט איינע אויף דער אַנדערערס טאַליע.

ווען די לבנה איז אויפגעגאַנגען און מאַשעלע האָט געהערט ווי אַ רודער פון דרויסן און וויטלעכע טריט, האָט זי געזאָגט דער שוועגערין:

— איך מוז גיין אַרויס זיך אָפּקילן, וואָרן איך שפּיר, אַז איך קום אום פון דעם, וואָס עס צינדט אין מיר אָן מיין און דיין קושן.... דו ווייסט דאָך, אַז מיין מאַן איז געווען קראַנק אין דער לעצטער צייט?...

— גוט... — האָט די שוועגערין אויך מיט אַזוי פיל פאַרשיכורונג

און גליק אין די אויגן צו איר צוריקגעשמייכלט — איך וועל שוין דאָ בעטן דאָס בעט... נאָר, זוים דיך נישט, מאַשעלע...

ביידע האָבן זיך נאָך געקושט און זי איז אַרויס דורך דער וועראַנדע.

אַ ליכטיקע לבנה־נאַכט. זילבער און כשוף. ס׳איז יענע לבנה־נאַכט, אין וועלכער זי האָט נאָך געהערט ביי זיך אונטערן פענצטער צוויי קראַנקע, אָדער נשמות רעדן וועגן ליבע אויף יענער וועלט...

אונטער די שטאַמען פון דיביימער איז שוין געשטאַנען יאָסלס שאָטן אַ רואיקער.

זי איז צו דאָרטן אַהין.

— יאָסל ?... — האָט זי גערופן.

— יאָ... — האָט ער זיך צוריק אָנגערופן.

זי האָט זיך אים אויפגעהאָנגען מיט אַ גרויסער פיבערדיקער מילדקייט אויפן האַלדז און ער האָט זי צו זיך געדריקט.

— נו, ס׳איז דיר נישט בענגלעך ?... — האָט זי אים געפרעגט, פונקט ווי זי פון איר זייט איז שוין געווען גליקלעך.

— מיר נישט, — האָט ער געזאָגט — נאָר איך האָב געמיינט, אַז ס׳איז דיר דאָ שרעקלעך און בין אַרויסגעקומען אַ קוק געבן צו דיר.

— איך דאַנק דיר, ליבער, — האָט זי נאָכאַמאָל אַרויפגעצויגן די הענט אויף זיינע אַקסלען, און ביידע האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין איין לאַנג דויערדיקן קוש.

— איצטער בין איך נישט אויף לאַנג אין דרויסן. — האָט זי אים מילד געשעפטשעט — אומעטיק איז מיר אויך גאָרנישט; וואָס פאַר אַ וואוילע שווערעין מיט מיר איז געבליבן, די יינגסטע. עס האָט זיך אַ קוואַל פון פריינטשאַפט געעפנט צווישן אונדז ביידע. מיר שפירן ביידע גאָר־נישט דאָס אַבלדיקייט פון דעם הויז. שלאָפן קען זי אויך נישט, גלייך ווי איך. וועט זי אוודאי באַלד אַרויסקומען נאָך מיר...

— און דו האָסט איר גאָרנישט געפרווט איינשלעפערן אויך?... — האָט ער געפרעגט.

— ניין... — האָט זי געזאָגט — מען קען זיך גאָרנישט אָפּזאָגן פון דעם מיטוואָכן פון אַזאַ פרוי.

— נו, גוט. — האָט יאָסל געזאָגט — אַבי שפּירסט דיך גוט און אויפגעלייגט.

ער האָט איר אַרומגענומען, געקושט; זי האָט אים צוריק געענטפערט מיט דעם זעלבן.

— נו, איך גיי שוין צוריק. — האָט ער געזאָגט.

— איך וואָלט דיך געדאַרפֿן אונטערפֿירן, כאָטש אַרויספֿירן פֿון דאַנען. — האָט זי געפֿרעגט.

— ניין, מען דאַרף ניש. — האָט ער געבעטן — בלייב דאָ, טאָמער קומט זי טאַקע אַרויס דיך זוכן. איך וועל זיין דאָ ביי דיר מאָרגן נאָכאַמאָל.

— גוט. — האָט זי געזאָגט.

— ווי אין דער צייט.

— יאָ. גוט...

זי האָט זיך אין אים איינגעקלעפּט מיט אַ קוש צום געזעגענען, און ווען יאָסל איז שוין צוריק אַוועק, האָט זי אים נאָך לאַנג, פֿון אונטער די שטאַמען אַפּער, נאָכגעקוקט זיינע באַוועגונגען, אַפֿילו ווען ער איז שוין געווען אין געסל, און געהערט זיינע שטאַרקע, גרינגע טריט.

זי האָט זיך אַליין געפֿרעגט אין געדאַנק: צי „עקספּלואַטירט" זי אים נישט? און זי האָט זיך אַליין געענטפֿערט: ניין...

„זי האָט צייט, נאָך פֿיל, זייער פֿיל נעכט צו געהערן אויך צו אים."

זי האָט צוריקגעקערט צו דער וועראַנדע און געבליבן שטיין פֿאַר איר, קוקנדיק איבער דעם אויסגעזילבערטן שטיק הימל, וואָס האָט זיך פֿון דער הייך געזען מיט דער לבנה אין דער סאַמע מיט. און מאַשעלע האָט געווונטשן, דאָס ערשטע מאָל אין איר לעבן, דער גאַנצער וועלט:

„אַ גוטע נאַכט!..."

זי איז אַריין צוריק אין שטוב.

— אַזאַ הערלעכע נאַכט. — האָט זי תּיהלען געשעפּטשעט, גענענענ־דיק צום בעט, בשעת דער לאָמפּ איז שוין געווען דריי־פֿערטל אַראָפּגע־דרייט, און די שוועגערין האָט, ליגנדיק אין בעט, פֿאַרנומען איר, מאַשע־לעס, זיסן שאַרף און שפּעט־נאַכטיקע מילדקייט און ווייכקייט.

— טו דיך אויס, מאַשעלע... — האָט איר די שוועגערין אויך צוריק־געשעפּטשעט מיט דער זעלבער מילדקייט און ווייכקייט. — און לעש אויס איינגאַנצן דעם לאָמפּ... — האָט זי באַזונדער, מיט אַן אויסדרוק פֿון צערט־לעכקייט, איר אָנגעוויזן מיט אַ פֿינגער צום לאָמפּ איבערן טיש.

מאַשעלע, וואָס איז די עטלעכע מינוט נאָר געווען אין דרויסן, האָט ערשט געפֿילט אַ זילבער־זאַטקייט אויפֿן האַרץ און ווי קוועקזילבער האָט זיך אין אירע גלידער געגאָסן פֿון דער שטילקייט פֿון נאַכט און לבנה־ליכט.

זי האָט נאָך פריער פאַרלאָשן דעם לאָמפּ און דערנאָך זיך גענומען אויסטאָן אין דער פינצטער, זיצנדיק אויפן קאַנט פון בעט.

— וואָס פילט מען עפּעס דיינע האָר פון ווינט, — האָט איר די שוועגערין געשעפּטשעט, און ווען מאַשעלע איז נאָך געזעסן, צוגעצויגן זי מיט איין האַנט איבערן האַלדז צו זיך, אוןביידע האָבן זיך געקושט, ווען מאַשעלע האָט נאָך געהאַלטן אין איין האַנט אַן אויסגעטוענעם קאָמאָש און מיט דער צווייטער די שוועגערין אַרומגענומען.

ווען מאַשעלע איז אַריין אונטער דער קאָלדרע און ביידע האָבן דער־פילט די סאַמעט־גלאַטקייט אין וואַרעמען לייב פון זייערע ביידנס יונגע קערפּערס, זענען ביידע געבליבן איינגעטוליעט איינע צו דער אַנדערער. מאַשעלעס ברוסטן האָבן ערשט געשמעקט ווי צוויי רויזן־קערן־בלומען און געוועזן אָנגעגאָסן מיט זאַפט און האַרטקייט פון צוויי שמעקעדיקע עפּל.

ביידע פרויען האָבן זיך צונויפגעגאָסן אין אַזאַ שטילקייט, אין וועל־כער די נשמות ווערן פאַרטרונקען אין זיסקייט, וואָס געפינט זיך נאָר אין דער הויכער אייביקייט.

פאַר מאַשעלען האָט זיך אַנטפּלעקט, די נאַכט, די גאַנצע וועלט אָפן; ווי אומעטום וואַרט אויף איר ליבע.

און דאָס אַלץ איז געשען אין איין מעת־לעת, פון צייט דער מאַן איז טויט...

# אָפּגעשטויסן

איינמאָל אינדערפרי, דער זייגער האָט ערשט געמוזט זיין אַרום ניין, בין איך אַריינגעקומען צו מיינעם אַ חבר, וועלכן איך האָב אַנדערש נישט געקאָנט טרעפן, אויסער נאָך אין בעט, ווייל ער איז געווען אַ פאַרנומענער מענטש. נאָר אין שטיבל איז שוין געווען צוגערוימט און ער אַליין איז געזעסן און געשריבן אַ בריוו. ער האָט מיך נישט באַמערקט ביי מיין אַריינקומען, און איך בין נישט דרייסט געווען איבערצורייסן אים. אַזאַ מאָדנע שטילקייט האָט דעמאָלט געררוט אין יעדן ווינקל; אויך אויף זיין קלאָר אַרומגעוואַשן פּנים האָט זי גערוט, אויף זיין ווייס פאַרשפּרייט בעטל, וואָס איז געשטאַנען רעכטס פון אַ גרויס ליכטיק פענצטער, אין וועלכן די זון האָט מיט אַ מאָרגן־פרישקייט אַריינגעקוקט. נישט־ווילנדיק האָב איך מיך דערמאָנט אָן מיין קליין שטעטל, אין וועלכן איך פלעג די מאָרגנס רואיק און שטיל פאַרברענגען. יענע שטילקייט ביים אַרויסקוקן דורכן פענצטער אין פעלד אַריין האָט מיך ערשט אַרומגענומען און איך האָב זיך דערמאָנט אָן דער שלאַנקייט פון יענעביימער וואָס שטייען פאַרריסן מיט זייערע הויכע שפּיצן אין דער טיפקייט פון די בלאָע הימלען. איך האָב נישט־ווילנדיק אַ זיפץ געטאָן, דערמאָנענדיק זיך אָן דעם פרימאָרגנדיקן שפּילן פון די פייגל, און דאָס ווינטל, וואָס פלעגט קומען צו מיר פון אַנדערע וועלטן, מיר דערציילט וועגן אַ בן־מלך מיט אַ בת־מלכה...

מיין חבר, וואָס איז ביז אַצינד געווען פאַרטאָן, האָט מיך ערשט דערזען און האָט מיר צוגעוואונקען, איך זאָל זיצן.

— אַ מין שרעקלעכע שטילקייט — האָב איך צו אים געזאָגט, און מיין חבר האָט זיך אומגעקוקט:

— וואו?

— נישט דאָ... אין דרויסן...

ער האָט מיך אָנגעקוקט פאַרוואונדערט און איך האָב זיך אַליין אויך פאַרשעמט. אייגנטלעך, האָב איך אין זינען געהאַט די שטילקייט פון דאָרט...

איך האָב זיך איינגעקוקט אין מיין חברס פּנים, איבער וועלכן די

זון האָט געשיינט און געפינטלט מיט ליכטיקע פלעקן־פינטעלעך, אַ מאָדנע שטילקייט איז געלעגן דערויף אויסגעגאָסן, זייענדיק פאַרטיפט אין שרייבן.

ווען ער האָט געענדיקט, האָב איך אים שטיל געפרעגט:

— צו וועמען שרייבסטו?

— צו אַ מיידל, — האָט ער טיף אַנבליקנדיק מיך אָנגעקוקט.

— דו קענסט זי שוין פון לאַנג?

מיין חבר האָט אַ גליקלעך פאַרטראַכטן שמייכל געטאָן און דערנאָך, אַראָפּלאָזנדיק זיין בלאַסלעך געזיכט מיט דער קוים־האָרעלעך באַשפּראָצטער גאָמבע אויף דער ברוסט, געזאָגט:

— צי אין דעם גייט עס?...

— ניין, געוויס נישט; איך ווייס, אַז נישט... נאָר, אַז מען שרייבט שוין בריוו...

— יאָ, אַוודאי קענען מיר זיך שוין לאַנג.

איך האָב געשוויגן, נאָר אין אַ ווײַלע אַרום געזאָגט:

— אַז דו פרעגסט, צי אין דעם גייט עס, בין איך דיר מחויב צו ענטפערן, אַז נישט אין דעם און נישט אין דעם. עס איז ווי אַמאָל עס שפּילט זיך אויס...

— אַזוי גאָר?.. — האָט מיין חבר ווי אַ קוועטש געטאָן מיט די פּלייצעס.

— זי ליבט דיך?...

— יאָ, — האָט ער מיט אַ באַזונדערן טאַקט דאָס וואָרט פון מויל אַרויסגערעדט.

— אַזוי איז עפּעס אַנדערש...

אָבער — וואונדערלעך. ער האָט דאָך גאָרנישט געדאַכט ביז אַהער... מוז זיין, אַז די ליבע האָט אַ מויל נישט אויף צום רעדן...

ער האָט זיך דערוויל פאַרטראַכט אין דער לופט אַריין און וועגן עפּעס געשמייכלט צו זיך אַליין, מן הסתם ווי אַזוי זי ליבט אים. און איך האָב מיך אויפגעהויבן און אַרויסגעגאַנגען, נישט וועלנדיק אים צונעמען מער צייט.

אין זעקס וואָכן אַרום, איך קום ווייטער אַריין צו גיין צו אים איינמאָל, אין אַ צווישן טאָג און נאַכט. דורכן פענצטער האָט שוין גוט אַריינגעטונקלט דער הימל אין שטיבל. עס האָבן זיך שאָטנס געטוליעט אין די ווינקלען וועגט און דער בעליק איז געווען ווי פאַרשוואומען הינטער אַ גראָער מאָט־

קייט. — מיין חבר איז געלעגן אויף זיין בעטל, איינגעטוליעט אפשר אין דרייען, אין אָנטאָן, דעם קאָפּ זיינעם האָט מען גאָר ניט אַרויסגעזען, איינגעצויגן צווישן די אַקסלען און דאָס פּנים פאַרקוועטשט אין ביידע הענט אַריין.

בשעת איך האָב אים דערזען אַזוי ליגן, האָט מיר אַ שטאָך געגעבן אין האַרץ.

— שלמה, דו שלאָפסט גאָר ? — האָב איך נישט ווילנדיק אַ הויכן און ענערגישן פרעג געטאָן, ווי איינער, וואָס דערזעט פאַר זיך אַן אומגעריכטע זאַך.

פון מיין פאַר אים אומגעריכטן און צו שטאַרקן רוף, האָב איך געזען, ווי עס גייט אים אַדורך אַ ציטער איבערן גאַנצן קערפּער, און ווען ער האָט זיך שוין געהאַט איבערגעקערט מיטן פּנים צו מיר, האָט זיך אים דער שטערן געשרומפּט.

— איך שלאָף נישט...

און דאָס קול האָט געקלונגען ביי אים פונקט ווי ביי אַ קליין, אומבאַהאָלפן קראַנק קינד.

— וואָס זשע דען טוסטו, דו ליגסט גלאַט אַזוי?

— גלאַט אַזוי...

„אָהאָ!"... טראַכט איך און בין געבליבן ווי צוגעשמידט שטיין אַ ווײַלע לעבן זיין בעטל.

— נו, דו ווילסט שוין אַזוי ליגן? — האָב איך אים געלאַסענער, שוין באַדענקענדיק זיך, אַז מיט אים איז עפּעס נישט גלאַטיק, געפרעגט.

ער האָט זיך געשטאַרקט און אויפגעזעצט אויפן בעטל.

— וואָס הערט זיך ? — האָב איך נאָך אַ ווײַלע שוויגן געפרעגט, זעצנדיק זיך לעבן אים, אויף דעמזעלבן בעטל.

— גאָרנישט קיין נייעס, — האָט ער געענטפערט, און דערביי אַ טיפן קוק אַראָפּ געגעבן צו דר'ערד.

ער האָט צוגעשפּאַרט די האַנט צום קאָפּ און מיט שטילער פאַרקלערטקייט זיך געשפּילט מיט אַ פינגער איבער די קנייטשן פון שטערן.

— דערהאַלטסט בריוו ?...

— ניין, — האָט ער קורץ און שאַרף געענטפערט.

איך האָב מער נישט געקאָנט זיין צער פאַרליידן און איך האָב אים געפרעגט, צי ער וויל נישט גיין אַביסל אין דרויסן.

— ניין, — האָט ער דאָסמאָל אויך אַזוי קורץ און שאַרף געענט-

פערט. און ווען איך בין שטיל געבליבן אויף אַ לענגערע צייט און האָב שוין גאָרנישט געפונען מיט אים וואָס צו רעדן, מאַכט ער צו מיר:

— דוד, דו מיינסט, אַז זי איז מיר פאַלש געוואָרן?...

— ניין, — זאָג איך, — איך מיין גאָרנישט...

— נאָר וואָס־זשע דען, עס איז אַזוי, האַ? — גיט ער צו מיר טרויע־ריק אַ שאָקל מיטן קאָפּ.

— ניין, פאַרוואָס זאָל זיין אַזוי?... איך ווייס נישט... איך הער, דו זאָגסט מיר, אַז דו דערהאַלטסט נישט קיין בריוו...

— הער, זאָגט ער צו מיר, — קיין בריוו דערהאַלט איך טאַקע נישט, נאָר איך קען איר אײדל האַרץ!...

— נו, מילא...

און נאָך אַ ווײלע שוויגן, ווען אַ טרויעריק מעלאַנכאָלישער שמייכל האָט באַדעקט זיין גאַנץ געזיכט, מאַכט ער צו מיר:

— נאָר... איך קען צו־גוט איר אײדל האַרץ... זי ווייסט, אַז מיט אַזעלכע זאַכן מאַכט מען זיך נישט קיין שפּילעכל... זי איז וואויל געבילדעט, האָט אַ סך געלעזן, ווייסט אַ סך, און דאָס אַליין איז שוין אַ גרויסע זאַך...

— נו, פאַרוואָס־זשע דען שרייבט זי דיר נישט?

— דאָס, זעסטו, ווייס איך טאַקע נישט, — האָט ער אַ מאַך געטאָן מיטן קאָפּ, ווי אַ שווער רעטעניש וואָלט אים אַליין פאַרגעשטאַנען. נאָר — האָט ער נאָך אין אַ ווײלע אַרום צוגעגעבן — איך וואָלט דאָך מיך נישט געגאַנגען בעטן ביי איר, אַז זי זאָל מיך ליבן. נישט איך איר האָב דאָך וועגן דעם פאַרגעשלאָגן. זי פלעגט דאָך מיך אַליין רופן פון שטיבל אַרויס...

און פאַרטראַכטנדיק זיך דערביי אויף אַ לענגערער ווײלע, האָט ער אָנגעהויבן צו דערציילן:

— מיר האָבן געוואוינט אין איין הויז. ס׳הייסט, איר פאַמיליע האָט דאָרט געוואוינט און איך האָב אויך געהאַט מיין באַזונדער צימער, וואָס איז געווען אַ טיר אום אַ טיר מיט אירן. די ערשטע צייט בין איך געווען זייער ווייט פון איר. איך האָב אַמאָל געזען, ווי זי גייט שפּאַצירן אַליין אין וואַלד אַריין, אָבער איך האָב נישט געהאַט קיין שום אָנהאַנג איר צו זאָגן, אַז איך וויל אויך גיין. און זי, קאָן זיין, האָט אויך געוואָלט, אָבער זי האָט עס מיר אוודאי און אוודאי נישט געקאָנט זאָגן. איינמאָל ביינאַכט איז זי געשטאַנען הינטער מיין פענצטער אַ בלאַסלעכע און פאַרקלערטע. איך האָב דאָס דערזען און בין אַרויסגעגאַנגען, נישט צו איר, נאָר אויף דער

שוועל האָב איך מיך געשטעלט און אויך אַרויסגעקוקט. זי האָט דאָס געזען און מיך געפרעגט, צי איך הער דאָס קוואַקען פון די זשאַבעס. די לבנה איז געשטאַנען אַ געלע און פּאַרקלערטע איבער די שפּיצן ביימער פון וואַלד. זי האָט שוין געהאַלטן אין זינקען, אַזוי ווי אין די קורצע זומער־נעכט, אַ קליין שטיקל הימל, קוים ביי דער דרום־זייט, דורכצוגיין. און איר האָב איך געזאָגט, ס'הייסט דעם מיידל, אַז עס מוז שוין זיין גוט שפּעט.

— יאָ, — האָט זי געענטפערט, — מען וועט שוין גיין שלאָפן...

און איך ווייס נישט פאַרוואָס זי האָט דעמאָלט, אַריינגייענדיק צו זיך אין צימער און עפענענדיק די טיר, געלאָזט זי אַזוי אָפן שטיין אַנט־קעגנאיבער מיינער, וואָס איז אויך אָפן געשטאַנען. איך האָב געפילט, ווי זי טוט זיך דאָרט אויס. אין גאַנצן הויז איז געווען שטיל. מען איז שוין געשלאָפן, און פון איר, פון רחמהלען, האָט מען אויך נישט געהערט קיין שאָרך. דאָס זענען געווען מינוטן עפּעס פון אַ פאַרכישופטן שווייגן. מען האָט געקאָנט הערן אַ פליג, בשעת זי וואָלט דורכגעפלויגן. נאָר אין אַ שפּאָרער ווילע אַרום איז זי צוגעקומען צו איר טיר שוין אינגאַנצן אויס־געטאָן, באָרוועס אפילו, נאָר וואָס אין אַ קאָלדרע אַרומגעוויקלט, אויס־געפּאַסט אַרום איר קיילעכדיקן קערפּער, און צעלאָזט די האָר, וואָס האָבן זיך ווי בייטשן אַראָפּגעשיט איבער איר ווייסן האַלדז און הויכן ביוסט. און דעמאָלט האָט זי מיך זייער שיין, מיט אַ ליבלעכן שמייכל פון איר שוואַך באַחנטן קוק פון הינטערן שטערן אַפּער איבערגעבעטן און זאָגנדיק אַ גוטע נאַכט—פאַרמאַכט די טיר. איך בין געוואָרן ווי צעמישט און האָב מיך אָנגעהויבן אַליין צו זידלען, ווייל אַז זי האָט אָפן געלאָזט די טיר בשעת אונדזער אַריינגיין, און זי איז געגאַנגען פאַראויס און איך נאָך איר, האָט זי אַוודאי געמיינט, אַז איך זאָל נאָכגיין איר גלייך פון דער שוועל אַראָפּ און אַז איך זאָל זיצן ביי איר אַ האַלבע שעה און פאַרברענגען. נאָר איך האָב זיך פאַרשפּאָרט לאַנג צו זידלען און צומאָרגנס האָט זי מיך שוין אַליין גערופן אין וואַלד אַריין שפּאַצירן. און דעמאָלט, אַריינגייענדיק שוין צווישן די ביימער, האָט זי מיר דאָס ערשטע מאָל געזאָגט מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ:

— איך האָב גאָרנישט געוואוסט, אַז איר זענט אַזאַ שעמעוודיקער און אַז איר האַלט זיך אַזוי פון דערווייטנס פון אַ מיידל...

מיך איז דעמאָלט באַפאַלן אַ שרעקלעכע פרייד, אַז דאָס האַרץ האָט זיך מיר אַזש געוואָלט אַרויסרייסן פון גדולה פאַר אַזעלכע שיינע, אָפענע רייד. נאָר איך בין נישט אימשטאַנד געווען גאָרנישט צו טאָן, אַפילו נישט

צו ענטפערן קיין וואָרט, און איך האָב נאָר אינדערשטיל, אין מיר, מיין אייגענע פרייד ווי פאַרקוועטשט, זי זאָל נישט אַרויסשפּרינגען צו־הויך... און דערנאָך פלעגן מיר שוין גיין שפּאַצירן טאָג אויף טאָג און זיך פאַר־געסן אויף גאַנצע שעהען אין וואַלד.

און איינמאָל, ווען מיר זענען געזעסן אין דער טיפער געדיכטקייט אין וואַלד, הינטער דעם שאָטן פון אַ בוים, און זי האָט צו מיר אַרויפ־געלייגט די האַנט אויפן אַקסל און אין אַ מינוט אַרום, ווען זי האָט זיך אינגאַנצן אָנמעכטיק אַראָפּגעגליטשט מיטן קאָפּ הינטער מיין רוקן, האָט מיר ווי אַ האַמער געקלאַפּט אין די שלייפן, און איך בין געזעסן אַ דער־שלאָגענער, אַ צעמישטער און דערשראָקענער, נישט וואַגנדיק זיך אַפילו אַ ריר צו טאָן. שפּעטער איז זי אויפגעשטאַנען, ווי קוקנדיק אין דער לופט מיט אַ קאַלטלעך פּנים און, איך ווייס נישט — עפּעס איז זי נישט געווען אַזוי פריילעך...

ביינאַכט, ווען איך בין געלעגן אויפן געלעגער, האָט מיר דער קאָפּ שטאַרק וויי געטאָן. עפּעס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז זי איז צום אַהיימגיין געווען צופיל פאַרשלאָסן אין זיך אַריין מיט אירע געדאַנקען, און זי האָט אַ גאַנצן וועג נישט געקוקט אויף מיר...

אָבער צומאָרגנס איז זי מיט מיר ווייטער געגאַנגען, און איך האָב שוין פון די ביינאַכטיקע מחשבות פאַרגעסן.

אַזוי האָט זיך געפירט אַ גאַנצן זומער, און צו מיין אַוועקפאָרן שוין פון דאָרט האָט זי מיך אײנע אַליין באַגלייט ביז אויפן ברעג פון טייך, אַז אַפילו די עלטערן זאָלן נישט וויסן...

איך ווייס נישט, וואָס מיט מיר האָט זיך ווידער געטאָן — זי האָט מיך געקושט און איך בין ווייטער געוואָרן פאַרשטיינערט, ווי דעמאָלט אין וואַלד, און האָב איר אַפילו קיין איין קוש נישט צוריקגעגעבן.

און איך בין דאָך נישט אַזוי סענטימענטאַל — האָט מיין חבר איינ־דערמיט געגעבן פלוצלונג אַ געשריי אַרויס און דער שטערן איז ביי אים צעקנייטשט געוואָרן, ווי פון אַ בייז געוויטער די אויבערפלאַך פון אַ וואַסער — נאָר שכור בין איך געווען, אָט וואָס עס הייסט שכור!...

ער האָט זיך פאַרטראַכט אויף אַ ווײַלע, און ווען אַ מעלאַנכאָלישער, טיף רירנדיקער שמייכל האָט באַדעקט זיין גאַנץ פּנים, אַזש אויסקרימענדיק עטוואָס די ליפּן ביי אים, האָט ער ווייטער געזאָגט:

— נאָר ווי שיין איר געזעגנען מיט מיר! ווי שיין זי איז געשטאַנען אויפן ברעג מיט אויפגעהויבענע אויגן איבער מיין שיף, וואָס האָט זיך

שוין געגליטשט מיט מיר איבערן טייך וויט, און זי האָט קעגן מיר, וואו איך בין געשטאַנען אויף דער דעק, געפאָכעט מיט איר ווייס טיכל אין דער לופט אַריין...

איך האָב געזען, ווי זיין בליק איז שוין געוואָרן מיט בלוט אָנגעגאָסן, און איך בין אויפגעשטאַנען פון בעטל און געזאָגט אים, אַז איך וויל שוין אַהיימגיין.

— געוויס, — האָט ער פּלוצלונג אַ שעפּטשע געטאָן, ווי עס ווייזט אויס, גאָרנישט אויסהערנדיק מיין פאַרשלאָג — און דו ווייסט — איז ער פּלוצלינג אויפגעשפּרונגען פון בעטל און מיך אָנגעקוקט מיט אַ באַזונדער מין דורכדרינגלעכקייט פון זיין בליק, — אַז דאָס אייגנטלעך וויל איך איר צו וויסן געבן: אַז מיין האַרץ האָט נאָך נישט אויפגעהערט צו האָפן... און אַז... איך בין אין דער גרעסטער זיכערקייט וועגן איר ערלעכקייט צו מיר... דו פאַרשטייסט!..

און אָט האָט ער מיט איין שפּרונג געגעבן אַ דערלאַנג צום ביכער־שענקל, ווי עפּעס אַ באַזונדערע מין ענערגיע וואָלט אים פּלוצלונג אַ צעשאָקל געטאָן.

איך האָב דערזען ווי ער צינדט־אָן דעם לאָמפּ, און בשעת דאָס שווע־בעלע האָט שוין געפלאַקערט אין זיין האַנט מיט אַ פּלוצלינג־אויסגעשאָ־סענער רויטער ליכטיקייט איבער דעם שטיבל, האָט מיר זיין צעשויבער־טער, באַלויכטענער קאָפּ, וואו איך האָב אַציינד דייטלעך געזען זיינע צע־רודערטע פאַסמעס שוואַרצע האָר, אויסגעזען מאָדנע ווילד און צעשטורעמט.

איך האָב אים געוואונטשן אַ גוטע נאַכט און בין אַוועק אַהיים.

---

די נאַכט איז געווען זייער אַן אומעטיקע און איך האָב זיך געפילט זייער איינזאַם. אויסער דעם ברענענדיקן לאָמפּ ביי מיר אויפן טישל און דעם שאָטן פון מיין אייגענעם קאָפּ אויף דער וואַנט, האָב איך קיין איינציקע פרייד נישט געהאַט אויף דער וועלט. עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז אַלץ אויף דער וועלט איז פאַר מיר ווי אָפּגעשטאָרבן, אַזאַ מין עלנט האָט מיין חבר אויף מיר אָנגעוואָרפן. און נאָכמער האָט זיך מיר געדאַכט, אַז יעדער מענטש, וואָס לעבט אויף דער וועלט, איז אַ מין אָפּגעזונדערט, אָפּגעהאַקט שטיק פּיין. מיר האָט אַזוי שרעקלעך אָנגעהויבן וויי צו טאָן דער קאָפּ און נישט־ווילנדיק האָב איך אַרויסגעזיפצט: פאַרביטערטע, עלנטע מענטשן! מיר האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט קאָן שוין גאָר קיין שום תקומה נישט האָבן. אַפילו וואו צוויי ליבן זיך שוין איינאַנדער, איז מיר

איך אויסגעקומען צו זען, ווי אויף זייערע פּנימער ליגט אַן אייביקער, אומאויסשעפּנדיקער שמערץ. איך האָב אַזעלכע צוויי מענטשן געזען אָפּ־שטיין נאַכט ביי נאַכט גאַנצע שעהען, נישט צו געבן זיך קיין ריר פון אָרט. און נישט רעדנדיק צווישן זיך, האָבן זייערע אויגן אויסגעזען ווי בלאַנ־דזשענדיק ערגעץ ווייט, און זייערע בלאַסע פּנימער — ווי אַ כּישוף פון פאַרשטיינערטקייט וואָלט אויף זיי געלעגן.

מיר איז די נאַכט געווען ווי צעשרויפט דער קאָפּ פון די אַלע געדאַנקען, וואָס זענען אין מיר דורכגעגאַנגען. און ווען איך בין געגאַנגען שלאָפן, האָב איך שוין נישט געשפּירט, צי לעב איך אויף דער וועלט. איך האָב מיך אויסגעדרייט אויף מיין בעט מיטן פּנים צו דער וואַנט און, ליגנדיק אַזוי צוגעמרוזשעט די אויגן, האַלב־וואַך און אינגאַנצן פאַרזונקען אין שווערע געדאַנקען, וואָס האָבן דורך זייער אַנגעפּילטקייט אין מיין קאָפּ ווי באַטייבט מיך און אַריינגעוואָרפן אין אַ חלשותדיק דרעמלען, האָב איך אַליין נישט געפילט, ווי איך בין ענדלעך אינגאַנצן איינגעשלאָפן.

נאָר אָט האָב איך דערהערט, כאָטש נישט גאַנץ דייטלעך פאַר מיר, אָבער אין שלאָף האָב איך געפילט, געגנוג הויכע שטימען פון צוויי פאַר־שוינען, וואָס האָבן זיך דערנענטערט צו מיין טיר, רעדנדיק צווישן זיך מיט אַ שטאַרקער פאַרטועניקייט, ווי וועגן עפּעס אַ גרויס געשעעניש, וואָס האָט נאָר־וואָס פּאַסירט, און באַלד דערויף אַ קלאַפּ אין מיין טיר און איך בין פון בעטל אויפגעשפּרונגען.

— ווער איז עס!? — איז געווען מיין ערשטער אויסגעשריי. און אַז איך האָב די טיר אָפּגעקייטלט, זענען פאַר מיר שטיין געבליבן צוויי פון מיינע חברים.

— דו שלאָפסט שוין? — האָבן זיי מיט אַ מין פאַרבלאָנדזשעטקייט און נאַכט־בלישטשלעך אין די אויגן זיך אַרומגעקוקט.

— יאָ, איך שלאָף שוין, — האָב איך זיך ווי נישט־ווילנדיק געגעבן עפּעס אַ קוק אום צו דעם ברענענדיקן לאָמפּ אויפן טיש, וואָס האָט נאָך געברענט אַלץ אין דעמזעלבן צושטאַנד ווי איידער איך בין איינגעשלאָפן.

— שלמה איז דערטרונקען געוואָרן.

— שלמה? — —

און פונקט ווי נישט דאָס וואָלט געווען דער עיקר, האָב איך מיר געגעבן אַ פרעג איבער:

— נו, האָט מען זיך שוין דערוואוסט... ווען איז דאָס געשען?

— דאָ אויף דער נאַכט.

איך בין געשטאַנען אַ ווײַלע אומבאַוועגלעך, ביז איך האָב דערפילט ווי אַ קילקייט נעמט מיך אַרום אין מײַן נאַקעטן שטיק און, צוריקגייענדיק שוין צום בעט, איבערגעפרעגט:

— ווי אַזוי איז דאָס געשען?

מײַנע חברים האָבן זיך געשטעלט בײַ מײַן בעט און מיר דערציילט:

— ער איז די נאַכט זייער פריילעך געווען און איז געגאַנגען נעמען זיך אַ שיפל אין גאָרטן. אַ סך יונגעלײַט מיט מיידלעך זענען נאָך אַרומגעפאָרן בשעת ער איז צוגעקומען צום וואַסער, נאָר שפּעטער איז אַלץ געוואָרן שטילער און שטילער. ער איז נאָך אַלץ געזעסן אין שיפל, האַלטנדיק זיך דערמיט אָן אַ זײַט, ביים בריקל צו, וואו דאָס וואַסער איז צום טיפסטן און קאָמוניקירט זיך מיט דעם אַנדערן וואַסער, וואָס איבער דער צווייטער זײַט בריקל. און אויף יענעם אָרט, מען ווייסט נישט וואָס פאַר אַן אומגליק עס איז געשען, צי דאָס שיפל האָט זיך געטאָן אַ וואַקל, אָדער ער האָט זיך אַליין געגעבן אַ נישט־פאַרזיכטיקן בייג — און ער איז אַרויסגעפאַלן דערפון... מען וואָלט גאָרנישט געוווּסט דערפון אויך, נאָר דער גוי, וואָס פאַר־דינגט די שיפלעך, אַז עס איז אויסגעגאַנגען די שעה און ער האָט אים נישט געזען צוריק איז ער אים געגאַנגען זוכן — און דערזען ווי דאָס שיפל שטייט ליידיק בײַ איין זײַט ברעג, אַרויסגעשטופּט פון די כוואַליעס, מוז זײַן, — אַ היטל פון אַ מענטש אויף דער צווייטער זײַט ברעג און די וויאָסלע איז גאָר אינגאַנצן פאַרשוואומען ווייט אַוועק. מען האָט באַלד אָנגעהויבן אַרומפאָרן מיט שיפלעך און אָנגעצונדענע לאַמטערלעך איבערן וואַסער, און מען האָט אים אַרויסגענומען, שוין אינגאַנצן געל, מיט אַן אַרונטערגעהאָנגענעם קאָפּ, און דאָס וואַסער האָט זיך געגאָסן צוזאַמען מיט אַ שוים פון מויל.

בײַ מיר האָבן זיך די אויגן פאַרקוועטשט אונטערן שטערן אויס־הערנדיק די מעשה, און מײַנע חברים זענען שטיל געבליבן ווי דער טויט. איינער האָט זיך פאַרטראַכט מיט אַ געזונקענעם קאָפּ, האַלב אין שאָטן, און דער צווייטער מיט אָנגעשטעלטע אויגן צום פייערל פון לאָמפּ.

ענדלעך האָבן זיי זיך אויפגעכאַפּט פונם לאַנגן שטיין:

— ווי שפּעט וועט שוין ערשט זײַן?

— פּונקט צוויי...

זיי האָבן פאַרלאָזט מײַן צימער, יעדער פאַר זיך מיט אַ שטילן זיפץ, און איך בין געבליבן איינער אַליין.

אַצינד האָב איך דערפילט, ווי אַ פּוסטקייט, ווי אַ ווינט וואָלט איבער דעם גאַנצן שטיבל זיך אַרומגעטראָגן.

איך האָב מיך איינגעקאָרטשעט, און איך ווייס אַליין נישט, ווי אַזוי איך האָב די רעשט נאַכט פאַרבראַכט. איך האָב מיך געפילט ווי אַ דיקער שלייער וואָלט זיך צווישן מיר און דער וועלט געלייגט — און איך ליג באַגראָבן, ווי אַ קליינטשיק ווערעמל אין אַ גרויסער פינצטערניש ערגעץ, און ווייט, ווייט איז ערגעץ פאַרן אַ וועלט, וואו עס פלעכטן זיך שרעקלעכע סודות...

# אין דער שטיל

(דערציילונג)

**אויפן טיש** אין מיטן שטוב האָט געברענט אַ פּאַרצעליי־ווייסער לאָמפּ מיט אַ גלעזערנער פּאַרמאַכטער שיין איבערן גלעזל, וואָס האָט אָפּגעשלאָגן אויף די ווענט אַרום זיך אַ רואיקע ליכטיקייט פון איין זייט טיש איז געזעסן דער בעל־בית — אַ לענגלעך געזיכט, אַ רויטע אָפּגעגלאַנצטע נאָז, ווי פון איינעם, וואָס זיצט שטענדיק אויף דער קעלניע מיטן פּנים קעגן ווינט, און פון אונטער זיין פּלושן, קיילעכדיק היטל איבערן שטערן האָבן אָפּגעקוקט אַ פּאָר שטילע, גלאַנציקע אויגן. קעגנ־איבער אים איז געזעסן נאָך איינער — אַ שיינער, מיט אַ ווייס, איידל געזיכט, שוואַרצע אויגן, שוואַרצע קורצע פּאהלעך מיט אַ טוכן היטעלע איבערן קאָפּ. ער איז געווען אַריינגעטאָן מיטן גאַנצן פּנים אין אַ קאָלירטן בויגן פּאַפּיר, וואָס איז געלעגן פאַר אים אויפן טיש. ער האָט געשניצט אין אים מיט אַ פּערל־מוטערנעם מעסערל, וואָס האָט געבלישטשעט צווישן זיינע פינגער, און דערביי איז ער געווען אַזוי פאַרטיפט, אַז ער האָט נישט באַמערקט ווי דעם בעל־ביתס שטערן רונצלט זיך יעדעס מאָל, קוקנדיק איבער דער טיר פון קיך; פון דאָרטן הערט זיך אַ שאָרך פון דער בעל־הביתטע און עס מיניעט פאַרביי איר קרעטאָנענע קליידל פאַר דעם שפּאַלט פון דער פאַרטיערע, וואָס איז אַראָפּגעלאָזט איבער יענער טיר. דער גאַסט האָט אויך נישט באַמערקט מיט וואָס פאַר אַ פאַרביסנקייט און מיט וואָס פאַר אַ פאַרשלאָסענע ליפּן דעם בעל־ביתס אויגן קוקן פון אונטער דעם שטערן אַפער אין יענער ריכטונג, זיצנדיק אין אַן אַרויסגעלאָזטער פּאָזע איבער דער שטול מיט די הענט אין די הויזן־טאַשן, און די פיס אַרויס־געוואָרפן פאַר זיך.

ער האָט אויך נישט באַמערקט, ווי ביסלעכווייז האָט ער אָנגעהויבן צו בייסן שוין זיינע נעגל צווישן די ציין; ווי עס האָבן זיך גערודערט זיינע קינבאַקן און די ווינקלען שלייפן, און מיט וואָס פאַר אַ שטעכעדיק אויג

ער פלעגט נאָר צייטנווייז איבערטראָגן זיין בליק פון דער פּאַרטיערע אויף אים, דעם שיינעם, דעם ווייסן.

דער פּאַרהאַנג איז געוואָרן אָוועקגעבויגן דורך אַ קליין ווייבעריש הענטל, און עס האָט זיך באַוויזן אַ טאַץ אויסגעשטרעקט אין דער לופט מיט דריי אַרויפגעשטעלטע גלעזער טיי אויף איר און אַ נאָכקומענדיק קלאָר געררייטלט פּנים מיט אַ ליכטיקן בליק פון אַ יונגער פרוי.

דאָס איז געווען דעם בעל־הביתס ווייבל, אינגאַנצן אַלט אַ יאָר 22, מיט אַ שטיל באַנעמען, פּאַמעלעכע טריט און מיט לייכט אַראָפּגעלאָזטע ברעמען איבער די אָנגעגאָסענע גלעזער ביז אין ראַנד, וואָס האָבן געלאָזט אַ פּאַרע אויפגיין איבער איר פּנים — איז זי צוגעגאַנגען צום טיש, אַוועק־געשטעלט די טאַץ פּאָרזיכטיק, ווי האַלב זיך אַראָפּזעצנדיק, כדי די גלעזער זאָלן זיך נישט אָנבייגן. דערביי איז אויסגעקומען איר רונדיק פולע ברוסט בולט אַרויסגעשטעלט און דאָס געזיכט אויפגעהויבן — מאָדנע שיין, אַזוי אַז נישט־ווילנדיק האָט דער גאַסט געמוזט וואַרפן אַ בליק אויף איר גאַנצער אויסגעשטעלטער פּאָזע.

אָט דאָס טאַקע האָט דער בעל־בית געוואָלט באַמערקן...

ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, און די ברעמען האָבן זיך אים פאַרכמאַרעט.

זי האָט צעשטעלט די גלעזער טיי פאַר זיי בײדע און פאַר זיך. נאָר ער איז אַלץ געזעסן פאַרביסן און געשוויגן, ווי געוואַרט אויף עפּעס.

— וואָס זיצסטו עפּעס היינט אַזוי... ווי נאָך אַ ברוגז־טאַנץ?... — האָט זי געפרעגט.

— וואָס קוקסטו מיך אַזוי אָן? — האָט ער זיינע אויגן אויפגעהויבן. נאָר באַלד זיי צוריק אַראָפּגעלאָזט.

און נישט וואַרטנדיק אויף קיין ענטפער, האָט ער צוגערוקט זיין גלאָז טיי האַרט צו זיך און גענומען מישן מיט דעם לעפעלע, ווערנדיק וואָס אַמאָל טיפער פאַרזונקען אין געדאַנקען.

אַ שטיל געזופעריי האָט די שטוב אָנגעפילט. די פּנימער אַנטקעגן דער שיין פון לאָמפּ האָבן זיך שטיל געררייטלט, די ברעמען שטיל געזונקען און אַ לייכטע פּאַרע האָט זיך איבער די קעפּ דערהויבן.

זי איז שווייגנדיק אויפגעשטאַנען פון טיש, אַוועק און געבראַנגט נאָכאַמאָל טיי.

ווען זי האָט אים דאָס צווייטע מאָל טיי צוגעשטעלט און ער האָט

זיך אָפּגעווענדט דערפֿון, האָט זי זיך ווי איינגעקאָרטשעט און שטיל געֿ
בעטן, ער זאָל נישט זיין אַזוי... זיין פּריינט צוליב.

נאָר ביי אים איז דאָס געזיכט שוין געווען געגוג פֿאַרביסן, אַז ער
זאָל איצט קענען צוליב טאָן.

— טרינקט — האָט זי, נישט פֿולענדיק ביים מאַן, אָפּגעווענדט זיך
צום פּריינט.

דער פּריינט האָט, ווי פֿילנדיק זיך אין אַ פּרעס, שטיל איבערֿ
געבויגן זיך איבער זיין גלאָז — און, כאָטש, ער האָט שוין די אויגן געהאָט
אויפגעהויבן איבער זיין פּריינט, צו פרעגן אים פאַרוואָס ער זיצט אַזוי,
— נאָר אַ קוק טוענדיק אויף זיין אַנגעלאָדנקייט, איז אים אַזוי נישט
היימלעך געוואָרן, אַז אַ ציטער איז דורכגעגאַנגען זיין ברעם, און זיינע
אַקסלען האָבן זיך פאַרקרעמפּט מיט אַ לייכטן צאַפּל, ווי פֿון אַ פיבערֿ
שוידער.

נו, טרינקט ! — האָט זי אים נאָכאַמאָל געבעטן. — א י ם, אַז
דער קאָפּ טוט אים נאָר עטוואָס ווייֿ — האָט זי אויף דעם מאַן אָנגעוויזן —
זיצט ער שוין נישט דעררעדעוודיק. איר קאָנט דאָך אים.

ער האָט געטרונקען און מורא געהאַט זיין בליק אויפצוהייבן, אום
ער זאָל זיך מיט דעם בעל הבית נישט באַגעגענען. ער האָט שוין איצט
געפילט דעם גאַנצן ערנסט פון זיין שווייגן. און די פרוי האָט שוין מיט
אומגעדולד געוואַרט, אַז דער גאַסט זאָל אויסטרינקען זיין גלאָז טיי. זי האָט
שוין אירס נישט דערטרונקען און אויפגעשטאַנען, אַראָפּצוראַמען פון טיש
און אַן ענדע צו מאַכן צו דעם שווייגנדיקן זיצן.

נאָר שטייענדיק שוין מיט דער טאַץ אין דער האַנט, האָט זי נאָכאַמאָל
געפּרוווט — זיך בעטנדיק ביי אים — פרעגן, צי טוט אים טאַקע דער קאָפּ
ווייֿ, אָדער עפּעס אַנדערש...

ער האָט טעמפּ געקוקט אויף איר : צו וואָס נאָך דאָס ביטערן זיך
איבער אים ? איר אָנגעשטעלט רחמנות-פּנימל, לויט ווי אים האָט זיך
געדאַכט, איז בלויז פאַלש, און ס׳איז שוין ביי אים איצט קיין שום ספק
נישט געווען, ווי... אַז אַזוי איז דאָס טאַקע... נישט קיין עפּעס אַנדערש,
נאָר דאָס וואָס ער דענקט... און אים האָט זיך דאָס געזיכט נאָך מער
אָנגעבלאָזן :

— מיר טוט גאָרנישט ווייֿ. — האָט ער צוריק דעם קאָפּ אַראָפּגעלאָזט.

זי האָט אָפּגעטרעטן, אונטער דעם פאָרהאַנג אוועק. און ער איז
אויפגעשטאַנען, אַרומגעקוקט זיך איבערן פענצטער — דער לאָדן איז נאָך

אָפּן געשטאַנען. און מיט אַ נידעריק אַראָפּגעהאָנגענעם קאָפּ אויף דער ברוסט איז ער באַלד אַרויסגעגאַנגען פון שטוב.

פון אונטער דער וואַנט האָבן זיך געהערט זייַנע געזעצטע, לאַנגזאַמע טריט. אין אַ ווײַלע אַרום האָט זיך באַוויזן זיין ערנסט, קאַלט געזיכט איבער דער שויב און אַ שאָרכן פון אײַזנס, אַ רייבן פון לאָדנס האָט זיך געהערט.

עס האָבן זיך צוגעלענט צוויי האַלבע טירלעך איבערן פענצטער, באַווייזנדיק זייער ברויַנלעכן האַלצערנעם טלוי אויף די שויבן, דערנאָך דאָס אַרייַנרוקן פון אַ פּרענט — און שרהלע איז אָפּערגעקומען פון אונטער דער פּאָרטיערע, איז צוגעגאַנגען פאַרשטעקן מיט דעם אייזערנעם לעפּעלע, ווי נאָר דער שפּונט האָט זיך באַוויזן דורך דעם לאָך אין דער פוטרינע.

דער גאַסט איז די גאַנצע צייט געזעסן אויף זיין אָרט, און אַ שטיל שווייגן איז אויף אים געווען אויסגעגאָסן.

זי האָט פאַרמאַכט. מיט אַ רואיקער באַוועגונג זיך אויסגעדרייט צום טיש און אַוועקגעזעצט זיך אויף איר פריערדיק אָרט.

דער מאַן איז אַזוי גיך נישט צוריק אַרייַנגעקומען. אין שטוב איז שטיל געוואָרן. זייַנע טריט פון הינטער דער וואַנט און דאָס רייבן פון אייזן איז ערגעץ וואו געבליבן הענגען פאַרגליווערט אין דער דרויסנדיקער שטומקייט פון דער נאַכט, און נאָר, ווי אַ שטיל סימיען האָט נאָך אין דער שטילער לופט זיך אַרומגעדרייט און געסימיעט אין זייערע אויערן.

ביידע האָבן נישט געוואַגט זייערע פּנימער אויפצוהייבן. דער לאָמפּ האָט אויף זיי אָפּגעשלאָגן, ווי אין שאָטן איינגעהילט — און נאָר, וואָס איר גאָמבעלע איז אויסגעקומען נידעריקער צום ליכט, וואָס האָט אָפּערגעשלאָגן פון אונטער דער שייך, איז געוואָרן ווי באַגאָסן מיט רויטלעכער ליכטיקייט.

זיין שטערן האָט זיך אָנגעהויבן צו רונצלען, וואָס, אַמאָל אומרואיקער, און אין דער גאַנצער איינגעהאַלטענער שטילקייט האָט זיך אָנגעהויבן צו פילן אַן אומרואיקייט: וואו ער, איר מאַן, האָט געקאָנט אַהינקומען...

דער יונגערמאַן איז אויפגעשטאַנען פון טיש אַוועק, פאַרקנעפּלט דאָס אייבערשטע קנעפּל פון פּאַלטן, אויסגעגלייכט דאָס היטל אויפן קאָפּ, און לייכט פאַרבייגייענדיק קעגן איר, געזאָגט אַ גוטע נאַכט, געגעבן איר די האַנט, און צום לעצטן מאָל אָנקוקנדיק זי מיט ברייט פונאַנדער־געעפנטע אויגן — איז ער אַרויס פון שטוב.

דאָס נאַכט־ווינטל אויף דער גאַס האָט געבלאָזן אויף אים קיל. און ער האָט דערשפּירט ווי דאָס פּנים פּלאַמט אים, ווי דער קאָפּ איז אים

אָנגעגאָסן מיט אַ לייכט רױשן, װי פֿאַר די אױגן שװינדלט נאָך אַלץ דער לאָמפּ מיט בלאָע נאַכט־פֿײַערלעך. און אינעװײניק איז אים עפּעס דאָס האַרץ שטאַרק צעטראָגן.

די נאַכט איז שױן געװעזן שפּעט, די מאַרק־געװעלבער פֿאַרמאַכט, די לאָדנס פֿון די אַרומיקע הײזלעך, װאָס האָבן דעם מאַרק אַרומגעצױמט פּירעקעכדיק, װי אַ קאַסטן, זײַנען שױן געװעזן פֿאַרהעמערט, און נאָר זעלטן װאו האָט דורך אַ שפּאַלט פֿון אַ לאָדן אַרױסגעשטראַלט אַ רױט־לעכע שײַן, װי אַ ליכטיק פּאַסעקל אין דער פֿינצטערער נאַכט אַרײַן. שטאָק, שטום; נאָר ער אײנער אַלײן האָט געשפּאַנט איבער דעם שטײ־נערנעם ברוק, פֿון װעלכן די לאַנגזאַמע טריט האָבן אָפּגעהילכט איבערן גאַנצן לערן מאַרק, מיט אַן אָפּקלאַנג אין דער שטילקײט פֿון דער נאַכט. און שפּרײזנדיק האָט ער זיך נישט אומגעקוקט — נישט לינקס און נישט רעכטס, נאָר פֿאַרטראָגן אין זײַנע געדאַנקען מיט אַ פֿאַרטועטעם קאָפּ, האָט ער זיך אַלץ װײַטער געצױגן אין דער נאַכט־פֿינצטערניש איבער גאַסן און איבער געסלעך, — ביז ער איז אַרױס הינטער דער שטאָט. ס'איז דאָס לעצטע הײזל פֿון קאָװאַל מיט דעם ברײטן שװאַרצן קוימען איבער דעם דעכל פֿון דער קוזשניע.

**און דאָ האָט ער זיך געפֿילט אַביסל רואיקער און אָנגעהױבן נאָך לאַנגזאַמער צו שפּרײזן. זײ װאַנדען בײַ דעם װעג אױף יענער זײַט טײַך. און אים איז אױסגעקומען אַריבערצוגײן די בריק.**

ער האָט ערשט לײַכטער אױפֿגעאָטעמט מיט אַ פֿולער ברוסט, און אַרומגעקוקט זיך איבער די װײַטע לאָנקעס, װאָס זײַנען װי ערשט אַרױס־געשװאומען מיט זײער גראָ טונקלען זיך אין דער אײַנהיל פֿון דער נאַכט. אַ װײַטער און לערער האָריזאָנט, און פֿון אים אַרױס און, פֿון אונטער אים אָפּער, שװאַרצט זיך דער טײַך מיט זײַן שװאַרצער שפּיגל־דעק. דער הימל רױט קײַלעכדיק אין דעם װאַסער אַרײַן אַראָפּגעהאָנגען, און עס שװאַרצן זיך קופּעס פֿינצטערניש פֿון אױבן און שפּיגלען זיך אונטן, װי אין אַ טיפֿן, שװאַרצן אָפּגרונט. אַהערצו, בײַ דער זײַט, נאָענט צו דער בריק, שטײען אַ שורה פֿאַרצײַטישע בײמער אױפֿן ברעג פֿון טײַך, האַלב איבער־געבױגן מיט אַראָפּהענגענדיקע צװײַגן איבערן װאַסער. צװײַג צו צװײַג קוקן זיך אָן, אױסגעשטרעקט פֿון איבער דעם װאַסער; און שפּיגלען אָפּ װי שװאַרצע, לאַנגע הענט אין דער טיפֿקײט אַרײַנגעהאָנגען. דאָרט, אין די טונקעלע ערטער, דערקענט זיך דאָס װיגן זיך פֿון טײַך און דאָס פֿאַלבן זיך פֿון די פּאַסן הימל, װאָס קוקן אַרײַן אין װאַסער צװישן די בלײַזן פֿון

איין בוים און דעם צווייטן. אַ פֿאַרשטאַלטער ברעג, דאַכט זיך, מיט פֿאַר־שטאַלטע ביימער, פֿאַרוואַנדלט פֿון מענטשן... און זיי קוקן אַזוי ווייטאָגלעך צום הימל אַראָפּ... ווי זיי וואָלטן זיך געקלאָגט אויף עפּעס אין דער פֿינצ־טערער נאַכט...

אַרום, די גאַנצע וועלט, איז אַזוי שטיל און הערט זיך, דאַכט זיך, אין עפּעס איין.

דער יונגערמאַן איז געשטאַנען אויף דער בריק און שוין געזען דאָס פּייערל, וואָס האָט געלויכטן אין דעם פֿענצטער פֿון זיין היים, אויף יענער זייט טייך. ער האָט זיך אָנגעלענט אָן פּאַרענטש.

ביי דעם פּאַרענטש פֿון דער בריק איז ער געשטאַנען פֿאַרזונקען און אַריבערגעקוקט אין וואַסער אַראָפּ, וואָס האָט הינטן געפּליסט. ער האָט געזען, ווי שטיל עס רעדלען זיך דינע זיידענע כוואַליעס און צעגייען זיך איבער דעם שוואַרצן וואַסער־שפּיגל. ער האָט נאָכגעקוקט מיט אַ שטילקייט, פֿאַרטראַכט, ווי עס ציען זיך די רעדעלעך כוואַליעס מיט דעם וואַסער אַראָפּ און ווערן אַרונטערגעצויגן אונטער דער בריק.

דערווייל האָט זיך עפּעס אַ וואָרף געטאָן אויפֿן ברעג פֿון צווישן די טונקעלע גראָזן, מיט אַ פּליעסק אין עק וואַסער.

ער האָט זיך איינגעהערט; אַ יאָמערלעך נאַכט־קול פֿון אַ וואַסער־וואָרם האָט געשריגן און אונטערדריקט געוואָרן, ביסלעכווייז אָפּשטאַרבנ־דיק אין דער פֿינצטערער נאַכט — און איידער ער האָט צייט געהאַט צו באַנעמען וואָס דאָרט איז, האָבן אים אַ פּאָר שטאַרקע הענט, פֿון אונטער־ווילעכטס, אַ הייב געטאָן איבערן פּאַרענטש און — אַ שטויס אַראָפּ....

דאָס איז געווען אַן אָנפֿאַל פֿון איין באַשעפֿעניש אויפֿן צווייטן אין אַ שטילער, רואיקער נאַכט...

# געבּרענגט אַ סוד

**ס'איז שווער** צו פאַרשטיין זיין אויסזען נאָך אַ לאַנגער צייט נישט זיין אין דער היים. געקומען איז ער אויף אורלויב צום ברודער. אייגנטלעך צו זיך אַהיים. נאָר דער ברודער האָט שוין געהאַט אַ ווייב און ער נישט, האָט עס געהייסן צום ברודער. זיין פּנים איז געווען ליכטיק, קיילעכדיק; די אויגן, כמעט שיינענדיק, ווען זיי וואָלטן נישט געווען אַ ביסל פון גראָלעכן קאָליר. אָבער דערפאַר די גרויסקייט זייערע, דאָס גלייכע, אָפענע קוקן איז געווען נאָך מער ווי שיינענדיקייט. און וואוהין האָבן זיי אים געקענט לייגן שלאָפן, דער ברודער מיטן ווייב, ווען עס קומט אָן די נאַכט? זען זעט ער אויס אין זיין שיינעם זעלבערישן שינעל מיט די נייע שליפּעס, ווי גאָר אַ גרויסער מאַן, ווי עס וואָלט דער קייסער אַליין געווען; דערצו נאָך איז ער אויך העלדיש, סיי אין זיינע ברייטע אַקסלען און סיי אין זיין מילך־קלאָרן, ריינעם פּנים. וואוהין זשע האָבן זיי אים צו לייגן אין זייער ברודיקער שטוב, און בשעת ער, אַזאַ מאַנספאַרשוין, ווען ער ציט זיך אין איר אויס, וואָלט ער זי גע־דאַרפן אַליין טאַקע צו פאַרנעמען? די גאַנצע דאגה איז אויף זיי געפאַלן אויך איבער זיינע געפּעסלטע און ספּעציעל געקאַרבטע שטיוול, וואָס מען קריגט זיי נאָר דאָרט ערגעץ, אין די ווייטע מקומות. אויך איבער דעם סקריפּ, וואָס זיי האָבן צוגעסקריפּעט ביי זיין יעדן טריט און צוגעגעבן אים אַ גאָר זעלטענעם סוד. „אָט אַזוי, הייסט עס, לעבט מען אין יענע ערטער"... און ווירקלעך, וואָלט מיכאל געדאַרפט אויסזען ווי אַ סוד, נישט נאָר בלויז דערמיט, נאָר דאָס, וואָס עס האָט זיך אין זיינע אויגן אָפּגעשפּיגלט, האָט אויסגעזען עפּעס זייער ווייטס, פּרעמדס, וואָס ליגט איבער ימים. און וואָלט ער נאָר דערציילט עפּעס וועגן שוואַרצען אָדער קאַספּישן ים, ווי אַזוי אַ שטייגער דער „פּאַראַכאָד" האָט זיך געוויגט אויףביידע זייטן, אַהין און אַהער, און עס האָבן זיך געיאָגט די וועלן ווי מחנות שוואַרצע וועלף, און ווי, ענדלעך, איז די שיף אַריין אין דער „בוכטע"... דעמאָלט — קיין איינציקער פון די שכנים וואָלט נישט פאַרמיטן זיין אויער צוצולייגן און אויסגעהערט

ווי אַ הייליקע, פּאַרכטיקע מעשה... האָט ער אָבער גאָרנישט דערציילט, מיכאל, און דאַדורך, קען זיין, שוועבט איבער אים נאָך גרעסער און נאָך מוראדיקער דער סוד פון דער ווייטקייט, פון דער פרעמדקייט. דער דאָזיקער סוד, דאַכט זיך, ליגט אין אים טיף באַהאַלטן, אַפילו אין די רויטע פּאַסיקלעך פון זעלנערישן העמד זיינעם, ובפרט נאָך — אין די אויגן. אָט דאָס אַלץ האָט פאַרשאַפט דעם ברודער מיטן ווייב, דער שוועגערין זיינער, ווי אַ שווערע זאָרג. און היפּטזעכלעך — איר טאַטע, דער שוועגערין: „וואוהין וועלן זיי אים לייגן?"

און איזן איז ער דאָך פון איין משפחה, כאָטש ער זעט אויס אַזוי...ביידע ברידער האָבן דאָך איין טאַטן געהאַט; איין שטיקל פּלאַץ האָבן זיי נאָך ביידע בשותפות. דאָס איז די ירושה, וואָס דער פאָטער האָט זיי איבערגעלאָזט.

זומער ווערט אין דעם גאָרטן פאַרזייט גרינס. דורך די שטראָכעטן וואָס גייען אין גאַס אַרויס, קוקן אַדורך די גרינע בלעטערדיקע שטענגלעך פון די קאַרטאָפּלעס מיט זייערע פיינע בליטן, וואָס פאַרשיינען דאָס אויג מיט זייער ווייסער פּערל־איידלקייט. זיי קוקן אַרויס מיט זייער שלום און דערציילן וועגן זייער שטילן לעבן דאָ אונטער דעם פּלויט. אויך די שפּע, וואָס איז דאָרט אין יענער זומערדיקער צייט איז נישט צו אָפּשאַצן. טייל־מאָל שטעקט אַ קונדעס אַריין אַ הענטל דורך די שטראָכעטן און נעמט נאָך אַפּער פון אונטער די גרינע שטענגלעך עטלעכע ווייסע גרויסע אייער פון אַ הון, וואָס האָט זיך פאַרגנבעט אונטער דער בעל־ביתטעס וויסן, דעם ברודערס ווייב, אויסזיצן דאָ קינדערלעך, ווייל יענע וויל דאָס איר נישט געבן. און נישט נאָר בלויז דאָס פרידלעכע שטיקל פּלאַץ האָבן די צוויי ברידער בשותפות. אויך דאָס הייזל, וואָס קוקט אַרויס פון דאָרט פון אונטער אַן אַלטן, אויסגעקרימטן מאָך־באַוואַקסענעם דאַך־דאַשעק. דער דאַך זעט אויס ווי אַ היטל, דאַכט זיך, פון אַ פאַרצייטישן מענטש. דער מענטש שטייט אָנגעכמורעט אויף דער וועלט און האָט שוין נישט קיין כוח דאָס היטל אַרויפצורוקן, און דאַדורך קוקט ער אַזוי אויסגעקרימט...

אָט דאָס האָבן זיי אויך בשותפות. אַריין גייט מען דערינען טאַקע דורך דעם טירל וואָס איז אין פּלויט. זומער זענען פאַר דער פאַרנטיקער וואַנט, אין ביידע זייטן, אויסגעזעצט ברייט־בלעטערדיקע רויזן־שטאַקן *). פון זייער ברייטקייט און גרינקייט לייגט זיך שטענדיק אַ זאַפטיק־גרינלעכער שאָטן

*) שטאַנגען פון רויזן־קערן „סלאָנעטשניקעס".

איבער דער זאַמד־סטעטשקע, וואָס פירט טיף אויפן בערגל צו דער ברייטער הילצערנער טיר. ווינטער ווידער — איז פאַרפרוירן און מיט איין גליטש אַראָפּ זיך, שטייט מען שויןביים טירל פון פּלויט. און אויסער דעם, האָבן זיי נאָך אויך אַ שפּייכלער הינטן, ווייט אונטערן לאַנג־שמאָלן הויף. דער שפּייכלער איז שוין אויך זייער אַן אַלטער. דער פאָטער פלעגט אין אים האַלטן פאַרשידענע בעל־בתישקייטן. און אויך היינט באַנוצט אים די שוועגערין דערויף. נאָר פונדעסטוועגן איז דאָס אַלץ איצט געווען אַ שפּיי. קליין און אָרעם האָט דאָס אַלץ אויסגעזען אַנטקעגן דעם נייאַהיימגעקומענעם גאַסט. ערשט איצט האָט די שוועגערין דערזען איר קלייניקייט און איר אָרעמקייט: וואוהין וועלן זיי אים פאָרט לייגן? — האָט זי זיך שטיל נאָר געהאַלטן אין איין פרעגן.

איר מאַן, דער ברודער, האָט געוואוסט פון איר שווערער זאָרג, וואָס דאָס איז אויך זיין זאָרג געווען. אָבער אין שפּייכלער איז געלעגן געבנוג היי, נאָך פון פריערדיקן מאָל שניידן אויף זייער אייגן שטיקל לאָנקע, וואָס זיי האָבן טאַקע דאָרט אויף יענער זייט, ווידער הינטן, שוין נאָך דעם שפּייכלער—און וואָס איר, דעם ווייב זיינעם, איז עס גאָר נישט איינגעפאַלן אין זין, אַז טאַקע אין דעם היי דאָרט אין שפּייכלער קען אויך זיין נישט קיין שלעכט געלעגער...

— נו, וואָס זשע זאָרגסטו? — האָט דער מאַן געפרעגט — אָט זעסטו דאָך, און שוין...

און ווירקלעך איז דערמיט שוין באַזייטיק געוואָרן די זאָרג. טיילמאָל אַן איינפאַל אַ גוטער העלפט מער ווי די גרעסטע רייכקייט, ווען מען קען זיך אין איר קיין עצה נישט געבן.

דער ברודער ווידער, דער אַהיימגעקומענער, האָט אַוודאי נישט פאַרשטאַנען די זאָרג. ער, אַ געשעפּט האָט ער, אַבי ער איז אַהיימגעקומען און מען זעט זיך ווידער. טאַקע אין דער אמתן: וואָס האָט ער צו זאָרגן? — אָט זעט ער די שוועגערין זיינע, אַ געזונטע און שיינע, אַ ברייטברוסטיקע. איר שטימע לויפט פון אַ גרוימער, ברייטער ברוסט, ווי טויזנט גלעקלעך, בשעת זיי צעקלינגען זיך אין אַ גרויסן, ברייטן גאָרטן. און איבערהויפּט טאַקע, ווען זי רופט די הינער צונויף פון גאָרטן, אין האַלבן טאָג, כדי צו וואַרפן זיי שטיקלעך אָפּגעקאָכטע קאַרטאָפלעס. דעמאָלט שטייט נאָך אויך די זון איבער דער מיט חלל, פונקט איבער איר קאָפּ — פליצט איר קול, חוץ ווי גלעקלעך, אויך נאָך צוזאַמענגעמישט, ווי מיט אַ טייך ליכטיקייט. ער זעט איר ברייט, זויבער קלייד און די

טונקלקייט פון די פאַלדן, וואָס לאָזן זיך לענג־אויס אַראָפּ פון אונטער איר טאַליע, צוזאַמען מיט אירע דראָבנע ווייבערישע טריט. אָט די דאָזיקע פאַלדן, בשעת זי באַוועגט פלינק מיט אירע טריט, באַקומען עפּעס מיט אַמאָל אַן אויפגעוואַכטקייט און טאַנצן פונקט ווי לעבעדיקע מיט אַ גע־שווינדער צערודערטקייט, אָפּשפּרינגענדיק און צופאַלנדיק מיט אַ קושן פון די זוימען אירע טריט. דעמאָלט זאָגט ער איר, ווען זי גייט פאַרביי:

— וואָס דאַרפסטו דען זאָרגן פאַר מיין שלאָפן גיין ?...

— אָך... — זאָגט זי.

און די שוועגערין פילט גאָר נישט, ווי זי פאַלט אַליין, ווי פון זיך, צו אים צו. אָבער זי בלייבט שטיין און זאָגט גאָרנישט מער, נאָר ווי דאָס פּנים וואָלט איר מיט אַמאָל, פּלוצלינג, אַראָפּגעזונקען געוואָרן און ווי זי וואָלט ערגעץ אַריינגעפאַלן, פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן מיט אירע טריט, אַליין נישט וויסנדיק וואוהין. עס זעט אויס, ווי זי וואָלט עפּעס געוואָלט, אָדער עפּעס געהאַט צו זאָגן, נאָר די ווערטער זענען איר ווי דערשטיקט געוואָרן אין האַלדז. מיכאל ווידער, דער שוואָגער, איר מאַנס ברודער, פאַרשעמט זיך אַליין אויך פאַר איר רויטקייט.

זי שטייט אַזוי אַ צוויי־דריי סעקונדן מיט שטיל אַראָפּגעהאָנגענע ברעמען פון איר געזונקענעם ווי פאַרלוירענעם פּנים. זי האַלט זיך דע־מאָלט זייער שטאַרק איין אין אָטעמען, אַזוי אַז מען קען גאָר דייטלעך הערן, ווי איר האַרץ קלאַפּט. און מיכאל, דער שוואָגער, ווייסט שוין איצט, אַז ביינאַכט, ווען די זון וועט אונטערגיין, האָט ער צו שלאָפן אין שפּייכ־לער צווישן היי...

אַ רויטע האָט זיך אין יענעם פאַרנאַכט די זון אַראָפּגעלאָזט ווייט הינטער זייער פאַרקאַן און האָט אויסגעזען ווי אַ גרויסער סטויג היי... אַ רויטע סודותדיקייט האָט די שטילקייט פון דער וועלט איינגעהילט.

# אייפער און געוויסן

איך זאָל אייך גיין דערציילן פון אָנהייב אָן און אויס־פירלעך: — ווער ווייסט, צי עס וואָלטן מיר געניגט מעגלעכקייטן אויף צו קאָנען אויפוויקלען דאָס אַלץ, וואָס איז פאַר מיר אַליין אַזוי נישט באַשטימט. איינס נאָר קאָן איך זאָגן, אַז אַ געוואַלטיקן פּרווו האָט אַ מענטש אויסצושטיין אין אַזאַ פאַל, ווי עס האָט מיט מיר פּאַסירט און מסתמא פּאַסירט עס אויך מיט נאָך טויזנטער אַנדערע. איך האָב מיך פאַר־ליבט אין אַ מיידל. אָנגעהויבן האָט עס זיך ווי מייסטנס, אומגעריכט. איך האָב זי באַגעגנט אויפן לאַנד, ווען איך בין געווען דאָרט אויף אָפּ־צורוען. איך בין אַ לערער פון מוזיק און ווי אַזעלכער האָב איך באַקאַנט־שאַפט מיט שענערע שטובן, מיט אייניקע טעאַטער־אונטערנעמער, מיט די דיריגענטן פון די טעאַטער־אָרקעסטערן און אויך מיין הויפּט־פּרנסה צי איך פון דער דאָזיקער געזעלשאַפט. אין דער צייט פון זומער־קאַניקולן, ווען אַלץ צעפאָרט זיך אויפן לאַנד; די טעאַטערן אין שטאָט האָבן דעמאָלט נישט וואָס צו מאַכן און די אונטערנעמער פאָרן אַרויס — דערלויב איך זיך אין יענער צייט אַ ביסל אָפּצורוען. ווי אַזוי איך האָב מיך מיט דעם מיידל דערנענטערט, איז נישט אינטערעסאַנט. איך האָב זי דערזען דאָס ערשטע מאָל; זי איז געווען אַ יאָר זיבעצן. זי האָט גאַנץ שיין געזונגען, גאַנץ פיין געפּלוידערט וועגן זאַכן, גאָר נישט ווי פון קלענערן אָרט. געשפּרונ־גען, געטאַנצט, אַ גאַנץ געשיקטע פיגור און אַפילו צוויי קלוגע, ברענענ־דיקע אויגן — אָבער לאַכן האָט זי געקאָנט, גייט דאָס שוין איבער אַלע אַנדערע מעלות אירע... איך האָב מיר נישט איין מאָל געקלערט: ווען אַ טעאַטער דאַרף האָבן אַ ספּעציעלע העלדין אין אַ פּיעסע צום לאַכן, וואָלט עס זי געמעגט איינלאַדן פאַר אַ ראָליסטין אין דער ראָלע. און אַזוי איז עס געווען: זי האָט מיך מיט דעם געלעכטער אָנגעשטעקט. איצט ווייס איך, ווי אַזוי אַזאַ פּראָווינצער מיידל לערנט אויס אַזעלכע גרויסע חכמים ווי איך צו האַלטן דעם קאָפּ אויף די אַקסלען. איר וועט הערן ווי אַזוי נישט ערנסט אַזעלכע מיידלעך זענען אין זייערע האַנדלונגען און ביז וויפל זייער לייכטזין דערגייט, וועט איר אָדער אַנטלויפן אָדער פאַרלייגן

די הענט אויף דער ברוסט און שטיין, ווערן צוגעקאָוועט צום אָרט פון פאַרחידושונג.

דער וואַלד איז אַ גרויסער דאָרט, און כאָטש עס איז נישט ווײַט פון אַ באַן־ליניע, דאָך די וועלדער, וואָס מען זעט אויך אויף זומער־וואוינונגען, קומען גאָרנישט צו אים. דאָרט די טיפקייט פון וואַלד איז אויף לאַנגע, לאַנגע קילאָמעטער — און קיין מענטש נישט צו זען פאַר די אויגן. די הויכקייט פון די ביימער, בשעת זיי וויגן מיט די קעפּ, דאַכט זיך דיר, אַז זיי שרייבן מיט די שפּיצן אויפן הימל, און אונטן — אַ מאָך, די באַגנעס — מיט הויכע גראָזן און די שטאַמען אַרום אַזוי גראָ און אַלט. אַז דו קוקסט פון ווייטן, דאַכט זיך דיר נישט איין מאָל, אַז אַ גראָער וואָלף איז יעדער שטאָם, ביז דו קומסט נישט צו נענטער... אין יענעם וואַלד אַריין האָט מיך פאַרגלוסט גיין שפּאַצירן מיט דעם מיידל.

— מינקע, — זאָג איך — מיר גייען.

— איך בין שטענדיק גרייט... — ענטפערט זי מיט אַ געלעכטערל, וואָס צעשאָקלט אַזש דאָס האַרץ.

— גוט, — זאָג איך — קום, מיר וועלן זיך טאָקע אַ ביסל דורכגיין.

— מיט קאָזשעלקעס, צי אָן?... — פרעגט זי.

— פאַר מיינעטוועגן — זאָג איך — זאָל זיין, אַז מיט... קאָנסט אפילו גיין אויף די הענט אויך... אַבי דאָס קליידל זאָל זיך דיר נאָר נישט צו פיל פאַרשאַרצן... וואָרן דעמאָלט — זאָג איך — אַנטלויף איך אַרויס פון וואַלד...

— ע... — זאָגט זי — ביי מיר אַנטלויפט מען נישט... און דאָס קליידל, — מאַכט זי, איינוועגס אַ קוק טוענדיק און אַ צי אַראָפּ געבנדיק עס אַרום זיך ביי די קניען — עס איז גענוג קורץ... ס׳האָט זיך שוין באַלד נישט וואָס צו פאַרשאַרצן...

— זאָלסטו אַזוי געזונט זיין — זאָג איך — ווי איך וואָלט נישט אַרויסגעלאָפן פון וואַלד, ווען נאָר נאָך איין קליין ביסל עס פאַרשאַרצט זיך... — און דערביי גיב איך איר אַ קניפּ ביים בעקל און אַ לייכט פעטשל צו.

— נו, נו... — זאָגט זי — ע׳מיר שוין זען, ווי דו וועסט אַנטלויפן.

און אַרויפלייגנדיק דאָס לייכטע טיכל אויף די אַקסלען, שטייט זי שוין גרייט און גיט זיך אַליין אַ צי פאָראויס, נאָך פריער פאַר מיר, און איך גיי איר נאָך פון הינטן.

— וואַרט, האָסט קיין צייט נישט?...

— נו, נו... — מאַכט זי — מיין מאַמע האָט געוואַרט, האָט זי שפּעט חתונה געהאַט...

— און גענוג צייט געהאַט — זאָג איך — צו האָבן אַזאַ כלי ווי דו...

— ביסט אויך גערעכט... — זאָגט זי — זאָל איך מיך דעריבער — זאָגט זי — נאָכשלעפּן נאָך דיר?... איך האָב ליב, אַז מען שלעפּט זיך נאָך מיר...

— האָסטו יאָ ליב? — פרעג איך — טאָ וואַרט זשע... — און איך גיב זי אַ פּאַק אַן הינטן ביים קליידל...

אָבער אַזוי פלינק, ווי אַ פויגל און ראַש, ווי אַ סאַרנע גיט זי זיך אַ ריס־אויס פון מיין האַנט און — גיי, יאָג זיך נאָך איר. נישט נאָר וואָס זי איז פאָראויס, נאָר שוין צען מאָל אַזוי וויט...

נו, אַז איך זע אַזוי, טראַכט איך: דאָס איז אויך נישט שיין... מען מוז איר נאָכהאַלטן, אַז נישט וועל איך זיין אַ שלימזל און גלאַט אַ צע־קראָכענער: איך קאָן אַפילו קיין מיידל נישט נאָכיאָגן... קיין גיכן טריט נישט שטעלן... וואָס דאָס האָבן מיידלעך ליב... ווי פאַרשטייט איר? אַזאַ קריכן, דאָס איז דאָך די לעצטע מאָדע פון ספּאָרט...

פאַרשטייט זיך, אַז איך יאָג אַ שוים פון האַלדז, אַבי זי צו כאַפּן... אָבער אומזיסט — עס גייט נישט, מיין פריינט... אַלע אָנשטרענגונגען זענען פאַרלוירן... איר פוס איז האַרט ווי פון דראָט, איר פיגור קיילעכדיק און שלאַנג און בייגעוודיק, און דאָס קעפּל — אַזוי שמאָל... אַז עס איז אַ מחיה צו קוקן ווי עס שניידט זיך אין דער לופט, ווי פון אַ ווילד, צוויי־יעריק פערד.

זי פאָראויס און איך נאָך, ביז אין עק וואַלד. ערשט קוים אויפן גראָז פאַל איך אָן כוחות, און זי — לאַכט איבערן גאַנצן וואַלד... און בראַש צווישן די ביימער קלינגט עס אָפּ אין דער טיפקייט אַריין, נאָך דרייסיק מאָל איבערוווידערנדיק זיך, און איך ליג, הער אויס, פונקט ווי אַ נישט־גוטער וואָלט צוגעזען מיין „ביטערע" לאַגע און צעקייקלט זיך פאַר געלעכטער...

אַז איך שטיי אויף, זאָגט זי:

— נו, דו וועסט שוין נישט פון מיר אַנטלויפן?...

— ווי אַזוי, — זאָג איך — אַז דו אַנטלויפסט פון מיר?

— אַזוי — זאָגט זי — דאַרף טאַקע זיין... און דו וועסט מיך יאָגן...

— נו, גוט; אָבער שטיי זשע אַ מינוט. איך וועל דיך אָננעמען ביים אָרעם...

— אַלץ נישט דאָ; טיפער אין וואַלד...

— פאַרוואָס נישט דאָ? — זאָג איך.

— דאָ זעען נאָך מענטשן... — און איר פּנים צעלאַכט זיך ווידער ביי איר, אַז מען קאָן זיך נישט פאַרשטעלן גאָר...

— גוט — זאָג איך — איך ווייס, אַז דו נאַרסט מיך אָפּ... — און אין האַרץ טראַכט איך: „איך בין שוין אַריינגעפאַלן"...

ווייל, ווי אַזוי נישט נאָכקריכן איר אומעטום, אַז זי האָט מיך שוין צעשפּילט... ווי אַזוי בלייבן זיצן, און אָט די דראָבנע ליפּעלעך, אײן מאָל פאַר אַלע מאָל, נישט גוט אויסצוּוועלגערן צווישן מיינע... נישט פילן כאָטש איין מאָל דעם טעם פון ווייכקייט און זאַפטיקייט זייערע, ווי די זאַפטיקייט פון אַ גוט פריש שוועמל... איך האָב אַזש אָפּגעזיפצט און אָפּגעסאָפּעט פון שווערן לויפן...

זי, ווייזט אויס, האָט דאָס באַמערקט און אַרויפגעלייגט די האַנט, קוקנדיק אויף מיר פונדערווייטנס, ווי ערנסט איך בין שטיין געבליבן.

— נו — זאָג איך — זאָלסט געדענקען, אַז קיין איין מאָל האָב איך דיך ביים אָרעם נישט אָנגערירט פון צייט אָן מיר זענען אַרויס פון שטוב.

— נו, כאַפּ מיך, — זאָגט זי — איך בין אַלע מאָל צו דיין „דיס־פּאָזיציע"...

„איי, זאָל עס נישט געדאַכט ווערן... — טראַכט איך — ס'איז מיר נישט־גוט געוואָרן..."

— און אַז דו ביסט אַ שלימזל, בין איך נישט שולדיק...

— אַלזאָ — זאָג איך איר — הער... אַ וואָרעם קריכט דיר אויפן קאָפּ...

אין דער ערשטער מינוט האָט זי שיר פאַרגעסן... ווייבער זענען שרעקעוודיק... — האָב איך געטראַכט — און זי האָט טאַקע אַ שפּרונג געטאָן אויפן אָרט... אָבער וועדליק ווי ווייבער זענען שרעקעוודיק, האָט זי זיך באַלד געפּאַסט און געוויזן, אַז דאָס איז זי אויך נישט... זי האָט מיר אַרויסגעשטעקט די צונג פון ווייטן און איך האָב שוין געזען דעם ביטערן סוף פאַר די אויגן, וואָס נעמט אָבער צו די נשמה בנשיקה...

— הכלל, דו ווילסט נישט גיין? — האָב איך געפרעגט.

— קום טיפער אין וואַלד... — זאָגט זי.

פונדעסטוועגן, ווי איך ווייס ביי אַזוינע זאַכן, בלייבן נישט שטענדיק די זיגערינס די מיידלעך. זי בריהט זיך, בריהט זיך... און לאַכט און לאַכט... און דער סוף איז, אַז זי פאַלט פאַרט אַריין... ווי אַזוי — פאַרשטייט זיך, דאָס איז נישט מיין זאַך... אַ פאַקט אָבער ווייס איך, איז, אַז זי בריהט זיך אַזוי לאַנג, ביז זי בלייבט אַמאָל אַליין אומבאַהאָלפן... קאָן זיך אַליין קיין ריר נישט געבן. פון אַנטלויפן איז אָפּגערעדט...

און איך זאָל זאָגן ווידער, אַז איך האָב עס נישט גערן, אַז זי זאָל אויך אַריינפאַלן... און טאַקע ביי מיר... און טאַקע שוין ערשט... וואָלט אויך פאַלש געווען. איך זאָג אויס דעם אמת. אָבער אומזיניקע געדאַנקען. איך מעג מיר טראַכטן ווי מיר איז ליב, ווי מיר איז וואויל און ווי איך וואָלט מיר געוואונטשן... אָבער זי טראַכט זיך אַנדערש... און אפשר גאָרנישט זי... עס האָט זיך שוין אַזוי געפירט... צום טייוול אַלץ! יעדנ־פאַלס, האָב איך שוין דערשפּירט דאָס שטיקעלע ביטערקייט פון דעם שפּיל, און דעם טעם — פון עפּעס גאָרנישט היימלעכס... וואָרן צו וואָס לויפן מיר? וועלכע שוואַרצע יאָר טראָגן אונדז? דאָס גראָז איז אַזוי ווייך, פריש און שמעקנדיק, דער וואַלד אַזוי רואיק, הויך און סודותדיק, אַ בלאָקייט קוקט אַריין אין אים פון אויבן, עס דאַכט זיך, ווי עס וואָלט ערשט אָנגעהויבן טאָגן, און אַרום שטייען די ביימער, ווי די גוטע, שטומע וועכ־טער, וואָס לאָ די זיי היטן אונדז אָפּ פון אַל דעם שלעכטן, וועלן זיי נאָך קיינעם קיין וואָרט אויך נישט איבערגעבן... העכסטנס — קאָנען זיי נאָך דיך אַליין צוּוויגן, ווי אַ קינד צום איינדרימלען, אויב דו וועסט וועלן זיצן לעבן מיר, אַקסל ביי אַקסל, און ווען דו וועסט מיד ווערן, לייגן דאָס קעפּל דיינס אויף מיין שויס... טאָ, צו וואָס זשע דאָס לויפן?...

נעם איך פונדעסטוועגן, כאָטש עס ציט מיך צום זיצן און איך וואָלט זייער גערן נישט ווייטער געגאַנגען אַפילו אַ טריט, נאָר שוין דאָ זיך אַנידערגעזעצט און זאָל זי אַפילו מיר אָפּטאָן וואָס זי וויל, ברוגז ווערן... אָדער וואָס — נעם איך פונדעסטוועגן, לויטן פריערדיקן באַשלוס: אַז נאָך דער גאַנצער בריהשקייט פון אַ מיידל, בלייבט זי נאָך נישט אַלע מאָל די זיגערין, ווען דער סוף קומט... נעם איך און גיב איר נאָך...

— גוט... — זאָג איך — דו ווילסט טיפער אין וואַלד, איך בין גרייט.

און דאָ קומט דאָס טרויעריקע.

מער ווי דורך זיבן געדיכטע „זאַגאַיניקעס" האָט זי מיך געפירט, ביז איך בין אַהיימגעקומען אויסגעשפּריצט אין בלאָטע... זי — אַפילו אַ שפּריץ אויפן שיכל נישט... איר קונציק, פלינק גיין איבער די „באַגנעס", איר אויסמיידן וואו מען דאַרף נישט שטעלן דאָס פיסל, האָט איר אַפילו די זויל נישט איינגענעצט...

ערשט צוריקגייענדיק, אויפן ברעג וואַסערל, וואָס שטייט אויפן פעלד ביי דער זייט וועג, האָב איך דערזען, אַז איך בין „אָנגעבלאָזן", ברוגזלעך...

— נו — פרעג איך — האָסט דאָך עפּעס געזאָגט, אַז טיפער אין

וואַלד וועט אַנדערש זיין, וועסטו מיך נישט אַליין לאָזן?..

— נאָר וואָס דען, — זאָגט זי — אַוודאי האָב איך דיך נישט געמיינט אַליין צו לאָזן... נו, דו ביסט דאָך מיר נאָכגעגאַנגען...

— אַ שיינעם יישר־כוח דיר...

— ניין, — זאָגט זי — האָנט ביי האָנט, נישט...

— נו, איז נישט... — האָב איך געענטפערט און איך בין שוין געווען פול מיט פאַרדראָס (משטיינסגעזאָגט, מיין גאַנצער פאַרדראָס אויף איר צו יענער צייט...), וואָס זי פאַרפירט מיך עקסטרע מיט אַזעלכע מיני קונצשטיקלעך, וואָס זי האָט זיי שוין נישט וועמען אָפּצוטאָן נאָר מיר...

אָבער אַ ברירה האָב איך?

און אַוועקגייענדיק פון טייכל, ביי וועלכן זי איז נאָך געבליבן שטיין אויפן אַנדערן ברעג, האָב איך געזען ווי אירע פיס, וואָס שפּיגלען זיך ביז איבער די קני, הוידען זיך אין וואַסער... און איך בין מיר אַליין געגאַנגען, טראַכטענדיק: דאָס ערשטע און דאָס לעצטע מאָל...

און אַזוי פונדערווייטנס און פאַנאַנדערגעשיידט, איך פריער און זי שפּעטער, זענען מיר אַהיימגעקומען.

אָבער פאַר דער טיר, מוז איך מודה זיין, האָב איך מיך אָפּגעשטעלט וואַרטן. איך האָב נישט געקאָנט אַריין אַליין אין שטוב, אַז די מוטער זאָל דאָס דערזען און מיך אָנהייבן צו פרעגן: האַ, וואו איז זי... אָדער: וואָס איז די מעשה?...

און איר געשטאַלט, אָט־אָ־דאָ שטייענדיק, האָט זיך מיר ערשט צע־שוועבט פאַר די אויגן, פונקט ווי זי איז געשטאַנען אויפן ברעג וואַסערל, וואו איך האָב זי איבערגעלאָזט אַ הוידענדיקע און שפּיגלענדיקע... עס האָט זיך מיר געדאַכט, אַז די גאַנצע לופט איז פול מיט איר הוידען זיך, מיט איר שפּיגלען זיך... און, גאָט דו מיינער — האָב איך געטראַכט — זאָל זיין, אַז דאָס איז אַל דאָס שלעכטס פאַר מיר, אַפילו סם־המות, — אָבער שטאַרבן אַפילו איז אויך גוט פאַר איר... און איך האָב דערפילט, אַז איך האָב זי אמת ליב.

איך האָב זיך דערוואַרט, ביז זי איז אָנגעקומען פאַר דער טיר. איך האָב זי דורכגעלאָזט צום ערשטן און איך בין נאָכגעגאַנגען נאָך איר.

דאָך האָט עס מיין פאַרדראָס נישט געשטילט און איך האָב נישט גערעדט צו איר אפשר אַ קנאַפּן מעת־לעת. וואו זי איז געגאַנגען, בין איך נישט געגאַנגען, און וואו זי איז געשטאַנען, בין איך נישט געשטאַנען.

צומאָרגנס האָב איך מיך מיט איר איבערגעבעטן. אָבער גאָר אויף אַ מערקווערדיקן אופן.

אײגנטלעך בין איך שוין מיט שעהען פריער געװען איבערגעבעטן אין די געדאַנקען, װען איך בין נאָך אויף מײן געלעגער געלעגן. װי נאַריש, װי קינדיש ס'איז געװען מײן גאַנץ „בלאָזן" זיך קעגן איר? די מײדלשע אײגנליבע און באַװאוסטזײן, אַז זי האָט אַ כּוח אויף מיר, אָרעמען, שװאַכן, אָדער — זאָל זײן — „העלד", אויב איר װילט, האָב איך נישט געקאָנט פאַרגינען?... צו װאָס האָב איך מיך נישט געקאָנט אַנידערזעצן אויפן גראָז און — איך גײ נישט װײטער... דעמאָלט, בין איך זיכער, אַז זי װאָלט דאָך צו מיר צוגעקומען... זי װאָלט אַרויפגעלײגט איר האַנט אויף מײן אָרעם, אײנגעשפּיגלט אירע צװײ פלאַקער־אויגן אין מײנע, געמאַכט פּונקט אַזאַ ברוגז אָנגעשטעלטע מינע װי איך... האַלב געלעכטער, האַלב אויס־געצװיגענע באַקן, מעשה ערנסט... און מיך אָנגעקוקט פון אונטער איר שטערן אַפער:

— װאָס ביסטו מיט מיר ברוגז?...

איך װאָלט אין דער ערשטער מינוט נישט געמאַכט מיך װיסן, עלעהאַי — פאַרשטײ אַלײן... און אַז דו מוזט מיך איבערבעטן... און װען זי װאָלט שוין געגעבן דעם ברײטן לאַך אַרויס... ס'הײסט, אַז זי מאַכט װײטער חוזק... דעמאָלט װאָלט איך זי געגעבן אַ פּאַק אָן אַרום די קניען און, אײדער זי װאָלט צײט געהאַט אַ בליק מיט אַ בליק אויסצוטױשן, װאָלט זי שוין געזעסן אויף מײן שױס... און איך װאָלט ערשט איר געזאָגט:

— איצטער בעטסטו דיך בײ מיר, אַז איך זאָל װידער דיך נישט פּײניקן, װי דו מיך... און נישט קײן חוזק מאַכן אויס דיר... אָבער דו זיצסט... האַ?... אַזױ װי אַ קײזערין... האַ?... איצטער גיב זשע מיר אַ קוש אויף דער באַק... און דער צװײטער, נו... װעל איך שוין דיר געבן... און בעט מיך שטאַרק איבער... װאָרן זאָלסטו װיסן, אַז קײן זאַך װערט נישט געשװיגן... האָסט זיך גערײצט מיט מיר, איצטער באַצאָל... און דערנאָך לאָז דיר װאוילגײן, אויב דו װילסט... גײ דיר בשלום צוריק אַהײם און איך װעל דיך נאָך אונטערפירן אונטערן אָרעם... און נאָך אַ מאָל — זײ נישט קײן קינד...

אָט אַזױ האָב איך געטראַכט אין יענעם מאָרגן און איך האָב איר שוין געהאַט מוחל געװען, אײגנטלעך, נאָך אויפן געלעגער ליגנדיק. —

די זון האָט אַרײנגעשײנט דורך דער גאַנצער ברײט פענצטער אין מײן באַזונדערן צימער. די זעקס־געקעסטלטע ליכט־רעם, װאָס האָט זיך

אָפּגעמאָלט אויף דער פּאַדלאָגע, האָט מיר געוויזן, אַז דער זייגער האָלט שוין אַוודאי צען, און אַז איך האָב אַרויסגעשלעפּט דאָס זייגערל, וואָס האָט אַרויסגעהאַנגען מיטן קייטל פון דער טאַש פון מיין ווערסטל, וואָס איז געווען פאַרוואָרפן איבערן רוקן פון דער שטול — האָט געשטימט: פּונקט צען!

איך בין אויפגעשטאַנען, אַראָפּ פון בעט, געגעבן אַ קוק דורך דעם אויסגעגלאַנצטן פענצטער, וואָס האָט געבריט פון דער הייסער זון, און האָב דערזען, אַז אויפן פעלד שטייען די פּויערים פאַרזונקען שוין ביז אין די אַקסלען אין זייער אַרבעט. כ׳האָב גענומען דאָס האַנטעך מיטן זייף און דעם איבערמאַנטל מיט די שטעק־שיך און בין אַריין אין דער פאַרנדיקער שטוב, טראַכטנדיק מיר, אַז איך האָב מיך שוין סיי ווי סיי איבערגעבעטן... און אַזוי איז טאַקע געווען: אַזוי ווי כ׳האָב נאָר די טיר געעפנט און אין שטוב אַריין, האָט זי, דאָס מיידל, די ערשטע אַ לעבעדיקן שמייכל מיר געוואָרפן אין פּנים אַריין, די גאַנצע שטוב האָט אַ פינקל געטאָן. איך האָב מיר געטראַכט:

— אָט אַזוי... ביסט בעסער געוואָרן...

און פאַרשטייט זיך, איך האָב מיך נישט געקאָנט איינהאַלטן נישט צו זאָגן איר אַ „גוט מאָרגן" אויך שוין מיט דעם זעלבן שמייכל, און בין מיר געגאַנגען אין קאָרידאָר אַריין זיך וואַשן.

געווען זענען אין שטוב די מוטער און דאָס מיידל, מער איז אין זייער פאַמיליע נישט געווען דאָ אין לאַנד. זי באַשטייט פון זיי און צוויי ברידער, איז איינער אין אַמעריקע און שיקט אַהער דאָלאַרן. דער צווייטער איז אין פּאַלעסטינע, און ער שיקט שוין גאָרנישט. געפאָרן איז דער לעצטער מיט זיין אייגענער פאַמיליע און געקויפט ערד. נאָר ווי מען זאָגט, פיבערט ער דאָרט גוט צו... מילא, ס׳איז דאָך אַן ארץ־הקדושה און מען טאָר נישט רעדן דערויף, נאָר מען זאָגט, אַז מען ווייסט נישט, וואָס ער פיבערט איצט, צי אויפן געלט, וואָס ער האָט אַריינגעלייגט און וואָלט עס גערן צוריק געזען און דאָס קאָן ער שוין נישט... אָדער פיבערט ער פון גרויס חרטה, ווייל עס גייט אים זייער שלעכט... אָבער לאַכן טאָר מען נישט — אַ מענטש וואָס איז געפאָרן אַראָפּ אַהין מיט אַ פאַמיליע, האָט געזוכט, מוז זיין, אַביסל פרייד אין לעבן, וואָס דאָ הי האָט ער זי נישט געהאַט. און אַבי, אַז אַ מענטש זוכט עפּעס אַ חוץ דעם ברויט, דאַרף מען פאַר אים גרויס דרך־ארץ האָבן. דאָ הי האָט אים גאָרנישט געפעלט, אויסער פרייד, און אפשר דאָס אויך געהאַט, נאָר ס׳איז נישט געווען דאָס,

וואָס ער האָט געוואָלט... אפשר האָט ער געבענקט נאָך דער פייערלעכער צערעמאָניע פון נאָך מיט פאַר צוויי טויזנט יאָר צוריק, ווען דאָס גאַנצע פאָלק איז געשטאַנען פאַרזאַמלט און אָפּגעוואַרט דעם כהן־גדול יום־כפּור פון בית־המקדש אַרויס; אפשר האָט ער געבענקט נאָך די ווילדע פאַר־וואַקסענע בערג, וואָס שטייען, על־כל־פּנים, נאָך היינט אויך דאָרט, אפילו, גאָר פאַרוויסטע, און צעגליטעטער שטיין קוקט נאָר פון זייער הייך אַראָפּ אין דער נידער צום טאָל, וואו עס דרייען זיך די קינדער פון דעם אַמאָליקן פּרעכטיקן פאָלק, איצטער נישט מער ווי אורחים... אָדער אפילו, אַז ער האָט געבענקט נאָך דער האַלבער כותל־מערבי — אַלץ איינס. אַ פאַקט איז, אַז דאָ הי האָט אים גאָרנישט געפעלט, געהאַט האָט ער אַ שיינע, פּרעכטיקע וואוינונג איבער דעם געוועלב, אַ פרוי און צוויי קינדער — און איצט, ווי כ'האָב געכאַפּט נאָר אַ שושקען זיך פון דעם סוד... שיקט אים דער אַמעריקאַנער ברודער אויך צו עפּעס, פון צייט צו צייט, נישט אויסגערעדט זאָל עס זיין, אַז נישט וואָלט ער אַנטגאַנגען... און דעריבער זיצט טאַקע די מוטער דאָ, נישט איינמאָל, מיט אַ פאַרלייגטן פינגער אונ־טער דער באַק, מיט קעגנאיבער אויסגעשטעלטע אויגן אויף דער וואַנט, מיט דעם עלנבויגן אָנגעשפּאַרט אויף דער שויס... און שטענדיק ענדיקט זי דאָס זיצן אַזוי, מיט אַ פאַמעלעכדיקן זיפץ, אויפשטייענדיק פאַמעלעך פון דער שטול...

די מוטער אַליין איז נאָך אויך אַ בילד־שיינע פרוי. זי טראָגט נאָר נית קיין גאָרסעט, ווייל ס'איז היינט נישט די מאָדע. אויך נישט קיין קורץ קליידל, — כאָטש דאָס איז יאָ אין דער מאָדע. ווייטער אַזוי, אַלע אַנדערע פון מאָדע־ און שמינק־זאַכן טראָגט זי יאָ און באַנוצט יאָ. איך אַליין וואָלט מיך נאָך געקאָנט פאַרליבן אין איר. זי איז שיין, גראַציעז, קלאָר און עטוואָס העכער פון מיטל־געשטאַלטיק. און אפשר פאַר אַ פרוי הייסט דאָס שוין אַ הויכע אין געוויקס. זי איז בעט, נישט דיק, נאָר אויף קיין האָר נישט דיק. זי איז שוין אַלט אַ יאָר זעקס און פערציק, ווי איך שאַץ אָפּ לויט דער עלטער פון אירע זין. אָבער אויסזען זעט זי אויס נישט מער ווי פון אַכט און דרייסיק יאָר.

נאָר איך האָב מיך לייכטזיניק אַריינגעלאָזט אין שילדערן זי און די שיינקייט פון איר קערפּער. אַוודאי איז זי שיין, זי זעט איינגאַנצן אויס ווי די מוטער פון דער דאָזיקער טאָכטער, נאָר זי איז נישט פאַר מיר... ווייל צו דער טאָכטער קומט זי נישט... זי שטייט שוין ערשט אָפּ מיט זייער פיל פון דער טאָכטער, שוין בלויז מיט דעם בייג, באַוועג, פריילעך געלעכטערל

און גלענצנדיק, גאָר גלענצנדיק שלאַנקן, יונגן פוס, וואָס אַזוינס האָט די מוטער זיכער נישט...

נאָר אַ סימפּאַטיש מענטש, אַ סימפּאַטיש, זייער אַ סימפּאַטיש. איך וואָלט זיך אונטערגענומען צו וואוינען צווישן זיי ביידע אַן אייביקייט... ווען נישט די פאַרשאָלטענע פּרנסה רופט מיך צוריק אין שטאָט אַריין...

און וואָס זאָל איך לייקענען, אַז די מוטער איז אויך שיין... נאָר ליבן ליב איך די טאָכטער...

איך האָב זיך אָפּגעוואַשן, בין צוריק אַריין אין שטוב.

פאַר מיר גיסט די מוטער שוין אָן קאַווע, ווייל קיין דינסט האָבן זיי נישט, און אַ טאָץ מיט פּוטער שטייט שוין, און זי, דאָס טעכטערל, איז שוין אויך לעבן דער קיך און מישט פאַר זיך מיט אַ קליין לעפעלע קאַקאַאָ אין אַ פענדעלע. קיין קאַווע זופּט זי נישט. איך האָב מיך שוין אַזוי צוגע־ווינט צו זיי, אַז איך וויל נישט גיין עסן אָן זיי. און ווען מיר זיצן צו־זאַמען, זעען מיר אויס ווי איין פאַמיליע. נאָר איך, וואָס אַן אמת, בין שוין נישט אין די זעלבע יאָרן וואָס די טאָכטער, און איך זע אויס ווי צווישן זיי ביידע... אי איך וואָלט געטויגט פאַר דער אי פאַר דער, נאָר ליב האָב איך די טאָכטער...

— גוט וואָלט געווען — זאָג איך, ווען מיר זיצן צוזאַמען ביים אָנ־בייסן — איבערצוגיין זיך אַ ביסל באַלד נאָכן עסן...

— נו.... — כאַפּט אונטער די טאָכטער מיט אַ שמייכעלע, און זי עסט שוין אויף דער קאָנטע גיך, מיט גרויסע ביסן.

און איידער איך קוק מיך אום, די קליינע איז נישטאָ ביים טיש; זי איז שוין, דאַכט זיך מיר, אינגאַנצן נישטאָ...

אָט ערשט איז זי דאָך נאָך געווען אין שטוב... זי האָט זיך דאָך נאָך ערשט דאָ עפּעס געפּאָרעט... און זי איז שוין נישטאָ, אין קאָרידאָר אויך נישט...

און איך מיט דער מוטער קוקן זיך אָן פאַרוואונדערט.

— ע, זאָל זי לויפן... — זאָגט די מוטער — אַ יונגע ציג... דעם וועג אין וואַלד אַריין ווייסט זי אַליין אויך.

— איז זי גאָר געגאַנגען דאָרט אַהין?

— זי האָט נישט ערגעץ אַנדערש וואו צו גיין.

— נאָר וואָס זשע דען... מיר האָבן דאָך אָפּגעשמועסט גיין צוזאַמען.

— אָט, — גיט די מוטער אַ קוועטש מיטן אַקסל — ס'איז דאָ אויף וועמעס וואָרט צו שטעלן...

— איר זענט געדעכט, מאַמעשי... — שטיי איך אויף פון טיש, גיב דער מוטער אַ קוש אין דער האַנט אַריין, הגם אַז איך האַלט שוין אין קושן, גיב איך איר אויך אַ קוש אַ ביסל ווייטער איבערן בראָסלעט, אין „קישעלע״ אַריין... אויף וועלכן אָרט דאָס רייפל האָט אָפּגעקוועטשט אַ פּאַ־סיקל... און אַז איך זע, אַז זי שמייכלט, גיב איך איר נאָך צוויי איבעריקע קושן אין דער זעלבער האַנט אַריין, מיט אַן עפּעס מער ווי געוויינלעך צודריקן צו די ליפּן, פון וועלכע איך האָב אַליין געשפּירט, אַז עס שלאָגט אַ היץ און זי, די מוטער, האָט גוטמוטיק געשמייכלט, נישט ווי זי וואָלט זיך מיט עפּעס געשעמט, נאָר ווי מיט אַ קלוג פאַרשטענדעניש פאַר מיינעטוועגן אין די אויגן...

— נו — זאָג איך אָפּאָטעמענדיק — מען וועט גיין זוכן דער טאָכער...

— יאָ... — זאָגט זי — איר וועט זי נאָך אָניאָגן...

— אָ, נישט !... — זאָג איך — געטראָפן אַ גוטן אַדרעס... — און איך דערמאָן מיך אַליין נישט־ווילנדיק אָן איר נעכטיקן שטעלן פיס, ווי אַזוי זי פליט...

— נו, אַז מען וויל... — גיט די מוטער גוטמוטוק אַ קנייטש מיטן קאָפּ — קאָן מען מיידלעך שטענדיק כאַפּן. גייט זשע, זוימט נישט... — האָט זי נאָך אַ מאָל גוטמוטיק צוגעלאָכט און אַרויסבאַגלייט מיך שמייכ־לענדיק מיט די אויגן צו דער טיר און אַפילו אַ פּאָר טריט מיר נאָכגע־גאַנגען ביז אין דער מיט שטוב אַריין.

איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, אַז אַרויסגייענדיק פון דער שוועל, האָט מיך שוין שיר נישט, נישט געגלוסט אַוועקצוגיין פון דער מוטער און אַ סעקונדע האָב איך מיך אַ וואַקל געטאָן, ווען איך בין שוין געווען הינטערן פענצטער... אָבער צוריקגיין — שוין נישט. און די זון און דאָס פעלד־געערוך פון היי און קאָרן און דאָס ווינטל האָבן מיך אַ כאַפּ געטאָן און גלייך געגעבן אַ טראָג אַוועק אין פעלד אַריין צום וואַלד צו...

...וואו זעט מען, וואו הערט מען פון איר געביין... איך קאָן נאָר קוקן אויף טריט־צייכנס, אויף די שפּורן איבערן זאַמד... אָבער אויך דאָס—ווער ווייסט וועמעס זיי זענען... אַזוי, אַז איך גיי און בין גאָר איינגאַנצן נישט זיכער, צי וועל איך זי געפינען... וואָרן וועט זי דען זיצן אין עק וואַלד און וואַרטן אויף מיר? אָדער אין דער מיט, טיף אין וואַלד; איז זי מעג־לעך דען צו געפינען, און נאָך איר דערוצו?... און אָפּט איז זי גאָר איינגאַנצן נישט געגאַנגען אַהער ?...

אַט אַזוי־אַ, צווישן אַזעלכע נישט אָנגענעמע געדאַנקען, האָב איך מיך געפונען, ווען איך בין געגאַנגען נאָך אירע טריט, וואו איך האָב גערעכנט, אַז נישט אַנדערש, ווי נאָר דאָ אַהער איז זי געגאַנגען, און וואו אויך די מוטער האָט מיר פאַרשפּראָכן. אָבער דאָס טראַכטן וועגן איר, ווי אַלע מאָל איז אויך איצטער נישט געווען קיין רואיקס, נישט אין דעם זין פון רואיק, נאָר נישט קיין זיכערס... זי איז געווען פאַר מיר די העכסטע שטופע פון נישט־זיכערקייט — און קיין מאָל האָב איך נישט געקאָנט טראַכטן וועגן איר מיט קיין גאַנצן, נישט צעשלאָגענעם, צעשפּאָלטענעם געדאַנק. עפּעס האָב איך מיך שטענדיק אָנגעקלאַפּט, ווי מיטן שטערן אָן אַ וואַנט. ווייל פּאַקטיש איז זי אַזוי געווען פאַר מיר, בשעת יעדן צוזאַמענטרעף. און דערפון נעמט זיך דאָס... איך בין גאָרנישט געווען מיט איר זיכער קיין מאָל...

...אָבער, כאָפּט עס דער טייוול שוין איין מאָל פאַר אַלע מאָל... דער זומער איז אַזוי קורץ, די זומערדיקע לעצטע טעג אַזעלכע שיינע, אַט שטייט אַ זון איבערן וואַלד און בלישטשעט איבער אַ גרינער אומענדלעכקייט, נאָר אַריינצוואַרפן זיך אין די אָרעמס פון דער דאַזיקער גאַנצער ברייט־קייט — און דאָ בין איך מיטן קאָפּ אַזוי פאַרדרייט... אָבער אַדרבא, ווייל עס איז אַזוי שיין און אָנגענעם, איז דאָך טאַקע גוט מיט וועמען צו האָבן דאָס צו טיילן... און טאַקע מיט איר... וואָרן אַז נישט, וואָס איז דאָס ווערט אָן איר ?...

אַט אַזוי־אַ האָב איך געטראַכט צעשפּאָלטן וועגן אַלץ, און איך האָב מיר קיין רו נישט געקאָנט געפינען.

און וואָס זאָל איך דיר זאָגן, מיין פריינט, איך האָב מיר נישט איין מאָל געוואונטשן שלעכטס פאַר מיין פאַרקויפטקייט, פאַר מיין נישט האָבן מיך מער אין דער האַנט, פּונקט ווי די וועלט איז שוין גאָרנישט מיין, נאָר אַלץ איז איר, אַלץ... און איך בין מיט גאָרנישט געבליבן, אַ יתום נאָר אויף דער ערד. וואָרן דאַרף מען מער — אַט אַזוי איז שוין די זון אויך נישט מיין... אַט טראַכטסטו וועגן די זומערדיקע שיינע טעג, נאָר אָן איר טויגן זיי נישט, כאָטש וואַרף זיי אַרויס, אָדער באַגראָב זיי גאָר... און פונ־דעסטוועגן — איין שמייכל און איך געדענק שוין גאָרנישט... נישט נאָר אין אַ ווײַלע אַרום פאַרגעס איך אַלץ, וועפּט זיך מיר אויס דאָס שווערע געמיט מיינס, נאָר באַלד אין דער זעלבער רגע פאַרשווינדט עס. און מיך פאַרפאָלגט עס אַט דאָס, וואָס איך בין אין אַזאַ צושטאַנד. איך זע דאָך, אַז קיין גוטס האָט זיך צו מיר נישט צוגעקלעפּט, וואָרן זיין איין רגע אַזוי

און די צווייטע, אָבער איך זאָג דיר, נישט מער ווי די צווייטע, שוין פּונקט פּאַרקערט, און אַלץ אַזוי ראַש, שנעל, איז דאָך דאָס אַלץ שוין נישט פון די גוטע דערשיינונגען און קיין גוטס קאָן מען, יעדנפאַלס, דערפון נישט דערוואַרטן...

מיין פריינט, מיר איז נישט מעגלעך דערביי צו דערציילן. דו זעסט אַליין, ווי איך האָק מיך איבער אין מיין שמועס און וואַרף מיך פון איין זאַך אויף דער צווייטער. ווען אויף מיין האַרץ זאָל ליגן אַ פּוד בליי, צי וואָלט עס זיך געדאַרפט אַזוי צאַפּלען? עס איז מיר שווער, אָבער איך מוז דיר שוין אַלץ דערציילן.

צי דאַרף איך דיר ווייטער זאָגן, ווי אַזוי, צום ביישפּיל, איך בין געווען לייכטזיניק און אינגאַנצן אונטער איר איינפלוס? ווי אַזוי עס האָט זיך פון מיר אויסגעבילדעט אַזעלכער? ווי אַזוי איך בין געווען אונטער איר וואַרעמען הויך? ווי אַזוי די לופט אַרום איר, וואָס איז מיר שטענדיק געשטאַנען ווי אַ שיכּרות אין אַלע גלידער, האָט געמאַכט, אַז איך זאָל מיך נאָך איר יעדן קער נאָכווענדן? איר קערפּער איז פאַר מיר געווען אַ מאַגנעט — און איך, מיט אַלע מיינע געדאַנקען, נישט מער ווי מעטאַל-שטויב, וואָס זוכט זיך אָן איר צו באַהעפטן. איך בין געווען ווי דאָס שטראָמיקע וואַסערל אין פלאַך-לאַנד, לויפנדיק און ציענדיק נאָר אַלץ אין טאָל אַריין.

צום ביישפּיל, זי האָט געזאָגט צו מיר:

— איר זעט, דער הימל וועט זיך אויסלייטערן און עס וועט ווערן שיין.

איז וואָס האָט זי דאָ געזאָגט? דאַכט זיך דאָך, אַז אַלע מענטשן קוקן אויס, אַז עס זאָל ווערן שיין, ווייל זיי פילן זיך בעסער דעמאָלט.

איך האָב עס אָבער אָנגענומען פאַר אַ רמז. אַז דאָס מיינט זי מיר צו זאָגן, אַז זי וויל שפּעטער מיט מיר זיין אַליין אין וואַלד; אַז דאָס בענקט זי מיט מיר צו פאַרברענגען... און גאָט דו מיינער! אַלץ, וואָס איך האָב געגאַרט, האָב איך געמיינט, אַז דאָס איז איר פאַרלאַנג.

אָדער זי האָט געזאָגט:

— איבעראַכטאָג וואָלט איך געדאַרפט אַריינפאָרן קיין וואַרשע.

האָב איך געמיינט, אַז דאָס וויל זי מיר פאַרלייגן, אַז מיר זאָלן זיך צוזאַמען אַ ביסל איבערפאָרן און אַז אַליין האָט זי גאָרנישט קיין שום באַדערפעניש דאָרט אַהין, גאָרנישט צו דערלעדיקן, אויסער דאָס וואָס די רייזע צו מאַכן מיט מיר, דאָס איז דער גאַנצער צוועק דערפון...

און אפשר מיינט איר, אַז דאָס האָט זי גאָר געדאַרפֿן דירעקט זאָגן מיר, אָדער זי האָט טאַקע נאָר געזאָגט דאָס וועגדנדיק זיך צו מיר? עס הייבט זיך גאָרנישט אָן. זי האָט עס געמעגט זאָגן צו דער שטוב, אָדער גאָר רעדן צו דער וואַנט, נאָר איך האָב עס אָנגענומען, אַז דאָס איז געזאָגט אויף מיין רעכענונג...

און וואָס האָב איך געדאַרפֿן אַזאַ „בוכהאַלטעריע" צו פֿירן און אַזעלכע טיפֿע פּסיכאָלאָגישע טייטשן אַריינלייגן און אַלץ שטעלן אויף אַזעלכע „דינע פּיסלעך" פֿון נישט־באַשטימטקייט, פּונקט ווי אויף אַ האָר, אַז כ'האָב געקאָנט האָבן אַלץ קלאָר, איבערפֿרעגן איין וואָרט:

— ווען מיר גיין שפּאַצירן, אויב עס וועט זיך טאַקע אויסלייטערן?

אָדער:

— צי ווילסטו דיך אַ ביסל מיט מיר איבערפּאָרן קיין וואַרשע אין אַכט טאָג אַרום, אָדער אפשר נאָך פֿריער?...

וואָלט איך אויף אַזאַ אַרט פֿאַרשפּאָרט מיך אַרומצוטראָגן מיט אַ פּאַק רעכנקעס, אַז זי טראָגט „פֿאַרבאָרגענע כוונות"... אַז זי ליבט מיך, נאָר שעמט זיך, אָדער וויל מיר נישט אַרויסזאָגן... און גייט צו דעם ציל דורך אונטערוועגלעך... איך זאָג אייך: אַלץ וואָס עס איז געווען אין מיר, האָב איך געטראַכט, אַז ניין, דאָס איז אין איר...

און איך זאָג אייך נאָך אַ מאָל, אַז דער איז אַ בעל־פּחדן; אַז די שוואַכקייט זיינע און אומבאַהאָלפֿנקייט האָבן גאָר קיין גרענעץ נישט. דאַכט זיך דאָך, אַז אַלץ איז געווען פֿאַר מיר אָפֿן און פֿריי און איך האָב מיך גאָרנישט געדאַרפֿן היטן — און אויף אייביקער קאַטאַרגע וואָלט מען דאָך מיך נישט געווען פֿאַרשיקט פֿאַר אַרויסזאָגן מיינע געדאַנקען, מיינע באַגערן; די מוטער, ווי איר זעט, איז געווען אינגאַנצן מיט מיר, זי וואָלט גאָרנישט געהאַט וואָס אָנצווענדן קעגן דעם. — דאָך בין איך נישט געגאַנגען אויפֿן גלייכן וועג. די ליבע אַליין איז אַ פֿאַרשאָלטענע זאַך. אָט אין דער אייגענער הינזיכט טאַקע. זי זוכט נאָר שפּעלטעלעך און היב־טערוועגלעך... און מערקווערדיק, בשעת עס ליגט פֿאַר איר אַן אָפֿענער טראַקט.

און אין דעם מיידל אַליין, בין איך דען נישט שולדיק אין איר באַציאונג צו מיר? האָסט אַ מיידל — נעם אַרום און קוש, פֿאַל אין איר אַריין מיטן פּנים, ווי אין דיינער גאָר אַ גרויסער דערקוויקונג — — און גיי נישט אַרום מיט אַ נישט־צערטלעכקייט, וואָס דו אַליין באַשאַפֿסט זי דיר דורך דיין נישט־דרייסטקייט.

און די דאָזיקע נישט־צערטלעכקייט, וואָס דו מאַכסט זיך אַליין, באַשאַפט נאָך פון דיר אַ שפּעקולאַנטל... און ווען דו ביסט נישט קיין שענערע און בעסערע נאַטור — אַ מיאוס שפּעקולאַנטל... וויפל מענער האָבן שוין זייערע אייגענע ווייבער אונטערגעשטעלט שפּיאָנען, נאָענטע מענטשן, פאַר וועלכע זיי האָבן זיך נישט געשעמט, אַפילו שכנותטעס, וואָס זאָלן אַרייַנקוקן צו איר דורכן שליסל־לאָך אין דער טיר, אין זייער אָפּוועזנקייט...

ווען איך בין איצט געגאַנגען אין וואַלד אַריין און בין געווען, דאַכט זיך, אַרויסגייענדיק פון שטוב, אין גאָרנישט קיין שלעכטער שטימונג; ווייל וואָס האָט מיר געהאַט צו זיין שלעכט: די מוטער, דאַכט זיך, האָט מיר נאָר וואָס געשאָנקען צוטרוילעכקייט, צערטלעכע בליקן אַפילו און וואַרעמקייט, וואָס איך האָב עס אַליין גאָרנישט געוואָלט אויסנוצן אַזוי פיל — דאָך האָט מיך געגראָבן דער וואָרעם. איך האָב דאָך געקאָנט דער מוטער קושן. זי איז נאָך אַזוי שיין און לעבנסווערטיק, אַוודאי, ווי די טאָכטער; און אַזוי ווי די לעצטע געהער מיר נאָך גאָרנישט אָן, האָב איך דאָס רעכט מיט דער מוטער אַזוי גוט צו פאַרברענגען, ווי מיר נאָר אַליין געפעלט און ווי לאַנג מיין האַרץ וואָלט נאָר געגלוסט. און בפרט נאָך, אַז די טאָכ־טער איז נישטאָ אין שטוב אויך, — טאָ וואָס זשע האָט מיך געשטויסן צו לויפן נאָך דער טאָכטער? צו וואָס מאַך איך אַליין מיר דאָס אַלץ שווער?

דעסגלייכן, בין איך שוין געגאַנגען—צו וואָס זשע איז דאָס צווייפלען? דאַכט זיך, אין דער פרי האָט זי מיר נישט געגעבן קיין שום סיבה, אַז איך זאָל זיין שלעכט געשטימט, נישט פאַרן פרישטיקן, ווען זי האָט צו מיר אַזוי פינקלענדיק געשמייכלט און אויך נישט ביים פרישטיקן, ווען זי האָט גוטוויליק און, ווי ס'האָט זיך מיר געדאַכט, אַפילו מיט ענטוזיאַזם געשאָקלט מיטן קאָפּ אויף מיין פאָרשלאַג, נאָכן עסן צו גיין שפּאַצירן... אלא, זי איז געלאָפן פאָרויס — דאָס איז שוין איר טבע אַזוי...

אָבער, ווען איך בין נאָר אַרויף אויף דעם ברעג וואַלד, ווייל דאָרט איז אָנגעשיט אַ וואַל איבער אַ ראָוו, וואָס טיילט אָפּ, מוז זיין, די אָנגע־העריקייט פון פעלד, וואָס געהער שוין, מסתמא, צו אַן אַנדערן — און איך האָב דאָרט דערזען די ליידיקייט, איז מיר געוואָרן נאָך טאָפּלט שווערער ווי אין גאַנצן וועג. די אָן אַ שיעור ביימער, וואָס צווישן זיי איז צו זוכן אַ מענטש, פּונקט ווי נאָך זיבן קילאָמעטער אָפּפליען אַ קליין פייגעלע, האָבן מיך געמאַכט פילן די קבר־אַליינגעבליבנקייט. צו ווען האָב איך מיך

דאָ צו קערן און אין וועלכער זייט אַריין גייט מען פריער זי זוכן, צווי זין ביימער און ביימער, אַז איר פאַרשוואונדן ווערן דאָ, איר פאַרשווייגנקייט, איז אַ סך ווייניקער, ווי אַן עכאָ... אַ שטילקייט האָט מיך אַרומגעכאַפּט און נאָר וואָס דאָס רוישן פון די ביימער האָט אין מיר געשווידערט. ווייט אָבער, צווישן די בלעטער און אונטער די שטאַמען, האָב איך דערזען עפּעס ווי אַ פיגור... ווי אַ שאָטן פון אַ מענטש, האָט זיך מיר געדאַכט, דרייט זיך דאָרטן אַרום איינגעבויגענערהייט און ווי זוכנדיק עפּעס ביי דער ערד...

אַז איך בין צוגעקומען נעענטער, איז עס אַן אַלטע קריסטין, וואָס קלייבט שוואָמען, ווייל ס'איז שוין דעמאָלט געווען פונקט די צייט פאַר ראש־השנה־צו, ווען שוואָמען באַווייזן זיך שוין אין גרויסע מענגעס.

— „ניע ווידזשעלישטשע טו דזשעווטשיני, באַבאַ קאַכאַנאַ?“ — פרעג איך זי.

— איינע אַליין? — פרעגט זי מיך — ניין.

— און מיט נאָך וועמען? — האָט זיך ביי מיר אַליין נישט־ווילנדיק אַרויסגעריסן.

— יאָ... איז דאָ געגאַנגען... — זאָגט זי — אַ פּאָרל...

אַז איך האָב מיך דאָס אויסגעפרעגט, בין איך שוין געווען זיכער, אַז ס'איז נישט קיין אַנדערע, ווי זי — און שוין... איצטער, דאַכט זיך מיר, האָב איך שוין גאָרנישט, וואָס צו גיין זוכן...

„אָט־אָ־דאָ — טראַכט איך — איז עס“... און איך בלייב שטיין, שוין נישט רירנדיק זיך ווייטער.

די קריסטין קלייבט ווייטער אירע שוואָמען אַזוי אַרומגייענדיק אַרום די שטאַמען, אַרונטערקוקנדיק מיט די אויגן אונטער יעדן קזשאַק, טריט ביי טריט... און איך לאָז מיך אַראָפּ אויפן גראָז, כ'מעג שוין איצטער זיצן רואיק, גלאַטיק... און איך קאָן מיר שוין פאַרגינען צו זיין אַ מענטש פאַר מיר... אַ מענטש אַ זעלבסטשטענדיקער... וואָס דאַרף זיך שוין נישט רע־כענען מיט קיינעם... האָט שוין נישט אויף זיך מער קיין עול, נישטאָ מער מינקע...

פונדעסטוועגן, לאָמיך זי נאָך פרעגן:

— צי קאָנט איר מיר נישט זאָגן, אַלטיטשקע, מיט וועמען זי איז געגאַנגען און צי זי איז געווען אַ יידישע...

— יאָ, אַ יידישע; נאָר דאָס יינגל איז געווען אַ פּוילישס.

„אָט אַזוי — טראַכט איך — ס'איז גאָר קיין שום ספק נישט“... און

איך דריי מיך איבער אויסגעצויגן מיטן פנים אויפן גראָז, ווייל איצטער האָב איך שוין צייט צו ליגן...

אָבער געשפירט האָב איך, ווי די גאַנצע וועלט וואָלט זיך מיר אָפּגעשטעלט. איך האָב פון גרויס רואיקייט, אין דער ערשטער מינוט ווען איך האָב מיך אַראָפּגעלאָזט אויפן גראָז, געטראַכט מיט חרטה וועגן מיין אַוועקגיין פון שטוב, און וועגן דעם ווי איך וואָלט ליבערשט געווען פאַרברענגט מיט דער מוטער. איך האָב אַפילו געפילט אַ באַדערפעניש און אַ רייץ אויך דערצו... און עס מוז נישט דווקא זיין מיט דער טאָכטער... אָבער וואָס לענגער איך בין געלעגן און וואָס מער איך האָב אין מיר פאַר־נומען דעם שאַרף פון די ביימער, אַלץ טריבער איז מיר געוואָרן. און עס האָט מיך כמעט ווי אַריינגעוואָרפן אין אַ קעלט און אַלע אויפמאַכונגען פון די גלידער זענען געוואָרן ווי צוגעשטייפט, ווי זיי וואָלטן זיך שוין מער קיין בייג נישט געקאָנט טאָן.

איך בין דערנאָך געגאַנגען אַהיים, פאַרשטייט זיך, נאָך אַ לאַנגער צייט אָפּליגן, און געשלעפּט זיך אַ גאַנצן וועג, ווי איך וואָלט גאָר אין ערגעץ און צו גאָרנישט געגאַנגען. כ׳בין גלאַט אַזוי געגאַנגען...

וואָס איך האָב מיר איינגערעדט, אַז איך וואָלט מיט דער מוטער גערן פאַרברענגט, האָב איך איצט געשפירט פולשטענדיק—אַז נישט. אַדרבא, איצטער ערשט האָב איך בוכשטעבלעך דערפילט די ליידיקייט אין שטוב אַרום מיר, ווען כ׳האָב מיך אַזוי קוים דערצויגן צו איר.

ביז היינט האָט מיך נאָך די מוטער נישט געפרעגט, צי בין איך געגאַנגען מיט דער טאָכטער, צי בין איך געקומען אָן איר... איצטער אָבער, חוץ וואָס איך בין אַליין געקומען, ווייזט אויס, איז מיין פנים גע־ווען שטאַרק געענדערט... און ווען זי האָט אויף מיר אַ קוק געגעבן, האָב איך דערזען, ווי אירע אויגן זענען עפּעס שטיל געבליבן און זיי האָבן ווי אַ רגע זיך געוואַקלט איבער מיר...

— וואו איז עפּעס מיין טאָכטער? — האָט זי געפרעגט פאַרחידושט.

איך האָב פאַרשטאַנען, אַז נישט דער טאָכטערס נישט־זיין, נאָר מיין ענדערן זיך, מאַכט אויף איר אַן איינדרוק.

נאָר איך האָב געשוויגן; איך האָב איר געענטפערט, אַז איך ווייס נישט, וואו זי איז.

ביי דער מוטער איז עפּעס קלאָר געוואָרן אין די אויגן, כאָטש כ׳ווייס נישט, ווי אַזוי. כ׳האָב עס אויך דערקענט אָן דעם, וואָס נאָך איידער זי האָט דאָס אויג פון מיר אַראָפּגענומען, האָט זי צוגעגעבן:

— וואָס דען...

— און וואָס זענט איר עפּעס אַזוי דערשלאָגן? — האָט זי אין אַ ווײַלע אַרום געפרעגט מיט אָפענע אויגן קוקנדיק אויף מיר.

איך בין אָן שום צערעמאָניע צוגעגאַנגען צו איר און געזאָגט:

— ס׳איז מיר נישט־גוט...

דערבײַ האָב איך נידעריק אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ, פּונקט ווי פאַר אַן אייגענער.

— אַזוי... — האָט זי געזאָגט, קוקנדיק אויף מיר מיט שטילן וויי.

איך האָב מיך מער נישט אײַנגעהאַלטן. צוויי טרערן, וועלכע כ׳האָב באַלד צוריק דערשטיקט, האָב איך דערפילט, זענען פאַרלאָפן איבער די ראַנדן פון מײַנע ברעמען.

זי האָט מיך צוגעפירט צו אַ שטול און איך האָב אײַנגעגראָבן דעם קאָפּ אין דער פרויס האַנט, ביז עס איז מיר לײַכטער געוואָרן.

זי איז געשטאַנען די גאַנצע צײַט רויִק, כמעט פאַרגליווערט. און ווען איך האָב שוין אויפגעהויבן דעם קאָפּ, האָט זי נאָך מיט דער זעלבער פאַרגליווערונג אין קול געפרעגט:

— און וואו איז זי איצט?...

— כ׳האָב זי נישט געזען, מוטער. — האָב איך איר געענטפערט.

דאָס שטילשווײַגן פון דער שטוב און דער מוטערס באַהעפטן זיך צו מײַן צער, האָב איך געשפּירט, מאַכט מיך נענטער מיט דער מוטער. און איך האָב נאָר אין האַרץ גאָט געבעטן, אַז איך זאָל נישט קומען צו דער שוואַכקייט, אַז איך זאָל דערציילן דער מוטער מיט ווען די טאָכ־טער איז געגאַנגען... איך האָב ליבערשט פעסטער צוגעדריקט דער מוטערס האַנט צו מײַן איצטער גליִענדיק פּנים און עס געזוכט צו פאַרגעסן.

מיר זענען בײדע געזעסן שטיל. צווישן מיר און דער טאָכטער, האָט זיך מיר געדאַכט, האָט זיך געשטעלט ווי אַ טויבע וואַנט. זי איז פאַר מיר פאַרשוואומען ווײַט, אַ ווײַט, און נאָך איר זעלטענעם פאַרשוואונדן ווערן זענען מיר בײדע, איך און די מוטער, געבליבן זיצן אין איין צער; אי איך אי זי ווייסן שוין איצט דעם ענדציל צו וואָס עס איז דערגאַנגען.

ווען מיר זענען אַזוי געזעסן, האָט אין קאָרידאָר ווער געעפנט די טיר. דער אַרײַנקומענדיקער איז נישט באַלד אַרײַן צו אונדז, נאָר ווי זיך עפּעס געפּאָרעט נאָך דאָרט, און דערנאָך האָבן מיר בײדע דערזען, ווי אויף דער שוועל קעגן אונדז איז שטיין געבליבן די טאָכטער.

די מוטער האָט זי אָנגעקוקט:

— וואָס עפּעס אַזוי שטיל אַריינגעקומען ?...

— וואָס דאַרף איך, רוישן ?... — האָט זי די טאָכטער געפרעגט.

— איך ווייס... איך ווייס נישט. נאָר אַן אַנדער מאָל הערט מען דיך שוין פון ווייט, פאַר דייך אָנקומען, — האָט די מוטער געזאָגט.

איך האָב געשפּירט, ווי עס איז מיר ענג געוואָרן פון די עטלעכע ווערטער, ווי מיר האָט זיך געדאַכט, אין אַ פאָרוואורפלעכן טאָן, אַז די טאָכטער זאָל עס אַמאָל נישט אָננעמען אויף מיין רעכענונג, אַז איך האָב דאָ איבער דער צייט מיט דער מוטער כאָטש שותפות געמאַכט איבער איר און, אַז ביידע האָבן מיר עפּעס איר פאַרצואוואָרפן...

די טאָכטער האָט אָבער נישט געענטפערט מער קיין וואָרט. עס איז שטיל געוואָרן ווי אויף אַ בית־עולם, כאָטש כ׳האָב געזען, אַז מינקעלעס ליפּן קנייטשן זיך נאָך עפּעס צו זאָגן אָדער צו וועלן פרעגן. אָבער זי האָט עס נישט געטאָן און אַוועקגעדרייט דאָס קעפּל אָן אַ זייט.

דער טאָג האָט זיך פאַרצויגן ביז גאָר שפּעט, ווען מען האָט זיך געזעצט צום מיטאָג. מען האָט געגעסן שטיל. מיר האָבן זיך אַלע דריי, זיצנדיק ביים טיש, פאַרטיפט אַזוי אין געדאַנקען יעדער פאַר זיך, אַז מיר האָבן אַפילו נישט געזען ווי די נאַכט איז צוגעפאַלן און מיר האָבן זיך אויפגעכאַפּט ערשט נאָך דער לעצטער שפּייז.

דאָ איז די מוטער אויפגעשטאַנען, ליכטיק געמאַכט אין שטוב און זי האָט זיך געווענדט צו אונדז:

— מיין ליבע טאָכטער און מיין ליבער פריינט, איך וואָלט פאָר־געלייגט, אַז פאַר דער לבנה זאָלן מיר זיך גיין אַ ביסל איבערשפּאַצירן, כדי נישט צו גיין באַלד שלאָפן אָנגעפרעסענערהייט.

איך האָב דערוואַרט פון מינקען, אַז זי וועט זיך אָפּזאָגן גאָר אָן אַ שום אויסרייד, אַז דער קאָפּ טוט איר ווי, אָדער אַז זי איז מיד.

נאָר צו מיין גרויסער פאַרוואונדערונג איז זי צוגעשטאַנען צו דער מוטערס פאָרשלאַג און איז געווען גרייט.

איך האָב מיך דערפילט אין אַ זייער נישט־אָנגענעמער ראָלע. מיטן כוח פון דער מוטער גיי איך מיך אַרויפצווינגען אויף דער טאָכטער. ס׳איז מיאוס! — האָב איך מיר געטראַכט און גאָר אומדערוואַרט פאַר מיר אַליין, האָב איך דערויף געזאָגט:

— איך קאָן נישט גיין...

די סיבה דערפון האָט די מוטער נישט געפרעגט. זי האָט נאָר געגעבן אַ בליק איבער מיר און איבער מיין אויסזען און די זאַך איז

געווען ווי קלאָר, מען האָט שוין מער נישט געדאַרפן שמועסן דעריבער. צווישן מוטער און טאָכטער איז דעמאָלט געקומען צו אַ בליקן־אויסטויש און וועןביידע האָבן זיך פאַרשטאַנען האָט שוין דאָס אויך אויפגעהערט.

אין אָוונט, מיר זענען נישט געגאַנגען אין ערגעץ, פאַר מיין שלאָפן גיין, ווען איך האָב שוין געוואָלט אַוועקגיין צו מיר אין צימער, קומט צו מיר צו דאָס מיידל און פרעגט מיט אַ ווייטיק אין קול:

— הערט, אפרים, איר האָט זיך עפּעס באַליידיקט אויף מיר? עס וועט מיר זייער ווי טאָן, אויב איך וועל נישט וויסן פאַרוואָס.

כ׳האָב איר גאָרנישט געהאַט וואָס צו ענטפערן.

— איך וויל עס נישט שטעלן אין אַזאַ פאָרם, — האָב איך איר געזאָגט — ווייל דאָס איז נישט מער באַליידיקונג ווי ווייטיק.

— פאַרוואָס? — האָט זי געזאָגט — ווייל איך האָב געטאָן אַזאַ נישט־שיינע זאַך?...

איך בין געווען זיכער, אַז דאָס מיינט זי איר גיין מיטן שייגעץ און אַז זי וויל זיך מתוודה זיין.

אָבער איך האָב איר איבערגעשניטן און געענטפערט:

— ס׳איז נישט נייטיק, אַז איר זאָלט דאָס מיר דערציילן...

דאָס מיידל איז צעמישט געוואָרן:

— וואָס, איר לאָזט זיך שוין נישט איבערבעטן אויך?

— צו וואָס דען? — האָב איך זי אָנגעקוקט.

— איר זענט היינט געווען אין וואַלד? — האָט זי דערויף מיך געפרעגט.

— יאָ.

— נו, האָט איר מיך נישט געזען?

— ניין.

— פאַרוואָס האָט איר זיך נישט געוואָלט אויף מיר אומקוקן דאָרט?

— איך אויף אייך?

— יאָ. — האָט זי פעסט און איבערצייגנדיק געזאָגט.

— איר זענט דאָרט געווען?

— איר האָט מיך געזען אויך... און נישט געוואָלט זיך צו מיר אומקוקן.

איך האָב מיך געוואונדערט אויף איר דרייסטיקייט און געטראַכט, אָדער זי וויל מיך פאַררעדן מיט ליגנט, אָדער דאָ איז אַ מיספאַרשטענדעניש. האָב איך, כדי צו האָבן אַ צייכן פון איר זיין דאָרט, געפרעגט:

— זאָג מיר, וואָס האָב איך דאָרט געטאָן?

זי האָט אָבער גלייך געענטפערט:

— איר האָט זיך געלייגט מיטן פּנים אויפן גראָז...

דאָ בין איך געבליבן דערשטוינט.

— זענט איר אפשר געווען אין אַזאַ אָרט, וואו ס'איז געדיכט מיט בלעטער, ווי אַ באַהעלטעניש... און פון דאָרט האָט איר צו מיר אַרויס־געקוקט, ווייל איר האָט נישט געקאָנט אַוועקגיין פון דאָרט?...

אָט אַזוי האָב איך זי געפרעגט, כדי צו געבן איר אָנצוזעהערן, אַז זי איז אפשר דאָרט געווען נישט אַליין... און כדי איך זאָל זען, וואָס פאַר אַן איינדרוק אַזאַ פרעגן וועט אויף איר מאַכן.

— ניין, — זאָגט זי — איך בין נישט געווען פאַרשטעקט אין ערגעץ. איך בין געווען לעבן אייך, נאָר איר האָט מיך נישט געזען.

— וואו זשע זענט איר געווען?

— אין סאַמע עק וואַלד.

דאָ האָט זיך מיר דער קאָפּ פאַרדרייט אויף ס'ניי און איך בין ווידער אַריינגעפאַלן אין אַ שטאַרק נישט גלייבן איר.

זי האָט געלאַכט און געזאָגט:

— ווייסט איר וואָס: אין וואַלד איז פאַראַנען אַ גויה, וואָס קלייבט גרעזער שטענדיק... פרעגט זי, צי בין איך דאָרט נישט געווען.

דאָס מיידל איז פאַר מיר געוואָרן וואָס אַ מאָל מער פאַרוויקלטער, וואָס אַ מאָל מער רעטעניש: דאָס הייסט, אַז זי שיקט מיך צו דער זעלבער, וואָס האָט געקליבן די שוואָמען און וואָס האָט זי געזען גיין מיטן יינגל דעם פאָליאַק... דאָס איז אַ דרייסטקייט פון איר זייט.

— אוודאי — זאָג איך, — אַז איך בין דאָרט געווען, וואָס זשע דאַרף איך נאָך די גויה פאַר אַן עדות?

— נו, אַז איר האָט אַזעלכע אויגן, אַז איר האָט מיך נישט געזען, און איך האָב מיך עקסטרע נישט געוואָלט אָנרופן.

— אויב אַזוי, — זאָג איך — איז שוין שיר באַלד ווערט צו פרעגן, וואָרן דו ברענגסט מיך צו מאָדנע שטוינונגען...

— גוט, — ענטפערט זי — מאָרגן אין דער פרי גיי אַריבער אין וואַלד, וועט זי דיר זאָגן.

איך האָב מיך, וואָס אַן אמת, נישט געוואָלט אָפּגעבן צו אירע עצות. גאָט איז מיין עדות, אַז דאָס איז דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן אַזעלכע „נאָכפרעגעכצער״, און אַז נאָר אַ פרעמדע פערזאָן האָט מיך דערצו באַ־

וואויגן. איך אַליין פיל אַן אַפּשטויס צו אַזוינס און עס איז מיר שטאַרק דערווידער. נאָר עס גייט מיר דאָ נישט אין מיר, אין מיין אייגנליבע, וואָרן אויף וויפל אַ מאַן ווערט שטאָלץ ביי זיך מיט דער „קרוין״ זיינער, אַז ער איז נישט פאַרראַטן, אויף אַזוי פיל ווערט ער אָרעם, שפל און געמיין ביי זיך אין די אויגן פאַר זיינע געגנג... וואָרן וואָס איז מיר דאָס פאַר אַ זאַך ?...

אָבער אויף וויפל עס האָט זיך געהאַנדלט אין דעם, כּדי אויפצוּ־וויקלען דאָס רעטעניש און אַראָפּצונעמען פון איר די ליגנס אין וועלכע איך האָב זי חושד געווען, האָב איך מסכּים געווען יאָ צו גיין פרעגן. אפשר איז טאַקע יענע געווען אַן אַנדערע, וואָס די גויה האָט זי געזען גיין מיטן יינגל און זי איז אויך אַן אַנדערע.

פאַרשטייט זיך, אַז איך האָב איר נישט דערציילט, אַז די גויה האָט מיר געזאָגט, אַז זי האָט נישט געזען קיין אין איינציקע באַזונדער, אויף וואָס זי, דאָס מיידל, פּרעטענדירט יאָ, אויב זי האָט איר געזען. נאָר אפשר איז זי טאַקע יאָ געזען געוואָרן פון דער גויה אַן איינציקע, נאָר מיט אַ שטיק פריער, אַזוי אַז די גויה האָט נישט געוואוסט, אַז איך מיין זי. סיי ווי — דער ספק איז ביי מיר אַליין אויך געוואָרן אַ מעגלעכקייט.

— נו, אַז דו זאָגסט אַזוי, — האָב איך איר צוגעזאָגט — וועל איך מאָרגן לאָזן די זאַך אויפקלערן.

אַזוי האָבן מיר יענע נאַכט אָפּגעשמועסט און זי איז געווען אַ צו־פרידענע, מיט לויטערע אויגן, ווען מיר האָבן זיך צעשיידט צום שלאָפן גיין. איך האָב נאָך דער מוטער געקושט אין דער האַנט, געזאָגט אַ „גוטע נאַכט״, און בין אויך שלאָפן געגאַנגען.

אין יענער נאַכט בין איך געלעגן גאַנץ לאַנג וואַך אויף מיין גע־לעגער אין פיל געדאַנקען איינגעהילט און לאַנג נאָכגעדענקט וועגן דעם, צי האָט עס געקאָנט זיין זי, וואָס איז געגאַנגען מיטן יינגל. וואָרן אַזוי איבערגעגעבן, ווי זי האָט זיך דאָס מאָל פאַרטיידיקט פאַר מיר און געווען פאַראינטערעסירט אין דעם, אַז איך זאָל נישט גלייבן אויף איר, און ווי עס האָט זיך געפילט אַ געוויסע ערלעכקייט אין אירע רייד, איז זי מיר שוין ווירקלעך אַ שאָד געווען, און אַ גרויסער פאַרלוסט איז ערשט, אויב דאָס זאָל זיך אַרויסווייזן פאַר נישט אמת. איך ווער שוין אַזוי ניי־געריק, אַז איך קאָן קוים אַנטשלאָפן ווערן.

צומאָרגנס אין דער פרי, איך כאַפּ מיך ווידער אויף ווי נעכטן, גיי ווידער אַראָפּ צום פענצטער, גיב ווידער אַ קוק אויף דעם ליכטיקן דרויסן, די געדאַנקען זענען פריש, לויטער, אויסגעשלאָפן, דערמאָן איך מיך,

אַז נעכטן האָב איך עפּעס דורכגעלעבט אַ טאָג אין נעפּל, וואו אַלץ איז אין מיר געווען שווער ווי בליי — און צו וואָס דאַרף מען דאָס?

איך האָב מיך דערמאָנט אָן דער גאַנצער נאַרישקייט פון צוזאָג מיינעם צו גיין נאָכפרעגן, און אין דער אמתן, ווי קאָן איך מיך שטעלן אין אַזאַ לאַגע, צו גיין אויספאָרשן ביי אַ באַבע אין וואַלד, וואָס קלייבט שוואָמען, אָדער ווי דאָס מיידל זאָגט — גרעזער: צי האָט זי געזען די מיטן קורץ געשוירענעם שוואַרצן קעפּל מיטן יינגל, אָדער איז די אָן אַנ־דערע און איז געגאַנגען באַזונדער, אפשר פריער...

איך האָב אויך געלאַכט איבער דעם גורל פון דער „ציוויליזאַציע" און פּראָגרעס פון דער „מענטשהייט", וואָס זי האָט דערגרייכט דורך לאַנגע דורות, מיט מיין איצטיקן „פאַרשוועכן" זי דורכן אָנקומען צו אַזעלכע „מיטלען", ווי גאַנץ פאַרצייטנס, און צו אַ באַבע, וואָס קלייבט גרעזער אויף אָפּצושפּרעכן אַ קאָלטן...

איך האָב דערפילט, ווי דאָס גאַנצע „וויסן" און אויסגעאיידלטקייט האָט זיך אין מיר „אַ וואַקל געטאָן" איבער איין נאַכט... אַזוי ווי ס׳קאָן אויך זיין דער גורל מיט דער מענטשלעכער „דערגרייכונג", ווען איבער נאַכט זאָל אויף איר אַראָפּפאַלן אַ צרה, אַזאַ שטייגער ווי די לעצטע וועלט־מלחמה, און זי מאַכן צוריק פאַרווילדעוועט... צוריק פאַר חיות, צוריק מיט בלוט־פאַרגיסונגען, צוריק שלינג און שלאַנג און נישטאָ קיין אַחריות פון קיינעם און קעגן גאָרנישט...

איך האָב געפילט ווי די „חיה" וואַקסט אין מיר און צו דער זעלבער צייט שטייט איבער מיר אַ גוטער מלאך און זאָגט מיר:

— הער, וואָס וועסטו דיך גיין פרעגן, אַז סיי ווי סיי האָט עס נישט קיין באַטרעף... האָט זי דען נישט געקאָנט אונטערקויפן די באַבע, ווען זי איז נאָך דיין אַוועקגיין אָפּערגעקראָכן מיטן שייגעץ פון אונטער דעם קזשאַק, ווו זי איז געלעגן פאַרשטעקט מיט אים די גאַנצע צייט... און צוגרייטן די באַבע, אַז זי זאָל דיר היינט זאָגן אַלץ פונקט קאַפּויר.

און מיט אַ געהעריקן „פּראָגרעסיוון" שפּרונג האָב איך נאָך צו־געגעבן:

— פאָלג מיך, אַ סך וויסן הייסט אַ סך פאַרגעבן...

אָט די לעצטע פראַזע איז מיר געבליבן איינגעקריצט אין געדאַנק, און ווען איך האָב שוין געהאַלטן אַרום דער העלפט פון מיין אָנטאָן זיך, האָב איך שוין געהאַט באַשלאָסן נישט צו גיין, אויב מיין שטימונג זאָל נאָר האַלטן לאַנג אַזוי, וואָרן איר ווייסט דאָך, ווי איך ווער אין

דער לעצטער צייט געביטן נישט נאָר אין איין מינוט, נאָר אין איין סעקונדע, און מיין אַנטשלאָסנקייט איז פּונקט ווי קיט, וואָס מען קאָן אים ציען אין וועלכער זייט אַריין מען וויל.

און צו וואָס, טראַכט איך, זאָל איך טאַקע גיין פרעגן, אַז ס'איז קלאָר... מען דאַרף עס נישט... „וויסן אַ סך הייסט — פאַרגעבן אַ סך"... און אויך דעם מיידלס נעכטיקע שטאַרקע צושטיין, אַז איך זאָל גיין איבערפרעגן, איז מיר געוואָרן קלאָר איצט...

נאָר אַזוי ווי איך טו עס דאָך סיי ווי סיי נישט פאַר מיר, נאָר פאַרן מיידלס וועגן אַליין, ווייל אפשר וויל זי ביי מיר נישט איבערלאָזן קיין איינדרוק פון אַזאַ... טאַט, וואָס זי איז נישט באַגאַנגען, וועל איך יאָ גיין...

איך האָב מיך אָפּגעוואַשן. דער גאַנצער מאָרגן גייט צו פריילעך, און מען עסט צוזאַמען. נאָכן עסן זאָגט זי צו מיר אַזוי:

— נו, דו גייסט ערשט אַהין, וואו מען האָט נעכטן אָפּגעשמועסט, און איך וועל נאָכקומען. כ'וועל אפשר זיך זוימען אַ ביסל, ווייל איך דאַרף גיין נאָך בריוו פון די ברידער צו דער סטאַציע, און אויך אָפּטרעטן ביי צוויי מיידלעך, צוויי שוועסטערן, וואָס זענען מיינע חברטאָרינס — אָבער זאָלסט פון דאָרט נישט אַוועקגיין ביז מיין אָנקומען, ווען עס זאָל נישט זיין.

און אָנזאָגנדיק דאָס, נעמט זי מיט זיך אַ קליין פאַרבונדן פּעקעלע, וואָס האָט אויך געדאָרפן גיין, מסתמא אויף דער סטאַציע, און זי איז אַרויס פון שטוב.

נאָכן פרישטיק האָב איך מיר פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס, וואָס כ'האָב פאַרזעצט אין מיין בורשטינענעם ציגאַרנשפּיצל, האָב מיך געזעגנט מיט דער מוטער, קושנדיק איר אין דער האַנט, און בין אַרויס אויפן וועג, לאַנגזאַם שפּאַצירנדיק קעגן וואַלד.

אַלזאָ: הייסט עס, אַז ס'איז באַשלאָסן מיין גיין פרעגן.

נאָר נאָך איצט בין איך מיך גרייט אומצוקערן. און בפרט ווען איך האָב דערזען דער מוטערס ליבן שמייכל, וואָס האָט מיך דורך די שויבן נאָכבאַגלייט... אָבער איך בין שוין אַרויס אויפן וועג. אין שטוב האָב איך שוין צוגעזאָגט, איידער דאָס מיידל איז אַרויס, צו זיין דאָרט און זי וועט מיך קומען זוכן און זי וועט זיין בייז אויף מיין ליידיק צוריקגיין.

איך קאָן, איבעריקנס, גאָרנישט דעצידירן, אויב אַזוי איז איר ווילן, כאָטש איבעריק איז דאָס אַלץ, ווען זי דערקלערט מיר, אַז זי פאַרלאַנגט

מיין גלייבן אין איר ערלעכקייט, און אַז זי האָט נישט קיינעם... אָבער ס'איז איבעריק צו שמועסן.

און דערווייל אַזוי גייענדיק און קלערנדיק, קום איך ביסלעכווייז צו צום וואַלד און איך בין שוין אין אים.

און אַזוי ווי די גויה דערזעט מיך, גיט זי זיך אַ גלייך אויס אַנטקעגן מיר, דערשפּירנדיק, מסתמא, אַז דאָס קום איך צו איר. און נאָך איידער איך בעט זי איבער פּאַר מיין נעכטיקן אויספרעגן זי, נישט וויסנדיק, אַז איר באַרוף איז צו באַשעפטיקן זיך מיטן מענטשנס גורל, און אַז איך האָב איר היינט אויך עפּעס צו פרעגן, זאָגט זי שוין אַליין:

— גוט, גוט, נאָר האַלט דיך עטוואָס פון דער ווייטנס, ווייל די נאָענטקייט שטערט מיר אין רואיקן פונאַנדערקלייבן זיך אין מיינע און אויך אין יענעמס געדאַנקען...

איך האָב אַזוי געטאָן און בין געבליבן שטיין ביי אַ פּופּציק איילן פון דער ווייטנס.

— הער, — זאָגט זי, און דערביי ציט זי אויס איר גאָמבע וואָס דינער און שאַרפער — איך זע, אַז דו ביסט נישט קיין „איינפאַכער מענטש”, — „אידיאָט” — באַוויז איך אַריינצוטראַכטן אין דער מיט... — און דיין פּראָפעסיע איז אַ גייסטיקע, דו ביסט אַליין אַ מענטש פון „גע־דאַנקען” און באַזיצסט אַ געוויסע „אינטעליגענץ” אין דיינע אַלע פאַר־האַלטונגען צו מענטשן, ווי אויך אין דיין גאַנץ דענקען; דיין פּרנסה האָסטו פון דעם, וואָס מענטשן באַוואונדערן דיך... און זעננ אַנטציקט פון דיר... דעם ריינעם אמת דיר זאָגן: איז דאָ געווען נעכטן אַ מיידל און מיך באַשטעלט, אַז איך זאָל דיך נאַרן... אָבער איך טו דאָס נישט קיין מאָל, האָבנדיק די געהעריקע אַכטונג צו מיין פּראָפעסיע... איך וויל די קונסט פון רעדן צום האַרץ פון מענטשן, דורך געלט נישט פאַרדאַרבן. איך האָב מיין פליכט, יונגערמאַן, קעגן דיר געטאָן...

איך האָב זי געפרעגט נאָך, וויפל דאָס מיידל האָט איר באַצאָלט פאַר דעם אונטערשטעלן זי און איך האָב איר געגעבן טאָפּלט פון דעם.

ווען איך האָב איר צוגעוואָרפן איר לוין פון דער ווייטנס, בין איך צוריק אַרויס אין עק וואַלד, וואַרטן אויף מינקען.

פאַרוואָס האָב איך געוואַרט, נישט אַוועק באַלד אַהיים? ווייל דאָס ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך מיט אַ באַוואוסטזיניקייט באַשלאָסן צו זיין שלוי, אָט פּונקט אַזוי ווי זי איז עס. מיין פריינט, די דאָזיקע

מאָס טאָר אפשר נישט באַנוצט ווערן, אָבער דאָס איז נישט געווען כּדי איר עפּעס שלעכטס צו טאָן.

איך האָב אַרויסגענומען דעם זייגער, אַ קוק געטאָן ווי שפּעט; ווען איך בין אַרויס צוריק אויפֿן וואַל פֿון ברעג וואַלד: האַלב צוועלף איז געווען.

אַ גאַנצע שעה האָב איך געוואַרט אויפֿן ברעג, ביז איך האָב זי דערזען אין דער ווייטקייט איבערן וועג שוין גיין אַהערצו צום וואַלד — און איך בין איר אַנטקעגנגעגאַנגען אויפֿן וועג אַרויס.

זי האָט מיך באַגעגנט מיט פֿרייד:

נו, האָסטו זי געטראָפֿן, די גויה?

— יאָ.

— נו?

— אַל דאָס גוטס... — האָב איך איר געענטפֿערט.

— נו, זעסט שוין... איצטער ביסטו שוין אין אָרדענונג?

— וואָס הייסט? און פֿריער בין איך דען ניט געווען אין אָרדענונג?

— דו האָסט דאָך נישט געגלייבט...

— איך בין דען געווען דער נישט־גלייביקער? באַרעלע, איז דען דאָס נישט געווען דייַן צושטיין צו מיר וועגן גיין צו דער גויה פֿרעגן?... נאָך נעכטן ביי נאַכט בין איך געווען צען מאָל אַנטשלאָסן, אַז איך זאָל גאָרנישט פֿרעגן אויך, און נאָך היינט אין דער פֿרי אַפּילו. אָ, קינד, נאָך וואָס האָט מען געדאַרפֿן דאָס אַלץ.

— אָבער ס'איז שוין פֿאַרפֿאַלן — האָט זי געזאָגט — און דו ביסט איצט רואיקער אויך פֿונדעסטוועגן...

— יאָ, — האָב איך געענטפֿערט און זי אָנגעקוקט...

— געוויס. — האָט זי מיט געשיקטער פֿרייד באַשטעטיקט און זי האָט מיר אונטערגעשטעלט די באַק, איך זאָל קושן.

איך האָב זי געקושט און געפֿרעגט:

— דו ווילסט נישט אַ ביסל ליגן אונטערן סטויג היי? —

— אָ, — האָט זי אַ חן־לאַכעלע צוגעוואָרפֿן מיר אין פּנים אַריין — די מכשפה האָט דיך געמאַכט, זע איך, אַ סך קליגער, ווי דו ביסט געווען ביז היינט...

— ווירקלעך? — האָב איך זי געפֿרעגט צוריק, אויך מיט דעם זעלבן צוגעלאָזטן שמייכל.

זי האָט אַ שאָקל געגעבן מיטן קאָפּ און אַזוי זענען מיר געגאַנגען

אַ גאַנצן וועג ביז אין שטוב אַריין און געפּלוידערט.

ווען מיר זענען אַהיימגעקומען, האָבן מיר פאַרבערענגט גאַנץ געמיטלעך צוזאַמען מיט דער מוטער און דערנאָך האָבן מיר זיך אַלע דריי געזעצט מיטאָגן. דאָס עסן איז געווען געראָטענער ווי אַלע מאָל, די פּנימער לויטערער, עס האָט כמעט אַראָפּגעלויכטן אַ פרייד פון זיי.

ווען מיר זענען אַלע אויפגעשטאַנען פון מיטאָג, האָב איך, אַזוי ווי גאָרנישט קיין סך אויסן זייענדיק מיט די ווערטער, דערקלערט, אַז איך מוז היינט זיין אין שטאָט און דאַרף געניטיק.

— אויף ווי לאַנג פאָרט איר? — פרעגט די מוטער.

— עס בלייבט דאָך שוין קיין נישט קיין צייט אויף ווען צוריקצוקומען...
— האָב איך געענטפערט — אויף ווען? ס'איז דאָך שוין פאַר יום טוב. —

איי, איי... — האָט זיך די מוטער פאַרוואונדערט — וועלן מיר זיך שוין דאַרפן שיידן.

— נו, — זאָג איך — אַז די צייט קומט.

— מילא, וועגן קומען אַ מאָל דאַרף מען דאָך קיין שטיקל דאַר בריוט אין העמד נישט אַריינבייען פאַר זכרון וועגן, ווען איר וועט נאָר קאָנען...

— נו, מילא... — האָב איך מיך אַליין צעשמייכלט און אַ פּילפּאַכע הנאה געהאַט פון דער מוטערס פריינטלעכקייט און צוגעלאָזטקייט, וואָס דערגייט כמעט ביז אָן אַ גרענעץ. נאָר די קליינע בעסטיע — טראַכט איך — אָט די קליינע בעסטיע... און איך האָב מיך זייער פריינטלעך צעקושט מיט דער מוטער, זי אַפילו צוגעדריקט צו מיין ברוסט, דער טאָכטער אין די אויגן... דערנאָך, זיך געזעגנט אויך מיט דער קליינער און די זאַכן זענען שוין געלעגן גרייט צו פאָרן. נאָר בלויז וועש און אַן אָנצוג מיט שיך צום איבערבייטן און גאָרנישט.

מיר זענען אַלע דריי געגאַנגען צו דער סטאַציע, געפּאַכעט צו זיך מיט די ווייסע טיכלעך, ווען איך בין שוין געזעסן אין צוג, ווי עס פירט זיך, לופט־קושן — איך צו זיי, זיי צו מיר. און אַזוי האָב איך מיך אַרויסגעדרייט פון מיין גיהנם.

מיין פריינט! ס'ערשטע מאָל אין מיין לעבן האָב איך געזען ווי שיין, ווי עלעגאַנט אַ פאַלשער גאַנג קאָן אַרויסקומען ביי מיר.

אָבער, פריינט מיין ליבער! איך ווינטש קיינעם נישט צו זיין אַזוי זיס... אָט דאָס איז די זיסקייט אַלע מאָל ביי מענטשן...

געגוג מיט די אַלע, וואָס זייערע ריידעלעך פייפן אַזש צו פּאַר זיס־קייט ביים רעדן...

אַז איך בין אַריינגעקומען אין שטאָט, האָב איך מיך ערשט גענומען מיט טאָפּעלער מי און ענערגיע צו דער אַרבעט.

איך בין דאָס מאָל געווען צופרידן פון מיר. איר ווערט לאַכן, אַז אויב אַ מענטש טוט עפּעס אָפּ אַ נאַרישקייט, אַ נבלהשע זאַך, ווירקט עס דערנאָך אויף זיין אַרבעט. דער זעלבער גרוז פון זיין טאַט, וואָס בלייבט אין זיין נשמה, שטויבט זיך נאָך אין אַלע זיינע אַרבעטן און טייל מאָל אַזוי בולט, אַז ער שפּירט ווי אַ שמאַטע שלעפּט זיך אים נאָך אומעטום. דאָס איז דער קויט פון זיין נשמה, מיט וועלכער ער איז נישט צופרידן.

איך בין מיט גאָר אַן אַנדערן ווילן און פרייען קאָפּ געגאַנגען און געשטאַנען אומעטום און דערליידיקט זאַכן ווי געהעריק.

קיין ערטער, וואו צו פאַרברענגען די אָוונטן, ווען אַ ביסעלע אומעטיק־לעך, איז מיר געוואָרן, ווייל דאָך בין איך געווען פול און פריש מיט איבער־לעבונגען, האָבן מיר נישט געפעלט. איך האָב געזען איינצואָרדענען, אַז די לעקציע מיט דער טאָכטער פון איינעם פון אַ היגן טעאַטער־אונטערנעמער, זאָל אומבאַדינגט איבערגערוקט ווערן אויף דער אָוונט־שעה, כדי איך זאָל דערנאָך, ווען איך בין שוין פריי, אויך קאָנען פאַרברענגען דאָרט ביז אין דער נאַכט אַריין. זי האָט געשפּילט און געזונגען. טייל מאָל האָבן מיר אין צווייען אויף דער פּיאַנינע אין מעלאָדיע געשפּילט, ביי דער ליכ־טיקייט פון זשיראַנדעל און הייסן טיי אויפן טיש. איך האָב מיך נישט שלעכט געפילט. אַזוי זענען פאַרבייגעגאַנגען צוויי וואָכן. איך האָב, פאַרשטייט זיך, קיין אות פון קיין בריוו אויך נישט געשריבן, בשעת יענע האָבן זיך געריכט, אַז אויב נישט אויפן צווייטן, איז אויפן דריטן טאָג נאָך מיין אַרויספאָרן פון דאָרט, שוין זיכער דאָ אַ בריוו, — פון מיר, פאַרשטייט זיך, דעם ערשטן, לויט דעם אָנגענומענעם מנהג פון דאַמען־ערע.

איין מאָל, ס'איז שוין געווען פעליקע צוויי וואָכן נאָך יענעם טאָג פון מיין צוריקקומען, ווען איך בין אַהיימגעקומען שפּעט ביי נאַכט, ווייל איך האָב מיך געדאַרפט זען מיטן דיריגענט פון טעאַטער פון דעם זעלבן אונטערנעמער טאַקע, — איך שליס אויף די טיר, פאַלט מיר אַרויס אַ בריוו פון דער שפּאַרע. אין דער פינצטער וואָלט איך עס אַוודאי נישט דערזען, ווי ער וואָלט געבליבן ליגן אויף דער ערד, נאָר פונקט איז ער מיר געפאַלן אויף דער האַנט, מיט וועלכער איך האָב אויפגעשלאָסן.

אַז איך דריי אַרויף די עלעקטרי, גיב אַ קוק: ס׳איז פון דאָרט. אויפן קאָנווערט געשריבן מיט דער מוטערס האַנט.

„פאַרוואָס נישט מיט דער קליינערס?" — איז מיר געקומען אויפן געדאַנק — „מסתמא איז ריכטיק".

אַ מײַן פּרעטענציע... „סטייטש, אַזאַ פּריינט"...

נאָר גאָרנישט, איך מאַך זיך גאָרנישט וויסנדיק; איך לייג דעם בריוו אויפן טיש, איך שפּיגל זיך אין אים, אין קאָנווערטס גלאַנץ, אין דער גלייכער, געזונטער האַנטשריפט, וואָס איז אויף אים. נאָר קיין ענטפער — נישט.

איך האָב מיר פאָרגעשטעלט דער מוטערס פיגור, וואָס פאַר אַ פאַרגעניגן דאָס וואָלט געווען, ווען זי דרייט זיך אין די היגענדיקע צוויי צימערן אַרום, אויג אויף אויג מיט מיר אַליין... און שטעלט אַלץ פאַ־נאַנדער ווי אַן אייגענע, און ברענגט אַלץ אין אָרדענונג מיט גרויס ליבּ־שאַפט. און אַז איך בין געגאַנגען שלאָפן, האָב איך דעם בריוו געקושט און געלייגט אים מיטן קאָנווערט אונטערן קישן, אַז עס זאָל זיך מיר אַ גאַנצע נאַכט חלומען גוטע חלומות פון דער זיסער, ליבער פרוי.

האַרט פאַרן איינשלאָפן האָב איך געטראַכט, און לאַנג געטראַכט: אפשר וואָלט איך גאָר חתונה געהאַט מיט דער פרוי, מיט דער מוטער, נישט קוקנדיק אויף אירע עטלעכע פערציק יאָר, וואָס זענען אַזוי געשמאַק, פונקט ווי דערשטאַנענע תבואה אין פעלד, פונקט ווי גאָלדענע זאַנגען.

אָבער אויף דעם בריוו האָב איך גאָרנישט געענטפערט.

אַז עס פליסן אָפּ נאָך צוויי וואָכן נאָך דעם ערשטן בריוו, קריג איך נאָך אַ מאָל נאָך איינעם. איצטער — שוין אָן פּרעטענציעס און אַפּע־לירונגען צו מײַן אַלטער פריינטשאַפט...

איך האָב פאַרשטאַנען נאָך איידער איך האָב געלייענט, אַז אַזוי דאַרף ער זיין... און אַז אויב איך וועל אויף אים אויך נישט ענטפערן, איז ער שוין אויך דער לעצטער.

נאָר שטעלט אייך פאָר, אַז איך לעז אים איבער, זע איך אַז דאָ עפנט זיך ערשט אויף ס׳ניי אַ ברייט, ריין פעלד... „די טאָכטער האָט נישט דאָרט קיין שום צוועק, אין דעם קליינעם אָרט ווערט מען פאַרלוירן; און די מוטער, וואָס ווייסט וועגן מיינע באַקאַנטשאַפטן אין דעם קרייז, בעט מיך, אַז די טאָכטער זאָל אָנקומען אין דער דראַמאַטישער שול און זי איז גרייט צו קומען קיין וואַרשע"... — אַך, ס׳איז גוט! — טראַכט איך.

אָבער די רוסישע דעפּאַרטאַמענטן, כּדי עס זאָלן זיין „טשיבאָווניקעס",

כאָטש דער אָביעקט פאַרן דעפּאַרטאַמענט פעלט...

אונדזער „דראַמאַטישע שול" מיט אַזש גאַנצע דריי אָנפירער — ד"ר שפּרינגענזאָן, ד"ר מעקלערזאָן און ד"ר טענצער אויף אַלע חתונות־זאָן. איינער רעדט וועגן געהער מיט דער זיכערקייט פון קאַרוזאָס אַ משפּחה, באַזיצט ער אַליין אין זיין קול אַ נישקשהדיקע האַרמאָניע פון אַ סקריפּ פון אַ טויער, ווען ער לאָזט הערן וועגן דיקציע... דער צווייטער — וועגן יידישער היסטאָריע: ווער ס'איז געווען גאָלדפאַדן... און דער דריטער האָט גלאַט אַזוי גרויסע פאַרדינסטן פאַר דער פּאַרטיי... און די אַלע דריי האָבן באַשטימט פאַר זיך פערציק זלאָטעס פון יעדן שילער־קאַנ־דידאַט איינשרייב. די 40 זלאָטעס ווערן יאָ אָנגענומען, דער שילער—נישט, און אַזעלכע עטלעכע הונדערט 40ער זלאָטעס צו יעדן סעזאָן, 4 מאָל אין יאָר, לוינט זיך שוין צו „אַמטירן" אין דעם דעפּאַרטאַמענט, וואָס נאָר בלויז ער אַליין עקזיסטירט. דאַקעגן דער אָביעקט — נישט. טאָ וואו זשע קומט זי? אָך, אָך, אָך! וואָס פאַר אַ וואוילער אויפטו פאַר אַ טאַלענט, צו קומען אים אויסשלייפן ביי די דאָזיקע דריי דאָקטוירים. און די קליינע האָט טאַלענט... זי האָט... — האָב איך מיר אין דער שטיל צוגעטאָקעוועט...

נאָר געענטפערט האָב איך נישט.

איך פיל צו איר די ליבע, וואָס איך פיל אין אַלגעמיין צו מענטשן, וואָס גייען מיט אַ גלייכן שניט סיי אין זייערע פּריוואַטע זאַכן, ווי זי, מינקע, און סיי אין זייערע געזעלשאַפטלעכע, ווי די דערמאָנטע דריי דאָקטוירים. אַ „דראַמאַטישע שול" האָבן זיי, שילער פאַרהערן זיי... נאָר ווער עס זאָל זיי אַליין פאַרהערן (זאָל זיין אָן פערציק זלאָטעס...), איז נישטאָ...

נאָר כ'האָב דער מוטער סיי ווי נישט געענטפערט. און כאָטש כ'האָב גאָרנישט געשריבן, פונדעסטוועגן גייען ניט אויס קיין אַכט טעג — און די קליינע איז דאָ! זי איז דאָ מיט אַ געפּלאַכטן קיישל, אַפילו מיט די זאַכן. ס'הייסט, זי איז געקומען וואוינען שוין דאָ... זי האָט דאָ הי משפּחה.

איך האָב געטראַכט: „אַ שווערער נסיון, מען איז מיך געקומען אויסנוצן".

— נו, וואָס קאָן איך פאַר דיר טאָן, קליינע?

— אוי, מיין ליבער, מיין טייערינקער!... — פאַלט זי אַזש ווי אין ספּאַזמען אַריין.

— נו גוט, גוט — זאָג איך און אין מיר טראַכט איך: „דו דאַרפסט

דען דיין נישט ליבן מיך מכפּר זיין, פאַרענטפערן ווי אַ זינד?... נישט צו ליבן איז נישט קיין פאַרברעך, וואָס עס קומט דערפאַר נישט צו דינען, אויב מען קאָן". און איך באַשליס:

— כ׳וועל עפּעס טאָן פאַר דיר...

זי איז צו מיר צוגעפאַלן; זי וויל מיך קושן...

— נו, מילא, קוש...

און איך באַגלייט זי צו דער משפּחה, ווייל געקומען איז זי צו מיר פון דער באַן גלייך, אַפילו מיטן קיישל.

---

ס׳זענען נאָך געשטאַנען זייער שיינע טעג, כאָטש ס׳איז שוין געווען האַרט פאַר סוכות, ווען כ׳בין שבת פרי אויסגעשטיגן ביי דעם קאָליע־שטרייך פון די אונטערשטאָטישע זומער־וואוינונגען, איז אויף די זאַמד־פּלעצער שוין געלעגן, ווי אַ פאַרברויגנט זאַמד, צוליב דער נאַסקייט פון דעם אָפּגעקילטן נאַכט־טוי. די זון האָט שוין נאָר ווייט־שטראַלנדיק אַריינ־געקוקט צווישן די צווייגן פון עטלעכע דאָ שיטער צעשטעלטע נידעריקע, קרומע ביימער. אויף דעם פּלאַץ, וואָס איז געלעגן צווישן אַנדערע פאַר־צוימטע פּלעצער און האָבן דעם געלאָזט ווי אַן אָפענע „ח" צווישן זייערע דריי זייטן פּלויטן, בין איך געגאַנגען צום סאַמע ווינקל לינקס, ווי דאָרט האָט זיך געעפנט ווייט אַרויף אַ שמאָל געסעלע און איך בין צוגעקומען צו אַ ווילע. דאָ איז דער מאָרגן־ווינקל געווען אַ טונקל־אויס־געלאָשענער, צוליב די לאַנגע און גלייך שטייענדיקע ביימער, וואָס האָבן דעם שיין פון טאָג פאַרשטעלט. אין הינטערגרונט אַנטקעגן דעם פאַר־קאַן, ביי וועלכן איך בין געשטאַנען, האָט פון צווישן די ביימער אַרויס־געקוקט אַ געל געפאַרבט צוויי־שטאָקיק הויז מיט ברייטע וועראַנדעס אונטן און אויבן, וואָס האָבן אויסגעזען ווי אָפענע סוכות מיט צוויי סלופּעס אין די פאָדערשטע צוויי ווינקלען. איך האָב געזוכט אַ טירל ווי אַזוי אַריינ־צוגיין אין הויף, נאָר דאָ, אין דער גאַנצער לענג פאַרקאַן, האָב איך נישט געפונען. איך בין אַריין אין קווער געסעלע, וואָס פירט אַרום דעם פאַרקאַן צו דער צווייטער זייט ווילע און דאָרט בין איך צוגעקומען צו נאָך איינעם אַזאַ הויז, וואָס איז געשטאַנען הינטער יענעם וואָס כ׳האָב געזען צום ערשטן. דאָ האָב איך געפונען אַ קליין טירל אין סאַמע ווינקל פון פּלויט, און בין אַהין אַריין אויף דער סטעזשקע, וואָס האָט גלייך געפירט

צו דעם הויז, וואָס איז דאָ געשטאַנען. די ערשטע, וואָס איך האָב געפרעגט וועגן דער אַנגעוויזענער מיר אַדרעס, איז געווען אַ פרוי מיט אַ ברודיק טוך מיסט אין דער האַנט, וואָס זי האָט געטראָגן צום אַרויס־וואַרפן אין דער פרי נאָכן אויסקערן די שטוב. זי האָט אָנגעשטעלט די אויגן אין דער לופט, באַכגעקלערט און נישט געוואוסט, וואו דאָס איז און וועמען איך מיין. איך האָב געזוכט קינדער אַרום דעם הויז, זעענדיק, אַז ביי די גרויסע מענטשן וועל איך מיך צו גאָרנישט דערשלאָגן. און די ערשטע צוויי, צו וועלכע איך האָב מיך געווענדט צו ביידע גלייך, זענען געווען צוויי מיידלעך צו זיבן יאָר, אין קורצע קליידלעך, לאַנגע שטרימפּ און פול מיט באַוועגונג צום שפּרינגען.

— מיידלעך ! — האָב איך מיך צו זיי געווענדט. די קינדער זענען געבליבן שטיין פאַרגאַפטע מיט אויפגעהויבענע פּנימלעך קעגן מיר.

— קאָנט איר מיר נישט זאָגן, וואו עס וואוינט דאָ די און די ?...

— יאָ! — האָבן זיי לוסטיק ביידע גלייך אויסגעשריגן און האָבן מיך אַוועקגעפירט צו יענעם הויז, וואָס כ׳האָב צום ערשטן געזען.

איך האָב שוין געוואָלט מאַכן דעם ערשטן טריט אויף דער וועראַנדע אַרויף, ווי די ביידע קינדער האָבן מיך פון הינטן פאַרהאַלטן:

— אָט איז דאָרטן די...

איך האָב זיך אומגעקערט צוריק פון ערשטן שטיגל אַוועק, גלייכצייטיק מיט אַ בליק, וואוהין די קינדער האָבן מיט די הענטלעך געוויזן. אַ פּופּציק איילן ווייט איז ווירקלעך געזעסן ווער, אַ פרויען־געשטאַלט, אין אַ האַלב־ליגנדיקער פּאָזע אין אַ וויג־שטול.

— וואָס זיצסטו דאָ שוין אַזוי פרי? — האָב איך געפרעגט, צוגייענדיק צו איר.

— זעסט דאָך, אַלע זענען שוין אויפן הויף, — האָט זי געזאָגט — קינדער אַפילו.

— אָבער דו ביסט נאָך, דאַכט זיך מיר, נישט אָנגעטאָן. אַזוי איז צו קיל שוין אין היינטיקן מאָרגן.

— עס שאַט נישט, — האָט זי געזאָגט — איך גיי באַלד אַריין מיך אָנטאָן. — און דאָס האָט זי געזאָגט מיט אַזאַ שטילקייט און דאָס קול אירס אַזוי טרוקן, געלאָשן, ווי גאָרנישט די זעלבע.

זי האָט זיך אויפגעשטעלט אין אַ מאָרגן־שלאָפראָקל, עפּעס אַ פּאַר־בומענע אין געדאַנק איז זי געווען און זי האָט געזאָגט, זי גייט זיך אָנטאָן, כ׳זאָל דאָ צוּוואַרטן אַ ביסל, זי קומט באַלד אַרויס.

זי איז אַוועק אויף דער וועראַנדע, די קינדער זענען אויך גלייך אַוועק און איך בין געבליבן זיצן אַליין.

אַזוי בין איך געפאָרן אין יענעם מאָרגן און אַזוי האָט מיך אויפ־גענומען מינקע.

די מומע, צו וועלכער זי איז געפאָרן, איז נאָך דערוויילן נישט אַריינ־געקומען פון זומער־וואוינונג, און ווען דער פעטער האָט איר צו וויסן געגעבן וועגן מינקעס קומען, האָט זי זי צו זיך דערווייל אַרויסגעבעטן אויף אַ פּאָר טעג, ביז זי פאָרט אויך באַלד צוריק אין שטאָט אַריין. מינקע, ווידער, האָט מיר געברענגט דעם אַדרעס און מיר אָנגעבאָטן וויפל זי האָט נאָר געקאָנט, אַז איך זאָל ווידער צו איר אַרויסקומען. נאָר פאַרוואָס איז זי אַזוי צוריקגעצויגן, אָפּגעהיטן פאַר אַ קינדעריש לוסטיקן אויסברוך פון איר געוויינלעכן טעמפּעראַמענט? זי רעדט אויך אַ סך שטילער, עפּעס ציטערדיקער און דינסט־פּאַרטיקער.

ווער איז עס די מומע פאַר איינע? זי איז מינקעס מוטערס אַ שוועסטער. אַ יינגערע פרוי נאָך, נאָר אין אַ שייטל. זי איז נישט קיין אַלטוועלטיקע, נאָר נישט פון דעם פרייערן טיפּ. זי איז נישט אַלטמאָדיש, האָט נישט וועגן זיך קיין מיינונג, אַז זי איז אַ „פאַנאַטישע", נאָר קאָן פאַר קיין פאַל נישט פאַרקירצן אויף אַ צאָל איר לאַנג קלייד, וואָס שלומפּערט זיך נאָך. ווען זי האָט חתונה געהאַט מיט איר איצטיקן מאַן, דעם חסיד, אין זייער קליינעם שטעטל, האָט מען זי איינגעשאַצט, צוזאַמען מיטן נדן, אויך אַלס „אַ שיינהייט און אַ געלערנטע". און ווען דער חתן האָט געקריגן אַ גאָלדענעם זייגער, האָבן אים די חברים פון שטיבל מקנא געווען: „אי געלט אי „סחורה"... די מחותנים אַליין האָבן אויך געשמועסט צווישן זיך וועגן איר: דאָס „קרן" איז אַ גוטס... אַזוי האָט זי געגאָלטן אויך אַלס אַ פּאַצעטקע, ווען זי האָט איין מאָל אָנגעטאָן אַ געבלימלט קורץ פאַר־טעכל, אַ העלפט פון דער געוויינלעכער מאָס סחורה, וואָס גייט אַוועק אויף אַ כשר פאַרטעך, און אַ באַרדאָ בלוזקעלע מיט גאָלד־געהאַפט פון פאָרנט... זי איז אַפילו אויך געווען ראָמאַנטיש, און איין מאָל שוין געהאַט אָנגע־שריבן אַ בריוול צום חתן, נאָר געשיקט האָט זי עס נישט. געזען מיט דעם חתן האָט זי זיך נאָר בלויז פאַר דער ציגעלנע אויפן ברייטן וועג הינטער דער שטאָט, ווען זי איז געגאַנגען צווישן אירע חברטאָרינס אויף איין זייט ביים פעלד און ער צווישן זיינע חברים אויף דער צווייטער זייט. נאָך די שבתדיקע אַראָפּגעלאָזטע זון, וואָס איז דעמאָלט שוין געשטאַנען נאָענט צו מערב און מיט אַ גאָלדן־רויטער צעפלאַמטקייט געבלאַשטשעט

פאַר די אויגן, האָט איר געשטערט אים גוט אָנצוקוקן; און די האַנט אויפהייבן פאַרן שטערן, האָט זי זיך געשעמט. — איצטער איז זי אַ רייד פערקע צווישן די פאַבריקן־קוימענס. זי גיט דאָרטן קריסטלעכע אַרבעטאָרער סחורה אויף בלוזקעס פאַר ראַטעס. דער מאַן ווידער קאָל־קולירט איר אויס פּרייזן אויף נאַלעווקעס און שטעלט איר צו די אַלע מיני סחורות אין שטוב אַריין, — אָט די איז איר מומע.

אַריינגעבעטן אין שטוב האָט מינקעלע נישט, אויף דער ווערענדע אַרויף אויך נישט. געבעטן האָט זי מיך נאָר מיט אַן איינגעשרומפּנקייט, ווי גאָרבישט איר טבע — זיצן אויף דער וויג־שטול, פון וועלכער זי איז אויפגעשטאַנען צום אַוועקגיין אין שטוב אַריין, זיך אַרומוואַשן און אָנטאָן ווי געהעריק. איך בין דערווייל אַראָפּגעגאַנגען טיפער אין הויף אַריין און דאָרט פאַררייכערט אַ פּאַפּיראָס.

זי האָט זיך צו לאַנג געזוימט מיט איר צוריק אַרויסקומען, און ווען איך האָב צוריקגעקערט צום פריערדיקן אָרט, איז זי נאָך נישט געווען דאָ.

ווען זי איז אַרויסגעקומען, איז פּונקט ווי זי וואָלט נישט געקאָנט זיין לאַנג דאָ, און ווי זי וואָלט מיך נישט געקאָנט לאָזן אַליין, האָט זי מיר געזאָגט:

— נו, איצט בין איך שוין אָנגעטאָן... און איצט גיי איך אַריין אויסטרינקען אַ גלאָז טיי און עפּעס צובייסן.

— גוט... — האָב איך געזאָגט.

אויף דער ערד איז געקראָכן איבערן זאַמד אַ ווייסער, קיילעכדיקער וואָרעם, ווי מיט אַ מעשבלעכל — אַ גלאַנציק פּאַנצערל אויפן קאָפּ, גראָבנדיק דערמיט אין זאַמד. נאָר די איינציקע זאַמדעלעך, וואָס דער וואָרעם האָט זיי געהאַט אויפגעהויבן העכער, האָבן זיך פון טרוקנקייט נישט געקאָנט האַלטן אויבן און צוריקגעגליטשט זיך דעם וואָרעם אונטערן פּיסקל. מיך האָט פאַראינטערעסירט, צי איז דאָס אַ וואָרעם, וואָס גראָבט אין דער טיף, נאָר קאָן נישט בייקומען די טרוקענע זאַמדלעך, וואָס פאַר־לויפן אים צוריק דעם וועג אונטערן פּיסקל אַזוי, אַז וויפל ער גראָבלט, בלייבט ער אַלץ אַ האָר נישט טיפער, — אָדער איז דאָס אַן אויבנאויף קריכנדיקער וואָרעם. איך האָב גענומען, אַ טיפּן שאַר אַוועק געגעבן איבער איין אָרט דאָס אויבנאויפדיקע טרוקענע זאַמד מיטן פוס און האָב דעם וואָ־רעם איצט אַרויפגעשטעלט דאָרט אַהין אויף דעם פייכטלעך אויפגעדעקטן באָדן, וואו דאָס זאַמד וועט זיך שוין נישט שיטן צוריק, נאָר האַלטן זיך, אויב דער וואָרעם וועט עס איבערוואַרפן. —

נאָר גייַן, ער האָט זיך נישט געגראָבן.

דאָך איז עס געווען אַ וואונדערבאַרער וואָרעם: די שפּיר־הערנדלעך האָבן אים געפעלט, ווי דעם מין, וועלכעס גראָבט זיך יאָ — און דאָס פּאַנצערל ווידער איבערן קאָפּ איז געווען צו ברייט, ווי ביי דעם מין, וואָס גראָבט זיך נישט...

ס׳ערשטע מאָל קומט מיר אויס צו זען אַזאַ מין נישט־אויסגעשפּראָכנקייט פון דער נאַטור: ס׳איז אי אַזוי אי נישט אַזוי — אי נישט אַזוי אי יאָ אַזוי... הגם ביי די מענטשן קומט מיר אויס ביי די גאַנצע הונדערט פּראָצענט יאָ צו זען אַזאַ דערשיינונג: אי ס׳איז אַזוי אי נישט אַזוי, אי נישט אַזוי אי יאָ אַזוי.

נאָר זי זוימט זיך שוין צו לאַנג די קליינע.

כ׳האָב איבער דער צייט שוין געזען איר מומען שאָקלען אַ קאָלדרע פון פליי דורכן פענצטער אַרויס, אַרויסבייגנדיק דעם קאָפּ מיט דעם שלאָף־טשיפּעק. כ׳האָב אויך שוין געזען דעם מאַן דעם חסיד אָנקומען פון מנין מיטן טלית אונטערן אָרעם, ווי ער האָט נאָך פון דער זייט טיר, אויף דער וועראַנדע שטייענדיק, געקושט די מזוזה.

נאָר אָט קומט מינקעלע אַרויס, גייט צו צו מיר, מיר אַנטקעגנטראָגן עפּעס וואָס אין פּנים, אַזוי ווי זי האָט מיר עפּעס צו זאָגן, און זי זאָגט מיר:

— דער פעטער וויל, אַז זי זאָל פריער אָפּעסן ביים טיש דאָס שבתדיקע אָנבייסן, איידער זי גייט מיט מיר, אַז נישט איז ער פלאָם־פייער...

— נו, גיי אַריין, — זאָג איך — עס אָפּ. וואָס דאַרפסטו זיך קרעמפּירן?

שוין. זי איז צוריק אַוועק אויף די שפּיצן נעגל, אַזוי ווי זי איז געקומען.

אין אַ 25 מינוט אַרום קומט זי צוריק אַרויס, אָבער נאָך מיט גאָרנישט אויף די אַקסלען, אָדער אויפן קאָפּ, ווי נאָך נישט אינגאַנצן גרייט צום גיין.

זי מוז גיין געבן אַ טעלעגראַמע פון דער פאַמיליע צו דער מוטער אירער; עפּעס איז פאָרגעפאַלן אַ פאַמיליע־זאַך, צי וועל איך מיט איר מיטגיין.

— יאָ, — זאָג איך.

שוין. זי גייט נאָר אַריין נעמען דעם הוט.

און זי קומט אַרויס צו גיין אי מיטן הוט אי מיט דעם פעטערס אַ צוועלף־יאָריק יינגל ביי דער זייט. ביידע גייען גלייך צו מיר און שטעלן

זיך אַנידער לעבן מיין האַנט, שוין גרייט צום גיין.

אַז איך האָב געזען דאָס יינגל אויך וואַרטן, האָב איך זיך דער־מאָנט, אַז אייגנטלעך פּירט זיך אין אַזעלכע פאַמיליעס ווי איר פּעטער און איר מומע זענען, אַז קיין מיידל טרויט מען נישט קיין יחידות מיט אַ פרעמדן מאַנספּאַרשוין. ווען עס טרעפט אין אַ דאָרף און ס'איז נישטאָ וועמען מיטצושיקן, ווען אַ פרוי מיט אַ פרעמדן מאַן דאַרפן גיין אין איין וועג — איז גוט מיטצוגעבן אַ הון, אַבי אַ לעבעדיקע זאַך, וואָס זאָל זיי אָפּהיטן פון שלעכטס. די אויסרעכענונג פון מיטגעבן אַ הון כאָטש, איז אַ פּשוטע זאַך און נישט איין מאָל האָט זי שוין אָפּגעראַטעוועט אַזעלכע צוויי פון זינד. ערשטנס האָבן זיי זיך מיט וואָס צו באַאומרואיקן: דאָ וויל די הון געבן אַ שפּרונג פון דער האַנט אַרויס, דאָ רייסט זיך אַרויס אַ פליגל אויף דער פריי און דאָ גיט זי גלאָט אַ געשריי — זענען די צוויי גע־שטערט שוין אין די געדאַנקען. צווייטנס האָט שוין אויך פּאַסירט, אַז איינער, וואָס איז אַמאָל געגאַנגעןביים וועג, האָט ער דערהערט אַ שרייען פון אַ הון צווישן די קזשאַקעס און האָט געמיינט — אַ כשרע מציאה, וואָס עס האָט ווער פאַרלוירן; און איז גיך געקומען צו לויפן אויף דעם אָרט, וואו אַזאַ פּאָר זענען שוין געלעגן גרייט, באַר צום זינדיקן, האָט אַזוי־ערנאָך די הון זיי דערפון מציל געווען... איך האָב געוואוסט, אַז דאָס יינגל האָט ניט מער ווי דער הונס שליחות אויסצופירן און אָפּצו־היטן די טראַדיציע, וואָס איז אָנגענומען אין אַזעלכע פאַמיליעס. דאָך האָט עס מיך פאַרדראָסן און איך האָב מיר געטראַכט וועגן דעם מיידל: „שוין דאָס אַכצנטע יאָר ווי דו היטסט אַליין דאָס וואָס דו האָסט, דאָס וואָס טאַטע־מאַמע האָבן דיר געשאָנקען און גאָט האָט אויף דיין חלק באַשטימט, און טראָגן טראָגסטו עס געזונט פאַרבאָרגן; דאַכט זיך אַז קיין מענטשן זעען עס גאָרנישט ביי דיר — און פּלוצלינג האָט מען עס דיר מורא ווייטער צו געטרויען און צו שטעלן דאָס צו דיין אייגענער דיס־פּאָזיציע?"

מיין פריינט, איך בין געווען שטאַרק פאַרוואונדערט אויף דעם דאָזיקן; אָבער דאָס מיידל, וואָס האָט מיך געזען שטיין פאַרקלערט, האָט מיך געפרעגט:

— נו, פאַרוואָס גייען מיר נישט?

איך האָב איר געזאָגט:

— מיין אָנשטערענגונג דיר צו דינען איז שוין היינט אויף פאַרלוירן געגאַנגען מיט גאָרנישט... עס טוט מיר זייער לייד, וואָס איך קאָן שוין

איצטער נישט פאַרברענגגען אין דיין געזעלשאַפט. ווייל אַט האָט שוין געשלאָגן די שעה, אויף וועלכער איך האָב אָפּגעשמועסט צו באַגעגענען זיך מיט איינעם אין וואַרשע און איך מוז שוין אַריינלויפן אין שטאָט.

— טאָ נעם זשע מיט די טעלעגראַמע, וועסטו זי דאָרט אָפּגעבן אין שטאָט. דאָס וועט זיין פונקט גוט און איך וועל פאַרשפּאָרן גיין דאָ.

אָט דאָס לעצטע, וואָס זי האָט פאַרלאַנגט דאָ, האָט מיך דערמאָנט אָן דעם אָפּמאַך פון דער קאַטשקע מיט דער הון, ווען ס'איז געווען איין מאָל אַ גרויס שפּע־יאָר. די קאַטשקע האָט געזאָגט: אַזוי ווי עס פעלט אונדז גאָרנישט ביי אונדזער בעל־הבית, די תבואות שיטן זיך אַזש אַריבער אין הויף פון אָנגעפּילטקייט אין די שפּייכלערס, דאַרפן מיר פאַרבינדן אייביקע פריינטשאַפט: דו וועסט מיר אויסזיצן מיינע אייער, דו וועסט זען ווי מיינע קליינע וועלן שווימען און דו וועסט זיך פרייען אויפן ברעג... אין דעם זכות וועט ביי אונדז זיין גאָר אַ לאַנגער דויערהאַפטיקער שלום און אונדזערע קינדער און קינדס־קינדער וועלן זיך אויך אַזוי פירן.

איך האָב אָבער נישט געקאָנט טאָן איר פאַרלאַנג ביי מיין בעסטן ווילן. איך האָב איר דערקלערט:

— מיין פריינט, וואָס וואַרט אויף מיר איצט אין וואַרשע, וועט וואַרשיינלעך דאַרפן, אַז איך זאָל זיין מיט אים פאַרנומען אַ גאַנצן טאָג. און אָפּרייסן זיך אין דער מיט, צו גיין פאַרברענגען אויף דער טעלעגראַף־אַנשטאַלט אַ שעה צייט, ווער ווייסט, צי איך וועל עס אימשטאַנד זיין. צי ווילסטו איבערגעבן מיר די טעלעגראַמע אויך אויף „טאָמער", אויף יאָ, אָדער אויף נישט?

— ניין, ניין. — האָט זי געזאָגט — נו, וועל איך שוין דאָ אַליין אַוועקגעבן.

— גוט. — האָב איך צוגעשאָקלט מיטן קאָפּ און קושנדיק איר די האַנט בין איך צוריק אַוועק דורך דעם זעלבן גָעסל און דורכן זעלבן פּלאַץ, דורך וועלכן איך בין געקומען.

איך בין שוין עפּעס אַזוי געווען אַריינגעטאָן אין וואַרטן אויף איר און אין איין פונקט און אין איין אָרט, אַז ווען איך בין צוריק אַרויס אויף דעם פּלאַץ, האָב איך ערשט אויף ס'ניי דערזען די ליכטיקע זון.

אָבער אין דער מינוט איז אַ שרעקלעכע פּעסימיסטישע שטימונג אויף מיר אַרויפגעפאַלן און אַ גאַנצער געדאַנקען־וואָלקן האָט זיך אויף מיין נשמה באַזעצט.

איינגעהילט אין דעם דאָזיקן געדאַנקען־וואָלקן, האָב איך געוואָרפן

צוריק אַ בליק אויף מיין גאַנצן היינטיקן פרימאָרגן, מיט וואָס איך האָב אים פאַרברענגט; און נישט בלויז אויף אים אַליין האָט מיין געמיט זיך אָפּגעשטעלט, נאָר אויף מיין גאַנצער פאַרגאַנגענהייט און אַלץ, וואָס ס'האָט אין מיר געאָטעמט.

דאָך, ווייס איך נישט ווי אַזוי עס האָט אין מיטן מיין פאַרטראַכטקייט געגעבן זיך אַ ריס אַראָפּ פון מיינע ליפּן דאָס וואָרט:

„ביסט אַן אַרטיסטין"...

איך האָב מיך אַליין פאַרהאַלטן ביי דעם דאָזיקן קלאַנג, וואָס האָט מיך איבעררעשנדיק אויפגעוועקט: פון וואָס דאָס קומט?... און מיין געדאַנק האָט זיך אָפּגעשטעלט אויף דער קליינער.

—ביסט ווערט, האָב איך מיר געטראַכט, אַנצוקומען אין אַן אַרטיסטן־שול. אַן עבירה נאָר ביי אונדזערע מבינים. אָ, ווער ווייסט ווי אָפּצושאַצן די יידישע טאָכטער מיט אַלע אירע פּיטשעווקעס... עס ליגט דאָך אין איר אַ קוואַל.

און נאָך מער: איך בין געוואָר געוואָרן, אַז זי אַליין איז געווען די קריסטין אין וואַלד, פאַר וועלכער זי האָט זיך פאַרשטעלט (פאַרקליידט) און געקליבן שוואָמען... זי איז געלאָפן פאַרויס אין וואַלד און מיטגע־נומען מיט זיך יעדעס מאָל אַזאַ ספּעציפיש קלייד מיט אַ טיכל אויפן קאָפּ. און זי אַליין האָט מיך געשיקט נאָך אויף צומאָרגנס נאָך אַ מאָל צו זיך אַליין, כדי אויף זיך אויסצורעדן אָסור־לדבר, אַבי איך זאָל אַנטלויפן פון איר...

אייגנטלעך איז מיין דערציילן שוין געענדיקט, נאָר איין קליינע דערגענצונג האָב איך נאָך צו מאַכן:

איך ווייס, מיין פריינט, אַז איר וועט זאָגן, די גאַנצע מעשה איז עפּעס צו „פאַנטאַסטיש"... ס'איז אויסגעטראַכט און נישט אמת.

אָבער, מיין פריינט, זאָל זיין אַפילו, אַז נישט אמת, אַז ליגנט אַפילו, איז אָבער דער עיקר פון איר אַן אמת, ווי אַזוי עס זעט אויס די ליבע און אויך דער כאַראַקטער פון אַ פרויען־טיפּ, און בפרט נאָך אַ יידישע, וויפל „געדרייעכצלעך", אָנשטעלן און אונטערשטעלן. טאָ וואַרפט זשע אַראָפּ די מיטלען מיט וועלכע עס איז דערציילט די מעשה און דעם עיקר נעמט צו פאַר כשר... וואָרן דער צוועק פון גאַנצן דערציילן איז נאָר כדי ליכטיק צו מאַכן אין די ווינקלען, וואָס זענען אַ סך מאָל נישט אויפ־געקלערט. דערמאָנט איך נאָר, וויפל אויסמיידנדיקע „ווענלעך" דאָ איז געוואָרן אָנגעווענדט אויף איין פראַזע: „איך ליב דיך נישט".

איך ווייס אויך, אַז אַנדערע זענען געוואוינט צו מיינען דאָס פֿאַר אַ מעלה: „נישט צו זיין רוי, יענעם נישט ווי צו טאָן, נישט צו אַנטפּלעקן אויף איין מאָל דעם אמת". אָבער, מיין פריינט, זאָגט די אַלע אין מיין נאָמען, אַז אין יעדן פֿאַל פון מענטשלעכער העפלעכקייט ליגט אַן אויס־געראַכנטקייט פון נישט וועלן זיך אָפּזאָגן פון אייגענעם נוץ, וואָס מען קאָן נאָך האָפן, אָדער אומגעריכט דאַרפן פון יענעם, אויב נישט היינט איז מאָרגן. אין בעסטן פאַל נוצט מען כאָטש אויס יענעמס מיינונג איבער זיך: „ווילן וויל איך נישט, נאָר לאָמיך כאָטש נישט אַרויסווייזן—און בלייבן אַן אָרנטלעכער מענטש".

און וועלכער פאַל איז עס דאָ געווען? — ריין אויסנוצעריש, און אין וועלכער פאָרם זי וועט דאַרפן צו מיר, האָט זי אין מיטן זומער נאָך אַליין נישט געוואוסט. נאָר אַז אַזאַ פריינט לוינט איר, איז פאַר איר קלאָר געווען.

טאָ ווי וואָלט איר געהאַנדלט אין אַזאַ פאַל? וואָלט איר געהאָלפן איר דעם ציל דערגרייכן?

מיין פריינט, איך זע, אַז ס'איז ביי אייך אַ צוזאַמענשטויס פון געדאַנקען מיט געדאַנקען, און אַז איר בײַטיקט זיך אין מיין דערקלערונג, ווי איך האָב אַליין געהאַנדלט.

פאַרשטייט זיך, אַז די דראַמאַטישע שול האָט איר ווייניק געקאָנט נוצן: אַזוי ווייניק, ווי ווייניק מען איז אויף דער פּראָווינץ אָריענטירט וועגן איר בלאָפערישקייט; ווי ווייניק מען ווייסט דאָרט, אַז דאָס איז, העכסטנס, אַ שפּיל אין רעקלאַמע, צייטונגס־באַטיצלעך און—אין „אַ בענקל" ענדלעך קוים מיט צרות... און ווי ווייניק מען קאָן פון אַזעלכע אַחריות דערוואַרטן, אַזוי ווייניק איז מען אויך אויף דער פּראָווינץ אָריענטירט וועגן זייער באַרופנקייט און פעאיקייט פאַר אַזאַ אינסטיטוציע פון אויס־בילדן טאַלענטן, אויף וואָס זיי קענען זיך גאַרנישט. איך בין, דעריבער, גלייך אַוועק צו איינעם פון די היגע טעאַטער־אונטערנעמער, איך האָב אים געטראָפן אין זיין קאַנצעלאַריע און דאָרט איז באַשלאָסן געוואָרן איר גורל, אַנצוקומען גלייך אויף דער סצענע:

„גיי און בילד דיין טאַלענט ווייטער..."

אָבער צומאָרגנס איז מיין טיר געווען פאַרקייטלט, ווען איך האָב זי דערזען דורכן פענצטער. איך האָב זי נישט געדאַרפן.

אויב ס'איז אמת, אַז די נשמה און דער גוף איז איינס — באַשטעטיקט

זיך עס אין מיין געפיל צו מענטשן. צו מאַנכנס קערפּער פיל איך אַ פיזישן עקל צוליב זייער נשמה.

נאָר פאַרוואָס האָב איך פאַר איר געטאָן? האַלט איך דען, אַז מיט ביישפּילן פון גוטס ווירקט מען אויף שלעכטס? ניין, אויף אויסצורוימען דאָס שלעכטס וואָלט מען געדאַרפט דאָס גאַנצע מענטשלעכע דאָ־זיין פון אַצינד אויסרוימען און פּלאַנצן אַ נייעם טיפּ. און צוליב דעם טאַקע ווייל דאָס איז נישט מעגלעך, דאַרף מען אונטערהאַלטן דעם קיום, העלפן איינער דעם אַנדערן, גוט זיך שפּייזן, גוט קליידן, גוט לעבן, כדי דער צוקונפט־טיקער געהאָפּטער מענטש, וואָס דאַרף אין אַ צען אָדער צוואַנציק טויזנט יאָר אַרום סוף־כל־סוף זיך אויסגילגולען פון דעם היינטיקן מענטש — זאָל נישט געבוירן ווערן קיין נפלע; ער זאָל האָבן אונטער זיך אַ קייט כאָטש פון געזונטע, שטאַרקע עלטערן, הגם געמיינע יונגען!

ווי איר זעט, מיין פריינט, האָב איך דאָ געטאָן נאָר מיין פליכט. דאַקעגן די מוטער דערמאָן איך נאָך היינט צום גוטן, כאָטש חתונה האָבן קאָן איך מיט איר נישט, ווייל אַ ווידערשפּרוך וועט זיין אין אונדזער לעבן: דאָס זעלבע, וואָס זי ליבט, איז מיר דערווידער. און איך דאַרף דאָך נישט באַלד אין אָנפאַנג און באַוואוסטזיניק נעמען אויף מיר דאָס וואָס עס קאָן מיך רעגן.

אָט אַזוי האָט זיך געענדיקט דער ראָמאַנס פון אַ מוזיקער, וואָס האַלט זיך נישט דעריבער פאַר אומגליקלעך. אויב נישט פאַרקערט!



# קינדער

.1

**איז דען** עפּעס צו פרעגן? — האָט דער אַלטער ר׳ אהרן אָנגעהויבן — ווי איז דער שטייגער, אַז מיינעביידע זין האָבן נישט געוואָלט ווערן קיין לייט, איז דען ווער עפּעס שולדיק? קלער איך מיר: מן הסתם איז דאָך זיי באַשערט דער ווינט אין די אויגן... וואָרן גיין אַריינ־קלערן פאַראויס — איז מען נישט בכוח. הלמאי ביי דעם, ביי יענעם וואַקסן קינדער?... און מיינע? — ווען איך זאָג זיי: שקצים, לאָבוסעס, גייט נישט אין חדר, שלאָגט איך אַרום אויף די פּלעצער, פּאָלגט נישט קיין טאַטן — מאַ, איז עפּעס אַנדערש... איך האָב זיי אָבער אויך נישט געהייסן אַזעלכעס, וואָס עס הייסן נישט אַנדערע טאַטעס. און דאָך, פאַרוואָס זענען זיי אַזעלכע „גאונים״ געוואָרן?

נאָר מיר וועלן בעסער גיין כסדר:

כ׳בין אַ סוחר, אַ סוחר גלייך מיט אַלע סוחרים. כ׳קאָן נישט זאָגן: דער גרעסטער, ווייל עס זענען דאָ נאָך גרעסערע. אָבער אָן מיין קרעדיט באַגייט מען זיך אויך נישט. דער באַרגט, יענער באַרגט — נאָך אַ מאַרק־טאָג, אָדער אַזוי נאָך אַן אָפּלייזן: קרעמער, דו באַדאַרפסט ווידער עפּעס אַ מין? — אַריינגעקומען באַרעכנט זאָל ווערן, באַצאָלט דאָס אַלטע — נאָ ז יר ווידער אויפסניי.

אַ פּרנסה־הויז דאָסגלייכן. כ׳קאָן נישט זאָגן, אַז דאָס גרעסטע. ס׳זענען דאָ גרעסערע, אָבער געלט פעלט נישט. פאַרנומען אין מסחר איז מען, ב״ה, שטענדיק. כ׳וועל נישט זאָגן, אַז אַלע טעג, גאַנצע וואָכן. אָבער טייל מאָל מאַכט זיך: דער זייגער איז שוין צוויי און איך האָב נאָך נישט געהאַט אין מויל. און פאַרוואָס? — פאַר לײדיק אַרומגיין? אָסור — נישט.

די צוויי זין, פאַרשטייט זיך, אַז זיי האָבן אַלץ געהאַט: אי מלמדים, אי לערער, אי צו עסן און צו טרינקען, אי הלבשה. קאָן מען דאָך אפשר מיינען, אַז דערפאַר ווייל זיי האָבן קיין מאַמען נישט געהאַט? ניין, ס׳הייבט

זיך נישט אָן, וואָרן דער עלטסטער האָט אין דער צייט פון זיין אויפוואַקסן, ביז צוועלף יאָר, נאָך יאָ געהאַט די מאַמע — און ס׳האָט נישט געהאָלפן; דווקא איז ער נאָך גאָר דער ערגערער.

נאָר מיר הייבן אָן פון ייִנגערן. דאָס מאָל וועלן מיר זיך פירן פאַר־קערט; נישט על ראשון ־ ראשון.

מלמדים האָבן געזאָגט אויף אים, אויף דעם ייִנגערן, אַז ער נעמט אויף דאָס לערנען — בנשימה, פון ערשטן מאָל. ס׳איז גאָר איבעריק מיט אים איבערצוחזרן דעם שיעור. אַזוי האָט ער געלערנט.

אָבער אויפן פופצנטן יאָר זיינעם — ער וויל שוין אויף קיין אָרט נישט איינזיצן, נישט געדאַכט זאָל עס זיין — עפּעס שפּילקעס אין דער הויט. און איינשטיין קאָן ער אויך נישט. קלער איך: וואָס קאָן דאָס זיין? ער לייגט שוין דעם קאָפּ נישט צו, ס׳איז נישט זיין דאגה — יאָ לערנען, נישט לערנען.

זאָג איך אים:

— משהלע, דאַרפסט נישט קיינעם דעם קאָפּ פאַרדרייען. הכל תלוי בדבור. דאַרפסט נאָר זאָגן, אַז נישט, דו ווילסט נישט...

— ניין — זאָגט ער — ווער זאָגט, אַז איך וויל נישט?

וואָרן אין דער אמתן: פאַרוואָס זאָל ער נישט לערנען? אַ פּנים — אַ טונקלס, אַ גאָמבע — אַ ביסעלע אַ שפּיציקע, אַ שטערן, דער עיקר אויבן, ביים קאָפּ — אַ ברייטער, און אויגן — לעבעדיקע... טאָקע פאַרוואָס זאָל ער נישט לערנען?

נאָר מילא וואָס, אַ קשיא אויף אַ מעשה. זאָג איך צו אים:

— משהלע אפשר ווילסטו גאָר חתונה האָבן? אלא דו ביסט נאָך נישט אַלט קיין זעכצן יאָר, קיין זיבעצן אוודאי נישט, טוט מען דערווייל אַ שידוך און מען האָט חתונה אויפן אַכצנטן.

קוקט ער מיר אין די אויגן אַריין און שמייכלט:

— וואָס רעדסטו, טאַטע?

— ניין, איך רעד דיך נישט צו, נאָר קיין אומגליק איז עס דאָך נישט.

וואָרן איך האַלט, אַז קינדער דאַרף מען פרי חתונה מאַכן. טאָמער, ווי, וואָס, ווען, דער שטן וויל אַמאָל איינעם אַראָפּפירן פון וועג — טרעפט ער אים שוין מיט אַ ווייב, איז אים שוין אַ סך שווערער די אַרבעט. בשעת אַזוי — לויפט דאָס ייִנגל אים אַליין נאָך...

און אַ רייכער סוחר בין איך אויך. מען וועט זיך מיר גאָרנישט דערוועגן פאַרצושלאָגן אַ שלעכטן שידוך. דער שדכן וואָלט באַלד נישט

געטראָפן צו מיין קליאַמקע... טאָ פאַרוואָס זשע נישט, פאַרוואָס זאָל איך אים נישט חתונה מאַכן, משהלען? וואָס הייסט — אַ שלעכטער שידוך? כ׳מיין נישט חלילה קיין פּתום־ורעמסס, ניין, נישט קיין צו גרויסן יחוס אויך — נאָר אַן אײדל קינד פון אַן אײדל הויז.

נאָר אויך די אייגענע מעשה: וויל ער נישט, משהלע, איז נישט. כ׳וועל דאָך אים נישט זאָגן: דווקא יאָ. און כ׳וואָלט באַקומען פאַר אים דעם בעסטן שידוך. נאָר ווען איז דאָס געזאָגט געוואָרן, ווען ער וואָלט געווען אויסגעהאַלטן נאָך אַ צוויי יאָר, נאָך דריי. דעריבער טאַקע האָב איך אים דאָס אַזוי געשטורעמט, אַז ער זאָל שוין חתונה האָבן, באַדיי צו זעכצן...

וואָרן מענטשן האָבן דאָך מיך מקנא געווען: אַ רייך ייִנגל. ס׳הייסט פון אַ רייכן טאַטן מיט אַ גוט הויז, און נאָך בעסער, אַ ייִנגל מיט מידות. וואָרן צו זעכצן יאָר איז ער דאָך נאָך געווען גוט און קלוג און שיין — און אַ ספרא רבא — מילא, דאָס איז ער דאָך אַלע מאָל געווען, אַפילו שפּעטער אויך.

אָבער וואָס קומט אַרויס, אַז ביי די זעכצן, זיבעצן יאָר איז מען ערשט עלול קאַליע צו ווערן.

זיין כּתב נאָר בלויז, זיינס אַ ציקל, נאָך איידער ער האָט גאָר אָנגעהויבן צו שרייבן, איז שוין געווען עפּעס צו זען. נאָר גיי מאַך, זיי אַ נביא, אַז ער וועט אַראָפּגיין פון וועג נאָך איידער איך וועל מיך צייט האָבן אומ־צוקוקן.

ס׳איז נישטאָ קיין באַוואָרעניש. וואָרן וויפל מאָל טרעפט, אַז אַפילו מען האָט שוין חתונה און מען לאָזט איבער האַק און פּאַק און מען וואַרפט אַוועק אַ ווייבל?... איך האַלט ווידער צוריק צו וועגס: אַז יונג בלוט לאָזט זיך נישט איינשליסן צווישן פיר ווענט. עס האָט זיך שוין דען נישט גע־טראָפן אַפילו מיט רבישע קינדער, און דווקא נאָך דער חתונה? עס טרעפט, מען גייט אַרויס לתרבות־רעה!

וואָרן חוץ דעם כּוח פון בענקשאַפט, זאָג איך, האָט דאָס ייִנגל אין די ייִנגע יאָרן נאָך אַ צווייטן כּוח, און דאָס איז דער כּוח פון שטיפן. אלא, דערנאָך פאַלט ער איבער די הענט, דער יונגערמאַן: חרטה, פּיטש־מאַטש! דערווייל אָבער איז אָפּגעטאָן און, כ׳לעבן, נישט אַלע מאָל לאָזט עס זיך שוין פאַרריכטן, ס׳רוב נישט... איינצוריכטן זיך איז גרינג, אָפּוואַשן — שווער, עס לאָזט זיך נישט.

און ווי איז דעם יונגנמאַן, וואָס גליטשט זיך איין מאָל אויס. גאַר־

נישט... אַ פליג, וואָס קריכט אַרונטער אונטערן פליגנכאַפּער. ס׳דאַכט זיך איר — אַ שטיקל צוקער...

נישט אַלע מאָל איז עס איבערן שטיקל „צוקער", עס זענען פאַראַן נאָך אַנדערע קליפּות. אַ קליפּה אין געשטאַלט פון ערנסטע רעיונות, מכלומרשט די וועלט איבערצואַנדערשן... די יידישע מנהגים, מיט אַלץ, ביז מען קריכט אַראָפּ גאָר פון וועג...

נאָר מיינער איז נישט געווען דאָס. ביי אים איז עס גיכער געווען דער כוח פון שטיפן. וואָרן, איך זאָל זאָגן, אַז גאָרנישט דאָס אויך, קען איך נישט: אַן איידל ייִנגל מיט גאָר מאָגערע הענט?...

ס׳איז שוין אַזוי, מען ווערט געשטרויכלט און מען פאַלט אַריין צום טייוול אין דער נעץ.

הינטער דער שטאָט איז דאָ אַ וועלדל, הינטער דעם וועלדל — אַ הויף מיט פּאַראָבקעס, מיט אַלץ; און וואָס עס האָט אים געצויגן דאָרט אַהין צו יענעם הויף, בין איך קיין ייד נישט, צי איך קאָן נאָך היינט קלוג זיין... וואָרן, איך האָב דאָך אים געגעבן געוואָרנט, נאָר ס׳האָט אַלץ נישט געהאָלפן. אַז כ׳פאַרשטיי עס גאָרנישט. וואָרן טאַקע, ווי קומט אַזאַ איידל ייִנגל צו קריכן הינטער דער שטאָט און דערצו נאָך אין וועלדער און אין הויף? גאָרנישט — דער גזר איז נגזר געוואָרן, איז ער דאָרט אַהין געלאָפן. אַלע אינדערפרי און אַלע אויפדערנאַכט ווערט מען פאַרשוואונדן און מען קומט אַהיים אָדער אין האַלבן טאָג, אָדער נאָך האַלבער נאַכט טייל מאָל ערשט גאָר צומאָרגנס אינדערפרי.

און איך פרעג:

— משהלע, וואו ביסטו געווען?

ענטפערט ער מיר:

— אין סאָד.

— וואו אין סאָד?

— אין הויפישן סאָד; עס וואַקסן דאָרט עפּל און באַרנעס.

— נו, קאָנסטו דאָך זיין — פרעג איך אים — אומעטום, וואו עס וואַקסן עפּל און באַרנעס?

— ניין, אויף אַ ברכה צו מאַכן.

אַזוי ענטפערט ער מיר.

— איז וויפל ברכות דאַרף מען עס מאַכן?

ער בלייבט אַ ביסל צעמישט און איך זאָג אים:

אַ ברכה מאַכן, אדרבא, ס׳איז אַ גאַנץ שיינע זאַך. נעש זשע, שיק דיר

אַרויס אין מאַרק אַריין נאָך עפּל און באַרנעס, שייל אָפּ מיט אַ מעסערל, שנייד איין אַ פּענעצל, ווי אַ מענטש, און מאַך אַ ברכה. אַז דאָרט קריכסטו נאָר ביי נאַכט, און איז דען דער שטייגער פון אַ ייד אַזוי נאָכצולויפן מצוות — אַזש ביי נאַכט אין די סעדער אַריין?...

ער זאָגט מיר:

— יאָ, האָסט רעכט; נאָר גיב מיר אַ באַזונדער אָרט אין שטיבל צום שלאָפן, וועל איך ביי נאַכט דאָרט לערנען אויך און נישט גיין אין ערגעץ!

— וואָס הייסט? דאַרפסטו דערויף האָבן אַ באַזונדער שטיבל, קאָנסטו דען נישט לערנען ביי נאַכט אין שטוב? דו קלערסט, אַז דו שטערסט מיר דעם שלאָף? ביי אַ ייד תורה לערנען איז דען נישט זיס צו הערן, אַפילו אין שלאָף?

— אָבער כיבוד־אב... — זאָגט ער.

— ביסט אַ שייגאָץ — זאָג איך אים און גיב אים אַ צי ביי אָן אויער — נאָר פונדעסטוועגן דאָס שטיבל, דאָס באַזונדערע וועסטו באַקומען.

אויפן הויף, נישט ווייט פון מיין הויז, קעגנאיבער מיין טיר, שטייט אַ שטיבל. ס'איז אויסגעווייסט, קלאָר, ריין נאָך פון פּסח. נאָר, נישט מער, קיין גרויס פענצטער איז דאָרט נישטאָ. דאָס פענצטערל איז קליין, אין דער הייך און מיט גראַטן. אָבער צום שלאָפן און זיצן דאָרט און לערנען ביי נאַכט איז עס גוט; אַ שטיבל ווי אַ פינגערל און צוגעמאַכט אַרום און אַרום. אַמאָל האָב איך דאָרט סחורה געהאַלטן, נאָר צייט מען האָט מיך באַגנבעט, נישט איצט געדאַכט, האַלט איך שוין די סחורה אין די שטובן. זאָג איך:

— נעם עס; ברענג דיר נאָך היינט אַהין אַריין דיין בעט.

ווערט ער פריילעך און איך לאָז דאָס שטיבל אַליין דורך דער דינסט, דער אַלטער פייגע, מאַכן אין אָרדענונג.

— נו, שויך, ביסטו שוין צופרידן?

— יאָ, — פּאַטשט ער אַזש אין די הענט פאַר פרייד.

— נו, און איצט וועלן מיר ווייטער זען...

— גוט, דו וועסט זען, — זאָגט ער — טאַטע.

3.

צומאָרגנס אין דער פרי שטיי איך אויף אַ ביסל פריער, כמעט מיטן טאָג צוגלייך, ווייל אַ גאַנצע נאַכט האָט מיך געוועקט פון שלאָף עפּעס אַ

נישט־קלאָרקייט: צי האָב איך די מזוזה פון שטיבל אַליין נישט אַראָפּ־גענומען? אין דער פרי, ווען עס האָט אָנגעהויבן צו בלאָזן דורך די שפּאַרעס פון די לאָדנס, האָב איך מיך דערמאָנט, אַז יאָ. ווען כ׳האָב געשיקט אויף פּסח די מזוזות צום סופר און איינע איז געווען אַ פּסולע, האָב איך דערווייל די פון שטיבל אָנגעשלאָגן ביי מיר אין שטוב. איך האָב עפּעס יאָ געדענקט און נישט געדענקט... נאָר איצט, ווען איך האָב מיך דערמאָנט און כ׳גיי אַרויס — דערזע איך קודם־כל, אַז די טיר פון שטיבל איז נישט צוגעמאַכט; און ווידער, ווען איך פּרווו אַ שלעפּ טאָן, זע איך, אַז זי עפנט זיך... גיי איך אַריין און טרעף דאָרט נישט קיינעם.

האַ, משהלע, האָסט דאָך מיך, באמת, אויסגעשטעלט פאַר אַ לעקיש.

און איך פרעג אים דערנאָך, אַרום ניין אַזייגער — ער האָט דאָך מורא געהאַט און געקומען פרי צו לויפן און כלומרשט איבערגעלאָזט די קאַפּאָטע אין שטיבל, ווייל דאָרט איז קיין וואַסער נישטאָ צו וואַשן זיך...

— נו, משהלע, ווי אַזוי ביסטו געשלאָפן די נאַכט, גוט?

— גוט. — זאָגט ער און סמאַקעוועט אַזש.

— איז דאָרט קיל צו שלאָפן?

— לופטיק אַ מחיה...

זע איך דאָך, אַז ער לייקנט, זאָגט ליגנס איינעם אויפן צווייטן, שטעלט זיך נישט אָפּ און קאָן אַזוי פאַרפאָרן מי־יודע ווי ווייט.

זאָג איך אים:

— הער, משהלע, גענוג אָפּצוגענאַרן אַ טאַטן...

קוקט ער מיך אָן מיט אַ פּאָר גלאָז־דערשראָקענע אויגן...

— יאָ, יאָ... — זאָג איך אים — שעם דיך נישט...

ער לאָזט אַראָפּ דעם קאָפּ און הייבט זיך אָן צו וואַשן, און איך פרעג אים:

— משהלע, גיב אַהער די שעפּ, אפשר דיר נאָך אויפגיסן וואַסער...

גיט ער מיך אַ קוק אָן...

— שאַ, — זאָג איך — עס טרעפט אַמאָל, אַז שדים כאַפּן איינעם אַרויס ביי נאַכט... אָט האָב איך, זעסטו, אין דער פרי מיך דעמאָנט, אַז ס׳איז דאָרט נישט געווען קיין מזוזה... — און איך ווייז אים מיט דער האַנט אויף דער מזוזה, וואָס איז צוגעשלאָגן צו אונדזער טיר... — אָט די איז זי.

ער האָט זיך שיר צעוויינט, אַזוי רויט איז ער געוואָרן.

— ס׳שאַט נישט — זאָג איך אים. — מילא, דו ביסט דאָך נישט

שולדיק, דו האָסט דאָך דיר אַליין נישט אָפּגעקליבן דעם שלעכטן וועג, אַז ווי באַלד שדים כאַפּן דיך ביי נאַכט אַוועק... מילא, טו תשובה, האָב חרטה מיטן גאַנצן האַרץ, אפשר ביסטו אַמאָל געשטרויכלט געוואָרן מיט הוריות; צום ביישפּיל, האָסט געזאָגט: כ'וועל נישט פאָלגן דעם טאַטן — איז אויך נישט קיין בייזס. די קליפּה האָט דערווייל באַקומען אַ שליטה אויף דיר; נאָר תשובה העלפט צו אַלץ...

זע, משהלע, זע. היינט האָסטו פאַרפעלט איין בלעטל גמרא, מאָרגן וועסטו פאַרפעלן צוויי און איבערמאָרגן וועסטו שוין אינגאַנצן נישט נעמען די גמרא אין דער האַנט אַריין.

און אין מיר טראַכט איך:

מילא, הנשמה לך והגוף שלך... נישט מיין פערד און נישט מיין ביישטעקל; ווי אַזוי דו וועסט דיר אויסבעטן, אַזוי וועסטו שלאָפן, און ווי דו וועסט זייען אַזוי וועסטו שניידן. און גערענק, יונג! — טראַכט איך מיר — נאָר אַלץ אינעווייניק, ווייל איך האַלט, אַז רייצן דאַרף מען אים נישט, נאָר זאָגן: „גיי צו אַלדע שוואַרץ יאָר. ממה נפשך, איז שוין הפקר אַ וועלט, טאָ זאָל זי שוין זיין.‟

און איך רעד צו אים טאַקע נישט מער. ממה־נפשך: איך זאָל וועלן רעדן, דאַרף איך רעדן ערשט שוין מיט אַ שטעקן... און דאָס וויל איך נישט.

איך לאָז אים איבער און גיי מיר דערווייל צוקוקן צו דער התנהגות פון צווייטן זון. אָבער אַלץ שטיל. וואָרן אַ שלעכטן, נישט נאָר עס העלפן נישט קיין רייד, נאָר אַפילו קיין שטעקנס. איך האַלט נישט דערפון אינ־גאַנצן.

.3

דער צווייטער זון, אברהמל הייסט ער, און איז דער עלטערער, ער האָט שוין גאָר אַן אַנדערן דרך, אויך נישט צום פאַרזינדיקן. אַז איך רעד פון זיין פירונג, ווערט מיר אַ ביסל וואַרעמלעך אין בליק...

ער קומט צו פאָרן דעם פאַר־פּסח אָפּגעריסן, אָפּגעשליסן, ווי פון דער תליה. אַז איך דערזע אים, ווערט מיר נישט־גוט. וואָס הייסט נישט־גוט — די אויגן ווילן זיך מיר פאַרמאַכן.

אַוועקגעפאָרן פון דער היים באַקליידט, באַנייט, קיינער האָט נישט געוואוסט וואוהין; ווייל וואוהין קאָן אַזאַ שטייגער פאַרשוין פאָרן? נישט קיין דאַנציק מיט געהילץ, נישט קיין לייפּציק נאָך סחורה, נאָר גלאַט, סתם אַזוי געפאָרן; מען זאָגט, אַז „אַ טרופּע‟ איז ער עפּעס אונטערוועגנס

— און קומט צו פאָרן צוריק אין אַזאַ הולך, אַזאַ באַשטאַנד.

אויסגעוואַלגערט זיך, וואו נאָר אַ שטעטל. איך ווייס וואָס ער טוט דאָרט? צי גליטשט ער זיך מיט די הויזן אויף דעכער, צי שפּרינגט ער איבער פּאַרקענס. פאַרוואָס זענען עפּעס די הויזן דווקא אַזוי צעריסן?... פאַרוואָס האָבן עפּעס זיי זיך דווקא אַן ערגערן גורל אויסגעבעטן ווי די אַלע אַנדערע מלבושים?

נאָר אַך און וויי, וואָס פאַר אַ מלבושים?

אַז איך פרעג אים, וואו האָט ער זיינע מלבושים, די וואָס ער האָט מיטגענומען פון דער היים? — זאָגט ער מיר, אַז ער האָט זיי איבער־געלאָזט דאָ ערגעץ אין אַ שטעטל ביי זיינעם אַ באַקאַנטן צוזאַמען מיטן קיישל וועש, ווייל דאָס געלט האָט זיך אים אויסגעלאָזט און ער האָט נישט געהאַט אויף קיין פורל.

זאָג איך:

— וואָס טוסטו אונטערוועגנס?

זאָגט ער:

— איך זינג ביי אַ חזן...

זאָג איך:

— ווי אַזוי זינגסטו? ווער לאָזט דיך צו צו אַן עמוד?...

זאָגט ער:

— מען לאָזט מיך יאָ צו...

קומט ער אַהיים אין אַ פּאַפּירן קעלנערל, שוואַרץ ווי די ערד איז עס, און אין אַ שניפּס, וואָס הענגט אים נאָך ווי צוויי לאָקשן פון פאָרנט איבערן האַרץ־ברעטל.

איך פרעג אים:

— וואָס איז דאָס, דער טלית־קטן דיינער? עפּעס האָט ער דאָך גאָרנישט קיין ציצית... און פאַרוואָס עפּעסביידע טיילן פון אים הענגען אַרויס אויף איין זייט פון פאָרנט; און פאַרוואָס עפּעס נישט פון די אַקסלען אַראָפּ, נאָר פון אונטערן קאָלנער?

ענטפערט ער נישט און פאַרשווייגט.

טענה איך מיט אים שוין ערנסט:

— מילא, אַ שניפּס, זאָל זיין אַ שניפּס. אָבער פאַרוואָס באַמבלט ער זיך?...

כ'האָב פאַרגעסן, — זאָגט ער — אַ שפּילקעלע צו קויפן.

— האָסט אפשר נישט קיין קליינגעלט?...

— ליידער... — גיט ער אַ מאַך אַזאַ מיבעלע אויפן פּנים, איך וואָלט געשוואוירן, אַז דאָס איז עס, וואָס ער רופט עס „טרופּע”, אַז דאָס זענען די קונצן, וואָס ער מאַכט אונטערוועגנס.

— און קיין פּאַפּוגאַי — פרעג איך אים — האָסטו נישט?

— נאָכוואָס — זאָגט ער — אַ פּאַפּוגאַי?

— איך ווייס... אַזעלכע קוויטלעך צו ציען... כ׳האָב אַמאָל געזען דאָ הי איינעם אַזעלכן ווי דו ביסט. נאָר יענער איז געווען אַ שוואַרצער און מיט אַ שוואַרץ געשווירענער קודלע, האָט ער געהאַט אַ פויגל אַזעלכן. נישט געדאַכט זאָל עס זיין, ווען די כאָלערע איז אָנגעקומען, האָט ער געהאָלפן טראָגן קראַנקן־בעטלעך. ווייזט אויס, אַז גיין מיט אַ קעסטל און מיט אַ פויגל מוז אויך נישט זיין פון די „וואַזשנע” פּרנסות?...

— קעגן וואָס זשע דערציילסטו עס? — פרעגט ער.

— קעגן דיין צייגן מאַרינאַרקעלע; קעגן דיינע אויסגעדרייטע קאַמאַשן. אַוועק פון דער היים ביסטו, דאַכט זיך, אין אַ גוטן סאַק, אין אַ נייעם אָנצוג; און ווי קומט מען עס אַזוי צוריק?

— כ׳האָב עס אָסור נישט פאַרשפּילט אין קאָרטן. — זאָגט ער.

— פאַרשפּיל עס יאָ אין קאָרטן. אַז מען פאַרשפּילט אין קאָרטן, האָט מען עס נישט און דו — האָסט עס אויך נישט. וואָרן מאירל גנב, אַז נעכטן האָט ער געהאַקט אַ שלאָס, זיך איינגעקויפט אַלץ ניי, און איבער נאַכט, עס גייט נישט די קאָרט, גייט ער דען צומאָרגנס שענער?... פאַרשפּיל דו אויך. איך מיין דיך, חלילה, נישט צו גלייכן צו מאירלען, נאָר וואָס קומט דען אַרויס, אַז דו האָסט עס נישט פאַרשפּילט? האָסטו די מלבושים?

— כ׳האָב זיי. — זאָגט ער.

— נו, גוט; וועסטו זיי אָנטאָן יום־טוב ביי נאַכט און גיין מיט מיר אין שול אַריין... האַ?

עס ווערט אים ביטער אין פּיסק. איך זע, אַז עס דרייט אים.

— אַ תל געמאַכט פון זיך. דו פושע עוכר ישראל; ווייז נאָר די קאַמאַשלעך, אברהמטשעלע, זיי פּישטשען נישט?

— טאַטע, הער אויף.

— יאָ, איך הער שוין אויף. אַ קשיא אויף אַ מעשה, קאָנסט דיך נאָך ברענגען צו שלעפּן מיט אַ מויד צו מיר אין שטוב אַריין, און כ׳וועל מיך מוזן האַלטן אָנשטאָט מיט איין מציאה — מיט צוויי.

לאַכט ער, אברהמעלע.

— אויסגערונען האָסטו געקערט צו ווערן... — זאָג איך אים, נאָר איך דערענדיק נישט, ווייל וואָס האָב איך צו דער מאַמען, אַן אישה כּשרה געווען.

.4

און איצט בלייבט מיר שוין איבער דער יונג אין שטוב. כ׳וואָלט אים פאַרקויפט אין חמץ אַריין. אָבער ווער וועט אים נעמען. וואָס צו באַנייען האָט ער שוין אויך נישט וועז, ווייל די שניידערס, שוסטער, האָבן אים שוין, כ׳וויל גאָרנישט זאָגן וואו — ס׳איז סאַמע ערב־פּסח. און דאָ, כ׳לעבן, אַ ליכטיקער יונג מיט אַזעלכע שיינע וואָנסעלעך, וואָס הייבן אים שוין אָן, זע איך, צו שפּראָצן... גוט כאָטש וואָס ער וועט דאָס האָבן צו באַנייען... פון דער גאָמבע, דאַכט זיך מיר, ראַזירט ער שוין דעם מעך... אָבי כאָטש פון דער מאָדע האָלט ער. זאָל זיין מיט אַ צעריסענעם שניפּס, און — שאָבן זיך די גאָמבע מיט אַ שטיק גלאָז אונטערוועגנס.

בלייבט עס שוין אַזוי טאַקע. יום־טוב זיצט מען אין שטוב. מען גייט אַפילו נישט צו קיין דאַווענען און מען קוקט נישט אָן די ליכטיקע שיין, סיידן דורכן פענצטער, וואָס מען כאַפּט אַ בליק צום הימל...

דעם ערשטן טאָג יום־טוב נאָכן עסן, — ער וויל גיין שפּאַצירן אויפן שאָסיי — אָט אַזוי, ווי ער גייט און שטייט.

זאָג איך אים:

— אברהמעלע, וואוהין דאָס „סנאָוועסטו״ דיך אין די ווינקלען? וואָס פאַר אַ קאַמאַש איז דאָס, משטיינסגעזאָגט, וואָס דו פּוצט אים?... דו גייסט דען ערגעץ?

— צי איך גיי ערגעץ, פרעגסטו? אַוודאי גיי איך; איך גיי שפּאַצירן.

— אין אַזאַ הולך?

— שעם דיך דו! — מאַכט ער צו מיר.

— וואָס, איך האָב דיך אָפּגעריסן, איך האָב דיך אָפּגעשליסן?

— אַז דו וועסט מיר נישט מאַכן באַלד מוצאי־יום־טוב אַלץ, וואָס איך דאַרף, אַזוי ווי מען צינדט נאָר אָן אַ ליכט, וועל איך אַפילו טאַנצן אין די גאַסן אויך אַזוי...

— אַזוי וועסטו מיר אָפּטאָן? אָווא!... און דו קאָנסט דען גאָר טאַנצן אויך? מילאָ, זינגען, ווייס איך, אַז דו קאָנסט... אַז נישט וואָלסטו דאָך נישט געקאָנט זיין „אַ טרופּע״ און גיין מיט אַ פויגל... אָבער טאַנצן? ווער, דער „חזן״ האָט דיך דאָס אויסגעלערנט?

און שוואַרץ און וויסט און פינצטער, פיל איך, ווערט מיר פאַר די אויגן. דער יונג איז גאָר געוואָרן אַן אָפּטוער, זע איך — אַ צולהכעיסניק. ער וועט גיין, זאָגט ער, שפּאַצירן. און ס׳האָט עפּעס געהאָלפן? ערשט כ׳האָב אים געמוזט צוזאָגן, אַז באַלד צומאָרגנס נאָך יום־טוב, ס׳הייסט אסרו־חג, מען זאָל עס דערלעבן מיט געזונט, גיי איך מיט אים אין געוועלב און ער וועט זיך אַליין אָפּקלייבן אַלץ וואָס ער וויל, און באַלד וועט עס ווערן אָוועקגעגעבן צו מאַכן. און קוים ס׳איז מיר געראָטן אים איינצוהאַלטן, ער זאָל ליגן אין שטוב, דער יונגאַטש. וואָרן וואָס אַרט עס אים עס גייט אים אַ סך אָן, וואָס מענטשן וועלן זאָגן? ער האָט אַ טאַטן, זאָל ער ליידן.

.5

און מען ליגט שוין, מיט גאָטס הילף, אין שטוב. מען הרגעט זיך מיט דעם קליינעם זון איבער אַ פּאַפּיראָס און מען קערט מיר די שטוב איבער.

משהלע, דאָס תכשיטל, וואָס האָט אַ שטיבל פאַר זיך, אַ חדר־מיוחד צום זיצן און לערנען כלומרשט און צום שלאָפן באַזונדער, ווערט גאָר אַן אַנדער מענטש. יענער, דער גרעסערער, האָט אים צוגענומען די שעלקעס, מאַכט מען די שטוב פול מיט קולות. דער דינסט פייגען, אַן אַלט מענטש נעבעך פון זעכציק יאָר, העננט מען זיך אָן אויף די פּלייצעס און מען זינגט איר אַ לידל אין די אויערן אַריין, ער, דער גרעסערער תכשיט, בכן זי איז טויב... נו, קומט אויס, אַז איך זאָל שוין אויך נישט אַרויס־טרעטן פון דער היים. וואָרן פאַר וועמען וועלן זיי מורא האָבן, די שטוב חרוב צו מאַכן, די פענצטער אויסצוהאַקן — אַז מען וואַרפט זיך מיט אַ שטיוול און מיט אַ קאַמאַש אין די קעפּ אַריין איבער אַ נאַרישן פּאַפּיראָס, וואָס דער עלטערער האָט צוגענומען ביים קלענערן? טאַקע — פאַר וועמען? פאַר פייגען? אַז מען האָט פאַר מיר אויך קיין מורא נישט! קומט אויס, אַז דער יום־טוב איז מיר געשטערט און איך קאָן שוין אַפילו נישט גיין דאַווענען. קיין מאַמע איז נישטאָ, פאַר גאָט האָט מען נישט קיין מורא, פאַר דער אַלטער פייגען אויך נישט, בלייבן זיי דאָך הפקר.

טענה איך צו משהלען:

— ווי לאַנג איז, אַז כ׳האָב מיך ביי דיר געבעטן און נישט געקאָנט דערבעטן, דו זאָלסט מיר אַלץ אינאיינעם נישט פאַרפאַלן ווערן פון שטוב — אפשר קאָנסטו מיר היינט צוליב טאָן און יאָ פאַרפאַלן ווערן אַ ביסל?

אַזוי אויף אַ טאָג מיט אַ נאַכט, למשל? גיי אַ ביסל אַוועק. — אַזוי זאָג איך צו אים און אגב גיב איך מיר אַ טראַכט: אפשר וואָלט טאַקע געווען אַ שטיקל רפואה בדוקה, צו האַלטן דעם גרעסערן שטענדיק אין דער היים, כדי דער קלענערער זאָל מיר אויך נישט פאַרפאַלן ווערן אין זיינע, ווער ווייסט וועלכע, וועגן?... און איך בעט מיך ביי אים ווי ביי אַ גזלן:

— גיי, טרעט מיך אָפּ אַ ביסל.

נאָר הערט מען דער קאַץ, אָדער דער טויבער פייגען, וועלכע פאָרעט זיך דאָרט ביים קוימען, אַזוי הערט מען מיך. איך זע, איך בין אַ פאַר־פאַלענער אויף אַ גאַנצן יום־טוב צו זיצן אין שטוב.

— נו, מילא — זאָג איך — וועלן מיר אַלע זיצן אין דער היים. וואָרן דו, משהלע, פון דאַוונען ביסטו דאָך שוין היינט פטור. צו וואָס מיט־גיין מיט אַ טאַטן אין שול, אַז מען האָט שוין אברהמעלען מיט לידלעך?...

און אַזוי איז עס טאַקע. וואָרן די מינוט וואָס מען שלאָגט זיך נישט אַרום — אָבער וואָס הייסט געשלאָגן, — ווי די גוים: אין איין שטיוול און דער צווייטער פוס באָרוועס, מיט איין האַנט האַלט מען זיך צו די הויזן און אין דער צווייטער — אַן אויסגעטועגעם קאַמאַש, אוןביידע מיט די גאַלע קעפּ — נאָר די מינוט, וואָס מען שלאָגט זיך נישט, שטייט דער גרע־סערער און „בעטשעט" עפּעס אַ ליד אויפן גאַנצן קול, אַז די אָדערן שטעלן זיך אים אַזש אויף, וואָרן ער איז דאָך עפּעס „אַ טרופּע", און אַפילו בלויז פאַרן געזאַנג קאָן די גאַנצע שטאָט קומען צו לויפן און איך בין סיי־ווי אַ פאַרפאַלענער, טאָר נישט אַרויסגיין פון שטוב. אַז איך בין דאָ האַלט איך אים כאָטש אַ ביסל אין די „פּיסקעס", ער זאָל זיי נישט אַזוי פיל צעלאָזן... אָבער סיי־ווי־סיי מוזן מיר שוין אַלע דריי זיצן אין שטוב.

כ'האָב נאָר שטילערהייט גאָט געבעטן, אַז דער יום־טוב זאָל שוין אַריבער, איך זאָל אים ווידער עפּעס מאַכן — אַ סאַקל מיט אַ פּאָר הויזן, דעם גרעסערן, אפשר וועט מיר גאָט העלפן, ער וועט מיר צוריק פאַרפאַלן ווערן פון שטוב אַרויס און ווערן ערגעץ „אַ טרופּע", אַז נישט איז אומ־צוקומען אויפן קאָפּ, וואָרן איך האָב קיין כוח נישט צו קיין „טרופּע". זאָל ער פאַרפאַלן ווערן כאָטש אויף אַ האַלב יאָר, אויף דריי חדשים... אלא, ער קאָסט מיך יעדעס מאָל ווען ער קומט, ווידער הלבשה, ווייל כ'פאַרשטיי דאָך, אַז אונטערוועגנס נעמט מען עס פון זיך אַראָפּ און מען פאַרקויפט און דערנאָך שלעפּט מען זיך אַרום נאַקעט — אָבער וויפל איז דאָס ווערט,

וואָס איך גיי פון געדולד נישט אַרויס און ווער נישט משוגע, ווען זיי ביידע קומען זיך נישט צונויף.

פונדעסטוועגן גיי איך דאַווענען, מ׳איז דאָך פאָרט אַ ייד. איך גיי אין שול אַריין. מען גיט מיר דאָרט מפטיר. ס׳איז שוין מיין חזקה... פאָרט אַן אָנגעזעענער ייד, דער שענסטער סוחר אין שטאָט. אין דער היים האָב איך אַזעלכע צוויי עכברושים, אָבער ס׳האָט נישט איינס צום צווייטן. און ווידער — פון אויבן איז עס דאָך פאָרט צוגעדעקט. קיינער ווייסט דאָך נישט, ווערמען דער שוך קוועטשט, כל־זמן מען טוט אים נישט אויס...

נאָר אַזאַ טעם זאָלן זיי מיר שוין פילן אין זייערע געשלעגערייען איינער מיטן אַנדערן, וואָס פאַר אַ טעם איך פיל שוין אין שול גייענדיק פון דעם דאַווענען, אָדער פון דעם קריאת־התורה. וואָרן ס׳איז דען עפּעס אַ וואונדער — איך שטיי אין דער מזרח־וואַנט און מיין נשמה איז אין דער היים. אַ קאַטאָוועס אַזעלכע צוויי קעלבאַסעס, יונגאַטשעס.

און וואָס איז דאָ צו דערציילן: מען רופט מיך אויף צו דער הפטורה און איך פּאַל שיר פון די שטיגלעך אַראָפּ — אַז דער קאָפּ מישט זיך מיר, משטיינסגעזאָגט. איך זאָג די פּסוקים, אָבער אַזוי פּראָסט, וואָכעדיק, ס׳איז גאָרנישט דאָס אייגענע קול וואָס אַמאָל... וואו ניגון, ווען ניגון, אַז ס׳איז ביי מיר גאָר קיין יום־טוב נישט.

.6

איך קום אַרויס אינדרויסן, שוין צוריקגייענדיק פון שול; אויפן פּלאַץ איז ליכטיק, פול מיט זון דער גאַנצער שול־הויף. יידן אין די יום־טובדיקע קאַפּאָטעס, און די נייע קאַשקעטלעך, ווינטשן זיך „גוט יום־טוב! גוט יום־טוב!” נאָר מיר בלענדט פאַר די אויגן.

אויפן שול־הויף טאַקע קומט צו מיר צו חיימל מלמד:

— גוט יום־טוב, ר׳ אהרן.

— גוט יום־טוב, גוט יאָר.

— איר זעט אויס שלעכט.

— כ׳ווייס ?... מען איז אַ פאַרנומענער מענטש אַ גאַנץ יאָר, מען האָט נישט קיין צייט צו דערעסן, און יום־טוב דאַוונט מען אָפּ שפּעט, גייען אויס די כחות...

ער גייט מיט מיר מיט, חיימל, אַ שטיקל איבערן שול־הויף. ער

מיינט, נעבעך, כ׳זאָל אים פאַרבעטן אַהיים אויף קידוש. אָבער ווער וועט עס טאָן — ער זאָל מיר אָנקוקען דעם יונג מיינעם, וואָס גייט אַרום אין שטוב עפּעס אין אַ זעלנערישער „רובאַשקע"...

געזעגן איך מיך מיט אים. איך גיי אַליין איבער די גאַסן. פאַר אַלע שטובן איז יום־טוב, שיין, ליכטיק, אָפּגעקערט; די שויבן לויטער, געוואַשענע פּנימער קוקן אַרויס; אומעטום באַגעגענען זיך שוין מאַן און ווייב פאַר דער שוועל פון דער טיר, און גלאַט אַזוי שכנים. מען ווינטשט זיך... אַלץ איז פריילעך, ליכטיק. נאָר אַז איך קום צו צו מיר, אין מיין גאַס אַריין, זע איך פון ווייטנס: פאַר מיין בריקל, פאַר מיין שטוב און אַרום מיין שטוב, איז די גאַנצע גאַס באַלייגט מיט מענטשן!...

„ווער ווייסט" — האָט מיר אַ קלאַפּ געגעבן אין האַרץ — „ווער ווייסט, וואָס דאָרט איז געשען. צי האָט נישט איינער דעם צווייטן דער־הרגעט!"

איך לויף און די פיס ברעכן זיך מיר אונטער. איך גיי צו און ווער געוווירע: מייטל, די שכנטע, האָט דאָרט „קידוש" געמאַכט אַרום הויז און די גאַנצע גאַס צונויפגערופן.

זי האָט אַ זון נישט קיין לייט... נישט קיין משוגענער, נאָר גלאַט אַזוי פון געבוירן עפּעס... נישט געדאַכט זאָל עס זיין. נו, באַדאַרף מען עפּעס אַ סך ביי מיינע יונגאַטשעס? איז עס דען נישט ביי זיי איינע פון די גרעסטע מציאות אַזאַ „סחורה" — אַז נישט „אויסגעריסן" זאָלן זיי ווערן... די מייטל, אַ שטילע אלמנה נעבעך, נערט זיך פון שטיקל דיסטרי־בוציע, וואָס זי האָט, מיט אַ ביסל נאַפט. מילא, איז זי אין דער פרי אַוועקגעגאַנגען אין ווייבערשן בית־המדרש, דאָרט דאַוונט זי, זאָגט אירע תחינות יום־טוב... מיינע יונגאַטשעס, קיין ייד זאָל זיי נישט קענען, נעמען דאָס „פאַרזעעניש" אירס, ס׳איז דאָך אַ וואַנט ביי אַ וואַנט — און רעדן אים צו, ער זאָל אויפהאַקן ס׳טשאָלנט־ברעטל דאָרט ביי זיך — ס׳איז פונקט דער ערשטער טאָג יום־טוב אין שבת — ער זאָל אַרויסנעמען דאָס טשאָלנט, אויפעסן, און די רעשט וואָס וועט בלייבן, זאָל ער אַוועקטראָגן דער מוטער אין בית־המדרש אַריין...

אָט דאָס איז אַן איינפאַל פון קעלבאַסעס... צו שטוינען! און ער האָט זיי געפאָלגט אויך. ער איז דאָך אַ „גאָטס געזעגנס"... און גיי שנייד דיר אויף ס׳האַרץ פאַר יעדן... וואָס איז דער טאַטע שולדיק? אָבער מייטל מאַכט מיר שוואַרץ פאַר דער טיר אין יום־טוב! כ׳זאָל האָבן וואו צו אַנט־לויפן, וואָלט איך איבערגעלאָזט די שטוב מיט די קעלבאַסעס. נאָר וואו,

און אין יום־טוב? האָט דער משוגענער אַזוי געטאָן. זיי האָבן אים נאָך צוגעדעקט די דיניצע מיטן רעשט ביסל איבערבלייבעכץ מיט אַ טוך, בכן עס זאָל נישט קאַלט ווערן, און זיי האָבן אים אַזוי משלח געווען אין ווייבערישן בית־המדרש אַריין.

קומט ער אַריין צו דער מוטער, ברענגט איר די „מתנה":

— נאַ, מיידל, — זאָגט ער — עס קעלבל... — ווי קיינמאָל גאָרנישט און גלייך עס וואָלט געווען אַ נאַטירלעכע און פאַרשטענדלעכע זאַך: ער טראָגט דער מאַמען צו עסן אין דער ווייבערישער שול אַריין...

מילא, קאָן מען זיך פאָרשטעלן ווי פינצטער און ביטער ס'איז איר געוואָרן אין די אויגן, צווישן אַלע אַרומיקע ווייבער, בשעת זי האָט דערזען די דאָזיקע „מתנה"... „נאַ מיידל, עס קעלבל"...

און צווישן די ווייבער מיט די תחינות אין די הענט, ווערט אַן אויפגערודער; מען קנייפּט זיך שוין שטיקער פלייש אויס, קוקנדיק אויף גאָטס שטראָף, אויף דעם באַשעפעניש, און די מוטער באַגראָבט זיך פאַר חרפה...

פאַרוואָס עפעס „מיידל"?... ווייל ער קאָן נישט אַרויסזאָגן שאַרף מ י י ט ל און ער רופט זי ביים נאָמען. און פאַרוואָס עפעס: „עס קעלבל"?... ווייל ס'איז געווען אַ קעלבערן קעפּל אין טשאָלנט...

און מער האָט מען נישט געדאַרפט. נישט נאָר צווישן די ווייבער איז געוואָרן אַ גערויש און אַן אויפגערודער, נאָר אויך די מענער־אָפּטיילונג פון בית המדרש איז געוואָרן צעטראָגן, מען האָט נישט געוואוסט, צי ברענט, צי חלשט מען, אַזוינס האָט זיך דאָרט אָפּגעטאָן. אַ האַלבע שעה דערנאָך האָט געדויערט דאָס קלאַפּן און דאָס פּאַטשן אין די מחזורים אַריין און אין די שטענדערס, אַז דער עולם זאָל זיך שוין שטילן. און אין אָנפאַנגס איז מען גאָר געקראָכן אויף די פענצטערלעך צו דעם ווייבער־טייל, כדי צו זען וואָס דאָרטן איז, וואָס דאָרט קומט פאָר... אַלץ איז געווען אויפגערו־דערט ווי איין גרויסער בינשטאָק. ווער האָט שוין, דעריבער, געוואוסט דאָרט פון אַ דאַוונען? קיין שמונה־עשרה, קיין קדושה אַפילו ווי רעכט איז. און דאָ איצט, ווען איך קום אַהיים, האָב איך ערשט די גאַנצע גאָס פאַר מיין שטוב. מיינע זין ליגן שוין באַהאַלטן אויפן בוידעם. און מייטל, מילא, אַ פאַרביטערטע מוטער, שעלט און פלוכט. זאָל עס נאָר אויף אַלע מדבריות פאַלן. און כאָטש דער עולם אַרום מיין הויז שטייט און לאַכט, ווייל עס איז אים גאָר געפעלן די „קונץ", פונדעסטוועגן דאַכט זיך מיר אין ערשטן אויגנבליק, אַז מען וויל מיר דאָס הויז צערייסן.

מילא, אַז כ׳האָב אַ קוק געגעבן, ווי פֿון אונטערן דאַך, דורך אַ בוידעם־לעכל, קוקט אַרויס דעם עלטערן יונגס אַן אויג, ווי דערשראָקן דאָס איז און דאָס פּנים ווי קאַלך, האָב איך ערשט דערפֿילט די אמתע נקמה.

„צ׳האָט שוין אַ גוטע בראָך נאָך זיך״... האָב איך מיר געטראַכט, „ווייסט כאָטש איינמאָל, אַז גאָט קאָן שטראָפֿן פֿאַר די פּיין דעם טאַטנס; ווייסט כאָטש, וואָס עס הייסט הפקר אַ וועלט. משומדים זאָלן טאָן אַלץ, וואָס עס פֿאַלט נאָר איין. דאָס איז דערפֿאַר, ווייל מען פֿאָלגט נישט און ווייל מען טוט אַלץ וואָס מען וויל״ און איך האָב מיר געטראַכט, אַז פֿון היינט אָן, בלי־נדר, זיך נישט אומצוקוקן אויף זיי ווי אויף די הינט, אַז מען זאָל זיי אַפֿילו פֿירן אויף דער תליה, אַפֿילו דער „היצעל״ זאָל זיי אויפֿכאַפּן.

אַזוי האָב איך מיר געטראַכט. נאָר אַז אָך און וויי איז צו אַזאַ טראַכטן. ווייל, משטייגסגעזאָגט, וועמען טו איך דאָ אָפּ?... זיך אַליין?

נאָר גאָרנישט. מייטל, מילא, האָט אָפּגעשריגן, אָפּגעשריגן איר חלק. וואָרן וואָס האָט זי דען געוואָלט? ס׳איז איר טשאָלנט און איר יונג האָט עס אויפֿגעגעסן. אלא, וואָס די קעלבאַסעס מיינע האָבן איר פֿאַרשאַפֿט בזיונות, שאַנד און שפּאָט, — נו, וואָס זאָל איך טאָן מיט זיי? אַדרבא, אפֿשר קאָנסטו מיר צונעמען די יונגען מיינע? נעם זיי דיר צו אינגאַנצן און טו דיר מיט זיי וואָס דו ווילסט... נעם דעם עלטערן און שפּאַלט דעם קאָפּ. וואָרן כ׳ווייס אַז ער האָט שוין אויסגעטאָן דאָס שעם־היטל, אַז פֿון אים וועט שוין קיין לייט נישט זיין. ער קאָן שוין מיך „סטראַשען״ מיט פֿאַרשעמען מיך; ער וועט גיין שפּאַצירן יום־טוב אין אַ ציגן מאַרי־נאַרקעלע מיט אויסגעדרייטע קאַמאַשן, וואָס אונטערוועגנס לייגט מען זיך דאָס מאַרינאַרקעלע אונטער צוקאָפּנס... און דעם ייִנגערן, מילא, דעם ייִנגערן קאָן איך דיר אויך אַוועקגעבן... טאָ וואָס זשע, מייטל, ווילסטו פֿון מיר, וואָס דו מאַכסט מיר אין יום־טוב שוואַרץ פֿאַר מיין טיר? וואָס ווילסטו דען, מען זאָל מיר דאָס הויז צעטראָגן—פֿאַר אַ מעשה, וואָס ס׳איז געשען מיט אַ טשאָלנט. כ׳זאָל וויסן, אַז עס גייט דיר אויך אין היזק, באַצאָל איך דיר מוצאי יום־טוב, מען זאָל דערלעבן מיט געזונט, באַלד ווי מען צינדט נאָר אָן אַ ליכט, פֿאַרן טשאָלנט. ווייטער, די רעשט, וואָס עס האָט צו דער גאַנצער מעשה, ווער איז דיר שולדיק, אַז דו האָסט אַ משוגע־נעם זון? ביסטו אַ שותּף צו אים פּונקט אַזוי גוט ווי איך... וואָרן עס

זענען דען מיינע זין נישט משוגע? דו האָב דיר דיין בראָך פאַר זיך, און איך מיינע!

אָבער אויך מיינע יונגען זענען נישקשה אומגליקלעך. גאָט האָט זיי שוין, איין מאָל, נישט פאַרזען... ער האָט זיי שוין „געבענטשט" אַזוי אויך מיט דער פולער האַנט... ס'איז עפּעס אַ תענוג צו ליגן אויף אַ בוידעם באַהאַלטן, אַרויסצוהויכן די נשמה פאַר שרעק, און אין אַ שיינעם יום־טובדיקן טאָג צו זיין ללעג־ולקלס ביי אַ גאַנצער שטאָט?...

און דורך וואָס? אַ חכמהלע? אַ קאַטאָוועסל?

אַ גזירה אין מיקאָלאַיס צייטן וועגן שניידן בערד און האַקן קאַ־פּאָטעס האָט שוין נישט אָנגעמאַכט אַזאַ גערודער.

און איך שפּיר, אַז דער כעס פרעסט מיך אויף:

פש־ש־ש. אַ קלייניקייט. מייטלס טשאָלנט מיטן „קעלבן"... ימח שמם... די יונגען מיינע!

שפּעטער, אַז די יונגען קומען אַראָפּ פון בוידעם, וואָרן ווי לאַנג ליגן זיי, ווי לאַנג זיי האָבן פאַר מיר אַליין אויך געציטערט, — מילא, איז דער יינגערער באַלד ערגעץ עוקר... אויפגערוימט זיך, אַז איך זע אים שוין נישט פאַרן אויג. נאָר צום עלטערן, וואָס ער האָט נישט געהאַט וואו צו לויפן, נעם איך אַ שטעקן כאָטש. כ'בין מיך אַליין מודה — ס'איז אין יום־טוב...

— טאַטע, שטעל אַוועק דעם שטעקן. — זאָגט ער.

— טאָ אַנטלויף זשע דו — זאָג איך — אויך פון מיינע אויגן, אַזוי ווי דער קלענערער האָט געטאָן...

ער איז געשטאַנען און באַקלערט זיך אַ רגע. וואָרן ער האָט דאָך געזען, אַז איך בין גוט בייז; אַז ער האָט מיר צוגענומען צען יאָר לעבן. — איך זע אויס ערגער פון אַ טויטן. און כ'האָב געזען, ווי פאַרזאָרגט ער איז געווען אויפן פּנים. איך האָב אויף אים רחמנות געקריגן און אַוועק־געשטעלט דעם שטעקן. — כאָטש וואָס פרעגט ער נאָך מיין שטעקן, אַז סך־הכל איז ער געזינטער פאַר מיר מיטן שטעקן אין זיין איין פינגער. נאָר גאָרנישט, גיי האָב טענות צו יענעם, ווען יענער טוט עס נישט אויס שלעכטס, נאָר גלאַט אַזוי, ווייל דער קאָפּ איז אים גרינג... מילא, יונגע יאָרן — קינדערישע יאָרן. און איך טראַכט מיר: זאָל איך אים דען נישט פאַרגעבן? דעם קינד איז אַלע מאָל גוט; שלעכט איז נאָר דעם טאַטן. איך האָב אים פאַרגעבן.

— וואו איז דער קלענערער? — פרעג איך אים.

— איך ווייס נישט, — זאָגט ער — ער איז אַנטלאָפן.

— גיי רוף אים אַריין, — זאָג איך — ער מוז אַוודאי שטיין הינטער דער וואַנט, אויסצוהערן דיין פּסק, כדי ער זאָל וויסן, וואָס מיט אים וועט געשען...

אברהמעלע פאַרשטייט זיך אויף דעם וואָס איך זאָג, אַז עס קאָן אפשר אַזוי זיין... ער גייט אַרויס און ברענגט אים טאַקע.

— נו, איצט — זאָג איך — איז געקומען דיין צייט. קום אַהער, יונגאַטש. — און איך נעם נאָך אַ מאָל דעם שטעקן. — כ׳וויל זען — זאָג איך — ווי אַזוי זעט אויס אַ חתן־בחור, אַז מען ציילט אים אַריין שטעקנס. אַ זייגערל אין טעשל טראָגסטו דאָך שוין...

און אַז איך זאָג נאָר בלויז די ווערטער, נאָך איידער כ׳האָב דעם שטעקן אויפגעהויבן, גייט שוין אברהמעלע צו מיר צו:

— טאַטע, לייג אַוועק דעם שטעקן...

— ניין, — זאָג איך. — מילא, פון דיר פאַרמייד איך דעם שטעקן, ווייל כ׳האָב מיך מיאש געווען, אַז פון דיר זאָל נאָך עפּעס זיין. אָבער אין דעם קליינעם מוז איך מיר קילן דאָס בלוט.

— נעם — זאָגט ער — שלאָג מיך.

— אַ מכה דיר! — זאָג איך אים. — מיט דיר האָב איך געהאַט אַ מדובר, אַז באַלד מוצאי יום־טוב מאַך איך דיר עפּעס, און דו — פאָר ווייטער אין וועג אַריין...

— שוין, אויס? — פרעגט ער מיך.

— אויס.

— כאַטש איין קלאַפּ! — בעט ער זיך, און דערביי טוט ער אַ וואונק, און בראש נאָך מיט איין אויג אַזאַ געממזרטס, אַז איך האָב געמיינט, איך פּלאַץ.

אָט דאָס איז די אמתע „טרופּע“.

און איך בין מודה־ומתודה, אַז כ׳האָב דעם יצר־הרע נישט געקאָנט איינהאַלטן, כ׳האָב אים געמוזט צוליב טאָן, און נאַ דיר... כ׳האָב אים געגעבן...

נאָר ס׳איז אַ יונג מיט אַ בייזער גבורה. מיט פּלייצעס, מיט הענט, אייזן קאָן עס ברעכן. ער פילט אַזוי מיין קלאַפּ, פּונקט ווי פון אַ פליג. און אַז ער שטעלט נאָך אַרויס אַ ברוסט, באַלד נאָכן קלאַפּ, קאָן מען געהרגעט ווערן לעבן איר גלאַט אַזוי, כאָטש איר רירט זיך גאָרנישט אָן אָן איר... אַן אייזערנע וואַנט, אימת־מוות אויף איר אַ קוק צו טאָן.

פאַרשטייט מען דאָך, אַז דאָ הייבט זיך ערשט אָן די רעכטע פאַר־שטעלונג:

— נאָך, נאָך, נאָך... — הייבט ער אָן צו פאַרלאַנגען. און איצטער ווינקט שוין נישט ער אַליין, און אויך נישט — מיט איין אויג; נאָר איך גיב אַ קוק, ווינקט שוין ביי אים דאָס היטל אויפן שפּיץ קאָפּ, וואָס ער האָט עס ספּעציעל פאַרשאַרצט הויך אַרויף צו ווינקען. עס ווינקען ביי אים די אויערן, יעדעס פּיצעלע לייב אויפן פּנים, אַלץ ווינקט. און ס׳איז געוואָרן אַזוי, אַז כ׳האָב נישט געדענקט, אין וועלכן כּישוף איך געפינען מיך, וואָס מיט מיר אַליין טוט זיך. עפּעס אַלץ ווינקט...

און איך ווייס גאָרנישט ווי אַזוי, פרעגט מיך בחרם, דער שטעקן איז שוין ביי אים אין דער האַנט. ער האָט אים, מסתמא, דורך אַ רוף אַזעלכן אָדער מיט דעם ווינקען אַריבערגערופן צו זיך... וואָרן איך קאָן פאַר קיין פאַל נישט וויסן, נישט פאַרשטיין, ווי אַזוי ער איז שוין ביי אים אונטער די פּלייצעס...

איך שטיי און שטוין:

„אָט דערפאַר, אַברהמעלע, ביסטו ווערט געלט... וואָס אַ „טרופּע״־מענטש קאָן...״ — טראַכט איך מיר — „נישט אומזיסט מאַכסטו קונצן אונטערוועגנס״. — און איך זע דאָך שוין, אַז איך וועל מיט אים, נישט נאָר גאָרנישט מאַכן, נאָר ס׳איז דאָך גאָרנישט דאָ מיט וועמען צו האַנדלען. לאָז איך שוין מיינס נאָך, איך טו שוין דעם קליינעם אויך גאָרנישט.

— האָסטו געדאַרפט אַזוי־ערנאָך אויסגענאַרן דעם שטעקן, כּדי איך זאָל אים נישט שלאָגן ?...

שטייט ער, די הענט אַרונטער מיט דעם שטעקן טאַקע, דאָס פּנים אַרויף צום בעליק, ווי ער וואָלט גאָרנישט געוואוסט אויך, אַז דאָס, וואָס ער קאָן אַזעלכע שיינע „קונצלעך״, איז עפּעס ווערט... אַז דאָס איז אַ גרויסע בריהשקייט אין זיין „פּראָפעסיע״ און אַז איך וואָלט עס אוודאי נישט געקאָנט...

— אויב אַזוי — זאָג איך — ביסטו דאָך טאַקע עפּעס ווערט... מעגסטו דאָך שוין האַנדלען מיט „אַמעריקאַנער באַבקעס״.

פרעגט ער:

— וואָס איז דאָס אַזוינס ?

— דאָ הי איז שוין אַמאָל געווען — זאָג איך אים — אַזאַ „טרופּע״־מענטש, וואָס איז אַדורכגעפאָרן און געוויזן קונצן. נאָר פון די אַלע קונצן האָט ער געהאַט צו לייגן די ציין אין בייטל אַריין, ווייל ער האָט פאַר זיי קיין

אַרבעט נישט געהאַט... א מערכה ס׳איז געווען זומער, האָט ער געקליבן יאַגדעס אין וואַלד... הכלל, דער דאָזיקער „טרופּע״־מענטש, וואָס האָט פאַרבלאָנדזשעט דאָ אַהער פון דער פּרעמד און נישט געהאַט מיט וואָס צוריק אַוועק, האָט איין מאָל געגעבן אַ נעם ביי דער אַלטער באַבעלע־בעקערין פאַרדאַרטע, אַלטגעבאַקענע באַבעלעך, געלייגט זיי אין קיישל, פאַרוויקלט שיין יעדעס באַזונדער אין איידל פּאַפּיר, און פּונקט איז געווען אויך אַ מאַרק־טאָג, האָט ער זיך געגעבן אַ שטעל אַרויס אין מיטן מאַרק און אַ געשריי געטאָן אויף זיין קול, אַזוי ווי ער האָט געהאַט: „אַמעריקאַנסקע באַבקי, פּאָ שעסטש גראָשי״... זענען די פּויערים שיר נישט געהרגעט געוואָרן, — ערשטנס פון זיין „ריטש״ ווי אַ לייב, צווייטנס, פון לויפן צו אים קויפן... קעפּ אויף קעפּ! נו וואָס זאָגסטו צו דער מעשה, אברהמעלע? אויך אַ טרופּע־מענטש.

— נו, און ער האָט געמאַכט געגוג געלט אויף אַוועקצופאָרן?

— האַ, — קוק איך אים אין די אויגן אַריין — ס׳איז טשיקאַווע? ווילסט וויסן?... זאָג דעם אמת, אברהמטשעלע, איך בין דאָך אַ „נאַש בראַט״, אַ טאַטע דיינער, אַן אייגענער מענטש, הייסט עס, וואָס דאַרפסטו זיך שעמען?

— נו, יאָ, — זאָגט ער — איך וויל וויסן...

— גיי אַריין, פרעג ביי בנימינדל שוסטער... ער האָט דאַכט זיך מיר, איבערגעלאָזט ביי אים דאָס קיישל זאַכן...

און צום קליינעם יונג זאָג איך, וואָס שטייט ערשט ווי אַ „ניעבאָ־שטשיק״ ביי דער טיר, קוקט זיך צו צו דעם שפּיל, וואָס צווישן מיר און אברהמטשעלען גייט אויף, און איז שטיל, איינגעבויגן, ווי ער קאָן קיין צוויי נישט ציילן. — וואַרט, דיר וועל איך ערשט די ביינער צעברעכן. זאָלסט נישט מיינען, אַז די קונצן פון ברודער אברהמטשעלען וועלן דיך מציל זיין.

אָבער איך טענה צו אים נישט לענגער. און צו אברהמטשעלען זאָג איך:

— פאַר מיר מעגסטו דאָך זיך נישט שעמען: דו קלייבסט אַמאָל יאַגדעס אין וואַלד? כ׳מיין אַזוי אונטערוועגנס, אַז עס קומט אַמאָל אויס... ווען דו ביסט פויל אַמאָל אַריינצוגיין צום בעקער, שפּאַצירסטו דיר אַזוי אַריבער אין וואַלד אַריין?...

— וואָס איז דיין דאגה? — ענטפערט ער מיר. אָבער, חלילה, אַ האָר נישט בייז, כאָטש איך שפּיר, אַז ער לייגט מיר די לעבער אויף דער

האַנט. די אויגן זענען ביי אים טרויעריקלעך, דאָס פּנים בלאַסלעך; אָבער נישקשה, וועלט איז וועלט, הייסט עס, און די חן־גריבעלעך ביי אים שמייכלען...

עס איז פון די רעכטע סמנים, — טראַכט איך מיר — אַז ער קלויבט שוין דווקא יאָ יאַגדעס אונטערוועגנס...

נו, — טראַכט איך מיר — אויף היינט וועלן זיי שוין האָבן גענוג מפּלה, איין מאָל פון מייטלען, דאָס צווייטע מאָל פון מיר.

— גייט פּרעסן, — זאָג איך צו זיי — קעלבאַסעס.

איך קוק ווי דער גרויסער עסט. נישט אומזיסט איז מען אונטער־וועגנס. ער האָט זיך עפּעס אויסגעלערנט. אַז ער הייבט אָן אַ חלה ביי איין שפּיצל, פאַרט ער אַראָפּ ביז צום צווייטן...

— אָבער דו ווייסט, וואָס דער סוף איז געווען פון יענעם? — זאָג איך אים — די פּויערים האָבן אים שיר דערממיתט... זיי האָבן דערזען, אַז ער האָט זיי אָפּגענאַרט. ער איז אַנטלאָפן פון מאַרק אַראָפּ אין בלויזן קאָפּ, און דאָס קיישל אויך איבערגעלאָזט... און הער, — זאָג איך צו אים — דער סוף דיינער: דו וועסט אויך אויף דיין בעט נישט שטאַרבן..

ער קוקט מיך אָן. ס'איז אים אַ שאָד אַ רגע איבערצורייסן, כאָטש איין קיי מיט די ציין.

באַלד איז פייגע אויך געקומען אַהיים פון שול, און מען האָט זיך געזעצט עסן, ווי ביי אַ ייד יום־טוב.

אין דער מיט עסן, מען האַלט שוין ביי די פיש, פרעג איך אים, דעם גרעסערן:

— זאָג זשע מיר, כ'בעט דיך, איך זע דאָך, דעם הונגער האָסטו דיר שוין ב״ה אַ ביסל געשטילט, און דו קאָנסט דאָך מיר שוין אַלץ ענטפערן אַ וואָרט?

—נו פרעג. — זאָגט ער.

— וואָס האָסטו פאַראַיאָרן געמאַכט עפּעס אַ שטיקל מיט אַ פּויער אונטערן „קאָשציאָל״? ביסט געקומען צו פאָרן, האָסט אים געלאָזט שטיין מיטן פערד און וועגעלע אין גאַס, און גאָרנישט... האָסט דיך אַדורכגע־גנבעט דורכן הויז אין מאַרק אַריין, אויף דער אַנדערער זייט אַרויס... מיינסטו, אַז דו וועסט נישט אַמאָל געהרגעט ווערן?

— וועל איך.

— נו, נו, גוט...

מער האָבן מיר שוין נישט געשמועסט. נאָר אָט, אַזוינס האָט זיך

אָפּגעשפּילט ביי מיר אין שטוב דעם ערשטן טאָג יום־טוב, און כ׳האָב שוין געדאַנקט גאָט, אַז דער פּסח גייט אַוועק, איך זאָל פּטור ווערן פון די צרות.

נאָך יום־טוב, איך גיב אים הלבשה, — דער יונג, ער זיצט; ער פּאָרט נישט, ער שמועסט גאָרנישט דערפון.

אַברהמעלע איז געוואָרן אויס „טרופּע״, טראַכט איך מיר.

און אפשר טאַקע האָט דער יונג זיך מישב געווען צו ווערן לייטיש; אפשר וועט ער זיך גאָר לאָזן רעדן אַ שידוך...

— אַברהמטשע, — מאַך איך מיך קראַצן הינטערן אויער — ס׳פּעלט דיר אפשר קליינגעלט אין וועג אַריין?...

איך האָב אַזוי געפרעגט, ווייל איך האָב געוואָלט וויסן, וואָס דער יונג טראַכט ווייטער...

— ניין — זאָגט ער — כ׳וויל אַ ביסל אָפּרוען...

— אַוודאי, — זאָג איך אים — עס איז נישט קיין יושר שטענדיק צו האָרעווען...

— וואָס מיינסטו? — גיט ער אַ פרעג — איך האָרעווע נישט?

— כ׳האָב שוין אַ סימן, — זאָג איך אים — כ׳האָב דען נישט געזען ווי די קאַמאַשין זענען געווען אויסגעדרייט...

— נו, טאָ שוין, — זאָגט ער — וואָס זשע דען זאָגסטו, אַז נישט?

— אַדרבא, חלילה, רו דיך טאַקע אָפּ דאָ אַ ביסל. ווייניקסטנס, כאָטש ביז צו די יאָגדעס... פאַר נישט פריער אין וועג אַריין.

— גוט. — און ער בלייבט.

אַ ברירה האָב איך? איך וועל דאָך אים נישט אַרויסטרייבן.

דערביי טראַכט איך: גוט וואָס דער קליינער יונג וועט האָבן מיט וועמען זיך אַרומצוהרגענען אין שטוב און וועט פאַרשפּאָרן פאַרפאַלן צו ווערן... איז דאָס אַליין שוין אויך פאַר מיר אַ שטיקל מציאה.

ליג איך אַזוי ביי נאַכט אויפן געלעגער און זע — אַברהמטשעלע גייט זיך אַראָפּ פון זיין געלעגער.

וואָס זאָל דאָס באַדייטן? אַ יונגערמאַן, וואָס קאָן אים דער שלאָף זיין געשטערט? ער האָט חלילה שלעכט פאַרדייעט, ס׳מעגעלע זיך קאַליע געמאַכט? כ׳מיין טאַקע, וואָס?

און איך זע דורך האַלב אַראָפּגעלאָזטע ברעמען, בשעת איך מאַך זיך ווי גאָרנישט, גלייך כ׳בין נישטאָ... יאָ... ער איז גערעכט... דער שלאָף איז אים טאַקע געשטערט.

ביי טאָג האָב איך אַריינגעלייגט אַ בייטעלע מיט זלאָטעס אין דער קאָמאָדע — ווייזט אויס, אַז דאָס לאָזט נישט רוען, וואָרן נאָך דעם ווי ער גיט מיר אַ קוק אין די אויגן אַריין, צי איך שלאָף — אַ מערכה, דער לאָמפּ האָט קוים געבלישטשעט, אַזוי אַז ער האָט נישט געקאָנט דער־קענען אַקוראַט אין דער נייך חלקים פינצטערקייט, — האָט ער גלייך צו־מאַרשירט אויף די שפּיצן נעגל, באַרוועסערהייט און אין די בלויזע אונ־טערוועש, דאָרט אַהין, וואו מען דאַרף. און איך ליג און קוק...

און איך טראַכט מיר, זאָל איך אים פרעגן:

— אַבּרהמטשעלע, ווי שפּעט איז?... אָדער:

— אַבּרהמטשעלע, טו כאַטש אָן די שטעק־לעטשלעך, קאָנסט זיך נאָך חלילה פאַרקילן...

נאָר וואָס זאָל איך לאַנג ברייען, אַז יענער שטייט שוין ביי דער קאָמאָדע... אַז ס׳איז שוין אַפילו נישטאָ קיין צייט צו טראַכטן. און כ׳מיין טאַקע, כ׳וועל וואַרטן, ברענגען אים חלילה צו אַ נסיון... ער זאָל אויפברעכן די אויבערשטע דעק, אָדער דער שוואַרץ־יאָר ווייסט עס ווי אַזוי אַזעלכע לייט גיבן זיך אַן עצה...

זאָג איך אים פּראָסט־פּשוט:

— אברהמטשעלע, לאָז געמאַך... וואָס טויג עס דיר דאָרט?.. — און איך גיב אַ הוסט און זעץ מיך אויף אויפן בעט.

מיינער גיט זיך אַ קוק אום מיט אַ פּאָר דערשראָקענע אויגן, אַז כ׳האָב געמיינט, ער זינקט שוין איין אין דר׳ערד אַריין.

— קום אַהער, — זאָג איך צו אים — אַבּרהמטשעלע, האָסט מסתמא נישט געלייענט קיין קריאת־שמע, דערפאַר בלאָנדזשעסטו ביי נאַכט פון שלאָף.

נאָר, וואָס זאָל איך גיין מיט אים טענהן, אַז מיינער שטייט גע־פּלעפּט, פּונקט ווי הענט און פיס וואָלטן אים חלילה אָפּגענומען געוואָרן און די צונג קאָן זיך נישט ביי אים איבערדרייען.

— נו, גיי שלאָפן, — זאָג איך — וואָס וועסטו דיר צעשלאָגן אַ נאַכט...

און איך גיי מיר אַראָפּ צו דער קאָמאָדע, נעם דאָס בייטעלע צו מיר אונטערן קישן.

ער אויך — טרעט צוריק צו צום געלעגער מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

געדרייט זיך, נעבעך, געקרעכצט, געאָכצט, אַמאָל אויף דער זייט,

אַמאָל אויף יענער. ווי איך פֿאַרשטיי, האָט אים גוט געריםפּלט אַ גאַנצע נאַכט אינעווייניק; נאָר וואָס קען איך אים העלפֿן?...

כעלות־הבוקר, ווערט ער מיר פֿאַרפֿאַלן פֿון שטוב אַרויס, שאַ־שטיל, אַפֿילו אָן אַ קוש די מזוזה, און — ואיננו, ער איז — קלער איך — ברוגז געוואָרן...

„כן יתן"! — טראַכט איך מיר.

און האַלבלעך בין איך צופֿרידן. דאָס מאָל איז ער אַוועקגעגאַנגען ווי אַ גאַנץ באַשיידענער, ווי אַ זיידענער יונגערמאַנטשיק, בשעת אַן אַנדערש מאָל פּטר איך אים נישט אָן קולות־וברקים.

„בישקשה — טראַכט איך — אַ פּאָר געזונטע פּיס האָט ער, און אַרום אויפֿן טאָג וועט ער שוין זיין אין אַ נאָענט שטעטל, וועט ער דאָרט איבערבייסן"...

איין זאַך אָבער: קיין געלט האָט ער גאָרנישט, אַפֿילו אַ גראָשן נישט און קיין יאַגדעס בליען נאָך צומאָל נישט... צו זיי איז נאָך גאַנץ ווייט...

און איך טראַכט מיר ווייטער:

„האָב דיר אַכציק שוואַרץ יאָר, דו יונגאַטש. אין טאַטנס וועג טויג דיר נישט צו גיין? זאָל דיר אויסגיין אַזאַ סוף!"...

און טאַקע, וואָס דען קאָן איך טאָן?

אוי, אוי, קינדער!

אָבער ס'איז נאָך נישט אינגאַנצן אויסגעשעפּט מיין מעסטל. ס'איז דאָ צו דערציילן נאָך שענערס...

---

שבת, דער זייגער האָט געמוזט זיין אַרום האַלב צוועלף פֿאַר מיטאָג, איך זיץ מיר ביים טיש ברווח, כאָטש איין גאָט ווייסט, ווי אַזוי איך קאָן די אַלע צרות אַריבערטראָגן, און זינג מיר „יצוה צור חסדו", ווי עס געהער צו זיין, והנה בא — דער „אוצר" איז דאָ...

אַזאַ קליין שטאַפּעטל, מיט אַ פֿאַרשמירט נעזל און אַ „ווידעלע" הינטן פֿון די מייטקעס אַרויס, קומט אַריין צו לויפֿן:

— אַברהמטשע האָט דיזאָט, — זאָגט ער — אַז איר זאָלט'ן דעבן אַ חלה...

— אַ דאַנצע? — פֿרעג איך.

— יאָ, אַ דאַנצע חלה.

— ס׳אַנדערע, — זאָג איך — אַברהמטשעלע איז דאָך גאָר נישטאָ הי...

לויפט ער אַרויס דער קלײנער און זאָגט אים:

— דער טאַטע האָט דיזאָגט, אַז דו ביסט נישטאָ הי...

באַפעלט ער מיר אַרײַן, אַז:

— ער איז יאָ דאָ הי.

און איך אים צוריק:

— עס קאָן נישט זײַן, ווײַל אברהמטשעלע איז אַוועק שוין אַ גאַנצע וואָך, ווי אַ שטיין אין ים אַרײַן...

באַפעלט ער מיר אַרײַן, אַז:

— ער שטייט דאָ...

און איך אים, אַז:

— איך לאָז אים נישט אויף דער שוועל אַרויף.

געדויערט דאָס אַ לענגערע צײַט און ער ענטפערט מיר:

— וויבאַלד איך שיק אים נישט אַרויס אַ חלה, גייט ער זיך שמדן...

זאָג איך:

— כ׳ווייס נישט, צי וועלן גוײם זײַן אַ בעלן אויף אַזאַ פּרי.

ענטפערט ער:

— ווי באַלד איך וועל אים נישט געבן עסן, גייט ער צו דער „קאָ־ראַלינע” עסן חזיר.

זאָג איך:

— אויב מען וועט אים געבן אומזיסט, זאָל ער, מעג ער עסן...

ענטפערט ער:

— אַז אַ ייד וויל עסן חזיר, צאָלט מען אים נאָך צו.

זאָג איך:

— האָסטו דאָך אַ גוטע פּאָפּעסיע אין דער האַנט: וויפל קאָנסטו פאַרדינען אַ טאָג, ווען דו זאָלסט עסן אין פופציק גויאישע שטובן חזיר?

ענטפערט ער שוין פּשוט:

— ער וויל אַ חלה... — אָבער שוין אָן „סטראַשאַקן”.

מילא, זאָג איך, אַבי דו בעטסט דיך שוין, אַבי דו ביסט געקומען צוריק צום טאַטן הינטערן פענצטער און דו שטייסט ווי אַ הונט, און דו ווייסט שוין ווי טײַער קאָרן גילט, און אַז אויב דו ווילסט, קאָן דיך דער טאַטע מעביר זײַן, און אײַנגאַנצן דיך אויסמעקן פון זײַן משפחה, און דו פאַרשטייסט שוין אַליין דײַן געפאַלנקייט און אַז ס׳איז אָך און ווײ צו

דיר, און אַ גרויסער רחמנות נעבעך; אַזאַ ליכטיקער יונג, מיט אַזעלכע שיינע אויגן און מינעלעך, אַז ס׳איז גאָר אין דער וועלט נישט צו געפינען אַזוינס. — מילא, וועל איך אויף דיר רחמנות האָבן, טאַקע „כרחם אב על בנים״ — מילא, וואָס פאַר אַ ברירה האָב איך? אַזאַ ליכטיקער יונג, דאָס האַרץ ברעכט זיך... וועל איך דיך צוריק אַריינלאָזן. נאָר צום ערשטן וויל איך גיין אָנקוקן מיין „אוצר״ און איך עפן דאָס פענצטער אַרויסצוקוקן צו אים: ער זיצט, זע איך, אויפן ווענגל *) שוואַרץ ווי קויל.

„האַ — טראַכט איך — אַ שיינער פלאַקן־שיסער ביסטו אָן טאַטן?... און געגנעבטיקט האָסטו ביי נטעלע „קאַניוך״ אין שטאַל צווישן די פערד?... און געגעבן צו עסן האָט ער דיר מכות...״ — און איך שפיר, אַז איך האָב נקמה גענומען אָן דעם יונג.

נאָר ער זיצט און הייבט קיין אויג נישט אויף.

7.

— מיין „משומד״ צום טיש... — טראַכט איך — אַ שיינער משומד; אַז סך־הכל ליגט אים דער מוטערס, עליה־השלום, גוטסקייט אויפן פנים.

נעם איך אַ חלה און גיב אים אַ ווייז דורכן פענצטער...

שפרינגט ער צו, נאָר ער בלייבט שטיין און קוקט מיר אין די אויגן אַריין, צי איך וויל מיך נישט אַמאָל רייצן מיט אים.

זאָג איך אים:

— נאַ...

זאָגט ער:

— לייג אַנידער...

פרעג איך אים:

— וואָס ביסטו, אַ הונט?

זאָגט ער:

— לייג אַנידער, וועל איך דיר גלייבן...

זאָג איך אים:

— כ׳האָב דאָך דיר אַ ברירה נישט צו געבן; וואָס דאַרף איך דען דיין גלייבן?

שפרינגט צו משהלע און זאָגט:

— ווייז, טאַטע, וועל איך גיין אים אַרויסגעבן.

---

*) אַ צאַפּן, ווינקל־שלאָס פון הויז.

— וואָס ווילסטו, מוזשיק מיינער, ווי קומסטו דאָ אַהער ?

— גיב אים, — זאָגט ער, דער גרויסער.

— קום אַהער צו, שייגעץ איינער, קום אַהער.

ער האַלט שוין נישט אויס און גייט צו.

— שווער — זאָג איך — איבער די ציצית, אַז דו וועסט שוין נישט...

— וואָס ?

— דו ווייסט גאָר אַפילו גאָרנישט וואָס אויך ?...

לאָזט ער אַראָפּ די אויגן :

— כ'וועל שוין נישט...

— וואָס וועסטו שוין נישט ?

פאַרהאַקט ער זיך, קרעקט זיך. די צונג, זע איך, וויל אים נישט פאָלגן און ער שווייגט.

העלף איך אים אַרויס :

— בלאָנדזשען פון שלאָף וועסטו שוין נישט...

— בלאָנדזשען פון שלאָף... — זאָגט ער נאָך.

און איך גיב אים אַוועק די חלה.

— וויפל טאָג האָסטו שוין נישט געגעסן ? — פרעג איך.

— דריי... — און ער וויל געבן אַ כאַפּ די חלה מיט אַ שפּיץ צום מויל אַנטקעגן אַ שאַרף אויסגעשטעלטער וואַנט ציין.

— שטיי — זאָג איך ; און לייג צו אַ פינגער צו דער נאָז. ער בלייבט שטעקן מיט אַן אויפגעמאַכט מויל אין דער לופט.

— קום אַריין, שייגעץ, זיך וואַשן...

ער גייט אַריין.

— און קוגל ווילסטו דאָך אַוודאי אויך ?

און איך נעם זיך אַליין אַרום אים פאַרעסן ; און די טויבע פייגע קרעכצט, קוקנדיק אויף אים. און משהלע קוקט אים אַריין אין די אויגן, ווי איינעם, וואָס איז ניצול געוואָרן פון אַ גרויסער סכנה...

— נו, איצט וועסטו שוין וויסן, וואָס אַ שטוב הייסט. אַז נטעלע האָט דיר נישט דערלאַנגט אַפילו אַ שטיקל ברויט. פאַרן ליגן נאָר אין דעם שטאַל האָסטו געהויבן קובלעס וואַסער צו די פערד... האָט ער אַפילו די פערד נישט געוואָלט מטריח זיין צו דער ברונע, מען זאָל זיי אים נישט קיין עין־הרע געבן. ווען דו ווילסט עס אַזוי דעם טאַטן צוהעלפן

אין שטוב. דאָס נישט, האַ? אין דער פרעמד ערשט ווייסטו, ווי טייער קאָרן...

— פייגע, — זאָג איך — איר האָט אַ שטיקל רעטעך, גיט אים דאָרט צום עסן... נו, האַ, האָסט דיר אַ גוט שוואַרץ יאָר אויסגעריכט, האָסט געהאַט המנס סוף?

און איך קוק אויף אים, דעם יונגאַטש, מיט נקמה, ווי ער עסט מיטביידע באַקן. די ציין קנאַקן אַזש. און ער גיט נאָר אַלע מאָל אַ זייטיקן קוק אויף מיר.

— וואָס קוקסטו מיך אָן? — פרעג איך.

— גלאַט אַזוי, — ענטפערט ער. און ער האָט קיין צייט נישט.

פרעג איך אים נאָך אַמאָל:

— ווי שפעט איז, אברהמעלע, דו ווייסט נישט?

— ניין. — ענטפערט ער, און ער האָט קיין צייט נישט.

— ווי הייסט, ווי לעבט עס אַ מענטש אָן אַ זייגער?

— ט׳האָסטו אַ זייגער אויף דער וואַנט. — ענטפערט ער מיר, און האָט אַלץ קיין צייט נישט.

— זאָג נאָר, — גיב איך אים אַ ריר ביי דער פּלייצע — און ווען מען זאָגט דיר ערשט, אַז עס ברענט?...

ער גיט מיך אַ קוק אָן, ווי אַ הונט, בשעת ער שטייט איבער אַ שיסל און מען גיט אים אַ צופּ ביי אַן אויער אין מיטן.

— פרעס, פרעס, — זאָג איך צו אים — דערנאָך וועלן מיר שמועסן.

— נו, טאַטע, — זאָגט ער, גאָר אויפגעריכט, נאָך דעם ווי פייגע האָט אים שוין אַלץ אונטערגערוקט, וואָס זי האָט נאָר דערקרימט און דערקראַצט — ערשט קאָנען מיר שוין שמועסן...

— איצט שוין נישט, — זאָג איך — מיר וועלן דאָס אָפּלייגן אויף מאָרגן, אויף נאָך שבת, אם ירצה השם.

ער גיט זיך אַ דריי אויף איין קנאַכל:

— נו, — זאָגט ער — איך קאָן באַשטיין...

— נו, גיי זשע געזונטערהייט... זאָט ביסטו שוין?

— יאָ, — זאָגט ער — נאָר ווילסט מיך שוין אַרויספּטרן?...

— ניין, — זאָג איך — נאָר גיי דיר אַביסל שפּאַצירן נאָכן עסן. אַן אָנצוג האָסטו דאָך שוין...

ער טוט אַ קוועטש מיט די פּלייצעס און לייגט זיך אַוועק אויפן בעטל.

ער איז — זאָגט ער — מיד; ער האָט זיך שווער אָנגעגעסן.

צומאָרגנס, ער טרעט פון מיר נישט אָפּ: כ'האָב עפּעס געוואָלט מיט אים שמועסן...

טראַכט איך:

מיין אַברהמעלע ווערט אַ לייט...

און זאָג אים:

— הער, ווי לאַנג רעכנסטו צו זיין אַ „טרופּע״?

— קעגן וואָס פרעגסטו?

— וואָס הייסט — פרעג איך — קעגן וואָס? אינטערעסירט מיך עפּעס אָדער נישט?

— איך ווייס... — זאָגט ער.

— און ווי ווילסטו?

— איך וויל? — זאָגט ער — איך ווייס?...

— נו, אַז דו ווייסט נישט, ווייס איך דאָך אַוודאי נישט.

— נו, וואָס דען זאָל איך טאָן?

— אַ מלאכה. — זאָג איך צו אים.

— אַ מלאכה?

—יאָ. עס פּאַסט דיר נישט? ס'איז בעסער צו מעסטן די גאַסן?

זאָגט ער:

— נו גוט. וואָס פאַר אַ מלאכה?

— אָט אַזוי — זאָג איך — טענהסטו ווי אַ מענטש. פרעג, וועל איך דיר זאָגן...

— נו, גוט.

— ווייסטו וואָס, — הייב איך אָן — אַ באַלעבאַטיש קינד, ווערסטו דאָך זיך נישט גיין לערנען קיין שוסטער אָדער אַ שניידער צו זיין. און קיין וואַסער־טרעגער, אַזוי ווי דו האָסט עס שוין געטאָן ביי נטעלען, אַוודאי נישט... פאָלג זשע מיך, אַז עס זאָל זיין שיין פאַר גאָט און פאַר לייט, גיי אַריין צו טליתים־קטנים, צו מרים די טלית־מאַכערין: אָדער צו וואָלף טלית־מאַכער, וועט עס זיין אַ גוטע און אַ שיינע מלאכה. מילא, עסן און וואָס אַ מענטש דאַרף, דאַרפסטו דאָך נישט זייערס, האָסטו דאָך אַ טאַטן, ביז הונדערט און צוואַנציק יאָר.

— מילא, — זאָגט ער — אַז דו ווילסט אַזוי, זאָל זיין...

„אוי, טראַכט איך, נישט גוט. אויב איך וויל? הייסט עס דאָך, אַז ער דאַרף זי גאָרנישט, די מלאכה. ער גייט עס טאָן פון מיינעטוועגן״...

— אַברהמטשעלע, — זאָג איך—וואָס זשע דען וועט זיין דער תכלית?

— וואָס הייסט, — זאָגט ער — מיר האָבן דאָך שוין אָפּגעשמועסט; איך גיי דאָך אַריין.

— אָבער פון גיין צו גיין — זאָג איך — איז דאָך אַ חילוק...

— וואָס פאַר אַ חילוק? נעמט ער מיך אָנקוקען תמעוואַטע.

8.

הכלל, קורץ דערפון, איך האָב זיך איבערגעלייגט; למאי נפקא־מינה? — אַבי ער גייט. וואָס האָב איך ווייטער אויפצוקאָכן אַ קאַשע, צו דערגיין ביי אַברהמעלען אַ גרונט, צי ער טוט עס מיטן גאַנצן האַרץ צי נישט — זאָל שוין זיין אַזוי...

— נו, — זאָג איך — צו וועמען זאָלסטו גיין: צו מרימען אָדער צו וואָלפן?

— וואוהין דו ווילסט — זאָגט ער.

זאָג איך:

— ניין, טויג נישט; דו דאַרפסט זאָגן, וואוהין דיך ציט בעסער...

שטייט ער און קלערט, און זאָגט:

— צו מרימען.

— אַזוי — זאָג איך — פאַרשטיי איך, ביסטו אַ מענטש.

וואָרן צו וואָלפן, האָב איך אַליין דערקלערט, איז נישט קיין אָרט פאַר זיינעטוועגן; יענער דאָרט — אַ ייד אַ בייזער, וואָס וואָרטשעט שטענדיק, האָט אַ באָרד אַ קאָלטענעוואַטע, די וואָנסן אויבן שטענדיק פאַרגרינט פון טאַבאַק שמעקן. און דאָ, מיין אברהמעלע, אַ יונג ווי אַ ליכט, די הויט רעדט אויף אים — כ׳ווייס, אַ קאַטאָוועסל, אַ וואָס, אַ ווען... ער וועט מיט אים קיין איין טאָג נישט זיין אין שטוב אָדער יענער וועט אים אַליין הייסן גיין, אָדער ער, אברהמעלע מיינער, וועט אַ פּאַטש געבן מיט די פליגל — און ער איז שוין נישטאָ.

— נו, גוט, — זאָג איך — גייסטו טאַקע צו מרימען.

וואָרן דאָ, ווי די מעשה: אַן אויפגערוימטע שטוב; בלומען־טעפּלעך אויף די פענצטער. זי האָט דאָך אַ שם פון לאַנג־אַן פאַר אַ גרויסער ווער־טאַנעס; איר צורוימען, איר גיין אַרום אַ הויז. ס׳שמעקט דאָך פון יעדן ווינקעלע. און דערצו נאָך, וואָס בעסער ווי אַלץ: צוויי יונגען האָט זי ווי די „ריקים“, וועט ער, מיינער, זיך דאָך האָבן אָן וואָס אָנצוהאַלטן. אַ יונג צווישן נאָך צוויי, ווי זיינס גלייכן, האָט עס דאָך שוין אים צו וואָס

צוצוביינדן, במילא, וועט ער זיך אויסלערנען די מלאכה... יאָ וועלן, נישט וועלן — גאָרנישט, נישט אַריינגעקלערט.

גיי איך און טרעף מרימען, צווישן אַ טאָג און נאַכט, ביי איר אין שטוב, און איך זאָג איר:

— מרים, ס׳איז מיר אַ ביסל דערווידער. איך ווייס, אַז קיין מאַן האָסטו נישט: כ׳ווייס נישט, צי דיר לוינט זיך דאָס גאָר, אַז דו זאָלסט זיך אָפּגעבן מיט אַזוינע זאַכן. נאָר פונדעסטוועגן לאָז אַריין מיין יינגל צו דיר אויף דער לער. נישקשה, — זאָג איך — אַז ער וועט נאָר וועלן, וועט ער קאָנען ווערן אַ מענטש.

— וועלכער? — פרעגט זי — דער קלענערער, דער גרעסרער?

אין פלוג האָט מיר אַפילו אַ קלאַפּ געגעבן אין האַרצן. איך ווייס, אפשר לאַכט זי זיך אויס, אַז דער גרעסערער זאָל זיך ערשט גיין לערנען די מלאכה.

הייב איך אָן:

— ווי אַלט מיינסטו דען, איז דער גאַנצער יונג? כ׳ווייס דאָרט... ער האָט נאָך, נישקשה, צייט מקבל צו זיין די תורה. אַז דו, מרים, וועסט נאָר וועלן...

גיב איך איר אַזוי אונטער אַ גוט וואָרט, כדי זי זאָל מיר חלילה נישט אָפּזאָגן.

— וואָרן איך, — זאָג איך — מיין דעם גרעסערן.

— ניין, — זאָגט זי — אַדרבא, זי וויל אויך דעם גרעסערן.

— אַזוי? — זאָג איך — הונדערט יאָר זאָלסטו מיר לעבן. און שוין מאָרגן טאַקע, האַ?

— יאָ, פאַרוואָס נישט? ס׳קאָן אַפילו זיין פון באַלד אָן. וואָס, כ׳דאַרף דען עפּעס מאַכן צוגרייטעכצן. ס׳אַנדערע, וואָס איז ער שוין דען, צוצולאָזן צו אַן אַרבעט? דאָס, הלוואי, אין דריי חדשים אַרום. אָט שטייען וואַרשטאַטן, די יינגלעך מיינע אַרבעטן, וועט ער זיך צוקוקן און ביסלעכ־ווייז צוהעלפן.

— זייער גוט, זייער גוט. מילא, וועגן באַדינגונגען דאַרפן מיר דאָך נישט שמועסן.

— ניין, — זאָגט זי — זאָל ער אַריינקומען; אין קעגנטייל: דעם גרעסערן נעם איך צו גערן. דער קלענערער — זאָגט זי — איז דאָך נאָך אַ גאָרנישט...

און זי איז אַ וואוילע פרוי, אינגאַנצן אַלט אפשר אַ יאָר זעקס־ אַכט־

אונדרייסיק; געזונט, שיין, די באַקן בליען ווי ביי אַ רויז, אַ פאַרגעניגן אַזוינס צו האָבן פאַר אַ באַלעבאָסטע.

— ווייסטו זשע וואָס, מרים, — זאָג איך צו איר — עס וועט קאָנען זיין אפשר עפּעס בעסערס אויך...

— מילא, עפּעס בעסערס — זאָגט זי און זי שמייכלט דערביי — הלוואי גאָט זאָל געבן...

און איך ווייס נישט, וואָס זי האָט בעת־מעשה געטראַכט; צי זי האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז איך גיב איר אַן אָנצוהערעניש אויף דעם זון מיינעם, צי גאָר וועגן מיר אַליין. ווייל איך האָב דאָך אויך קיין ווייב נישט — נאָר זי שמייכלט...

— גאַנץ גוט, און איך זאָג איר אַ גוטע נאַכט. פאַרגעס אַפילו נישט צו טאָן אַ קוש די מזוזה, ווען איך גיי אַרויס. אַן אמתדיקע גוטע, איינגעפונדעוועטע שטוב. הלוואי ביי מיינע גוטע פריינט נישט ערגער. און איך גיי מיר אַוועק.

— נו, אַברהמעלע, — זאָג איך צו אים — איצט, אַז גאָט האָט שוין געהאָלפן, אַז דו גייסט שוין יאָ אַ מאָל אַרויף אויף אַ גלייכן וועג, זאָלסטו אים כאָטש נישט זען צו פאַרקרימען, אברהמעלע.

און איך דערצייל אים די מעשה, אַז שוין...

— שוין, — זאָגט ער — זאָל זיין מיט מזל... — און ער רייבט זיך די הענט.

איך פיר אים צו צו דער סערוואַנטקע:

— נאַ, מאַך אויך אַ שנאַפּס — נעם איך אַרויס דאָס קאַרפּינקעלע. און ער וויל שוין געבן אַ כאַפּ מיטביידע הענט.

— וואַרט, — זאָג איך — שייגעץ... וועלן מיר טרינקען לחיים, וועלן מיר זיך צעווינטשעווען...

און איך זעץ זיך מיט אים אַנידער. איך גיס מיר אָן און נעם ביי אים די האַנט אויף „לחיים". דערנאָך טרינקט ער, און פייגע זעט עפּעס צווישן אונדז אַזאַ פרידן, און טויב איז זי, קאָן זי אונדז נישט פאַרשטיין, וואָס צווישן אונדז ביידע קומט פאָר; נאָר, זיצט פון דער ווייטנס און שאָקלט מיטן קאָפּ, ווי איינער רעדט: ס'וואָלט שוין לאַנג צייט געווען, אַז משיח זאָל קומען... זי איז דאָך טויב ווי די וואַנט, זי ווייסט דען עפּעס, וואָס דאָ צווישן מיר און אַברהמעלען שפּילט זיך אָפּ...

— יאָ — זאָג איך צו איר, מער מיטן קאָפּ, ווי מיטן מויל — אַ טלית־מאַכער...

.9

איי, וואָס טלית־מאַכער, ווען טלית־מאַכער, דאָס רעדט מען שוין צו איר נישט; דער קאָפּ אַרבעט אַזוי לאַנג, ביז ער דערגריבלט זיך אַליין עפּעס צו אַ שטיקל שכל... וואָרן מער שמועסן מיט אַ טויבן, שמועסט מען נישט קיין מאָל, זינט די וועלט שטייט.

— יאָ, אַ טלית־מאַכער... — און גענוג. אָט דאָס איז די גאַנצע שפּראַך; און איך האַלט נאָר איין דעם שייגעץ מײַנעם, ער זאָל נישט צוגיין, באַלד איר אויפזינגען עפּעס אַ לידל אין די אויערן אַריין.

ער פירט זיך טאַקע אָרנטלעך און פייגע גיט אונדז אויף וויעטשערע. דער קלענערער איז נישטאָ. ער בינו־לבינו פירט זיך אַזוי ווי ער האָט זיך געפירט.

אין מיטן דער נאַכט מאַכט זיך אַ שטורעם און אַ פאַליע, עס רוישט און קאָכט דער גאַנצער דרויסן און אַ שלאַנגען־בליץ גיט אַ לייכט אַריין דורך די שפּאַרעס פון די לאָדנס, אַז איך מיין, די וועלט לייגט זיך איין. אַהאָ, זאָג איך, אַז מיין אבהרמעלע גייט זיך לערנען אַ מלאכה, דאַרף די וועלט זיך איבערקערן.

און לייד איז מיר. איך דערמאָן זיך, אַז דער קליינער יונג איז נישט געווען ביי דעם וויעטשערע־עסן און מן־הסתם איז ער אין שטיבל אויך נישטאָ. נאָר ווען וועל איך גיין פרעגן — פייגען? און אַרויסגיין ערשט אין דרויסן איז חייב מיתה, אַלע שלאָפן, נאָר איך ליג און קאָן מיר קיין אָרט נישט געפינען.

קוים מיט צרות, אין אַ פּאָר שעה אַרום, עס האָט אויפגעהערט. איך טו זיך אָן, גיי אַרויס אינדרויסן. דער זייגער האָט געקאָנט זיין אַרום דריי פאַר טאָג. דאָס שטיבל שטייט אַליין. איך גיי שוין אַרום אָן אַ קאָפּ. מיט דעם קליינעם יונג איז עפּעס נישט גלאַטיק, עפּעס גאַרנישט קיין גוטס. אַ קלייניקייט!

נאָר אבהרמעלע גייט זיך דערווייל צומאַרגנס צו מרימען אויף דער לער. עס גייען אַריבער עטלעכע טעג. מען גיט מיר אָפּ גרוסן, אַז ער זיצט דאָרט גערן, נאָר וואָס דען: טאָג מיט נאַכט דאָס געזאַנג און גע־קלאַנג פון די לידער זיינע דורך די אָפענע פענצטער, אַזוי אַז מען ווייסט שוין אין דער גאַנצער שטאָט צו קומען הינטער מרימס פענצטער צו הערן אַברהמעלען... און מען שטייט טאַקע דאָרט שטענדיק יידן און להבדיל גויים; ווער עס גייט פאַרביי.

נאָר מיר ווען וועלן אים לאָזן שטיין. ער איז שוין דאַנקען גאָט, אויף אַן אָרט, דאַכט זיך; און מיר וועלן זיך נעמען צום קלענערן „קעלבאַס"...

מיר איז די זאַך שטאַרק קראַטיש *) אויף אַלע בילער געזאָגט, וואָס פאַר אַ נחת כ'האָב פון די צוויי פּיצלעך קינדער. איך קלער מיר: אפשר פירן אים חברים אַראָפּ פון וועג? ער האָט אָבער נישט אַזעלכע. זיינע חברים זענען די בעסטע פון שטאָט. איינער — דעם גרעסטן גבירס אַן אייניקל. דער פאָטער זיינער איז אַ למדן. אַליין אַפילו נישט רייך, האָט אָבער אַ שפּיז־געוועלבל, און עס פירט זיך אַ גאַנץ אָרנטלעך הויז, ווי ביי אַן אָרנטלעכן ייד. ווער שמועסט דער זיידע פונעם חבר זיינעם: ס'איז נישטאָ דאָס מאָל, ווען דער „בלענדעוועוער" קומט צו פאָרן, ער זאָל נישט איינשטיין ביי אים. און גלאַט אַזוי, אַן אדם חשוב, און דאָזאָר פון שטאָט. נו, זאָל מיר גיין עפּעס איינפאַלן אויף אַזאַ שטייגער קינד, אַן אייניקל פון דעם דאָזיקן ייד? פאַרשטייט זיך, אַז נישט. דער צווייטער חבר זיינער, ווידער, איז דעם היגן גרעסטן שניט־קרעמערס אַ ייִנגל; איך ווייס, דער שענסטער מענטש פון שטאָט. אַ ייד אַ חסיד. איך שטעל מיך אויפן קאָפּ און קלער נאָך און זוך נאָך: וואו זענען זיינע געגנג און מיט וועמען?... וואָרן כ'וועל אים פרעגן, ווען אַפילו איך זאָל שוין ניין און ניינציק חלקים יאָ וויסן און איין חלק נישט — לייקנט ער זיי מיר אָפּ די ניין און ניינציק חלקים און איך בלייב ביי גאָרנישט.

— נו, — זאָג איך — משהלע, איצט גייט דיין סדרה; ווי האַלט עס מיט דיר עפּעס אין דער וועלט?

— וואָס הייסט „מיט דיר"? — מאַכט ער.

— זעסט דאָך, מיט אים, אברהמעלען, בין איך שוין, געלויבט צו גאָט, פּטור דערוויייל; אלא וואָס שפּעטער וועט זיין, קלערט מען נאָך נישט. וואָרן דערוויייל טוט ער דאָס, וואָס דער טאַטע הייסט אים. כ'האָב אים געהייסן גיין צו אַ מלאכה, גייט ער. און, צווישן אונז גערעדט: אַז אברהמעלע האָט געקאָנט האָרכן, מעגסטו דיך אויך אָנהייבן איינהערן אין טאַטנס רייד. וואָרן וואָס וויל דען אַ טאַטע? זאָלסט גיין גנבענען, זאָלסט גיין חלילה מענטשן הרגענען, אָדער כ'ווייס עפּעס וואָס אַזוינס, וואָס מען דאַרף אים נישט פאָלגן? אמת, זאָג איך, ס'הייבן זיך שוין ביי דיר באַלד אויך אָן די בחורישע יאָרן. שוין קיין עין־הרע זיבעצן יאָר, נישט אייביק פאָלגט מען אַ טאַטן, אָבער דאָס וועסטו צייט האָבן שפּעטער,

*) אויפפאַלנדיק, באַאומרואיקנדיק.

אם־ירצה־השם נאָך דער חתונה... אָבער איצט, די יאָרן רוקן זיך, ווער דערוויל אַ שטיקל מענטש; אפשר וועסטו טאַקע — נישט חתונה האָבן, מיין איך, נאָר דערווייל ווערן אַזוי אַ חתן? וואָס קענסטו דערצו דערלייגן? האָסט געוואָלט אַ שטיבל, האָב איך דיר עס געגעבן.

און אין מיטן גיב איך אים אַ פּאָר אַריין:

— און הער, משהלע: דו מיין נישט, אַז ווייל איך האָב מיך ביז אַהער נישט געהאַט קיין צייט אומצוקוקן, צוליב דעם ברודער דיינעם, איידער איך האָב שוין מיט אים דורכגעבראַכן צו אַ שטיקל תכלית, אַז איך ווייס נישט, אַז דו ווערסט פאַרפאַלן אויף גאַנצע נעכט; אַז אין דער שטורעם־נאַכט, ווען ס'האָט דעכער אַראָפּגעטראָגן, ביסטו נישט געשלאָפן אין דער היים... מיין נישט, אַז איך ווייס נישט...

און איך שפּיר, אַז כ'בין שוין צו פיל אַריינגעפאָרן און אַז אָט־אָט האָב איך אים אַליין אַרויסגעפירט אויפן וועג, ער זאָל אַרויספּלאַצן:

„נו, ווייסטו"...

און דעמאָלט, ווען אַ קינד ענטפערט שוין אַזוי, זענען שוין פאַר־שפּילט אַלע פעסטונגען... וואָרן ס'איז עפּעס פאַראַן בריהשאַפט קעגן אַ קינד? וואָס וועסטו אים טאָן? אַראָפּטרייבן די קאַטשקעס פון וואַסער?

שטיי איך שוין אין איין שרעק, וואָס ער, דער דאָזיקער שנעק, וועט מיר ענטפערן...

נאָר געלויבט צו גאָט, ס'איז אַראָפּ גלאַטיק. ער האָט געשוויגן מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ.

— כ'מיין, משהלע, — זאָג איך צו אים — אַז דו שפּירסט אַליין אויך, אַז דער טאַטע איז נישט אומגערעכט און ער רעדט נישט חלילה פון וועג; איז וואָס זשע וועט טאַקע זיין דער תכלית?

— לאָז מיך אָפּ, — זאָגט ער — אויפן ווינטער וועל איך מיך נעמען צום לערנען.

— כ'מיין, אָבער — זאָג איך צו אים — אַז דו האָסט שוין באַלד פאַרגעסן, וועלכע מסכתא דו האָלטסט...

— נו, — זאָגט ער — וועל איך מיך צוריק דערמאָנען.

ער באַקומט ווידער פון מיר אַ קניפּ אין בעקל אַריין און אַ צי ביים אויער:

— געדענק, שייגעץ... — און דערמיט ענדיקט עס זיך.

נאָך ערב סוכות, קיינער איז נישט געווען אין דער היים, אויסער די אַלטע פייגע. איך גיי אין שטיבל אַריין אַרויפציען דעם פליגל, ווייל דאָס

שטיבל איז אין איינוועגס אַ סוכה אויך — ווערט דער סוד אַנטפּלעקט. איך גיב אַ קוק: סאַמע אונטער דער „סטרעכע" אויפן בוידעם, וואו מען דאַרף זיך שוין איינבייגן, אָדער גאָר אַנידערלייגן אויף צו קאָנען אַרונטערקריכן, שטייען אַנגעשטעלט אפשר פערציק אָדער פופציק באַניעס, איינע גרעסער פאַר דער אַנדערער, טייל אינגאַנצן ווייס, טייל אינגאַנצן שוואַרץ; אַנדערע זענען ווידער געשטרייפט מיט געלע פּאַסן, און נאָך אַנדערע — מיט גראָע. דאָס אַלץ האָב איך דערזען אָט איצט, ווען איך האָב זיי צוגעקאָליערט צו דעם אַרויפגאַנג פון דעם בוידעם און באַקוקט אין דער ליכטיקייט.

.10

מילא אַזוי, — טראַכט איך מיר — ווייסט מען דאָך שוין, וואו משהלע איז געווען אין די נעכט פון פאַרפאַלן ווערן! הייסט עס, אַז ער האָט בדלת געשטעלט אַלע גערטנער פון אַרום שטאָט, דעם מיט אַ באַניע און דעם מיט אַ באַניע. מיין משהלע איז אַ כהן, זאָג איך, ער נעמט תרומה־ומעשר...

און אַז ער קומט אַהיים, זאָג איך אים:

— משהלע, האָסט געזען? דער פליגל פון דער סוכה איז שוין אָפן...

ער בלייבט דערשראָקן, בלאַס ווי קרייד; ער האָט גאָרנישט באַמערקט, ווייזט אויס, אַריינגייענדיק פון גאַס אויפן הויף און ער שטאַמלט ערשט איצט: מי־יודע, צי כהאָב אים נישט צעבראָכן...

— שרעק דיך נישט, — זאָג איך — ווער נישט אַזוי בלייך; דיין אוצר איז אָפּגעהיט, דיין אוצר איז געבליבן גאַנץ... נאָר אפשר קאָנסטו מיר זאָגן אונטער וועלכן בוים דו האָסט דיך דעמאָלט באַשיצט אויפן פעלד פאַר דעם דונער און שלאַקס־רעגן אין דעם שטורם, וואָס איז דעמאָלט געווען ביי נאַכט?...

און אפשר איז אַ טאַטנס האַרץ נישט קיין נביא? אַ נביא, ווי איך בין אַ ייד — וואָרן זיין לעבן איז דעמאָלט געהאָנגען אויף אַ האָר, ווי איך בין שפּעטער געוואָר געוואָרן! אָט האָט זיך געמאַכט חושך — און אָט איז שוין אַ שלאַקס־רעגן און ער האָט שוין קיין צייט נישט ווען צו אַנטלויפן און אויך נישט וואוהין. ער כאַפּט און לויפט אַרונטער אונטער אַ בוים אויפן נאַקעטיקן פעלד. נאָר דער בוים, ווייזט אויס, האָט אים נישט געגנוג געשיצט, ווייל דאָס איז געווען אַ הויכער בוים און צו די צווייגן איז געווען ווייט אַרויף. האָט ער געכאַפּט און איז אַריבערגעלאָפן צו אַן אַנטקעגנאיבער־שטייענדיק יענגל־ביימל, וואָס איז קיילעכדיק ווי אַ קאַפּל,

און די צווייגן לייגן זיך ביז צו דער ערד. איז ער דאָרט אַהין אַרונטער, און איידער ער האָט נאָך צייט געהאַט זיך אויסצושטרעקן מיטן קאָפּ אונטער די צווייגן, פּלוצלינג: בוך! עס גיט אַ קלאַפּ אַ דונער אין דעם גרויסן בוים, פון הינטער וועלכן ער איז נאָר וואָס אַפּער; און אַ קנאַק — דער בוים ליגט שוין...

נו, איז מיט אים קיין נס נישט געשען? — נאָר גאָרנישט...

און אַז איך פרעג אים:

— משהלע, וועלכן שכר־טרחה ווערסטו האָבן פאַר דעם זומער, וואָס דו האָסט זיך אַזוי פלייסיק געמיט?

ענטפערט ער מיר:

— כ׳וועל מאַכן פון פינף באַניעס פינף לאַמטערן אין דער סוכה אַריין... מיט עפּעס ווי הענג־לייכטער...

נו, איז עס נישט קיין קינד?... קען מען פון אַזוינס עפּעס פאַרלאַנגען אַ תכלית, אַ געשעפט, אַ מעשה? און דער צווייטער שמדאַלניק איז עס דען נישט דאָסגלייכן? און איך לייג אַריין מי־יודע וואָס אין דעם; גאָט ווייסט, ווי זיי זענען שעדלעך פאַר דער וועלט און קריכן פון וועג אַראָפּ. איבער דעם האָב איך מיך אויך ערשט יום־טוב געפרייט מיט מיינע קינדער: געזעסן אין דער סוכה און געפילט אַן עונג־יום־טוב, שוין פאַר פסח אויך...



# א רעטעניש

האַלבע נאַכט. איך מיט אַ באַלעגאַלע און נאָך
איין פאַרשוין בלייבן מיר שטיין מיטן פערד און וועגעלע אין אַ מיטן מאַרק.
אַן אויסגעלערטקייט אַרום און אַרום. די לאָדנס פאַרהאַמערט, און עס דאַכט
זיך, אַז עפּעס איז פאַרגליווערט געוואָרן אין דער נאַכט און האָט שווייגן
געמאַכט אַלע הייזלעך. אַ שטילקייט. נאָר פּלוצלינג האָט אַ האָן אויסגע־
קרייעט פון אונטער אַ דעכל אַפּער און דער נאַכטס שטיל פּליסן איבער־
געריסן.

— יונגערמאַן, די פּאָר גראָשן! — האָב איך פון הינטער מיינע פּליי־
צעס דערהערט.

איך האָב מיך אומגעקוקט. דער באַלעגאַלע אין דער בורקע מיטן
אויפגעשטעלטן קאַפּטער איבערן קאָפּ שטייט שוין ביי דער צווייטער זייט
וועגעלע און טאַפּט די „לישנע״ איבער אַ הינטערשט ראָד, צי זי האָט זיך
נישט אָפּגעבונדן איבערן וועג.

— וואו וואוינט דאָ גיטעלע די אלמנה? — האָב איך געפרעגט, שוין
אַראָפּקריכנדיק פון וועגעלע.

— אָט גלייך... — האָט ער אָנגעשטעלט זיך מיט דער גראָבער זייט
פון בייטש־שטעקל אין אַזאַ פּאָזע, צילנדיק אין דער לופט אַריין, פּונקט
ווי צום אויסשיסן.

איך האָב אַ לעצטן בליק געוואָרפן צום פורל, וואו דער צווייטער
פאַרשוין האָט זיך נאָך געגריבלט, און בין באַלד אַוועק מיט האַסטיקע
טריט, וואָס האָבן אָפּגעקלונגען איבערן מאַרק.

איך בין אַריין אין אַ געסל, און ביים דריטן הויז, רעכטס, האָב איך
אָנגעקלאַפּט אין אַ ברייטער פאַרמאַכטער הויז־טיר.

פון אינעווייניק האָט זיך דערהערט אַ ווייבעריש קול; באַלד, באַלד...
און איך האָב מיך איינגעהערט, ווי עס עפנט זיך פון דאָרט אַ קליאַמקע,
און עס שלייכן זיך אַרויס שטילע, ווייכע טריט, בלייבנדיק שטיין הינטער
דער הויז־טיר.

— ווער איז עס ?

— איך, דער בחור, וואָס דאַרף קומען צו אייך.

די טיר האָט זיך אויפגעמאַכט, און אין איר שטייט אַ קליינע פיגור פון אַ יידענע, האַלב נאַקעט און כמעט מיט קיין נישט צוגעדעקטן קאָפּ. אין אירע אויגן בלישטשען צוויי שטיליטשקע פייערלעך. און איך פאַרכאַפּ :

— איר הייסט גיטעלע ?

— יאָ...

— גוטן אָוונט.

— גוטן אָוונט, גוט יאָר. — ענטפערט זי און מאַכט מיר פּלאַץ צום אַריינגיין.

— וואָס מאַכט דאָרט מיין זון, דאָס ווייב און קינדערלעך ? — פרעגט זי ווייטער.

— גאַנץ גוט, גאַנץ גוט.

איך גיי איר נאָך אין שטוב אַריין. אַ סך געלעגער־קופּעס רינגלען מיך אַרום ; אַ רויטלעך בלישטשל פון אַ הענג־לאָמפּ, וואָס הענגט אין דער מיט שטוב אויף אַ דראָט אונטערן בעליק, באַלייכט געל־ברודיקע קישנס. פּנימער בלייכן זיך. אַנטבלויזטע העלדזער מיט צעשיטע האָר אַרום די אַקסלען ליגן פאַרוואָרפן מיט די קעפּ אַרונטער, און ליפּן בלאָזן זיך מיט אַ שווער הייבן זיך פון ברוסטן.

די יידענע קוקט מיר שווייגנדיק נאָך אַמאָל אַריין אין פּנים אַריין און ווייזט מיר אָן אויף אַ געלעגער פון צוגעשטעלטע שטולן פאַרן אויוון, וואו עס ליגט שוין איינער מיט אַן איינגעקאָרטשעט קעפּל, און די אויפגע־שטעלטע נאַקעטע קני קוקן אַרויס דורכן שפּאַלט פון דער צודעקנדיקער קאַפּאָטע.

— לייג דיך מיט מיין חיימלען, — גיט זי שטיל צו און דרייט זיך אויס, אָוועקגייענדיק מיט פּאַמעלעכע טריט צו איר בעט, וואָס שטייט אין ווינקל וואַנט, ביי דער זייט פון קופּערט.

איך בין אַ ווײַלע געשטאַנען און געקלערט, דערנאָך זיך אויסגעטאָן און געלייגט.

---

אין דער פרי. איך עפן די אויגן — די שטוב איז פול מיט מיידן, און עס שטייט שוין אַ גאַנצער יריד אַרום מיר. איינע, אָנגעטאָן אין אַ ברוין באַרכן בלוזקעלע, האָט אַ שמאָלע געטאָקטע טאַליע, אַ שוואַרצע

פריזורע איבערן לענגלעכן שטערן, שוואַרצע אויגן און אַ קליין יצר־הרעדיק מײלעכל מיט דראָבנע ליפּעלעך, וואָס טונקלען זיך אין די סאַמע ווינקלען. איר שמייכל צעגיסט זיך איבער דער גאַנצער שטוב און שטעקט אָן יעדן מיט אַ ליבער צערטלעכקייט. און בשעת זי לאָזט איר קול אַרויס, קלינגט עס איבער אַלע ווינקעלעך; עס דוכט זיך, ווי עס וואָלט זיך פון די ווענט און פון בעליק אַרויסגעקייקלט. און אַלע רופן זי „די שיינע ברכהלע״. די צווייטע, ווידער — די רופט מען חיהלע, גייט נאָך אין דער בלויזער האַלקע מיטן טריקאָטענעם לייבל. אַ קיילעכדיק פּנים האָט זי, ווי אַ שיסל, מיט ראָזע באַקן, אַ ברייט מויל און צוויי גלאַנציקע ברוינע קאַרשן־אויגן. די יינגסטע, יולקע — זי טראָגט פון אַן עלטערער שוועסטער אַ משונה־דיקן שטרייפקאָלירטן שלאָפראָק, וואָס איז קורץ אויף איר, און מען זעט איר אַרויס די באָרוועסע פיס. זי איז אַ הויכע, מיט בלאָע אויגן, און דער הויכער, דינער האַלדז מיט אירע פיס זענען, דאַכט זיך, ווי באַשאַפן געוואָרן שטענדיק צו זיין נאַקעט. זי קערט די שטוב איבער, זוכנדיק אַצינד די זאָקן, וואַרפט די קישנס פון די בעטן אויפן קופערט. פון קופערט אויף דער פאָדלאָגע. די גאַנצע שטוב ווערט פול מיט האַסטיקע באַוועגונגען פון איר פיגור, און עס זעט אויס, ווי אַן אויסמישונג איז געקומען אויף אַלץ אין שטוב.

— זע נאָר, מאַמעשי, וואָס פאַר אַ מיני לאַנגע הענט זי האָט... — רופט זיך אָן חיהלע, די מיטלסטע, די מיט קאַרשן־אויגן, מיט אַ פאַר־וואונדערונג, פונקט ווי זי וואָלט עס ערשט אַליין געזען צום ערשטן מאָל.

— און זע נאָר, וואָס פאַר אַ גראָבע דו ביסט. — רופט זיך אָן יולקע, אַזש רויט ווערנדיק, און גיט נאָך האַסטיקער אַ וואָרף אַ קישן אויף דער פאָדלאָגע.

— כ׳לעבן, עס וואָלט שוין צייט געווען, — רופט זיך אָן די מוטער, וואַרפנדיק אַ געשווינדן בליק פון קוימען אַוועק און גיט אַ שווישטש צו מיטן מײלעכל — אַז עס זאָלן דיר ווערים אַריינקומען אין מויל אַריין...

— אַזוי ?... און פאַרוואָס טשעפּעט זי מיט מיר ?... — וויל זיך יולקע ווי אָפּווערן, א וואַרף טוענדיק מיטן קאָפּ אין דער הייך און פאַרשאַרנדיק אַ לאָק הינטערן אויער.

עס ווערט צוריק שטיל, און אויפן קוימען ציט זיך אַ דין, בלאָ רויכל, צונויפגעמישט מיט אַ האַלב זיך אַרויפכאַפּנדיקן און האַלב לעשנדיקן פלאַם, צו דער לופט אַרויף. די מוטער שטייט דערנעבן און שאַרט עפּעס איבער מיט אַ לעפל. עפּעס שפּריצט און בייזערט זיך דאָרט מיט אַן אַנגענעם גע־

קנאַקעריי און פּילט די שטוב אָן מיט אַ געשמאַק פון געריישטע ציבעלע.

אַז דאָס עסן ווערט פאַרטיק, בשעתן אויפגעבן, און יולקע וואַרפט זיך צום טאָפּ אַרויסצוכאַפּן פון דאָרטן אַ גריוו, מאַכט די מוטער שוין ווייכער:

— מויד, האָב כאָטש חרפּה... — און דערביי וואַרפט זי אַ בליק אויף מיר.

ביי נאַכט, ווען דער תכשיט חיימל קומט אַהיים פון דער אַרבעט, אין שטוב ברענט שוין דער לאָמפּ, און יולקע איז שוין אויך דאָ פון דער שניידערין, וואו זי לערנט זיך בייען אַ גאַנצן טאָג, — שטעלט זיך ערשט דער אמתער יריד.

פאַר אים, חיימלען, קאָכט די מוטער גאָר באַזונדער אַ טעפּעלע רייז מיט אַ שטיקל פליש. און אַ מאָדנע וואויל בחורל איז דאָס. זיצט זיך פאַרן אויוון, פאַרלייגט אַ פיסל אויף אַ פיסל, שפּייט און רייכערט פּאַפּי-ראָסלעך, וואָס ער קויפט אין בית־המדרש־געסל ביי האָרבאַטן און ריי-כערענדיק שוויגט ער אַזוי לאַנג, ביז ער הייבט זיך אָן צו שאַרן צו יולקען.

זי, ווידער, שוויגט אויך. זי זעט, ווי ער שטעלט זיך אויף פאַ-מעלעכדיק, ווי ער קנאַקט זיך אויס די פינגערלעך און וואַרפט זייטיק אַן אייגל אויף איר. עס דאַכט זיך, אַז ער טוט די זעלבע אַרבעט ווי אַ פליג, ווען זי הייבט זיך אָן צו פוצן דאָס קעפּל, פריער מיט די פאָדערשטע פיסלעך, דערנאָך ווידער צווישן די פליגעלעך מיט די הינטערשטע פיס-לעך... נאָר דאָס אַלץ זעט יולקע גוט און שטייט שווייגנדיק אָנגעלענט מיטן רוקן אָן טישל, מיט איין פיסל אַרויסגעשטעלט אויף פאָרנט און האָט אים אין דער ערד... נאָר דעמאָלט טאַקע רוקט ער זיך צו, און אַ הייב טוענדיק די אַקסעלעך, קראַצנדיק זיך און אַ צי געבנדיק אַ ביסעלע רויך דורכן מונדשטיקל פון פּאַפּיראָסל, מאַכט ער זיך קוקן אויף דער שטוב אַרויס, גלאַט אַזוי, און טוט אַ שפּיי גלייך איר אויף אַ קאַמאַשל אַרויף...

דעמאָלט מאַכט זי זיך אויך קוקן גלאַט אַזוי אויף דער שטוב אַרויס... און ער ווערט שוין אַ ביסעלע פאַרוואונדערט, קוקנדיק איר אין די אויגן אַריין מיט אַ תמעוואַטן בליקל:

— איי, וואָס מאַכסטו, יולקעשי? כ'האָב דאָך דיך גאָרנישט געזען; גוטן אָוונט... — שרייט ער אויס.

— גוטן אָוונט, גוט יאָר... — ענטפערט זי אים.

און ער דרייט זיך שוין אויס מיט אַ פריילעך פּנים. די מעשה טוט

אים הנאה, און ער קלערט שוין צוריקצוגיין אויף זיין אָרט, צו זעצן זיך און פאַרלייגן אַ פיסל אויף אַ פיסל. נאָר דעמאָלט קריגט ער הינטער־ווייל עבּץ אַ פּלעם, אַז דאָס גאַנצע פּנים ווערט אים ווי פאַרווישט, צוזאַמען מיט אַ קלונג איבער דער גאַנצער שטוב, גלייך ווי פון בעליק אַראָפּגעפאַלן.

— אוי, אַ דונער האָט מיך איינגעשלאָגן! — שרייט אויס דאָס מאַמעלע, דערזעענדיק חיימלס צוהאַלטן די באַק און באַגעגענענדיק זיך בלישטשל צו בלישטשל מיט דער גרויסער מוידס אויגן. עפּעס האָט אַ פּייף געגעבן, עפּעס האָט אַ בלישטש געטאָן, אַ שלאַנגען־ברענענדיקייט האָט די לופט פאַרכאַפּט מיט אַ מוראַדיקער שטילקייט, וואָס האָט ווי פון זיך אַליין אויסגעשניטן אַ דין קולעכל:

— משומדת!...

און דעמאָלט, פּונקט ווי עס וואָלט עפּעס אויפגעפּלאַצט, טוט זיך די מוטער אַ וואָרף צו, שטייענדיק שוין פּנים צו פּנים מיט דער טאָכטער. די טאָכטער, ווי וועלנדיק זיך באַשיצן, טוט מיט אַן אָנגעצונדן פּנים זיך אַ פאַרשטעל מיט די הענט פאַר דער מוטער, נאָר ווי פאַרשעמענדיק זיך באַלד פאַר זיך אַליין, גיט זי מיט אַ ביסעלע צעטראָגנקייט אַ שטעק אַרויס דער מאַמען דאָס צינגל.

ווי אַ רגע געדויערט, ביז עפּעס קערט זיך איבער ביי ביידן אין די אויגן, אַ משוגענער בליץ פליט פאַרביי צווישן ביידנס פּנימער, און די מוטער, מיט אַנגעשטרענגטע האַלב אויסגעבויגענע פינגערלעך, ווי אין זיי וואָלט אַ קאָרטש געלעגן: אַן אויסגעצויגן שנאָבעלע שטעקט זיך אַריין אין דער טאָכטערס פּנים. און אין דעם שווישטש פון איר פּיסקעלע פּילט זיך טאָקע, אַז זי מיינט נאָר דאָרט עפּעס צו צעשפּאַלטן אָדער פונאַנדערטיילן.

אָבער דער גרויסער מוידס אַ האַרצרייסנדיק געשריי האָט שוין די גאַנצע שטוב אויפגעציטערט, און אין איין רגע איז זי געלעגן מיטן רוקן אויפן טישל, מיט אַ בלוט־אָנגעפּלאָסן פּנים, בלאָע, פאַרקייכטע ליפּן און אָפן מויל, אָן אָטעם.

— געוואַלט! — האָט חיהלע אויסגעשריגן, צושפּרינגענדיק פון הינטן און אָנכאַפּנדיק די מוטער מיט ביידע הענט איבער די אָרעמס. אָבער די מוטער האָט זיך געריסן מיט אַן אויסגעשטרעקט העלדזל און אָנגעגאָסענע אָדערן אויף פאָרנט און מיט אַן איינגעשטאָכן פייערדיק בלישטשל אין די אויגן איבער יולקעס גוף.

ברכהלע איז אויך אַריינגעפאַלן אין דער מיט, פאַרשטעלנדיק מיט

זיך יולקען. און אַלע, ראַנגלענדיק זיך צווישן זיך, אַזוי אַז מען האָט מער נישט געהערט, ווי דאָס טופּען פון די פיס און דאָס שאַרכן פון די הענט, — אַזאַ פאַרכאַפּטע שטילקייט איז געווען צווישן זיי. האָבן זיי אויסגעזען, ווי זיי האָבן זייער און זייער קיין צייט נישט...

אָבער באַלד האָט זיך, ווי אַ פינצטערער יאוש פון אָנגעשטרענגט־קייט אויף אַלעמענס פּנימער צעלייגט. אַ מין פאַרביטערונג איז אויף זיי געקומען, און דאָס גאַנצע שווייגנדיקע, צעמישטע רעדל, פּונקט ווי מען וואָלט עפּעס דערויף דורך כּישוף אַ בלאָז געטאָן, איז צעשפּרייט געוואָרן. ערשט דעמאָלט האָט זיך די מוטער אויסגעדרייט פריי, געבנדיק אַ הוס־טעלע אָפּ, און די טעכטער האָבן אויך אָפּגעקערט די פּנימער, יעדע אין אַ באַזונדער זייט...

נאָך אַ רגע, און יולקע איז שוין קוים צו זיך געקומען, אָפּכאַפּנדיק דעם אָטעם און אַרויסקרייענדיק אויפן קול מיט אַ געוויין.

— אַלץ אָט דער תּכשיט... — האָט חיהלע ערשט אויסגעשריגן אַנטקעגן חיימלען, וועלכער האָט זיך נאָר וואָס צוגעשאַרט צו דער שלאָף־באַנק מיט אַן אַראָפּגעלאָזט קעפּל, מיט אַריינגעשטאָכענע אויגן צו די שפּיצן פון די שטיוועלעך און צופּנדיק זיך מיט צוויי פינגערלעך אונטערן גאָמבעלע.

— וואַרט, עס וועט דיר אַן אומגליק געשען, — האָט זי אים נאָך אַמאָל צוגעשריגן — און חיימל האָט שוין אַן אויג אויפגעהויבן, צו־וואַרפנדיק צו איר זייט אַ בליק פון אונטערן שטערן אַפּער...

— לאָמיך שוין געמאַך... — האָט ברכהלע זיך געבעטן ביי דער שוועסטער.

און אין אַ ווײַלע אַרום האָט ערשט חיימל אָנגעהויבן:

— איך בין שולדיק, אַז איך בין געשטאַנען און געררייכערט אַ פּאַפּיראָס ?...

— וואָס... — האָט זיך צו אים חיהלע צוגערוקט מיט בייז־גיפטיקע פייערלעך אין די אויגן — זי ליידט נישט דעם רויך ?...

— איך ווייס ? — האָט ער געענטפערט, טוענדיק שוין אין דער מיט אַ ברוגזן קוק אויף דער מאַמען, פאַרוואָס זי לאָזט אים אַזוי... און באַלד צוריק אַראָפּגעלאָזט דאָס פּנימל מיט אַן אָנגעצויגן קנייטשל צווישן ביידע ברעמען.

— נו, נו... — האָט אים חיהלע אַ מאַך געגעבן מיט אַ דראָענדיקן פינגער איבערן שטערן, וועלכן ער האָט אין דער לופט פאַרכאַפּט מיט

איך האַנט און מיט דער אַנדערער זיך געוואָלט אַריינרייסן אין איר קאָפּ האָר. נאָר דעמאָלט בין איך צוגעשפּרונגען און אָוועקגעכאַפּט אים הינ־טערוויילעכץ ביים קאָלנער, האַלטנדיק אים כמעט אין דער לופט.

באַלד אָבער האָט די מוטער אָנגעהויבן פּישטשען:

— וואָס וויל מען פון אים האָבן? ווער אָן גאָט גלייבט, האָט מיט אים צו טאָן..... .

איך בין צעמישט געוואָרן און האָב אים באַלד אָפּגעלאָזט, אָפּ־קערנדיק זיך צוריק אָן אַ זייט.

די מוטער האָט באַלד זיך גענומען באַקלאָגן דערויף, וואָס דער פאָטער איז טויט; און וועגן דעם, וואָס דער עלטסטער זון, וועלכער האָט מיך געשיקט דאָ אַהער, האָט חתונה געהאַט אין דער פרעמד אַריין; און אַז ווייל עס איז נישטאָ קיין איבער־האַר, איז איר שטוב הפקר, און יע־דערער מעג טאָן, וואָס ער וויל...

— ברכהלע, גייען מיר אַרויס אַ ביסל פון שטוב? — האָב איך געפרעגט.

זי האָט גענומען דעם שאַל אויף זיך, און וואַרפנדיק נאָך אַ לעצטן שטומען בליק אויף יולקען, וואָס איז געלעגן איבערן טישל מיט דעם פּנים פאַרשטעקט אין ביידע הענט, האָט זי אָנגעהויבן מיט אַ וויטעקלעך פּנים און נישט־זיכערן טריט די שטוב צו פאַרלאָזן.

— וואָס ביסטו אַזוי פאַרזאָרגט? — האָב איך זי שטיל געפרעגט, שטייענדיק שוין אינדרויסן איבער דער שוועל אַריבער.

— וואָס, מען איז דען זיכער, אַז מען גייט אַרויס אויף אַ רגע? — האָט זי געענטפערט, האַלטנדיק שטיל און אַראָפּגעלאָזט די ברעמען.

— נו, דו ווילסט דען גיין צוריק אַריין?

— ניין, אַדרבא, קומט אַ ביסל. איך קאָן שוין אַליין אויך נישט מער פאַרטראָגן.

מיר זענען געגאַנגען אויף אַ שאָסיי, און זי האָט אָנגעהויבן:

— פון נאָך דעם טאַטנס טויט אָן, צייט חיימל איז געוואָרן איר קידוש־בעכערל, איז די שטוב געוואָרן אַזוי...

— שוין לאַנג איז דער טאַטע טויט?

— צוויי יאָר. — האָט זי שטיל געענטפערט און אָפּגעזיפצט.

— שוין אַן אַלטער מאַן געווען? — פרעג איך — עלטער פאַר דער מאַמען?

צוויי טרערן האָבן זיך איר געשטעלט אין די אויגן:

— עלטער איז ער נישט געווען, נאָר מיר האָבן אים פאַרקירצט די יאָרן...

— ווער, איר?

— איך מיט מײַנעם אַ חתן.

— וואָס הייסט?

— גאָרנישט...

— איר האָט שוין געהאַט אַ חתן?

— נו, וואָס אי׳?... יאָ...

— גאָרנישט... וואָס זאָל זײַן?

— נו, וועל איך דען שוין נישט קריגן נאָך אײנעם?

— פאַרוואָס נישט? פאַרקערט... צען אַפילו...

זי האָט אַ בלאָזן שמייכל געטאָן.

— נו, דערציילט. — האָב איך זי געבעטן.

— אַוודאי וועל איך שוין ערשט דערציילן; אויב נישט קריגן, זאָל כאָטש זײַן פאַרוואָס...

— גערעכט. — האָב איך אַליין אויך אַ שמייכל געטאָן.

— איך האָב געהאַט אַ חתן — האָט זי אָנגעהויבן — אַ מיליטער־שניידער, אַן אויסגעצייכנטער זעלבער; און כאָטש איך בין נישט מער אַלט געווען ווי זיבעצן יאָר, דאָך, זעט איר, האָב איך אים געליבט.

— נו, וואָס זשע איז?

— גאָרנישט. וואָס זאָל זײַן? און דאָך, זעט איר, האָט ער מיך נישט געליבט.

— ברכהלע, צי דו שפּילסט אין שפּאַס? — האָב איך זי בײַ אַ האַנט אָנגענומען.

— ניין, בנאמנות אַז נישט, אינגאַנצן נישט.

— נו, דערצייל זשע.

— נו, יאָ... — האָט זי מיר אַ קוק געגעבן אין די אויגן אַרײַן. — איין מאָל, מיט אַ וואָך פריער ווי שבת פאַר שבועות, קומט אַראָפּ צו פאָרן מײַנער אַ פעטער פון אַ קליין שטעטל, עקסטרע צו אונדז אין שטוב אַרײַן, מיט אַ בשורה, אַז דער זון זײַנער קומט אים אַהיים פון די זעלנער. — אַ טײַערער בעל־מלאכה, אַ גאָלדענער יונג... דער טאַטע מײַנער האָט פאַר־שטאַנען, וועגן וואָס דאָ גייט, און זיך גאָרנישט ווײַסנדיק געמאַכט. נאָר דער פעטער גייט אויס, און איך געפעל אים זייער. בעט ער דעם טאַטן, אַז דער זון, וואָס איז שוין אין מיטן וועג, וועט דאָ אַראָפּקומען, זאָל אים דער

טאַטע גוט אויפנעמען... וואָס דער אמת, האָט דער טאַטע געזאָגט, אַז עס איז נאָך צו פרי: שמואל, וואָס טויג דיר דאָרט? מיין ברכהלע איז ערשט זיבעצן יאָר, נאָך אַ יונג קינד, און צו וואָס זאָל איך איר שוין אַ קאָפּ פאַרדרייען? אָבער מיין פעטער האָט נישט אָפּגעלאָזט, נאָר דווקא און דווקא, און פאַרוואָס דער טאַטע מיינער טענהט אַזוי?...

עס האָט נישט געהאָלפן; מען האָט געמוזט שיקן נאָך בראָנפן, טרינקען לחיים, און דער טאַטע מיינער האָט געטראַכט: מילא, מען וועט דאָך זען. דער פעטער אָבער ציטערט, פלאַטערט. ער קוקט אויף מיר, און דאָס האַרץ קוועלט אים פאַר פרייד. מען מאַכט שוין אַן אָנבייסן אויך, ווי עס געהער צו זיין. איך דערלאַנג צום טיש, און ער קען זיך גאַרנישט זאַט אָנקוקן אויף מיר, אַז איך שמייכל אַזש אַליין פאַר זיך:

„וואָס האָט דער פעטער אַזוינס דערזען אין מיר?" —

נאָר איך מאַך מיך גאַרנישט וויסנדיק.

ערשט, אַז ער בענטשט אָפּ, רופט ער מיך צו:

— קום אַהער, טאָכטערשי, וועל איך דיר עפּעס זאָגן...

איך בין פאַרשעמט געוואָרן; איר פאַרשטייט, אַז ער וויל מיר עפּעס זאָגן, ווייס איך דאָך שוין, וואָס...

נאָר דער פעטער שמואל, שוין נישט קיין יונגערמאַן, האָט אַ גראָע באָרד, און אַז ער רופט, מוז מען גיין. גיי איך צו, שטעל זיך אַזוי אַנידער לעבן אים. גיט ער מיר אַ קניפּ אין בעקל אַריין:

— דו ווייסט, ברכהלע, — זאָגט ער, און איך שפּיר, ווי דער אָטעם זיינער גלעט מיך איבערן קאָפּ — ערשט ביסטו שוין מיין אַמתדיקע משפּחה...

איך הייב אַן אויג אויפן טאַטן, זען וואָס זאָגט ער. זע איך, ער קוועלט אויך, קוקנדיק אויף מיר. איך ווייס נישט, צי ווייל איך בין אַזוי געשטאַנען מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ, דערפאַר האָט ער געקוואָלן; נאָר אַז איך האָב דערזען זיין פּנים, האָב איך מיך נאָך מער פאַרשעמט. און איך ווייס נישט, פאַרוואָס. אַ יונג קינד נאָך, וואָס האָב איך דען דעמאָלט שוין געקאָנט טראַכטן וועגן אַ חתן? נאָר דאָך האָב איך דערשפּירט, אַז עס וואַקסט עפּעס אַ פרייד אין מיר. און נישט נאָר אין מיר, נאָר אין דער גאַנצער שטוב. איך זע, אַז דער טאַטע איז צופרידן, די מאַמע דאָסגלייכן, און איך שפּיר עפּעס אַ שטיל גוטסקייט אַרום מיר.

צום פעטערס אַוועקפאָרן, ווען די ברישקע איז שוין געשטאַנען פאַר דער טיר, אַלע שטוב־מענטשן — אינדרויסן און איך אויך, אויף דער

שוועל, לאָזט מיר דער פעטער איבער פינף רובל לעצט־געלט: „נאַ, ברכהלע, אויף אַ שירעם — זאָגט ער — אָדער עפּעס אַנדערש, וועסטו בעסער געדענקען דעם פעטער"...

אַ שיינעם דאַנק — זאָג איך — פעטערשי.

און נאָך גיט ער צו:

— דעם חתן וועל איך דיר זען נישט לאַנג צו פאַרהאַלטן. ער וועט באַלד דאָ זיין...

איך האָב נאָך אַמאָל געשאָקלט מיטן קאָפּ און מן הסתם געשמייכלט, ווייל אין זיינע אויגן האָט זיך אויך צעגאָסן אַזאַ שיינענדיק בלישטשל...

דערנאָך, מיר האָבן זיך אָנגעקושט, אָנגעהאַלדזט, דער פעטער פאָרט אַוועק, און מיר קערן זיך צוריק אין שטוב אַריין, זע איך, אַז עס פעלט עפּעס; די ווענט זענען ווי גרוימער געוואָרן. און דער חתן, כאָטש איך האָב אים נישט געזען נאָך קיין מאָל, נאָר וואָס איך האָב געהערט שמועסן וועגן אים, שטייט מיר שוין אינגאַנצן פאַר די אויגן. דער טאַטע שעפּט נחת, קוקנדיק אויף מיר, ווי איך זינג טאָג מיט נאַכט; די מאַמע — דאָס־גלייכן. און אַלע אינדערפרי, איך עפן נאָר די אויגן, ליגנדיק נאָך אויפן געלעגער, קוק איך שוין צום פענצטער, וואָס פאַר אַ שיינער טאָג היינט איז, און מיר שטעלט זיך פאַר דאָס פעלד, נאָך די בריקן, ווי דאָרט איז גוט צו שפּאַצירן...

עס זענען אַריבערגעלאָפן אַ טאָג אַכט אָדער צען אַזוי אומבאַמערקט, — און איך בין אַלץ מיט אַזאַ פאַרטועניקייט אין מיר. און אויפן עלפטן טאָג — דעם פעטערס זון איז דאָ...

איך בין געווען אַזוי פאַרנומען מיט עפּעס טאָן אין שטוב, — דאַכט זיך מיר, אַז איך האָב פונקט געהאַלטן דעם בעזעם אין דער האַנט... הער איך, ווי מען פאָרט צו פאַר דער טיר. איך לויף צו צום פענצטער, גיב אַ קוק אַרויס, האָט זיך נאָר וואָס פונקט טאַקע געהאַט אָפּגעשטעלט אַ פערד און בריטשקע. דאָס פערד האָט נאָך אַזש געהאַלטן אַרויפגעריסן דעם קאָפּ, בשעת די האָלאַבליעס זענען אים געקראָכן איבער די אייערן, ווי זיי וואָלטן נאָך געוואָלט אַריבערלויפן איבערן פערד. און פון דער בריטשקע שפּרינגט אַראָפּ אַ זעלבערל, דער טוי ליגט דערויף... אַ מונדירל, איז עס געפּאַסט, פּונקט ווי אויסגעגאָסן, אַ היטעלע מיט אַ רויט קאָקאַר־דעלע, און אַ שטערנדל, שטייט עס אים אויפן שפּיץ שטערן, און אַ פּראָפּיל־פּנים זע איך, בשעת ער ווענדט זיך צום באַלעגאָלע מיט אַן אויסגע־צויגענער האַנט צום באַצאָלן, איז עס בלוט און מילך.

— לויף נאָר אַרויס, טאַטעשי, עמעצער איז געקומען צו פאָרן...

— שריי איך אויס.

דער טאַטע האָט אַ גרויסן לאַך אַרויסגעגעבן. ער האָט שוין, מוז זיין, פאַרשטאַנען, ווער עס איז געקומען, אָדער דערקענט אָן דעם, וואָס איך בין געוואָרן אַ ביסעלע צערודערט. און ער רופט זיך אָן:

— נישקשה, אַז ער האָט געטראָפן פון די רוסישע גובערניעס ביז אַהער פאַר דער טיר, וועט ער אין שטוב אַריין אויך טרעפן...

עס מאַכט זיך אויף די טיר, ער קומט אַריין צו גיין, נעמט זיך אַרום מיטן טאַטן, און זיי הייבן זיך אָן צו קושן; מיט דער מאַמע — דאָסגלייכן. און איך אַנטלויף אין צווייטן שטיבל אַריין, אין אַלקער...

פרעגט זיך די מאַמע:

— וואָס אַנטלויפסטו?

— גאָרנישט...— ענטפער איך און שטיי אויסגעדרייט מיטן פנים צום פענצטער.

גייט זי אַוועק, און עס קומט אַריין צו גיין דער טאַטע.

— ברכהלע, — מאַכט ער שטיל — גיי אַריין, עס פּאַסט נישט...

— גוט, טאַטעשי, איך וועל שוין אַריינקומען, — ענטפער איך אים ווידער. און אַז ער גייט אַרויס, טו איך מיר איבער אַן אַנדער בלוזקעלע, פלעכט מיר צו די האָר און גיי אַריין.

אַצינד דערלאַנגט ער מיר אויף די האַנט, און מיר שטייען פנים צו פנים מיט אַראָפּגעלאָזטע אויגן. דערנאָך זעצן מיר זיך אויף צוויי שטולן, איך מיטן פנים קעגנאיבער זיינע קני, וואו ער האַלט פאַרלייגט אַ פיסל אויף אַ פיסל מיט אַן אַרויסגעשטעקט געפּאַסט שטיוועלע אין דער לופט און דרייט זיך מיט איין האַנט אַ וואָנסעלע, קוקנדיק אויף דער אַנטקעגנדיקער וואַנט. די אויגן האָבן מיר אויסגעזען אַזוי פרעמד, פונקט ווי זיי וואָלטן ערשט געקומען צו פאָרן פון איבער ווייטע ימים אין פרעמדע לענדער. ער רעדט גאָרנישט, קוקט זיך נאָר אין אַלץ איין און שווייגט.

פרייטיק־צונאַכטס גייען מיר שפּאַצירן אויף דעם ביאַלער שאָסיי. די לבנה שיינט אַ ביסל זייטיק, אַזוי ווי אין זומער־צייט. אויף די פעלדער איז שוין אַלץ שטיל און איינגעשלאָפן, נאָר איך מיט הערשעלען, מיין קוזין, שפּאַצירן אין דער מיט שאָסיי, צווישן ביידע שורות קאַלך־געווייסטע שטיינער, וואָס זענען אויסגעזעצט לענגאויס איבער ביידע זייטן וועג; און דאָרטן אויבן, ווייט, שוואַרצן זיך נאָך עטלעכע קופּקעלעך, באַזונדערע פאָרלעך, וואָס שפּאַצירן אויך. אַרום איז שטיל, און איך מיט מיין קוזין

כאַפּן זיך אַריבער אויף דער צווייטער זייט גראָבן, וואו עס הערט זיך אַ גרייצערן פון אַ זעג־וואָרעם פון צווישן דעם קאָרן אַרויס. און דאָ גייען מיר איבער דעם ווייכן גראָז שטיל און האַנט ביי האַנט.

אַרום האַלבע נאַכט איז דער שאָסיי שוין אינגאַנצן ליידיק, און מיר גייען אויך צוריק אַראָפּ אין שטאָט אַריין. אַלע הייזלעך שלאָפן. עס הערט זיך דאָס כראָפּען הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס, און לער איז אַלץ אַרום, ווי אויסגעשטאָרבן. נאָר וואָס איין וועכטער האָבן מיר באַגעגנט צום אַרייַנקום אין שטאָט, ווי ער איז געזעסן אין עק גאַס אויף אַ בריקל פאַר אַ הויז, מיטן שטעקן צווישן די קני אָנגעשפּאַרט מיטן פּנים אָן אים און געקוקט שטיל אין דער לבנה אַריין. מיר זענען געגאַנגען פון גאַס צו גאַס פּאַמעלעך, און דער שפּאַציר האָט מיך געמאַכט אַזוי מיד און שיכורלעך, אַז די אויגן האָבן זיך אַזש געקלעפּט, זיס צום איינשלאָפן.

— נעם, שפּאַר אָן דעם קאָפּ אָן מיין אַקסל — האָט ער מיך געבעטן, און מיט אַ שטילן, ווייכן בליק אויף מיר, אויסגעשטרעקט זיין אָרעם.

---

שבת ביי טאָג, ווען מיר גייען ווידער שפּאַצירן דורך דער גאַס, קוקן אונדז נאָך שכנים און שכנות פון פאַר די טירן און פון די פענצטער אַרויס. מען פאַרשטייט שוין, וואָס איך מיט הערשעלען הייבן אָן צו־צוגעהערן איינער דעם אַנדערן און מען קומט אַריין צו אונדז אין שטוב מיט אַזאַ פריינטלעכקייט. אַלע שמעלצן זיך גלאַט פאַר נחת... אַלע זעען שוין, אַז איך וועל זיין גליקלעך ביי אים, נאָר וואָס דאַרף איך דען זייער זען, אַז איך אַליין זע נאָך טויזנט מאָל מער ? דער טאַטע וויל אויך נישט שמועסן וועגן דעם. ער זאָגט : „מילא, אַצינד זאָלן שוין די קינדער אַליין זאָגן... זאָלן זיי מיך בעטן אויף תנאים" — מאַכט ער זיך נאָך אַ געלעכטער : — „וועל איך גיין"... און די מאַמע גייט שוין אויך אַרויס אַזאַ שיינבע־דיקע, ס'הייסט, ווי זי וואָלט שוין אויך באַשטאַנען... טראַכט איך מיר : „גוט, מאַמעשי ; גוט, טאַטעשי... זאָל נאָר קומען די צייט"...

אַזוי איז געווען. הערשעלע האָט פאַרשטאַנען, ביי וואָס עס האַלט שוין איצט, און ווידער האָבן אָנגעהויבן קומען אין שטוב אַריין יעדן טאָג אַנדערע גוטע פריינט אָדער משפּחה, יעדער מיט זיין „סקאָצל קומט"... און אָנגעהויבן צו שמועסן מכלומרשט פון „קלאָץ, בוידעם"... האָט ער פאַרשטאַנען, הערשעלע, און אין אַ פּאָר טעג אַרום פאַרגעשלאָגן אין שטוב, אַז מען זאָל מאַכן תנאים. די מאַמע איז שוין אַ ביסעלע פאַרדרייט, דאָס קאָפּקעלע זיצט איר שוין נישט גלייך אויפן קאָפּ, און זי פרעגט אַלע ווײַלע

דעם טאַטן: „אפשר, זאָגסטו, איינמאַרענירן הערינג, אברהם?״...

— איך, זאָגט זי, זאָג... — מאַכט דער טאַטע, און ער לאַכט אויך, קוקנדיק אויף איר, ווי זי גייט אַרום, און ווי זי קוקט אים אין די אויגן אַריין אַלע ווײַלע:

— האַ, האַ?...

עס איז געקומען. ווען אַלץ איז שוין געווען צוגעגרייט, איז הערשעלע אין דער נאַכט פון די תנאים געזעסן אויבן־אָן אין זיין זעלנערישן היטעלע צווישן גאַנצן עולם מענטשן אַרום טיש, און עס האָט געשײַנט און גע־פינקלט פון די ברענענדיקע ליכט אין די לייכטער און דעם לאָמפּ מיטן אַבאַזשור, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט. נאָר פון צווישן דעם אַלעם האָט הערשעלעס פנים אַרויסגעלויכטן.

דער טאַטע איז צו אים צוגעגאַנגען און געזאָגט מיט אַזאַ ליב־לעכקייט:

— הערשל, זע וואָס טויג דיר איצט דער זעלנער?...אַ חתן איז אַ גרעסערער טיטל.

האָט ער זיך אַ ביסל פאַרשעמט און געכאַפּט און געוואָלט אַריינ־לויפן אין באַזונדערן שטיבל, וואו ער האָט געהאַט שטיין זיין טשעמאָדאַן מיט ציוויל־אָנטועכץ. אָבער איך האָב דאָך געוואוסט, ווי ווייט ער קאָן זיך נישט שיידן מיט דעם זעלנערישן היטעלע, ווער שמועסט נאָך, אַז ס׳איז אַ שמחה און ס׳איז פריילעך אויפן האַרצן... און ווידער האָב איך אַליין אויך הנאה צו קוקן, בשעת ער גייט דערינבען. בין איך צוגעלאָפן און געזאָגט:

— וואָס טויג דיר זיך אַריינמישן, טאַטעשי? מען דאַרף נישט... ער געפעלט דעם עולם אַזוי אויך גאַנץ שיין. —

האָט דער פאָטער דערלויבט, און דער חתן האָט זיך צוריק אַוועק־געזעצט און מיט אַ שמייכל מיר געדאַנקט.

נאָר איך האָב נישט געדאַרפט דאָס דאַנקען, און אויף זיין שמייכלען האָב איך צו אים צוריקגעשמייכלט:

— ס׳שאַט נישט, הערשעלע, ס׳שאַט נישט.. פרעג נישט נאָך דעם טאַטן...

אַזוי האָב איך צו אים צוריקגעוואונקען, און איך האָב מיך באַלד אַריינגעשאַרט צווישן די ווייבער מיט די בלישטשענדיקע אויערינגען אין די אויערן און מיט די פאַרפלאַמטע שײַנענדיקע פּנימער.

די שטוב האָט אָנגעפילט אַ זיס געראַויש פון צווישן עולם מיט

די ברייטע היטלעך אַרום טיש. אַ רויכל פון פּאַפּיראָסן האָט זיך צעלייגט אין דער לופט און די ליכט־פלעמלעך ווי איינגעפּלאָכטן אין זיך אַריין. איין ייד מיט אַ שוואַרצער באָרד, וואָס אַרום אים האָבן זיך קעפּ צוגעבויגן, ווי אין אַ רעדל, און די אין די זייטן האָבן נאָר די אויערן צוגעלייגט אַרום אים, דער האָט געגעבן דעם חתן אַ פעדער אין דער האַנט אַריין. דערנאָך האָט מען מיך אויך צוגערופן. און אַז איך האָב אונטערגעשריבן, האָט זיך דערהערט פון הינטער מיינע פּלייצעס אַ צעשיטנדיקער קלאַפּ פון טעלערס אויף דער פּאָדלאָגע, און אַלע האָבן אָפּגעגעבן מזל־טוב.

יענע נאָכט וועל איך געדענקן אויפן גאַנצן לעבן.

. . . . . . . . . .

אין שטאָט איז נישט געווען איין מיידל, וואָס זאָל מיך נישט מקנא זיין. זיינע שוואַרצע אויגן און זיין „שיק“, גייענדיק איבער דער גאַס, ווי ער רירט קוים די שטיינער אָן, פאַרמאָגט אַפילו אַ פירשט נישט, און דאָס ציט די מיידלעכס אויגן פון אַלע זייטן.

אויך עלטערע שמועסן צווישן זיך:

— אברהמס טאָכטערס חתן...

אָבער ער גיט זיך נישט אָפּ מיט קיינעם. באַלד נאָך די תנאים זעצט ער זיך אַרבעטן, טאַקע ביי אונדז אין שטאָט. ער וויל שוין נישט אַוועקפאָרן, זאָגט ער... עסן און שלאָפן קריגט ער ביי אונדז, און אַ טייערער בעל־מלאכה איז ער, נאָך ביי די זעלבער געווען „פּאָלקאָוואָי“ צושניידער, ברענגט ער אַהיים פּרייטיק צוואַנציק רובל.

נאָר ווער וויל זיין פּאַרדינסט? דער טאַטע, די מאַמע ווילן קיין איין גראָשן נישט נעמען. און איך בין גליקלעך, אַז ער זאָל גאָרנישט גיין אַפילו צו דער אַרבעט אויך, דאַרף איך עס אַוודאי נישט. און ער ווידער זאָגט, אַז ער איז גליקלעך מיט מיר, מער דאַרף ער גאָרנישט... גיט ער עס איינאַגנצן אויס אויף מיר. יעדן שבת, ווען מען גייט אין גאַס אַריין, קויפט ער נאָר און האַנדלט, וואָס דאָס האַרץ גלוסט, אַזוי אַז איך קאָן שוין אַליין נישט פאַרליידן. און בשעת איך זע, אַז ער הייבט שוין ווידער אָן צו צאָלן אין טאָג אַריין, כאַפּ איך ביי אים אַרויס דאָס בייטעלע פון דער האַנט:

— שוין גענוג, הערשעלע, מען דאַרף שוין נישט מער.

— נו, זאָל זיין, — ענטפערט ער — שוין גענוג. איך באַשטיי...

— נו, נאַ זשע — זאָג איך — דאָס בייטעלע און לייג אַריין אין קעשענע.

— נייך, — זאָגט ער — האָסט געכאַפּט, האַלט...

און ער זאָגט עס מיט אַן אמת, אַז עס איז אים שוין נישט איבער־צובעטן. אָט אַזאַ משוגענער איז דאָס... „אַז דו האָסט געכאַפּט, — זאָגט ער — האַלט“...

נו, מילא, וואָס זאָל איך מיט אים מאַכן? נעם איך און גיב אים שוין צוריק אָפּ דאָס בייטעלע — טו דיר שוין, ווי דיר געפעלט...

— נאָר איך וועל שוין מער נישט גיין מיט דיר אין גאָס אַריין...

— זאָג איך אים, און אַצינד וויל איך שוין ווידער ווערן מיט אים ברוגז אויף אַ רעכטן אמת...

מיינט איר, אַז ער כאַפּט מיך נישט אַרום אינמיטן דער גאָס, אָט דער משוגענער, און הייבט מיך נישט אָן צו קושן, אַז עס ווערט מיר אַזש פינצטער אין די אויגן?...

— טפו!... — טו איך אַ געשריי אַרויס, — דו משוגענער...

מילא, דאָס פּנים הייבט מיר אָן צו פלאַמען... און מענטשן, אַ געשטייערייי און אַ געקוק פון אַלע זייטן... און ער טוט נישט גאָרנישט, נאָר ער שמייכלט... דאָס איז אַ באַגעגעניש... — טראַכט איך — אָבער אַזאַ באַגעגעניש, אַז איך אַליין האָב אויך אָנגעהויבן צו לאַכן...

— אַוועק, דו יונגאַטש... — זאָג איך צו אים.

— דו זעסט אַ... — מאַכט ער צו מיר, ווייזנדיק מיט אַ פינגער — אָט די מויד וואָלט זיך געוואונטשן, אַז איך זאָל זי קושן כאָטש אין מיטן דער גאָס.

— הערשעלע, — זאָג איך צו אים — וואָס ביסטו דאָס פאַר אַזאַ מציאה, וואָס זי וואָלט זיך געוואונטשן?...

— נו, שווייג, — זאָגט ער — ס׳איז שוין אַזוי...

— אַזוי? — זאָג איך — נו, מילא...

און ס׳איז טאַקע אמת געווען. זי איז געווען אונדזערער אַ שכנטעס אַ מיידל און פלעגט זיך אים וואַרפן צען מאָל אין טאָג אין די אויגן אַריין. ווען ער גייט פאַרביי, שטייט זי שוין ביים פענצטער, און די אויגן בלישטשען, אַזש דאָס שפּייעכץ קומט איר אין אָפענעם מויל אַריין... זי ברענט אים גלאָט מיט די אויגן, אַ מכשפה, און שטענדיק, ווען ער איז אין שטוב, קומט זי צו אונדז לייען אַ טעפל... מיט צעלאָזטע האָר, אַן אויסגעבלייזטן האַלדז און אין בלויזן האַלקעלע, מכלומרשט ווי זי איז פאַרנומען מיט דער באַלעבאַטישקייט און האָט קיין צייט נישט זיך אָנצוטאָן. נאָר אָן די אייגעלעך אירע, ווי זיי שפּילן אין זיין זייט אַריין, דערקענט מען שוין די

„סחורה", מיט וואָס זי איז פאַרנומען. און שטענדיק מכלומרשט יאָגט זי זיך, ווי זי וואָלט גערן נישט געשטאַנען דאָ. נאָר גיט מען איר שוין וואָס זי וויל, איז כאַטש לייג איר קוילן אונטער די פיס, וועט זי נישט אויפהערן צו דערציילן מעשיות, אַלץ נאָר קוקנדיק אין זייַן זייט, צי הערט ער אויך...

— הערשעלע, — מאַך איך צו אים איין מאָל — וואָס ביסטו אַזוי זיכער, אַז זי וויל, דו זאָלסט זי קושן?

— וואָס, דו גלויבסט נישט? — פרעגט ער.

— נו, וועסטו גיין פּרוּוון?

— ניין, זאָגט ער. נאָר דעם ניין, זע איך, זאָגט ער עפּעס מיט אַ בלישטשל אין די אויגן...

— פאַרוואָס נישט? — זאָג איך — אויב מען וויל וויסן...

— האָ האָ... — לאַכט ער — דאַרף מען פּרוּוון? וואָס מיינסטו, אַז אַזעלכע זאַכן דערקענט מען נישט אין די אויגן?

— יאָ?...

— וואָס דען?

— שוין עפּעס אַ סך אויגן האָסטו געהאַט?...

— דאָס איז נישט קיין שלעכטע פראַגע. — ענטפערט ער און קוקט מיר אין פּנים אַריין, צי מיך פאַרדריסט נישט. לאַך איך אויך: פאַרוואָס זאָל מיך פאַרדריסן?...

— ניין, קיין סך נישט... — זאָגט ער — אין יעקאַטערינאָסלאַוו, וואו איך האָב געדינט, — האָב איך געהאַט אַ שיקסע, וואָס פלעגט אַלע זונטיק קומען צו מיר נעמען די וועש צום וואַשן...

— „נו, — טראַכט איך מיר — איז דאָס אויך נישקשה, ביסטו נישט קיין שלעכטער פויגל"...

און איך גיי אַהיים, לייג מיך שלאָפן, נאָר אַ גאַנצע נאַכט טו איך שוין קיין אויג נישט צו.

צומאָרגנס אין דער פרי פרעג איך אים:

— און וואָס איז געוואָרן מיט דער שיקסע, אַז דו ביסט אַוועקגעפאָרן?

— צי דיר ליגט עס טאַקע אין זינען? — פרעגט ער.

— ניין; וואָס פאַלט דיר איין?

— נו, טאָ וואָס זשע זאָל ווערן? איך האָב אויסגעדינט, בין אַוועק און — גאָרנישט... צי דו גלייבסט נישט?

— פאַרוואָס זאָל איך ניש טגלייבן? אדרבא, דו ביסט אַוועק, „און גאָרנישט"...

ער קוקט מיך אָן פאַרוואונדערט און זאָגט:

— הער, איך פאַרשטיי דיך היינט נישט.

— נו, גוט, — זאָג איך — פאַרשטייסטו מיך נישט...

און איך גיי אַוועק פון אים, ווי מיט אַן אָפּגעהאַקטן קאָפּ.

„און מיט אַ ידישער וואָלסטו דען נישט געקאָנט אַזוי טאָן?" — רייסט זיך אין מיר דאָס האַרץ. אָבער איך זאָג אים גאָרנישט.

צווישן אונדז איז עפּעס צו שטיל געוואָרן.

אַ גאַנצע וואָך — ער קומט אַריין אין שטוב, פיל איך ווי דאָס האַרץ רייסט זיך אין מיר עפּעס צו שמועסן מיט אים. אָבער איך שפּיר, אַז איך וועל נישט קאָנען צו אים רעדן גלייך, און אין האַרץ ליגט מיר אַזאַ פאַר־דריקטקייט, פּונקט ווי אַ שטיין וואָלט דאָרט געלעגן.

און איך ווייס נישט פאַרוואָס, ביי נאַכט ליג איך אויף די קישנס אין נעץ זיי כסדר אַדורך מיט טרערן; און ביי טאָג ווייס איך נישט, אויף וועלכער וועלט איך גיי אַרום.

שבת, ווען ער פּוצט זיך אויס, און מיר שטעלן זיך ביידע ביים טיש, ער פון איין זייט און איך פון דער צווייטער, פרעגט ער מיך, וואָס איך זע אַזוי אויס... נאָר וואָס האָב איך אים צו זאָגן?... ענטפער איך נישט.

און ער שווייגט אויך... נאָר אין אַ ווײַלע אַרום פרעגט ער ווידער:

— דו ווע‌סט נישט זיך דורכגיין אַ ביסל, ברכהלע?

— איך האָב אים געזאָגט, אַז יאָ, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ געוואָרט, אַז ער זאָל גיין מיט מיר.

דערווייל איז דער טאַטע אָנגעקומען פון דאַווענען און שוין נישט אַוועקגעלאָזט אונדז פאַרן עסן. און ביים טיש זיצט ער לעבן מיר און שפּילט זיך מיט מיינע פינגער, און מיר דאַכט זיך, אַז אַ ליכטיקייט קוקט אים אַרויס פון די אויגן, און אַז ער איז שוין ווידער דער אייגענער גוטער הערשעלע.

נאָר, אַז מיר עסן אָפּ און גייען אַוועק אויף דעם ביאַלער שאָסיי, זע איך, אַז „דער וואָלף ציט אָבער פאָרט אין וואַלד אַריין"... און אַז אַנדערש וועסטו אים שוין נישט מאַכן. — נישט קיין שיקסע, נישט קיין שכנטעס מויד, נאָר קאָשאַרן זיינען דאָרט פאַראַנען אָן דער זייט ביים שאָסיי; זעלבער אויך, וואָס שטייען ערשט אין אַ ריי אויסגעשטעלט צום מושטיר, און ער פאַר אַ זעלנער שפּרינגט פון דער הויט אַרויס. לאָזט

ער מיך אַליין איבער אויפֿן שאָסיי און ער איז שוין אויף יענער זייט ראָוו, אַרויף אויפֿן פֿעלד.

איך ווער איינגעזונקען וואַרטנדיק, נאָר ער שטייט דאָרט לעבן דער שורה רויטע זעלנערישע פּנימער און האַקט זיך מיט די אָפּיצירן און פֿעלדפֿעבעל אויף רוסיש. איך זע פֿונדערווייטנס, ווי ער כאַפּט אַ היטל פֿון אַ זעלנערס קאָפּ, ווייזט עפּעס אויף דאָס אינעווייניקסטע צווישן אַלע אָפּיצירן, מן־הסתם וועגן גענייי, און אָן מיר הייבט אים גאָרנישט אָן איינצופֿאַלן צו דערמאָנען זיך.

איך זע שוין מיין סוף און שטיי און קלער.

אויפֿן שאָסיי יאָגט אַ ווינטל, טרייבט דעם שטויב. אַרום איז ליידיק, און איך הייב אָן אַליין צוריקצוגיין. נאָר וואו גיי איך? איך וועל קומען צוריק אין שטאָט אַריין, גיין דורך די גאַסן איינע אַליין: וואָס גייט זי עפּעס אַליין? — וועט מען מיר נאָכקוקן, און איך שפּיר, ווי די טרערן קומען מיר אין די אויגן אַריין. ערשט איך דערהער, ווי הינטער מיינע פּלייצעס יאָגט ער מיר נאָך און שרייט:

— ברכהלע, ברכהלע! — — —

איך שטעל זיך נישט אָפּ, נאָר גיי ווייטער, ביז ער קומט צו לויפֿן אָפּגעסאָפּעט און נעמט מיך צוריק אָן אונטערן אָרעם.

— וואָס ביסטו אַנטלאָפֿן? — פֿרעגט ער.

— איך גאָר בין אַנטלאָפֿן?...

ער שווייגט און רעדט שוין נישט קיין איין וואָרט.

„יאָ — טראַכט איך — עס איז אַלץ פֿאַרטיק“...

און קומענדיק אַהיים מאַך איך ביי זיך אָפּ, אַז עס טאָר אַזוי נישט בלייבן, איך זאָל זיין מער צוגעבונדן צו אים, ווי ער צו מיר.

איך האָב מיך איינגעשפּאַרט, און, ווי ווייט איך האָב געקאָנט, געזען אויסצופֿירן, גאַנצע טעג צו אים קיין וואָרט נישט צו שמועסן...

איך ווייס נישט, צי האָב איך אים עפּעס געטאָן דערמיט, נאָר געמאַכט האָט ער זיך, ווי ער וואָלט מכלומרשט דעם קאָפּ פֿאַרלוירן... אָבער איך פֿאַרשטיי מיך אויף די קונצן! ווער עס האָט שוין געהאַט אַ סך און פֿאַרלירנדיק זיי, האָט ער זיך פֿונדעסטוועגן די אויגן נישט אויסגעווייגט, וועט, פֿאַרלירנדיק נאָך איינע, זיך אויך נישט אויסוויינען די אויגן.

אָבער לייט ווילן פֿון דעם, וואָס צווישן אונדז טוט זיך, נישט וויסן. מען זעט, עס שלעפּט זיך, עס שלעפּט זיך, און דאָ די צייט שטייט נישט.

עס שלאָגט צו דער טערמין פון דער חתונה; גוטע פריינט און משפחה באַווייזן זיך ווידער אויף דער שוועל מיט די אייגענע „סקאַנדאַל־קומען״, און איך זע, אַז עס איז נישט גוט.

די מאַמע הייבט אָן פּאַרוואָלקנט צו ווערן, אונטערצוקרעכצן הינ־טערווייַלעכץ, פּונקט ווי אַ קוואָקע, אַז מען טרייבט זי אַראָפּ פון קיישל אייער און מען לאָזט איר נישט אויסזיצן קיין הינדלעך. און אַמאָל קוקט זי אויף מיר מיט אַזאַ כעס, כאָטש נעמט און באַגראָבט מיך לעבעדיקער־הייט. פונוואַנען דערנעמט זיך דאָס אַלץ? אויף וועלכן באַרג־סיני האָב איך דאָס געשוואוירן איך צוצושטעלן נחת, וואָס וואוהין איך קער מיך נאָר, קוקן אַלץ בייזע אויגן אויף מיר? ערשט איך ווער געוואָר, אַז דאָס האָט „ער״ פאַרקאָכט אַזאַ קאַשע אויף מיר, פאַרמסרט מיך פאַר גרויס און קליין, אַז איך וויל נישט חתונה האָבן. נאָר איך וועל אים דאָס נישט לאָזן אַזוי אַריבערגיין. און אַרויסגייענדיק איין מאָל ביי נאַכט הינטער דער שטאָט מיט אים, זאָג איך:

— דו ווייסט, אַז מיין שוועסטער חיהלע האָט שוין אַ געליבטן?

— טאָקע? — פרעגט ער זיך פאַרוואונדערט.

— זי וויל אָבער נישט וואַרטן... — זאָג איך ווייטער — זי וויל חתונה האָבן, און איך מיט דיר, זאָגט זי, שטייען איר אין וועג...

ער דערהערט אַזעלכעס, שפּרינגט ער אויף:

— נו, איך דערלויב איר חתונה צו האָבן...

אָט האָט איר שוין, וואו עס ליגט דער הונט באַגראָבן... און איך גיי אַהיים, נאָר משוגע צו ווערן.

איך האָב אַפילו נישט פאַר וועמען מיין האַרץ אויסצוגיסן. אַ מענטש נעמט און פאַרקויפט מיך הינטן אַרום. און דערצו נאָך, וואָס ער שעכט, בלייבט ער נאָך גערעכט אויך פאַר דער גאַנצער וועלט.

אין דער פרי, אַז איך בין אויפגעשטאַנען, זאָג איך: סיידן עס איז קיין גאָט נישטאָ אויף דער וועלט. אויב יאָ, מוז איך געוואָר ווערן, וואָס פאַר אַ שלאַנג איך האָב געהאַלטן אויף מיין בוזעם.

און עס גייט נישט אויס קיין וואָך, דעם זעלבן שבת נאָך האָב איך זיך אַלץ דערוואוסט. אָנפאַנגס האָב איך געמיינט, אַז אין מיין מערכה איז שולדיק אפשר דער שכנטעס מויד. ווער ווייסט, טאָמער באַגעגענען זיי זיך ערגעץ; די וועלט איז אָפן, לאָנקעס און פעלדער פעלן נישט. אויך האָב איך געקלערט, אַז אפשר געדענקט ער נאָך די שיקסע פון יעקאַ־טערינאָסלאַוו. ווער קאָן אָפּשאַצן יענעמס האַרץ? כאָטש געזאָגט האָט

ער, אַז ער איז אַוועק — און „גאַרנישט״... נאָר אַצינד האָב איך שוין פאַרשפּאַרט צו קלערן. דאָ איז גאָר געווען אַן אַנדער געשיכטע, מיט אַ יונג ווייבל פון זיין שטעטל. זי איז געווען אַ שניידערין. דער מאַן איז איר געשטאָרבן אַ האַלב יאָר נאָך דער חתונה, אַ קראַנקע צרה געווען. איז בשעת אויף דער גאַס איז געוואָרן אַן איבערגעלייף: ר׳ שמואלס זון איז געקומען פון די זעלנער, ר׳ שמואלס זון גייט... אַזוי ווי אין אַ קליין שטעטל, בשעת קינד און קייט זענען אים נאָכגעלאָפן פון הינטן קוקן אויף די זעלנערישע קנעפּעלעך, האָט זי, דאָס ווייבל, פּונקט אויך דערזען אים דורכן פענצטער. און נישט קיין חידוש, איך וואָלט אויך נישט בעסער געווען. האָט זי באַלד געזאָגט: זי זאָל אַפילו וויסן מיטן קאָפּ צו פאַרלייגן, מוז הערשעלע זיין איר מאַן.

דעם דאָזיקן שבת טאָקע, ווען ווען וועלכן איך דערצייל דאָ, האָב איך דערזען, בשעת ער האָט אַרויסגענומען דאָס טאַשן־טיכל פון קעשענע, גייענדיק מיט מיר אויפן שאָסיי, איז נאָכגעפאַלן אויף דער ערד אַראָפּ אַ קליין צעקנייטשט בריוועלע...

גאָט מיינער, ווי דער יונג האָט אַ בלישטש געטאָן מיט די אויגן, זיך געשווינד אומקוקנדיק צו מיר, צי איך זע נישט... און ווי געשווינד ער האָט זיך געגעבן אַ בייג אַראָפּ, אַריינכאַפּנדיק עס צוריק אין דער טאַש. אָבער איך מאַך מיך נישט זען, גלייך איך ווייס גאַרנישט, וואָס פאַר אַ פייער עס האָט זיך אין זיין פּנים אַנגעצונדן פאַר שרעק...

„נו, אַצינד — דאַכט זיך מיר — וועט שוין זיין גענוג״...

איך זע שוין נישט דעם וועג צוריק, אַזוי שווינדלט מיר פאַר די אויגן. ער פירט מיך אָפּ אַהיים, לאָזט מיך צוריק אַריין אין שטוב, דער־נאָך גייט ער אין ערגעץ אַוועק, און איך בלייב זיצן איינע אַליין ביים פענצטער.

אינדרויסן שיינט די זון, נאָר מיר זענען די אויגן מיט טרערן פאַרגאָסן; בחורים און כלה־מיידלעך שפּאַצירן איבער דער גאַס, אַ ליכ־טיקע וועלט, — נאָר מיר איז זי פינצטער געוואָרן...

---

אויף דער נאַכט שפּיר איך, ווי דאָס האַרץ קאָכט אין מיר, און איך וואַרט שוין נישט, ביז ער וועט מיך בעטן גיין שפּאַצירן, נאָר איך בעט אים.

אַראָפּ נאָך דער בריקן־גאַס, לינקס אויף דער לאַנקע, שטייט אַ קליין רוסיש „צערקוועלע״, און אַ זעלנער מיט אַ ביקס גייט אויף דער

וואָך. דאָרט פליסט אַ טייך, און לעבן דעם טייך גייען מיר אַראָפּ. שטיל איז אַרום, די לבנה שיינט און מיר ביידע זעצן זיך אויפן ברעג, און מען קוקט זיך איין, ווי דאָס וואַסער שטראָמט ביי די זייטן, יאָגנדיק רעדלעך מיט פּאַליעס מיט אַ שטיל גערויש. דאָס וואַסער איז אַזוי לויטער, אַז מען זעט אויפן זאַמדיקן אָפּגרונט אַנטקעגן דעם שיין פון דער לבנה, ווי פישלעך שטייען מיט די רוקנדלעך אַרויף איבער איין אָרט און רירן זיך נישט, פּונקט ווי זיי וואָלטן אויך געפּילט, אַז ס'איז שוין שפּעט אין האַלבער נאַכט. די גאַנצע וועלט זעט אויס ווי איינגעהילט אין שלאָף, נאָר די לבנה קוקט אַזוי מאַנטנע און בענקלעך אַראָפּ. און איך ווייס נישט, פאַרוואָס דאָס האַרץ איז אין מיר אַזוי פאַרפרעסט געוואָרן, אַז איך האָב נישט קיין רשות אים, הערשעלען, עפּעס צו זאָגן.

— הערשעלע, — הייב איך אים אָן צו זאָגן — טייערער הערשעלע, זע נאָר ווי שטיל עס איז אַרום אויף דער וועלט.

ער קוקט זיך אַרום און מאַכט:

— נו, איז וואָס זשע?

— איז גאָרנישט... — זאָג איך — אָבער ווען איינער קומט מיט אַ שטעקן און הייבט אָן צו מישן אין טייך און מאַכט אָן אַן אומרואיקייט צווישן די פישעלעך, וואָס וואָלטן אָנגעהויבן צו שוועבן אַהין און צוריק מיט אַ שרעק — וואָלט עפּעס גוט געווען?

— פאַרוואָס — זאָגט ער — זאָל דאָס איינער קומען מיט אַ שטעקן און מישן אין טייך?

— און פאַרוואָס — זאָג איך — זאָל דאָס איינער קומען נאָך ערגער ווי מיט אַ שטעקן און מאַכן, אַז יענעמס געדאַנקען זאָלן אַזוי אַרומפליען ווי די פישעלעך?...

ער קוקט מיך אָן.

— הערשעלע, איך האָב דיר געוואָלט זאָגן עפּעס שלעכטס, ווען איך בין אַרויס פון שטוב, נאָר קומענדיק דאָ אַהער, האָב איך דערשפּירט, אַז איך בין איינע אַליין אויף דער וועלט און איך קאָן מיט דיר קיין שלעכטס נישט טענהן. פאַרוואָס פּירסטו געשעפטן הינטער מיינע פּלייצעס?

— וואָס פאַר אַ געשעפטן? — קוקט ער מיך אָן.

— דאָס בריוועלע האָסטו נאָך?...

— וואָס פאַר אַ בריוועלע?

— אַזוי? דו ווייסט גאָרנישט אויך, וואָס פאַר אַ בריוועלע? הער־שעלע, ווי איך זע, פאַרדריסט דיך. אָבער איך וויל פון גאָרנישט וויסן.

איך וויל נאָר איינס: דו זאָלסט מיר געבן דאָס בריוועלע... אָדער דו זאָלסט מיר גאָרנישט געבן און זאָגן מיר נאָר: „בלייב געזונט, ברכה!"

— ווי איך זע, ביסטו גוט משוגע, — זאָגט ער און נעמט אַרויס פון קעשענע און דערלאַנגט מיר.

גאָט אין הימל, וואָס פאַר אַן אומגליק צווישן אונדזביידע איז געשען! ער נאַרט מיך כסדר און דערלאַנגט מיר גאָר אַ לאָטעריי־צעטל.

— הערשעלע — שריי איך אויס, — וואָס פאַר אַ שפּיל איז דאָס? דו ווילסט מיר קיין אַנדערס נישט געבן, דו האָסט נישט קיין אַנדערס?

— ניין.

— נאָר וואָס דען, דאָס?

— יאָ...

— און דאָס האָסטו מיט אַזאַ דערשראָקן אויפגעכאַפּט אויפן שאָסיי, בשעת דער ווינט האָט עס געוואָלט אַוועקבלאָזן?

— יאָ...

נו, מילא, זע איך דאָך שוין, אַז איך האָב נישט מיט וועמען צו טענהן. גייען מיר צוריקצואוועגס אַהיים, איך שוין אין איין זייט בריק און ער — אין דער צווייטער. און אַהיימקומענדיק, ווער איך אין מיר איינגעשלאָסן, וויל צו קיינעם נישט טענהן קיין וואָרט, אַפילו צו די שטוב־מענטשן.

די מאַמע הייבט מיר ווידער אָן צו זינגען פּזמונות, איצט שוין נישט בלויז מיט בליקן, נאָר מיט בייזע רייד, און אין שטוב קאָכט זיך מיט מיר ווי אין אַ קעסל.

— מאַמע, — שריי איך אויס איין מאָל — וואָס פאַר אַ געשעפטן האָסטו נאָך מיט מיר?

— דו מיינסט, אַז דו ביסט ערשט אַ מיידעלע, נעכטן דרייצן יאָר געוואָרן?... — פרעגט זי מיך, און די אויגן בלישטשען ביי איר.

— נו, וואָס זשע ווילסטו, — זאָג איך — אַז איך בין נעכטן נישט קיין דרייצן יאָר געוואָרן? אַ זעלנער וועל איך אַלע מאָל קריגן...

אַז איך זאָג אַרויס אָט די ווערטער, איז הימל עפן זיך! — דער טאַטע פאַלט אויף מיר אַרויף מיט אַ ציטערניש פון כעס, אַז ער שאָקלט זיך אַזש און די אויגן מיטן פּנים זענען אַזש אָנגעגאָסן מיט בלוט.

— דו קלאַפּטשיסקע, האָב חתונה און הער אויף דעם יונגנמאַן אַרומצופירן ביים קאָפּ!

— וויל איך נישט! — האָב איך אויסגעשריגן, און אַנטלאָפן אין צווייטן שטיבל.

דער טאַטע יאָגט מיך נאָך:

— דו זאָלסט שוין אָפּלאָזן דעם שידוך. — און איך בין שוין געווען פאַרמישט, האָב נישט געוואוסט, וואָס עס טוט זיך מיט מיר, און בין אַנידערגעפאַלן אויף דער פּאָדלאָגע אין חלשות.

• • • • • •

אָט דעמאָלט האָב איך געזען, וואָס עס הייסט שלעכט אויף דער וועלט. אָט בין איך מיט אייגענע אין איין שטוב, אונטער איין דאַך, און קיינער הייבט נישט אָן צו וויסן, וואָס ביי מיר אין האַרץ טוט זיך. אַן אומגליק איז דאָס, נישט קיין וועלט. און נאָך ערגער, וואָס איך טענה צו אים, הערשעלען, קיין וואָרט נישט און קוק נישט אין זיין זייט אַריין, ווי אַמאָל, ווען איך פלעג מיך שפּיגלען אין אים, מיינען מענטשן, אַז ער איז דאָס נעבעכל, און אויף מיר קוקן אויגן מיט אַזוי פיל פייער, נאָר צו פאַרברענען, ווי איך גיי און שטיי, לעבעדיקערהייט כאָטש מיטן אָנטאָן...

נו, וואָס זשע זאָגט מען צו אַזעלכע מיני געשעפטן? איך וואָלט געדאַרפט כאָטש אויפשניידן דאָס האַרץ, ווייזן ווי חושך עס איז דערינען: נאָט אייך, מענטשן, קוקט אַריין און זעט... ערשט דעמאָלט וואָלטן זיי זיך מיישב געווען....

אָבער וואָס טויג מיר דאָרט די רייד, אַז דאָס אומגליק איז גרויס? און פונקט ווי דער שפּין זיצט אין ווינקל, און די פליג ראַנגלט זיך אין דער מיט שפּינוועבס, אַזוי זיצט ער אָפּ גאַנצע שעהען שטילינקערהייט ביי אונדז אין שטוב. ער האָט שוין גאָר די אַרבעט אויך אַוועקגעוואָרפן און וואַרט נאָר, פונקט ווי די שפּין, צוצוגיין און אַריינצושטעקן זיין נעדעלע דער פליג אין קעפּל אַריין... אַ בראָך, אַן אומגליק זאָל דער פאַלשער וועלט געשען. וואָס זיצט ער נאָך און קוקט נאָר אויף דער שטוב מיט אַ פאַרלוירענעם קאָפּ און מכלומרשט תמעוואַטע אויגן? וואָס וויל ער מיר נאָך ווייזן, — אפשר זיינע טרערן אויך? איך ווייס דען נישט, אַז דער, וואָס האָט שוין פאַרלוירן אַ שיקסע אין יעקאַטערינאָסלאַוו און האָט זיך די אויגן נישט אויסגעוויינט, וועט זיי ביים פאַרלירן מיך אויך נישט אויסוויינען? — נאָר פאַר דער וועלט דאַרף ער דאָס אפשר צו האָבן?... און מיין טאַטע, דער נאַר, הערט נאָך, וואָס מענטשן קומען צוגיין, מכלומרשט אונטערגעשיקט פון אים, הערשעלען, און טענהן צו אים: ר' דאָס, ר' יענץ, פאַרוואָס לאָזט איר אַזוינס געשטאַטן? פאַרוואָס מאַכט איר נישט חתונה?...

אָבער דאָס קריגל טראָגט אַזוי לאַנג וואַסער, ביז דאָס אויערל רייסט

זיך נישט אָפּ, און אויך דאָ האָט עס דאָך געמוזט אַמאָל אַ שוואַרצע ענדע נעמען, און דער אמת זאָל אַרויס ווי בוימל אויפֿן וואַסער. און דעמאָלט האָט זיך ערשט הערשעלע באַוויזן מיטן גאַנצן קנאַק, וואָס ער איז און וואָס ער האָט געמיינט. אַ סוף, אַראָפּ די אַלע מאַסקעס פֿון פּנים.

דאָס איז געווען אין אַ שבת אינדערפֿרי. דער זייגער האָט ערשט געמוזט זיין אַרום ניין, דער טאַטע איז שוין ביים השכמה־דאַווענען, און וואָס אויף דער גאַס טוט זיך, האָבן מיר נישט אָנגעהויבן צו וויסן פֿון קיין שום פּותר־חלום, קומט פּלוצלינג אַריין צו לויפֿן אַ ייִנגל מיט אַ פּראַל אויף די טיר.

— גייט נאָר אַרויס, אייער הערשעלע מושטירט אַ גאַנצן באַטאַליאָן זעלנער אין מאַרק...

מילא, הערשעלע מושטירט אַ גאַנצן באַטאַליאָן זעלנער אין מאַרק, ווייס איך דאָך... ער האָט נאָך דעמאָלט שבת אַ שפּרונג געטאָן ווי אַ וועווערקע אויפֿן פּעלד אַרויף צו די זעלנער. און אויף די תנאים אַפֿילו איז ער דאָך נאָך געזעסן אין זעלנערישן היטעלע... נאָר די מאַמע הייבט אָן צו טאַמלען, און צוריק צו פֿאַלן, עס ווערט איר פֿינצטער פֿאַר די אויגן פֿון דער בשורה, און די שטוב אינגאַנצן, פּונקט ווי זי וואָלט איינגעבראָכן געוואָרן. הערשעלע, וואָס דו קאָנסט! האָסט דאָך די נאַכט דאָ געגנעכ־טיקט. ביסט אַוועק פֿון שטוב, איז געווען דער זייגער אפֿשר אַרום זעקס. ווען ביסטו שוין געוואָרן „פּאָלקאָווניק״?... נאָר קלער היינט, קלער מאָרגן; הערשעלע, ווייס איך, קאָן אַלץ... און דאָ אינדרויסן, דורך די פֿענצטער, זע איך, איז שוין אָן איבערגעלייף פֿון שכנים, איבערלאָזנדיק הפקר די שטובן, אַז מען האָט אַפֿילו נישט קיין צייט די אויפֿגעפּראַלטע טירן צו פֿאַרהאַקן נאָך זיך: הערשעלע מושטירט זעלנער, און די גאַנצע שטאָט לויפֿט.

די יידן וואָס זענען געווען אין שול, האָבן אויך פֿון גאָרנישט גע־וואוסט. זיי גייען אַהיים פֿון דאַווענען, און דער טאַטע אויך צווישן זיי, אַ גאַנץ בינטל צוזאַמען, אַלע מיט טליתים איבער די אַקסלען אַריבער, אַזוי ווי שבת, און מען שמועסט צווישן זיך. ס'איז פּונקט אַ שיינער טאָג, די זון שיינט. ערשט מען קומט אין מאַרק אַריין, עס גיט אַ בלישטש פֿאַר די אויגן פֿון אַלע זייטן. דער גאַנצער מאַרק באַלייגט מיט אויסגעשטעלטע שורות זעלנער. אומעטום שורות אָנגעפּרעסענע זעלנערישע פּנימער. „באַטשאַלסטווע״ שטייט אין דער מיט, בלישטשענדיקע שיידן פֿון שווערדן ביי די זייטן, יום־טובדיק אויסגעפּוצט, מיט פּאַפּיראָסלעך צווישן די פֿינ־

גערלעך, מיט די ווייסע הענטשקעלעך און אַרויסגעשטעלטע פיסלעך אויף פּאָרנט, אַזוי אַז עס לעבט זיך... די גאַנצע שטאָט, ווייבער און מענער אין די זיידענע קליידער מיט די שוואַרצע היטלען און חתנים מיט כלות, ליגן אַרום ביי די זייטן באַלייגט, ווי די פליגן. און הערשעלע גייט פון איין שורה זעלנער צו דער צווייטער. ס׳איז אַ „סמאָטר״, מען האָט ניי אָנטועכץ אַרויסגעגעבן, און ער שטעלט זיך אָפּ ביי יעדן איינציקן, וואו מען דאַרף אַ קנעפּל איבערשטעלן אָדער אַן אַרבל עטוואָס אויפהייבן, און ער צייכנט דערוויל מיט אַ שטיק קרייד... ער האָט זיך אָנגעגעבן אויף אַ צווייטער „סלוזשבע״...

מילא, עס איז פאַרפאַלן. דער טאַטע איז אַהיימגעקומען מיט דעם פּאַטש אין פּנים... זיך געזעצט אויף דער שלאָף־באַנק, אַפילו נישט אַראָפּ־לייגנדיק דעם טלית פון זיך, און אַזוי שווער, פּונקט ווי מען וואָלט אים די פיס אונטערגעהאַקט. פונדעסטוועגן האָט ער זיך נישט ווייסנדיק גע־מאַכט. ער האָט דאָס פאַר ליב אָנגענומען און געגאַנגען צום טיש, נישט וועלנדיק זיך פאַרשטערן דעם שבת.

נאָר געשוויגן האָבן מיר אַלע, קיינער האָט אַ וואָרט נישט גערעדט, אַזוי ווי טויטע זענען מיר שטיל איבער דער שטוב אַרומגעגאַנגען. און עפּעס אַ מאָדנע פאַרזונקענע שטילקייט איז אויף דעם דרויסן הינטער אונדזערע פענצטער אויך געלעגן. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די מענטשן האָבן זיך ערגעץ וואו אָפּגעשיידט פון אונדז מיט אַ גרויס רחמנות. און נאָך דעם עסן, ווען מיר זענען שוין אַלע געלעגן אויף די געלעגערס, האָב איך געזען, ווי אַלע ווילע רוקט זיך צו אַן אַנדער קינדעריש פּנימל צו דער שויב און וואַרפט אַ שטילן בליק אין שטוב אַריין...

זונטיק אין דער פרי איז דער טאַטע אויפגעשטאַנען, אַוועקגעגאַנגען צום רב, געשיקט נאָך הערשעלען און צעריסן די תנאים.

נאָר אַהיימקומענדיק, האָט ער געזאָגט:

— קינדערלעך, מער וויל איך שוין נישט לעבן...

אין שטוב איז געוואָרן אַ געוויינעריי, איך האָב זיך אויך פאַרבאָרגן און אין דער שטיל געשטיקט זיך מיט די טרערן. דער טאַטע איז שוין געוועזן געל ווי אַ מער פון נעכטיקן קלאַפּ און היינטיקן צולאָג, און וואָס אַ טאָג האָט ער אַליץ ערגער אויסגעזען.

הערשעלע האָט זיך באַלד צוריק אָפּגעזאָגט פון דער סלוזשבע, וויל דאָס האָט ער דאָך נאָר אָפּגעטאָן אַ שפּיצל... איז אַהיימגעפאָרן, גע־שטעלט אַ חופּה באַלד אין אַכט טאָג אַרום, טאַקע מיט יענעם ווייבל... און

אין דריי חדשים אַרום איז מיין פאָטער געשטאָרבן! —

אויף דער לוויה איז אַפילו זיין איינציקער ברודער, הערשעלעס פאָטער, נישט געקומען. אָט אַזוי האָב איך געהאַט אַ געשוועסטערקינד און אַ חתן!... . . . . . . . .

אַז ברכהלע האָט געענדיקט איר מעשה דערציילן, האָב איך מיך אַרומגעקוקט און געפרעגט:

— וואו געפינען מיר זיך איצט?

— אויף דעם ביאַלער שאָסיי. — האָט זי געענטפערט.

עס איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט. דער הימל איז געווען שאַרף אויסגעשטערנט. אָבער פונדערוויטנס, פון אַ דערפל, וואָס איז געשטאַנען ווי אַ שוואַרצער פלעק אין מיטן דער נאַכט, האָט זיך געהערט אַ קרייען פון העגער שוין אויף טאָג.

מיר זענען צוריקגעקומען הינטער יענעם דערפל און שטיין געבליבן ביי אַ גרויסן שטיין, וואָס ליגט שוין פון יאָרן־לאַנג, און פון ווינטן, וואָס האָבן געבלאָזן, איז דאָס זאַמד פון אַרום זיינע זייטן געוואָרן אָפּגעקערט. ברכהלע איז געשטאַנען מיט די קני צוגעשפּאַרט צו דער זייט פון שטיין, כדי די פיס אָפּצורוען.

אַרום איז געווען שטיל, די הייזלעך אויסגעלאָשן, נאָר אַ צלם אויף אַ בערגל האָט געוואַכט איבער די דעכלעך פון דאָרף, אַ פאַרגליווערטער, שטייענדיק אין דער נאַכט און קוקנדיק אין הימל אַריין...

פלוצלינג האָט ברכהלע אויפגעהויבן איר בלאַס געזיכט און געזאָגט מיט אַ שטילער פאַרזאָרגטקייט:

— אם ירצה השם, אַז אַ געליבטער וועט זיך מיר פאַרשלאָגן, וועל איך אים הייסן שווערן נאָר אויף דעם אָרט...

איך האָב זי אָנגעקוקט פאַרוואונדערט.

— איר קוקט?... — פרעגט זי — יאָ, נאָר אויף דעם אָרט. דער שטיין איז אַ וואוילער עדות, ער שווייגט...

— איר פלעגט דאָ שפּאַצירן מיט יענעם חתן?

זי האָט אַרויסגענומען אַ ווייס טיכעלע און, אָפּווענדנדיק דאָס געזיכט, געווישט די אויגן...

— קומט, ברכהלע, אַהיים... — האָב איך צו איר פלוצלינג געזאָגט. — עס מוז שוין זיין שפּעט. — —

---

צומאָרגנס אין דער פרי ווענד איך זיך צו איר:

— ברכהלע, — זאָג איך — דו ווייסט, נאָך וואָס איך בין געקומען, און דיין ברודער האָט מיך געשיקט ?...

זי קלערט אַ ביסל מיט פאַרמאַכטע, ווייט אויסגעשטעלטע אויגן. דערנאָך, ווי אין חלום אָדער ווי אַ שווערע שאלה וואָלט איר געדריקט, הייבט זי אָן מיט האַלב אָפענע ליפּלעך:

— ווי מיינט איר וועגן דעם נעכטיקן דערציילן ?

— אַז וואָס ?

— איך מיין, וואָס זעט איר, ער האָט מיך געליבט, צי נישט ?

— ווער ?

— דער חתן מיינער.

— ברכהלע, דו ווייסט נישט ?...

זי האָט געשוויגן אַ ווײַלע. דערנאָך האָט זי אַ צוק געגעבן מיט די אַקסלען:

— איך ווייס נישט...

איך בין שטיל געבליבן. דערנאָך האָב איך מיך ווידער געווענדט צו איר:

— הער, ברכהלע, איך האָב דאַ, דאַכט זיך, גאָרנישט וואָס צו טאָן. ווי מיינסטו, זאָל איך פאָרן אַהיים ?

— פאָרט געזונטערהייט...

— און אַ בריוול כאָטש שרייבן ?

— שרייבט. — שאָקלט זי מיטן קאָפּ.

איך בין אַוועקגעפאָרן, נאָר נישט געשריבן.

אין אַ שטיקל צייט אַרום אָבער פאַלט מיר איין, אַז איך מוז זי אַליין נאָך אַמאָל זען, און איך פאָר ווידער.

— גוט — זאָגט זי — וואָס איר זענט געקומען. שרייבן נאָך איך בין איך נישט געוועזן דרייסט...

און אַוועקרופנדיק מיך אָן אַ זייט, גיט זי, קינדעריש רויט־ווערנדיק און מיט אַ פינקל מיט די אויגן, מיך אַ פרעג:

— אָבער איר האָט מיך ליב ?..

איך בין שטיין געבליבן אַ פאַרגליווערטער, נישט ווייסנדיק וואָס מיט מיר טוט זיך.

— הערט, — זאָגט זי ווייטער — איך האָב באַשלאָסן קיין מאָל נישט חתונה האָבן...

— און אויף דעם האָט איר מיך געדאַרפט ?...

— ניין, אויף עפּעס אַנדערש... — לאָזט זי אַראָפּ דאָס קעפּל.

— אויף וואָס?

— מען זאָגט דאָך, אַז אויב איינער האָט איינע ליב, קאָן ער טאָן פאַר אירטוועגן זאַכן גלאַט אַזוי, פאַר גאָרנישט... וואָלט איר מיר געטאָן עפּעס אַ געפעליקייט? — בלייבט זי שטיין מיט צוויי פאַרשטעקטע פינגערלעך אין מויל.

— אויב נאָר מעגלעך, — זאָג איך.

— איר זאָלט מיר געוואָר ווערן, צי יענער האָט מיך געליבט...

— ברכהלע, נאָך וואָס טויג דיר דאָס? יענער האָט דאָך שוין חתונה געהאַט.

— ניין, ס'שאַט נישט, גלאַט אַזוי.

— איך קאָן נישט.

— ווילט איר נישט, הייסט עס? — האָט זי אויף מיר אַ קוק געגעבן, אַרויפשאַרנדיק אַ פאָר לאָקנדלעך איבערן אויער.

— איך קאָן נישט, — האָב איך איך געזאָגט.

— אָבער הערט: אין איין פאַל האָב איך באַשלאָסן חתונה האָבן — אויב ער האָט מיך נישט געליבט... ווילט איר שוין געוואָר ווערן?

— גוט, — זאָג איך — איך וועל געוואָר ווערן. אָבער ברכהלע, ווי אַזוי?

— פאָרט אַריבער צו אים טאַקע און פרעגט אים אַליין. איך מיין, אַז אַצינד איז אים שוין סיי־ווי־סיי אַלצאיינס, און ער וועט מיך ערשט נישט נאַרן...

— גוט, — זאָג איך — איך פאָר!...

איך לויף אַרויס אויף דער גאַס:

— הע, דראָזשקאַזש, פיר מיך אָפּ צו דער באַן!...

— משוגענער, — קלאַפּט זי צו מיר אַרויס דורך דער שויב מיט אַ שמייכעלע — לויף נישט אַזוי, יאָג נישט אַזוי...

— אָ, טייער מיידל, — טראַכט איך — איצט ביסטו שוין זיכער מיין... וואָרן ער האָט דיך נישט נאָר נישט געליבט, נאָר פאַלש געוועזן, טויזנט מאָל פאַלש!

און, קומענדיק דאָרט אַהין אין שטעטל, פאַל איך גליך אַריין צו אים אין שטוב.

— גאָט העלף! — שריי איך אויס. און פאַר מיר שטעלט זיך אויף איינער מיט אַן אַריבערגעוואָרפענער שניידערישער מאָס איבער דעם

האַלדז, אין בלויזן װעסטל און אין די העמד־אַרבל, קוקנדיק מיר אין די אויגן אַריין, וואָס איך וויל.

— איר וועט זיין אַזוי גוט — זאָג איך — און גיין מיט מיר אַרויס אַ ביסל שמועסן...

— וועגן וואָס? אַן אָנצוג?

— ניין... — און וואַרפנדיק אַ בליק צום ווייבל ביים קוימען, רוים איך אים איין אין אויער — וועגן ברכהלען...

— איך האָב נישט וואָס צו שמועסן... — זאָגט ער און זעצט זיך צוריק אַנידער אויף זיין אָרט, קאַלטבלוטיק ווי אַ גזלן.

— אָבער, מענטש! — שריי איך אויס — איך האָב געלייגט צו אייך עקסטרע הוצאות, און איר קאָנט נישט פאַרלאַנגען, אַז איך זאָל פאָרן צו אייך אומזיסט!

ער כאַפּט געשווינד דאָס רעקל אויף זיך, און ווי אַ ווינט פליט ער מיט מיר אַרויס פון שטוב, אַז דאָס ווייב ביים קוימען קוקט אַזש דער־שראָקן.

— וואו וועלן מיר גיין?

— קומט אין אַ שענק אַריין.

און ביי אַ טישל זעצן מיר זיך אַנידער אין אַ באַזונדער צימער.

— טפו! — גיט ער, אָנהייבנדיק דער ערשטער, אַ שפּיי — וועגן וואָס האָט זי אייך געשיקט צו מיר, וועגן מוחל זיין?...

— „ע, פעטער, — טראַכט איך — דו שפּייסט שוין. דו הייבסט שוין אָן אַ געשעפט מיט מחילה, אַזוי ווי ביי אונדז, יידעלעך, עס פירט זיך, כדי געלט אויסצודרייסן"...

— ע, זייט אַזוי גוט, — זאָג איך — שפּייט נישט. דאָס איז נישט קיין קלייניקייט. נישט נאָך קיין מחילה בין איך געקומען. נאָר דאָ האַנדלט זיך וועגן צוויי נפשות...

— וועגן מיר און איר?

— וועגן אייך און איר? פאַרוואָס נישט וועגן מיר און איר?...

ער ענטפערט נישט.

— פאַרוואָס עפּעס וועגן אייך און איר? — פרעג איך נאָך אַמאָל.

— טאָ וואָס זשע האָט זי פאָרט געשיקט צו מיר?

— אַזויערנאָך הייבט זיך ערשט אָן אַ נייער מאַרק מיט אַ ניי מין דינגען... — זאָג איך — איר וועט זאָגן, אַז איבער אייך און איר, און איך — איבער מיר און איר. טאָ ווי אַזוי זשע וועט די קאַץ קומען איבערן

וואַסער? איר מוזט דאָך איין מאָל פאַר אַלע מאָל פאַרשטיין די זאַך: אַז געליבט האָט איר זי נישט, די תנאים האָט איר צעריסן. טאָ וואָס זשע נאָך?...

— געליבט האָב איך זי נישט?

— וואָס, איר וועט אפשר זאָגן, אַז יאָ? הייסט עס, אַז דאָ הייבט זיך ערשט אָן אַ נייער מין מאַרק?

— איר ליבט זי דען אויך?...

דאָס איז נישט קיין נפקא־מינה...

— ניין, — זאָגט ער — איך דאַרף דאָך וויסן.

— איר דאַרפט וויסן? — פרעג איך — איך דאַרף וויסן, צי האָט איר זי געליבט.

— ניין, — ענטפערט ער ווייטער — איך דאַרף גיכער וויסן, צי איר ליבט זי, ווי איר דאַרפט וויסן, צי איך האָב זי געליבט. וואָרן דאָס איז שוין אַריבער...

„ס'אַנדערע, — טראַכט איך — איר האָט דאָך שוין סיי־ווי־סיי אַ ווייב"...

— יאָ, — זאָג איך — איך ליב זי...

— אַנטלויפט!

— וואו זאָל איך אַנטלויפן?

— אין דער וועלט אַריין. אַבי נישט צוזאַמען מיט איר...

— פאַרוואָס?

— יונגערמאַן, שעכט איך נישט, — ס'איז נאָך אַזאַ מיידל נישטאָ אין דער וועלט. דעם קאָפּ אין דער לבנה, אַז איר וועט האָבן, וועט זי אייך אויך נישט נעמען...

— פאַרוואָס?

— איך ווייס נישט. נאָר אַזוי איז עס געווען ביי מיר...

— זי האָט דען אייך נישט געוואָלט?

— ניין; נישט שפּאַצירן גיין, נישט קוקן אַפילו אויף מיר.

— און איר האָט זי יאָ געוואָלט?

— יאָ.

— און איר האָט זי געליבט?

— צי איך האָב זי געליבט?

אָט אָ דאָ האָב איך שוין נישט געקאָנט אויסהאַלטן און איבגע־שפּרונגען פאַר כעס.

— דאָס איז נישט מענטשלעך. איר פֿאַרשטייט ?... איר באַרעדט זי נאָך. איר האָט זי געלאָזט שטיין אַליין אויפֿן שאָסיי און איר זענט אַוועקגעשפּרונגען צו די זעלנער. דאָס מיידל האָט זיך דעמאָלט די אויגן אויסגעוויינט אַהיימקומענדיק.

— אַן אומגליק זאָל עס געשען! — גיט ער אַ קלאַפּ מיט אַ קופּל ביר אין טיש אַריין — איר גאַנץ פֿירן זיך מיט מיר איז געווען אויף אַזאַ אַרט... שטענדיק נאָר געלעגן אויפֿן בעט און געוויינט. וועגן וואָס? ווייל זי האָט מיך געוואָלט, צי ווייל זי האָט מיך נישט געוואָלט? וועגן וואָס וויינט אַ מיידל?...

— זאָגט איר, אַז איר האָט זי געוואָלט?

— פֿרעגט זיך ביי די שטוב־מענטשן און אַלע שכנים.

— דאָס איז אַ פֿאַרשאַרטקייט פֿון אייער זייט. און דאָס בריוועלע, וואָס איר האָט אַראָפּגעלאָזט אויפֿן שאָסיי?...

— מענטש, זאָל איך ברענען ווי אַ פֿייער, אויב זי האָט נישט געזוכט עקסטרע תּרוצים... וואָרן איך זאָל גלייבן, אַז עס האָט זיך איר פֿאַרשטעלט פֿאַר די אויגן, קאָן איך אויך נישט. וואָרן איך האָב דאָך איר געוויזן שפּעטער, אַז עס איז אַ לאָטעריי־צעטל... און פֿאַרוואָס זשע האָט זי מיר נישט געגלייבט, האַ? האַ?

— און דאָס מיט דער צווייטער סלוזשבע?

— אַ שפּיצל, בנאמנות... וואָרן איך האָב שוין געזען סיי־ווי־סיי, אַז איך בין אַ פֿאַרלוירענער...

— און מער זענט איר אין דעם גאָרנישט שולדיק?...

— גאָרנישט, ברודער, גאָרנישט! — האָט ער ביי דעם לעצטן וואָרט געגעבן אַ פֿאָל צוריק מיט די פּלייצעס אויף דעם אָנלען פֿון דער שטול ווי אַן אומבאַהאָלפֿענער. און פֿאַרטראַכטנדיק זיך אין דער ווייטקייט אַריין, האָט ער אַ קרענקלעכן שמייכל געטאָן:

— דאָס ערשטע מאָל דערזען זי, ווען איך בין נאָר אין שטוב צו זיי אַריינגעקומען, גלייך פֿון די זעלנער, שטייט זי מיר נאָך פֿאַר די אויגן...

איך האָב זיך געזעגנט מיט אים, און אַרויסקומענדיק אויף דער גאַס, ערשט דעם אָטעם געכאַפּט:

— וואו גייט מען איצט? וואָס זאָל איך איר זאָגן?...

# דער לערער גרינשטיין

דער לערער מאַקס גרינשטיין איז איין מאָל אַ לאַנגע צייט נישט געקומען צו גאַסט אין זיינער אַ גוט באַקאַנטער שטוב צוליב דעם, ווייל די הויזן זענען אים געווען אויסגעריבן אין די סאַמע ראַנדן איבער די קאַמאַשן און ווייל אין יענער באַקאַנטער שטוב איז געווען אַ שיינע פריילין מיט בלאָע אויגן, אַ לענגלעך געזיכט און אַ בלאָנדן לאָק האָר איבערן הויכן שטערן. אין דער באַקאַנטער שטוב מיט די אַראָפּגעלאָזטע גאַרדינען איבער די פענצטער האָט שטענדיק געהערשט אַן אויפגערוימטע טונקלקייט, וועלכע האָט צוגעגעבן דער פריילין זייער אַ רואיקע און סימפּאַטישע בלאַסלעכקייט, און בשעת זי פלעגט אַרומשווימען איבער די געוועקסטע פּאָדלאָגע אין די שטעק־שיכלעך, האָט זי אויסגעזען זייער „ראָמאַנטיש און גראַציעז, ווי אַ גריכישע געטין". צום אומגליק, זענען גרינשטיינס הויזן געווען צו אָפּגעריבן...

נאָר איין מאָל אין אַ שיינעם פרימאָרגן, ווען אין זיין שטוב האָט דאָס ערשטע מאָל געהאַט איבערגענעכטיקט אַ נייער אַנצוג אויפן רוקן פון שטול, וווהין דער שניידער האָט דאָס נעכטן שפּעט ביי נאַכט אַרויפגעהאָנגען, נישט טרעפנדיק מאַקסן אַליין אין שטוב — האָט מאַקס, אויפשטייענדיק פון געלעגער, שוין געהאַט אַ פול האַרץ מיט אַ שטילער פאַרבאָרגענער פרייד. ער האָט געטראַכט וועגן דעם, אַז ער וועט זיך באַלד אָנטאָן אין זיין נייעם געפּרעסטן אַנצוג אַריינקומען אין יענער באַקאַנטער שטוב... ווי אַזוי די מוטער פון דער פריילין פּאָלינאַ וועט אים באַגעגענען... און כאָטש דער וויזיט וועט אַציגד אויסקומען אַ ביסל נישט אין זיין געוויינלעכער צייט, ווייל אַלע ווייסן, אַז אין דער פרי איז ער באַשעפטיקט מיט זיינע לעקציעס, און וועט אַוודאי אַרויסרופן פאַרוואונדערונג, נאָר פונדעסטוועגן וועט זי, די מוטער, אים באַלד פרעגן:

— אַ, וואָס מאַכט איר, פּאַניע גרינשטיין?

און ער וועט איר פריינדלעך ענטפערן, אַז: נישקשה, מען לעבט און מען איז דאַנקען גאָט צופרידן.

„דאַנקען גאָט", ווייל מיט דער אַלטער — טראַכט ער שטיל בגנבה— דאַרף מען אַזוי שמועסן...

— מען פאַרדינט גוט... — וועט ער איר דערציילן — מען לעבט זיך גאַנץ גוט, שטיל, שיין, און, ווייטער, גאָרנישט...

אונטערבינדנדיק דעם שלייף אונטערן קאַלנער אַנטקעגן שפּיגעלע, וואָס שטייט אויפן טיש, שמייכלט ער אַזש פאַר גרויס הנאה: ווי וואויל געפעלן עס וועט איר אַזאַ, נישט מיט קיין באַרימערייי אַנגעפּילטער, ענטפער...

אָפּגעפאַרטיקט מיט דער טואַלעט, האָט ער זיך גלייך געלאָזט גיין צו פאַולינאַס שטוב, אין דעם נייעם אַנצוג מיט דעם שטעקל אין דער האַנט, אויסגעפּראַנטעוועט אויפן שענסטן שטייגער.

נאָר גייענדיק אויפן וועג מיט דעם ניכטערנעם מאָגן, האָט ער זיך דערווייל איינגעקויפט: אַ פונט באַרנעס, אַ פונט עפּל, אַ הענגל ווייַנטרויבן און אַ קליין ביסעלע פלוימען, אַזוי נישט קיין סך, נאָר אַ רעשטל, וואָס בלייבט איבער ביי די יידענעס אין קיישל אויף צו לעצט, וואָס מען פאַר־קויפט עס שוין נישט אויף דער וואָג, נאָר אויפן קופּקעלע... אַוועקגייענדיק פון דער יידענע מיט גאַנצע פיר פול אָנגעפּאַקטע פּאַפּיר־בייטלען אויף יעדע האַנט, איז ער זיך געגאַנגען און געגעסן, געגאַנגען און געגעסן, אַלץ בענטער קומענדיק צו זיין ציל... ס'הייסט, צו דעם הויז, וואו ער איז גע־גאַנגען, און גאָטס וואונדער! ווען ער איז שטיין געבליבן הינטער יענער טיר, זענען די פּאַפּיר־בייטלען פּונקט געוואָרן אויסגעליידיקט, גלייך דער וועג מיט דעם מאָגן מיט די פּאַפּיר־בייטלען וואָלטן געהאַט אַ באַ־שטימטע אָפּגערעדטע מאָס צווישן זיך; — און גרינשטיין, אָפּהוסטנדיק און אויסגלייכנדיק זיך אין זיין גאַנצער פיגור, האָט זיך געקליבן שוין אַריינ־צוגיין.

נאָר דאָס באַגעגענען אים איז עפּעס געווען אַ ביסל טשיקאַווע, נישט ווי ער האָט גערעכנט. ער האָט גערעכנט, צום ביישפּיל, אַז צום ערשטן וועט מען אים פרעגן:

— וואו זענט איר געווען, „פּאַניע" גרינשטיין, אַזאַ לאַנגע צייט? פאַרוואָס האָט מען אייך נישט געזען, אָדער, צי האָט איר נישט, חלילה, עפּעס אַנטקעגן אונדזער הויז?

און דאַן וואָלט ער, פאַרשטייט זיך, ווי אָפּגעשאָקלט זיך: חלילה!... אַז ער האָט גאָרנישט אַנטקעגן. און אויף אַ גאַנץ באַשיידענער, שטילער אַרט, וואָלט ער זיך אַנטשולדיקט און געבעטן פאַרצייאונג: אַז אַזוי ווי אין דער

לעצטער צייט האָט ער זיך געגרייט צו די עקזאַמענס, וואָס קומען היינט פאָר, איז זעלבסטפאַרשטענדלעך, אַז ער האָט נישט געקאָנט אַריינקומען — מחמת ער קלערט אַרויסצובאַקומען אַן אַטעסטאַט פון אַ יידישער גימ־נאַזיע מיט פראַוועס אויף זעקס קלאַסן...

אַזוי, הייסט עס, האָט ער געקלערט גאַנץ איינפאַך צו ענטפערן. נאָר ווען איז דאָס, אַז דאָס באַגעגענען וואָלט געווען צוגעגאַנגען ווי ער, צום ביישפיל, האָט געטראַכט. ס׳הייסט, גאַנץ נאָרמאַל, ווי מען דאַרף באַגעגענען אַ מענטש, וועלכער איז שוין נישט געווען צו גאַסט אַ לאַנגע צייט . . . איז אָבער די קליינע דאַרטשע, פּאַולינאַס יינגסטע שוועסטערל, אים אַנטקעגנגעשפּרונגען ביי זיין אַריינקומען און אָנגעהויבן צו פּאַטשן אין די הענטלעך מיט פרייד און אַ געקוויטשעריי:

— הער גרינשטיין האָט שוין אַ נייעם גאַרניטור, אַ נייעם גאַר־ניטור...

ער ווייסט נישט וואָס די פרייד איז געווען; צי האָט עמיצער פון דער שטוב געזען אים נעכטן אויף דער גאַס אין יענע אויסגעריבענע הויזן, אָדער אפשר האָט מען דאָ איבערגעשמועסט, אַז צוליב דעם קומט ער נישט אַריין?...

נאָר סיי ווי סיי, ווי אַזוי די מעשה זאָל נישט זיין, האָט זיך אים געדאַכט, אַז מען ווייס, פאַרוואָס ער איז נישט געקומען.

— מזל טוב אייך... — האָט אויך פּאַולינאַס מוטער געזאָגט צו אים פון הינטער די פּלייצע. און ווען ער האָט זיך אומגעדרייט, האָט ער דערזען זי אין אַן אויסגעפּוצטע, שוין אָנגעפּודערט, מיט דעם פּעלץ־קראַגן איבער די אַקסלען, מיט אַ טעשל געלט אין דער האַנט, און די דינסט מיט דעם קערבל, מיט וואָס מען גייט איינקויפן פּראָדוקטן אַלע אינדערפרי, איז שוין געשטאַנען ביי דער זייט.

די דינסט, האָט ער געזען, האָט אויך גאָר „באַחנט" געשמייכלט, קוקנדיק אויף זיין נייעם אַנצוג — און ער איז אַריין אין גרויס פאַרלעגנ־הייט; צי ליגט ער נישט גוט; אפשר ברייט ווי אַ זאַק, אָדער וואָס?

— וואָס איז?... — האָט ער זיך אַזוי נישט ווילנדיק אַרויסגערעדט.

— גאָרנישט, — האָט פּאַולינאַס מוטער געענטפערט — זייער פיין, זייער פיין... האָט זי נאָך צוגעשמייכלט, און אָנדייטנדיק מיטן קאָפּ אויף די טיר פון דעם וויטערדיקן צימער, האָט זי אים געבעטן:

— גייט, זייט זשע מוחל, אַריין; מייַן טאַטער זיצט שוין ביים סאַמאָוואַר.

און די קליינע דאַרטשע, דערהערנדיק דער מוטערס לעצטע ווער־טער, האָט זיך געגעבן אַ וואָרף צו אים, אַרומגעוויקלט זיך מיט ביידע הענטלעך אַרום זיינע פיס, אַזוי אַז פון גרויס פלאָנטער איז ער שוין נישט אַריבערגעגאַנגען איבער די שוועל, נאָר אַריבערגעפאַלן גלייך אין צימער אַריין, געבליבן שטיין מיט אַן אָנגעשטרענגטן קאָפּ, פּונקט אַנטקעגן אַ שפּיגל, נאָר אָנצושטויסן זיך מיט אים... צוגעפאַלן אַהין מיטן קאָפּ, איז ער געבליבן שטיין אַ דערשטוינטער: דער קראַגן און פון פאַרהעמדל דאָס לעצל, וואָס ליגט אויפן קאַרק, טיף אַריינגעמאַכט אונטערן וועסטל, איז אים דאָס מאָל געלעגן אינגאַנצן פון אויבן איבער דעם קאָלנער פון דעם נייעם אַנצוג — און אויס פאַרצווייפלונג, ווען ער האָט דערזען, אַז פאָולינאַ, וואָס שטיקט זיך אַזש פון איינגעהאַלטענעם געלעכטער, פרעגט אים: — א, „פאַניע" גרינשטיין, וואָס מאַכט איר ? !...

— איז ער באַלד אַהיימגעגאַנגען און האָט אויסגעשפּיגן אַ שטיק לונג, נישט קוקנדיק דערויף, וואָס ער איז געווען אַזאַ געזונטער יונג, אַז איבער דעם קליינעם שטיקל וועג, פון גאַס ביז צו פאָולינאַס שטוב, האָט ער געקאָנט אויפעסן פיר פולע אָנגעפאַקטע פאַפּיר־בייטלען מיט אויבס.



# אין טאָג פון געריכט

## דער באַפרייאונג פון פוילן

(דראַמע - פּאָעמע. איינאַקטער).

פּערזאָנען:

| | |
|---|---|
| אַ ריכטער. | הערשעלע. |
| אַ דאָקטאָר. | אַ יידענע. |
| מענדעלזאָן. | אַ ייד מיט אַ קויש. |
| אַ מיליציאַנט. | איינער אָן אַ נאָז. |
| אַ פורמאַן. | די געריכטיקייט. |
| אַ קריסט. | פּובליקום. |
| שמואל. | |

(אַ געריכט־זאַל. מאָרגן־שטונדע. הינטער די שטאַכעטלעך ביי דעם ריכטער־טיש און אויף די בענק פאַרן פובליקום איז נאָך קיינער נישטאָ, אויסער שמואל און זיינס אַ יינגל הערשעלע).

הערשעלע:

וועז מיר זענען דאָ געקומען,
ווי אַזוי זיך האָט דערנומען
פונקט דער קריסט דאָ אויך אַהער?
איז אַן עדות מוז זיין ער?

שמואל:

פעלן שונאים דען, מיין קינד?
גאָט זאָל געבן נאָר געזונט . . .

הערשעלע:

אים, דעם קריסט דעם זעלבן,
האָב איך, אויב געדענקסט, אין
באָד געזען;

וואו דער „נומעראָווע" האָט אים
אויפגעקלערט, געגע'ן פאַרשטיין,
אַז בנימין, אַז דער קליינער
ברודער מיינער גייט אין קליידער
זייד און וואָל —
און דאָס קינד דעם קריסטס, וואָס איז דאָן
אויך געווען גראָד צוזאַמען —
נאַקעט, גאָל...

ש מ ו א ל:

איך ווייס, איך ווייס, אַז אַלץ
איז זייער: מיין הויז, מיין היים,
מיין האָב און גוטס —
אויך די גלעזער פון
סאַרוועטקע, די געשליפענע
אַ טוץ.

ה ע ר ש ע ל ע:

ווייסט וואָס נאָך דער
קריסט דער זעלבער
האָט געטאָן?
צו דער מאַמען קומט ער
קויפן, רופט זיך אָן:
„פאַר דער שטעלע מוזטו
טייער, טייער צאָלן?"...
און די מאַמע זאָגט צו
אים: „דו קענסט דיר מאָלן"...
„דען 'געזאַלצן' טייער —
זאָגט ער — קאָסט די סחורה"...
„טויזנט מאַרק דאָס שטעלכל
איז נישט קיין מורא?..."

ש מ ו א ל:

נו, איז וואָס זשע?

ה ע ר ש ע ל ע:

אַ, איז וואָס זשע? האָט זי

אויסגעזאָגט דעם סוד, דעם פּרייז אים.
גייט צום קאָנקורענט, צום
קריסט, ער באַלד דערציילן —
און מיר ליגן
טיף פיר איילן...
שמואל:
האָב מנשהן אָנגעזאָגט איך
אויף דער דעקלאַראַציע היי־יאָר
הונדערט רובל מערער שטעלן...
און אַצינד שוין אויסצודינגען
מעג ער, אויב נאָר ער וועט וועלן...
(אַ ייִד מיט אַ קויש אויף דעם קאָפּ און אַ פּאָוויעסטקע אין דער האַנט קומט אַריין).
שמואל:
דו ביסט אויך דאָ?
אַך דו איינער!
גוט — אַ וואָרט וועט
זיין צו שמועסן,
דען נאָך פרי, נישט
דאָ נאָך קיינער...
ייִד:
אָך און וויי צו
מיינע ביינער!...
וואָס געדאָרפן
האָב איך קומען?..
האָט דער רוח מיך
אָנגענומען,
אָט דאָס קיישל
אָן געוועלבלס
טיר צו שטעלן.
און איך זע שוין,
אַז קיין צרות
וועט פון דעם מיר
איצט נישט פעלן...

שמואל:

אַך, אַך, אַך, אַך —
גוטע צייטן
האָט אין פּוילן
זיך באַוויזן —
מיט איין מאָל איז
אויסגעוואָקסן
אין דעם לאַנד
אַזוי פיל ריזן...
(איינער אָן אַ נאָז קומט אַריין).
וואָס איז דאָס?

אָן אַ נאָז:

וואָס זאָל זיין דען?
גאָר נישט — — —
אָן אַ נאָז...
(עס קומט אַריין דער ריכטער, פּובליקום.
אַלע פאַרנעמען זייערע ערטער).

ריכטער:

וואָס זשע הערט זיך, שמוליע מיינער —
זיצסט אַזוי אַליין דאָ איינער?

שמואל:

יאָ, איך זיץ, עס פעלט קיין בענק:
לייג דיך, שלאָף, כאַטש אין דער לענג...
כ'האָב נאָר מורא, ס'וועט זיך בייטן...
אַנדערע גאָר קומען צייטן...
אָנגעפילט וועט זיין דער „סאָנד",
באַלד די הינער פון דעם „באָנד"
וועט מען שלעפּן אין געריכטן,
אויסער איין גאָט זאָל פאַרריכטן...

ריכטער:

וואָס זשע מיינסטו, שמואל דו מיינער —
טויג דיר נישט דער פּוילן־„קאָנט"?

**שמואל:**

קאָן איך שלעכטס דען ווינטשן פוילן?
כ׳האָב אַזוי לאַנג דאָ געוואוינט!...
נאָר, פאַרשטייסטו, ווען דאָס קעלבל
ליגט אין שטאַל אַ גאַנצן ווינטער
און צום מאַי מען לאָזט אַרויס עס,
ווערט עס הייטער, ווערט עס מונטער...

**ריכטער:**

נישט קיין חידוש, ליבער פריינט...

**שמואל:**

אויך אַ ספּראַווע איך האָב היינט...

**ריכטער:**

נו, אין וואָס זשע זאָל דיר גיין?
איך בין גרייט צו דינסט דיר שטיין...

**שמואל:**

נאָר די ספּראַווע, וואָס איך האָב,
איז אַ ספּראַווע נישט געוויינלעך.
דאָס, הער ריכטער׳, דאַרף דיר איצטער,
דאַרף אַליין זיין זעלבסט־פאַרשטענדלעך...
דען דו קענסט דאָך מיך פון לאַנג שוין,
כ׳בין קיין גנב נישט חלילה —
און אויך קיין פּראָצענטניק בין איך,
קיין דיסקאָנטעס מאַך אַפילו.
נישט קיין גנב, גאָט באַהיט מיך.
דאָס, הער ריכטער, מעגסטו וויסן —
און קיין בייגל־כאַפּער אויך נישט, —
נאָך אין „פּאַוויאַק” נישט געזעסן...
דען די באָרד ביי מיר איז גראָ שוין,
און די הענט שוין אויך צו אַלט...
נאָך אַ יאָר און נאָך אַ יאָר — דאַן
קום איך אין דעם קבר באַלד...
נאָר וואָס דען זשע איז מיין ספּראַווע?
איך אַליין האָב אָנצוקלאָגן...

נו, הער ריכטער, ווערסטו הערן
אָט וואָס איך האָב איצט צו זאָגן...
נאָר איך בעט דיך, אַז מיט אַכטונג
זאָלסטו דיך צו מיר באַציִען —
ווייל נישטאָ שוין יענע פּריצים, —
זאָלן זיי פאַר אונדז זיך מיען...

ריכטער:
יענע פּריצים? וועלכע מיינסטו?

שמואל:
די וואָס פלעגן משהן שמייסן.
ס׳איז אַן אַלט־באַקאַנטע זאַך דאָך...
אַלע, אַלע, אַלע ווייסן...
ס׳איז געווען אַמאָל אַ מעשה
מיט די אַלטע אַרענדאַרן,
וואָס די פּריצים פלעגן הייסן
אין די קעלערן פאַרשפאַרן.
אָט די מעשה האָט די באָבע
מיר אין וויגל נאָך דערציילט —
ווי דער פּריץ האָט דעם משהן,
מאָשקען נעבעך, זייער געקוועלט.

ריכטער:
אַך, וואָס רעדסטו אַך, ווי נאַריש.
האָט דער פּריץ שלעכטס געטאָן?
אָפּן איז דער הויף געווען,
מאָשקע נעמט, וואָס ס׳שמעקט אים אָן.

שמואל:
ניין, גענומען האָט דער פּריץ
אַלץ, וואָס אים איז נאָר געפעלן...
נישט קיין מורא, נישט קיין מורא —
קאָנסט דיך נישט אַנטקעגנשטעלן...

ריכטער:
האָט דער פּריץ גאָר באַגנבעט
אים, דעם משהקען, ווילסטו זאָגן?...

אַך, די רייד, ווי באַריש, דיינע,
קאָן איך גאָר שוין נישט פאַרטראָגן.
שמואל:
ווען גענומען ר'האָט זיין טאָכטער,
איז שוין אויך גענוג געוועזן...
האָסטו דאָקומענטן אַלטע? —
קוק אַריין דאָרט, וועסטו לעזן...
ריכטער:
קאָן די זון דען שולדיק זיין, די
בלום, אויב קערט צו איר דעם בליק?
קעגנטייל, מיר דאַכט, זי ברענגט נאָר
פאַר דער בלום אי שטראַל אי גליק...
שמואל:
אָבער מיר, מיר יידן, טאָרן
צו מלכים גאָרנישט בליקן —
ווייל עס שאַט אונדז יענעס ליכט גאָר,
נישט געווינט גאָר דאָרט צו קוקן.
און פיל מאָל געטראָפן האָט, דער
פאָטער בלייבט אין קינדער־צער —
און דאָס פאָלק נאָך בלייבט פאַרראַטן,
און דאָס פאָלק נאָך בלייבט צום נאַר...
ריכטער:
איז פאַרוואָס זשע, משהקע, האָסטו —
אַז געווען דער צער איז גרויס —
נישט געזעגנט אָפּ דעם פריץ
און פון לאַנד נישט גלייך אַרויס?...
שמואל:
ערשטנס: הייס איך גאָרנישט משהקע,
דו פאַרגעס נישט, איך הייס שמואל, —
מיין נישט, אַז פאַרצייטנס איז דיר —
האַלט עס דיר נישט פאַר קיין שפּיל...
צווייטנס:
נישט געוועזן איז דיין ווילן,

אַז מיר זאָלן צו דיר קומען...
דער וואָס האָט אַהער געבּרענגט אונדז,
דער וועט אויך אַרויס אונדז נעמען...
ר י כ ט ע ר:
גלייבּסטו, אַז עס וועט די צייט, וואָס
זאָגסטו, ווען נאָך, ווען נאָך קומען?
ש מ ו א ל:
דען אויבּ נישט — „די צונג זאָל ווערן
צוגעקלעפּט מיר צו דעם גומען;
און מיין רעכטע האַנט זאָל ווערן,
אויבּ נישט אמת, אָפּגענומען"...
ר י כ ט ע ר:
נו, פאַרוואָס זשע, בּעט איך, זאָג מיר,
וואָס זשע שווייגט ער, קוקט אַלץ צו?
נישט בּאַליידיקן, חלילה,
אויף מיין פרעגן דיך זאָלסטו...
ש מ ו א ל:
אַך, דאָס האָט מען לאַנג געפרעגט שוין,
נאָך אין דודס אַלטע צייטן —
טפשים, שוטים, נאָך מיט יאָרן,
אויבּעט היינט און גאַנץ פאַרצייטן...
ר י כ ט ע ר:
וועלכן מיינסטו, וועלכן דוד, —
וואָס געשפּילט האָט אויף אַ פידל?
דער וואָס האָט אַליין פאַרפאַסט, מען
זאָגט, אַ הערלעך, שיין גאָר לידל?...
ש מ ו א ל:
יאָ, דער דוד, וואָס געקיניגט
איבּער ציון האָט מיט שטאָלץ —
און צעבּראָכן אַלע פיינט האָט,
זיי געלייגט ווי סטערדעס האָלץ.
ר י כ ט ע ר:
איז דאָס אמת, אַז די פידלען

אויף דעם בבלס טייך נאָך הענגען
פון אַזוי פיל יאָרן, יאָרן,
וויפל צייט ס׳איז שוין פאַרגאַנגען?...

ש מ ו א ל :

צי זיי הענגען איצטער אויך נאָך
אויף דעם טייך דאָרט, ווייסט נישט קיינער;
נאָר כ׳בין זיכער — די השגחה
היט פון שקצים זיי און שטיינער...

ר י כ ט ע ר :

טאָ, נו זאָג מיר: ווּעט איר שפּילן
נאָך אַמאָל אויף יענע סטרונעס?...

ש מ ו א ל :

דער קיין ייד וואָלט נישט געווען,
וואָס האָט אין דעם קיין אמונות...

ר י כ ט ע ר :

ביסט אַ וואוילער ייד גאָר, כ׳לעבן...
ווי איך ליב דיך, דו זאָלסט וויסן...
אי אַ קאָפּ דו האָסט אַ גוטן,
אי אַ וואָרט מען קאָן אויך שמועסן...
איצט נאָר לאָמיר דאָס אָפּלייגן
און אָפּהאַקן פון דעם אַלעם —
דאַכט, אַ ספּראַווע האָסטו פאַר מיר.
רעד — איך הערן בין אַ בעלן...

ש מ ו א ל :

ס׳איז געווען לאַנג אַמאָל גאַנץ,
גאַנץ אַמאָל אין אַלטע צייטן,
ווען אַהער בין איך געקומען,
מיד פון וועג, פון זייער ווייטן...
נישט קיין טויער מען זאָל באַקרענצן
האָב פאַרלאַנגט איך, גאָט באַהיט...
אַ געלעגער נאָר צו קריגן,
וועל איך פרייען מיך דערמיט...
און די פּריצים פון פאַרצייטנס

פלעגן ליבן בלאָזנס זען,
איז דער משהקע אָן אַ ברירה
זיי אַ בלאָזן אויך געווען...
אים געהייסן לידלעך זינגען,
האַלב אויף פויליש, האַלב אויף יידיש
און האָט זעקסערס אויך באַקומען,
און געמאַכט באַרוט זיך שבת...
און אויך „ספראַוואונקעס" דעם פריצס
פלעגט ער שלעפן, פלעגט ער הייבן,
און דערפאַר וואָס צו פאַרדינען,
און דער פריץ פלעגט אים גלייבן...
אויך מסירהלעך צוטראָגן —
איך קיין זאַך נישט לייק'נען וועל —
נאָר אין דעם דעם פריצס שולד איז,
דאָס איז קלאָר, ווי ליכט איז העל.
און נישט איין מאָל האָט געטראָפן,
משהקען אַז מען האָט געשמיסן —
דאַכט זיך, אַז דאָס איז קיין נייעס —
אויך דו, ריכטער, מוזט עס וויסן...
דאָך געוועזן איז פאַרשידן:
יאָרן זענען פיל אַריבער —
פוילן איז פאַרשקלאַפט געוואָרן,
ס'איז די רוט דעם לאַנד אַריבער.
ס'גלוסט דעם פריץ מער קיין בעלער
און זיין ייִד צו לאָזן טאַנצן...
דען אַריין עס איז דער שונא
און פאַרכאַפט דאָס לאַנד אינגאַנצן.
דעמאָלט איז אַ צייט געקומען,
זייער אַ גרויסע צייט געקומען,
פוילן גאַנץ איז אויפגעשטאַנען,
צום געווער זיך גענומען.
איך געדענק עס, פונקט ווי היינט נאָך,
ווי מיין באָבע פלעגט דערציילן,
און פאַר פרייד די טרערן פלעגן

אין דעם אויג ביי מיר זיך שטעלן.
ס'איז אַמאָל אַ צייט געווען,
פוילן איז געווען דאַן רייך,
אירע פּריצים, אַך, אַ שפּאַס גאָר,
זיי קיין קעניג איז נישט גלייך.
און עס לויפן נאָר שטאַפּעטן,
קאָטשן — זילבער, גאָלד באַדעקט,
איבעראַל מען האַלט אָפּ „סיימען".
עפּעס האָט זיך דאַן געוועקט...
אין אַ צייט אַרום, שוין שפּעטער,
פיל לעגיאָנען שוין מאַרשירן,
מיט געווערן, ביקסן, שווערדן,
אויסגעקליידט שוין אין מונדירן.
ווער אַ האַנט נאָר האָט געהאַט,
ברויט געגעסן האָט צו זאַט,
דען די פּריצים אויפגעעפנט
האָבן אַלע „סקאַרבעס" גאָלד,
און אַבי דאָס לאַנד צו רעטן —
נעם פּאַרדיך, פיל וואָלסט געוואָלט
ביי דעם ברייטן ווייסל־קאַנט,
ביי דעם לאַנגן ווייסל־ראַנד.
אין דעם אַלטן פוילן־לאַנד,
נתעשר ווערט ווער ס'האָט אַ האַנט.
דען עס האָט קיין זאַך געפעלט דאַן,
פוילן האָט פון שאָף און רינדער,
מילך און האָניק ווי דאָס וואַסער
פון דעם קוואַלן — פליסט געשווינדער.
האָ, האָ, האָ! אַ שפּאַס אַ לאַנד
איז געווען דער ווייסל־קאַנט
ביי דעם לאַנגן ווייסל־ראַנד —
אַלץ פּאַרדינט, ווער ס'האָט אַ האַנט:
אי דער קאָוואַל, וואָס ער קאָוועט,
אי דער שניידער, וואָס ער נייט.
און די פּריצים — אין די גאַסן

האָבן זיי דאָס געלט געזייט.
נאָר געוואָלט עס האָט נישט גאָט דאַן,
אַז דאָס לאַנד זאָל אויך געווינען,
קיין תחבולות האָט געהאָלפן, —
און נאָר טייכן בלוט עס רינען...
אַלע נאַכט עס לייגן פּריצים
הונדערט אָקסן יעדער איינער,
און לעגיאָנען עסן, טרינקען,
דאָך גאַנץ פּרי עס בלייבט נישט קיינער...
און די קעסלען — אַלע ליגן
אויסגעדרייט שוין און צעהאַקט;
ווי אַ פּוקס, פּונקט ביי דעם עסן
האָט דער שונא זיי געפּאַקט...
ווערמענס היטל, וועמענס שווערד עס
איז דאָ אויף דעם פּלאַץ געבליבן,
ווער אַן שטיוול, אַן מונדירן
האָט אין וואַלד זיך אומגעטריבן...
„גיליוועץ" און „סעראַקאָמליע"
האָט געלויכטן יענע נאַכט, —
נאָר, אוי וויי, דער מאָרגן האָט זיי
וויסטעניש זייער פּיל געבראַכט...
און דעם פּריץ אויפגעהאַנגען
אויף אַ בוים מען האָט אין דרויסן:
„כאָטש אַ גלעזל טיי אויסטרינקען..."
בעט דעם פּיינט ער פאַר זיין גוססען...
אין „רוזשאַנער" וועלדל האָט מען
אויך די קאַסע דאַן געטראָפן,
פּונקט קאָזאַקן פון דער זייט וואו
זענען דעמאָלט אַנגעלאָפן...
אַ געפּעכט האָט אויסגעבראָכן,
הייס צעברענט זיך האָט די שלאַכט,
און כּל־זמן איין אָדער לעבט נאָך,
האָט דער שונא נישט קיין מאַכט...
און דעם לעצטן לעגיאָניסט ערשט

פון דער קאַסע אויף די שפּיזן
האָט דער פּיינט אַראָפּגענומען —
און אַזויערנאָך זענען זיי ערשט
צו דער קאַסע צוגעקומען.
זע, אין ווערלדל אין „רוזשאַנער"
שטייען צלמלעך דאָרט געשטעלט:
נישט פאַרגעסן זאָל דער ווערן,
ווער געפאַלן איז ווי אַ העלד.
אָט אַזוי דעם לאַנד פאַרוויסטונג
האָט דער שונא דאַן געבראַכט —
און פאַר ייִדן האָט זיך דעמאָלט
צרות גרויסע באַלד געמאַכט.
באַלד אַ חשד איז זיך צעגאַנגען,
אַז די ייִדן זענען שפּיאָנען,
כאָטש פון זיי דאַן בלוט פאַרגאָסן
האָבן טייל אין די לעגיאָנען.
און דערוויילע, וואַרשע קאָכט שוין,
פּראַגע איז אַרומגענומען;
אַלע הערצער שטאַרבן אָפּ — באַלד,
באַלד אָט וועט דער שונא קומען...
ווען געפאַלן די ערשטע קויל איז,
און דאָס טויער זיך האָט געבראָכן,
האָט מען מענטשן אויף די גאַסן
פיל געשאָכטן, אויסגעשטאָכן.
פופצן טויזנט ייִדן זענען
אין דעם זעלבן טאָג געפאַלן,
און פאַרבלוטיקט איז געוואָרן
אַלע ברונעמס, אַלע קוואַלן.
און אַ זיפץ זיך האָט געטראָגן
איבער פוילנס לאַנד און ערד:
„גאָט, דערבאַרעם דיך! — אָכצט דאָס פאָלק שטיל —
זע, פאַרוויסט אונדז האָט די שווערד!"
און צעטיילט דעם פּריצס ערד ווערט,
צו פאַראָבקעס אָפּגעגעבן...

זאָל דער פּריץ מער נישט „אויפשטיין״,
זאָל אין דתקות ער איצט לעבן.
און די בעסטע מענטשן האָט מען
אין דער ווייט וואו, ווייט פאַרשיקט,
צי צום לעבן, צי צום שטאַרבן,
קיינער האָט זיי אָנגעקוקט...
און צוזאַמען מיט דעם פּוילן
איז דער ייִד פאַרקנעכט געוואָרן,
פון דעם טאָג אָן פון דעם בייזן,
ווען געברענט עס האָט גאָטס צאָרן...
אָט אַזוי אַמאָל געווען
איז אין ברייטן ווייסל־קאַנט,
און פאַרוויסט איז דאַן געוואָרן
אָט דאָס שיינע פּוילן־לאַנד.
נאָר האָט איין מאָל גאָט געשוואוירן,
אַז קיין זאַך זאָל אייביק דויערן,
אויכעט שטיינער מוליען אָפּ זיך
און עס שיטן איין זיך מויערן...
די „נאַהייקע״ האָט געסווישטשעט
און עס האָט די לופט געפּייפּט,
און די אונטערטאַנערס הערצער
קאָרטשען זיך, דאָס לייב פאַרשטייפט...
דאָך איז גרויס נאָך אָבער פּוילן —
נאָך איז פּוילן נישט פאַרלוירן !...
פּוילן, אָט דאָס שיינע לאַנד,
וועלכעס גרינטביים ווייסל־ראַנד.
פּוילן לעבט נאָך איין מאָל אויף,
פּוילנס יאָך שוין נעמט אַ סוף — — — —
און איך בעט דיך איצטער, ריכטער,
אויסגעהערט מיך האָסט טשיקאַווע,
פּסקן מיר אַצינד מיין ספּראַווע...

ר י כ ט ע ר:

איך פאַרשטיי נישט, וואָס זשע ווילסטו,
אויפגעלעבט אַז אויך האָט פּוילן —

ווילסטו אויך דיר וואָס אויספּועלן?...

שמואל:

ניין, ווער זאָגט עס?... וואָס דען פּועלן?
ווערט מען מיר דען אויך וואָס געבן?...
אַך, איך וויל נאָר, אַז מען זאָל מיך
כאָטשבי, כאָטשבי לאָזן לעבן...

ריכטער:

יאָ, אויף לעבן יעדער רעכט האָט,
קיינער קאָן נישט זאָגן — ניין...
אָט דעם פּסק וועל איך דיר געבן,
דאָס וועט אַנדערש גאָרנישט זיין...

שמואל:

טאָ, נו וואָס, זע, פּאַר אַ טעם האָט —
אַדרבא, וואָס איז דאָס?
איינעם שלעפּט מען מיט אַ קויש דאָ
און דעם צווייטן אָן אַ באָז.

ריכטער:

ווער איז דאָרט דען, ווער איז דאָס?

שמואל:

איינער משהקע, איינער חיים,
אָדער גרוינעם, יקבה״ז...

ריכטער:

אַך, אַ מעשה־פּליאה דאָס...
(עס לויפט אַריין אַ ייִדענע).

ייִדענע:

גיי נאָר, גיי נאָר,
שמואל, אַ בראָך איז
שוין צו דיר!
ועסט שוין שטיינער,
שטיינער פרעסן —
ווי איז מיר. (אָטעמט שווער)
אויסגעדוגגען
האָט די שטעלע

שוין דער קריסט,
און דו שטייסט דיר
אַט אַ דאָ נאַר,
און דו שמועסט...

שמואל:

ריכטער, זע —
אַנטשולדיק מיר —
שפּעטער קום איך
צוריק צו דיר...
קענסט אַ ווייב נישט
פּטור ווערן,
ליידיק וועט זי
צוריק נישט קערן...

ריכטער:

גיי זשע, שמואל — אויף
ווידערזען.
וועסט דאָך קומען
באַלד צו גיין?...
(שמואל פאַרנייגט זיך, גייט אַוועק מיטן ווייב
נעמען מיט הערשעלען).

ריכטער:

נו, ווער נאָך איז?
האָט נאָך ווער וואָס
אָנצוקלאָגן,
זאָל ער קומען
דאָס אָנזאָגן.

ייד (פון קויש):

אָך און וויי צו
מיינע ביינער...
וואָס געדאַרפן
האָב איך קומען?...
האָט דער רוח מיך
אָנגענומען

אָט דאָס קיישל
אָן געוועלבלס
טיר צו שטעלן,
און אַ מיליציאַנט
זאָל קומען
דאָס אין צערקל
שלעפּן וועלן...

ר י כ ט ע ר :

נו, טאָ וואָס זשע?
ווידערשפּעניק
ביסט געווען?
האָסט געשטעלט זיך
שטירץ דער מאַכט?

י י ד :

אַך, וואָס רעדסטו,
ריכטער לעבן,
וואָלט אַזוינס גאָר
אויך אין חלום
מיר געדאַכט?...

ר י כ ט ע ר :

נו, טאָ וואָס זשע
איז געווען?

י י ד :

גאָר נישט.
האָב געמוזט איך
מיט אים גיין,
און האָב „זבאַכעס"
און „קולאַקעס"
גוט געקריגן.
און אין קעלער
שעהען לאַנג מיט
מייז געליגן...

ר י כ ט ע ר :

אוי אַ „הונדספּאָט"
איז דאָס איינער...

י י ד :

אַך, מיר טוען נאָך
ווי די ביינער...

ר י כ ט ע ר :

גיי, דיך טשעפּען
ועט מער קיינער...
גיי, ביסט פריי. (ייִד אָפּ)
ווער זשע נאָך איז
דאָרט אַצינדער?
היי נאַר, היי!...

אָ ן אַ נ אָ ז :

אָ, ווען כ׳האָב נאָך
אַ צילינדער
צו מיין נאָז — ווי
פּאַסן זיי...
און אַזוי איך
שעם מיך נענטער
צוצוגיין.
קען איך פון דער
וויטנס שטיין?...

ר י כ ט ע ר :

פאַר וואָס דען דאָס?

אָ ן אַ נ אָ ז :

דער „קוואַדראַטקע"
האָב פאַרדאָן איך
נישט געזאָגט,
האָט זיין שווערדל
מיר דאָס פּנים
אָפּגעקלאָגט...

ר י כ ט ע ר:
ביסטו גאָר, גאָר
אָן אַ נאָז?

אָ ן אַ נ אָ ז:
ווי דו הערסט
אַזוי איז דאָס...

ר י כ ט ע ר:
אָט אַ גרויסע
מערדעריי! —
גיי אַהיים, אויך
דו ביסט פריי... (אָן אַ נאָז אָפּ).
אָט אַ מערדעריי
אַ גרויסע...
צי זיי מאַכן
דאָרט אַ כוסה?
וואָס זשע הייסט עס,
מענטשן כאַפּן
אויף די גאַסן
און זיי „קנוטן“, —
האָבן זיי דאָס
מעשן קנעפּל
שוין פאַרגעסן —
יענעם בראָטן?...
ע, נישט היימלעך,
ליבע ברידער —
צו פיל גרויס איז
דאָס גערודער.
אָ, וואָס איז שוין
דאָרט אין פענצטער...
צי דאָרט שלאָגן
זיך געשפּענסטער
מיט „קולאַקעס“
איבער קעפּ

און ווי אַרבעס
שיטן קלעפּ ?...
(עס לויפט אַריין אַ מיליציאַנט
און אַ פורמאַן יאָגט אים נאָך.)
וואָס, דאָרט איז עס,
אונדזער „היטער״?...

מיליציאַנט:
אַך, איך ווייס נישט,
אַ נישט־גוטער...
יאָגט מיך נאָך און
וויל מיך שלאָגן,
האָב איך דאָ מיך
אָפּגעטראָגן...

ריכטער:
פורמאַן, פורמאַן,
זאָג, וואָס ווילסטו ?
דאָס געזעץ דו
האָסט געבראָכן...
אַך, ביסט מיאוס, גאָר
מיאוס פאַרקראָכן...

פורמאַן:
הער מיך אויס, וואָס
איך וויל זאָגן,
ריכטער ליבער,
דיר אַצינד —
נישט באַשולדיק
מיך געשווינד.
נישט קיין קאַץ בין
איך, און ער — קיין
מויז, וואָס מיר זיך
יאָגן,
נאָר אַ מעשה,
אַך, געשען איז

מיט מיין פערדל,
מיט מיין וואָגן...
סטרעלדזולעך צוויי דעם
פערדל האָב איך
צוגעבונדן —
איינס אַ בלאָס און
איינס אַ גרינס, — ער
שטעלט מיך אָפּ:
נישט „נאַציאָנאַל”...
און אַ באַק־פּייף
לאָזט אַראָפּ מיר,
אַזש אין אויער מיר,
טוט אַ קנאַל...

ר י כ ט ע ר (צום מיליציאַנט):
אַך, דו קונדעס,
קונדעס איינער,
האָסטו שכל
מיט דיין שלאָגן?
און נאָך וועמען —
אונדזער פורמאַן?
זע, איך זאָל דיר
מער נישט זאָגן...

מ י ל י צ י אַ נ ט:
נו, פאַרטראַכט זיך
ווי אַ גולם
האָט אין פאָרן
ער אין מיטן,
און פאַרטשעפּעט
אַ מכשפה,
וואָס אויף בעזעמס
איז געריטן...

ר י כ ט ע ר:
נו, דאַדורך האָסט

דו געשלאָגן
אונדזער פורמאַן,
אונדזער בראַוון ?
ע, דו קונדעס,
מער שוין זאָלסטו
אָט די שטיקלעך
מיר נישט פראַווען.
ווער באַשיצן
וועט דאָס לאַנד,
אויב נישט „מאַטשעק”
מיט זיין האַנט,
ווען אַ נויט עס
וועט ווען קומען ?
אוי, דו קונדעס,
אוי, דו קונדעס —
זע פאַרקריכן
זאָלסט נישט וויט...

(מיליציאַנט און פורמאַן אָפּ.
שמואל קומט אָן).

ברוך הבא,
ביסט שוין דאָ, שמואל ?
קוים שוין גייט..

שמואל:

יאָ, איך האָב מיך
לאַנג פאַרטאָן דאָרט.
נישט געקענט אַלץ
פאַרטיק ווערן...
אַלץ נאָר מעשיות,
אַלץ אַזעלכע,
וואָס דאָס אויער טוט
ווי פון הערן. — —
שטעל דיר פאָר, מיט
מיר געשען איז

איצטער דאָרט
אַ מעשה נורא:
מיר פאַרכאַפּט מײַן
שטעל אַ קריסט האָט,
אַך, װען כ'האָב פאַר
גאָט קײן מורא,
װאָלט איך איצט דאָרט
פּעטש געצײלט,
ביז אין װײַסן
טאָג געטײלט....
האָסט געהערט מײַן
פּלונית זאָגן,
אַז איך װעל שױן
עסן גראָז?

ר י כ ט ע ר:
שטײנער...

ש מ ו א ל:
זאָל זײַן שטײנער,
זאָל זײַן בײנער...
נאָר געמײנט האָט
טאַקע דאָס!...
נאָר, נו, מילא,
װאָס קען טאָן איך?
אױסגעדונגען —
איז פאַרפאַלן, —
נאַריש װעל איך
מיך נישט מאַכן,
װעל נישט גײן מיט
אים זיך שטעלן...
און איך טראַכט מיר:
כאַפּט דער טיװול
מיט דער שטעלע
אים צוזאַמען —

כ'וועל נישט גיין קיין
פייער מאַכן,
נאָפט נאָך גיסן
צווישן פלאַמען...
וואָס־זשע טאָן
זאָל אַ שטייגער
אַזאַ יידל?
נעם דעם פגר...
הייסט דאָס פעקל
סחורה מיינע
פון דער שטעלע
צו, אָן טענה,
ווייל געוואוינט מוז
זיין דער ייד, דאָס
פעקל שטענדיק
ווייטער טראָגן, —
שטעל נישט ווייט מיך
מיט אַ קיישל.
מילא, זאָל איך
גיין מיך שלאָגן?...
און צו מיר זעלבסט
נעם איך זאָגן:
שטיי דאָ, שמואל, דיר
מיט דיין קיישל,
וועסטו האָבן
דאָ הצלחה...
האָסט אַ גרויסן
גאָט אין הימל,
און וועסט לייזן
מיט אַ ברכה...
ערשט עס קומט דער
קריסט צו לויפן
און נאָך אים פיל,
פונקט ווי מאָן,

און מען כאַפּט מיך
מיט דעם קיישל
און אַ זאַרג
אַוועק געטאָן...
„דאָ קיין פּלאַץ איז
פאַר קיין יידן,
גיי מאַך שבת
דיר באַזונדער!"...
און געפלויגן
איז מיין סחורה
פּונקט ווי אויף דעם
בייזן וואונדער...
און אַצינדער
מיין פאַמיליע,
וואָס איך טראָג זי
אויף די פּלייצעס
צייט צום שכל
בין געקומען,
ווי אַן אָדלער
זיינע קינדער,
און ווי גאָט אויך,
ווען זיין פאָלק האָט
פון מצרים
צוגענומען, —
וואָס זשע טוט מען
מיט איר איצטער?
מיינסט עס איז גאָר
לייכט און גרינג —
אַדרבא
גיב אַן עצה —
זיי זשע דו
אַ וואוילער יונג?
וואָס זשע הייסט עס
גאָר באַזונדער —

און ווי קען זיך
דאָס געשיקן ?
ווי אין כינע
ווילט אַ וואַנט איר ?
קליינער שכל,
קורצע בליקן...
ליבער ריכטער —
מען באַשולדיקט,
אַז אַ „שיילאָק"
איז פאַרהאַנען ?...
גלייבן גלייב מיר,
אַז מיין כעס איז
ווייט פון אימס נישט
אָפּגעשטאַנען...
האָסט אַ מעסער —
קען איך אויך ערשט
פונטן גאַנצע
פלייש פאַרלאַנגען, —
אַ קאַטאָוועס,
ווי די יאָרן
איז מען מיר דאָ
איצט דערגאַנגען...
אַ מערכה
ריכטער, הערסטו,
קיין דזשעסיקאַ
וואָס איך האָב,
יענע יידיש
צאַרטע טאָכטער,
וואָס איז שטילער
פון אַ טויב,
און איך האָב נאָר
בנים בלויז,
קען נאָך זיכער

זיין מיין הויז...
וואָרן ווייסן,
ווייסן ווייס איך,
אַז עס איז קיין
זאַך נישט מיין —
אַלץ דעם קריסטס איז,
אי מיין טאָכטער
אי מיין ווייב אויך —
אַלץ איז זיין...
און אָט דאָ גאָר —
נאַ באַזונדער...
כאָטשבי וואַרפן
זיך אין ווייסל
מיט דער פלונית,
מיט די קינדער...
וויל דער פריץ
זעלבסט גאָר קויפן,
„ספּראַוואונקעלעך",
זעלבסט גאָר האַנדלען
ראָזשינקעס און
ניס און פייגן,
ראָזשינקעס און
ניס און מאַנדלען ?...
און אַזוי גאָר
אונדז איינשלעפן :
ראָזשינקעס און
ניס און פייגן —
ליו־ליו־ליו־ליו,
ליו־ליו־ליו־ליו,
איך וועל האַנדלען,
דו זאָלסט שווייגן ?...

ר י כ ט ע ר :
וואָס זשע טאָן דיר? —

ביסט געדעכט.

ש מ ו א ל :

נעם אַ מעסער,

נעם און שעכט...

ווי אין כינע

ווילט אַ וואַנט איר —

וואָס זשע הייסט עס —

זיי באַזונדער ?

און זיך וואַרפן

מיט דער פלונית

אין דער ווייסל —

מיט די קינדער ?...

ר י כ ט ע ר :

ביסט געדעכט.

ש מ ו א ל :

נעם און שעכט.

מ ע נ ד ל ז אָ ן (איינער פון פובליקום):

האָב די ערע

פאָרצושטעלן מיך,

ריכטער ליבער, —

מענדלזאָן — דאָ

גיב איך דיר מיין

נאָמען איבער.

ר י כ ט ע ר :

מענדלזאָן ? איז

עפּעס, דאַכט זיך,

ווי באַקאַנט.

האָב געהערט איך

אָט דעם נאָמען

וואו אין לאַנד ?

אָדער פון די

ביכלעך, וואָס מען

נעמט אַמאָל, אַמאָל

אין האַנט ?...
סיי ווי סיי, דו
ביסט באַקאַנט.
מ ע נ ד ל ז אָ ן :
קען איך גישט דעם
ייד באַשיצן ?
קען אַן אַדוואָקאַט
דאָ נוצן ?
ר י כ ט ע ר :
ביטע, ביטע.
מ ע נ ד ל ז אָ ן :
און דאָס אַלץ מען
טוט דעם שמואלן?
ווער דער שמואל איז,
ריכטער, ווייסט ?
הלוואי זאָל
מגין זיין אויף
ביידן אונדז זיין
זיידנס גייסט...
דאָס איז שמואל, דער
זעלבער שמואל, וואָס
ער נאָך ווערכן
טאַקע הייסט,
וואָס אין פּראַגע
האָט געוואוינט ווען —
אויב דיר איז באַקאַנט
און ווייסט.... —
דער וואָס האָט ביי
די קאָזאַקן
אָפּגעצאָלט פאַר
יעדן קאָפּ :
פאַר אַ קריסט
אַ האַלבן רובל,

פאַר אַ ייד
אַ גאַנצן רובל,
לעבעדיקע
ווער עס שטעלט זיי
צו אים אָפּ...
און דעם דאָזיקן
שמואלן נעמט מען
איצטער זיין
פרנסה צו —
פרעג איך דיך,
ריכטער ליבער,
איז עס גלייך — טאָ
זאָג מיר דו ?... — — — —
ווען אין פראַגע
אין די גאַסן,
ווען געשפּריצט עס
האָט דאָס בלוט —
מיט מסירת־
נפש איינער
האָט געפונען
זיך אַ ייד —
איז געגאַנגען
צו די פיינט ער,
אום דאָס „ביסל"
כאָטש צו רעטען ;
וויל מען איצטער
אים צעטרעטן —
אים, דאָס
אייניקל פון קדוש —
ריכטער לעבן,
אָך, אַ חידוש...

ר י כ ט ע ר :
ביסט גערעכט.

מ ע נ ד ל ז אָ ן :

דאָך איז שלעכט...

(עס קומט אַריין די גערעכטיקייט

אָן אַ קאָפּ.)

ר י כ ט ע ר :

האָסטו אויך דאָ

וואָס צו זאָגן ?

ווער זשע ביסטו,

קען איך פרעגן ? — —

שווייגסט ?...

קענסט נישט רעדן ?

האָסט קיין צונג ?

ענטפער פלינק...

שווייגסט ווידער.

טאָ וואָס קומסטו

דאָ, וואָרום?

ווילסט אָן עדות

זיך און — שטום ?...

האָ, האָ, האָ, האָ —

אַ שיינער עדות...

ביסט אַ טויטער

און אַ גרוס ברענגסט

פון די זיידעס ?...

ענטפער גיך —

גלייך פאַרהאַפטן

לאָז איך דיך,

און אַ פּאַספּאָרט

אויך באַווייז —

און פון וועלכן

ביסטו קרייז ?

ז י :

איך בין די

גערעכטיקייט, —

האָב די ערע
איך צו מעלדן,
אייער הויך
ערלויכטנהייט.

**ר י כ ט ע ר :**

די געגערעכטיקייט ?
אַך, דאָס מאַכט מיר
גרויסע פרייד.
האָב די ערע
איך צו פרעגן:
נאָך וואָס קומסטו
איצט אַהער ?
און פאַר וואָס גאָר
אָן אַ קאָפּ ? — צי
האָט נישט שולד דעם
פעלדשערס שער ?...

**ז י :**

ניין, אַזוי בין
איך שוין לאַנג —
זייט איך בין צו
מיין געדאַנק...
זייט די וועלט איז
אָפּגעריסן
און אַנטלאָפן
פון דער זון איז
אין געפּלאַצטן
פייער־ראַנג...
זייט די וועלט נאָר
הייבט אָן זיך,
איז דער קאָפּ שוין
לאַנג נישט מיין...
נישט קיין פעלדשער
מיט דער שער —

אַלע, אַלע,
צייט די וועלט שטייט
ביז אַהער,
באַמיִען זיך
אָפּצושניידן — —
מילא, בלייב איך
אָן אַ זיידן...
אויך מלכים
און קסרים,
וועלכע זיצן
אויף די טראָנען,
אויך די פירער
וועלכע לאָזן
ווייען פאָנען...
אַלע, אַלע
זיך באַמיען אים
אָפּצושניידן —
מילא, בלייב איך
אָן אַ זיידן...
נאָר אַצינד, ווי
קום איך, פרעגסטו,
דאָ אַהער ?...
טייל מאָל בלאָנדזשע
צום געריכט איך —
כ'האָב נישט מער...
און איך קום דאָ
אויך אַהער איצט —
דיר אַ וואָרט נאָר
איינס צו זאָגן,
אויב דו קענסט מיך
נאָר פאַרטראָגן....

ר י כ ט ע ר :
אַך, איך בעט, איך

בעט צו זאָגן...

זי:

ווייסן זאָלסטו,
אַז וואָס מענדלזאָן
געזאָגט האָט
וועגן פּראַגער
שמואל דעם אַלטן —
פֿאַר אַן אמת
מעגסטו האַלטן...
נישט קיין חניפה
קום איך מאַכן —
כ׳קען נישט ווייבעןְ,
אינאיינעם לאַכן...
ווייסט, איך האָב קיין
צוויי געשטאַלטן...
איינס געהאַט האָב
איך אַמאָל,
בין איך אויבעט
לאַנג שוין גאָל...
נאָר מיט שמואלן,
וואָס אַליין איך
האָב געזען,
וואָס דערביי איך
בין געווען,
האָט אַ פּעסל
ער מיט געלט
פֿאַר משחיתים
אויף דער גאַס
אַרויסגעשטעלט...
דעמאָלט טאַקע
האָט אַ פּיצל
קאָפּ פון אַקסל
מיר געבליט...

נאָר ס׳איז לאַנג שוין,
לאַנג אַריבער...
און אַצינד בין
ווידער קוויט...
זע נאָר איצטער
אויף מיין אַקסל,
צי אויך איצטער
ווייזט זיך ניט?...

ר י כ ט ע ר:
ביין, מען זעט נישט נאָך...

ז י:
נאָר איך האָף, אַז
אויב די ספּראַווע
מיט גערעכטקייט
וועסט ערקלערן —
וועט עס ווערן...
נאָר דערווייל
אַ גוטן טאָג, איך
וויל נישט שטערן... —
זע נאָר איצט, מען
זעט נישט נאָך?...

ר י כ ט ע ר:
גאָר נישט נאָך...

ז י:
אַ גוטן טאָג. מען
מוז שוין גיין. (גייט.)
(איינער פון פּובליקום,
דאָקטאָר און אויפזעער
איבער פּראָדוקטן.)

ד אָ ק ט אָ ר:
אַ גוטע וואָך... (צום ריכטער)
אָט אַ שוטה,
אָן אַ קאָפּ און

דעות קומט זי
אויכעט זאָגן...
אין אַ ליילעך
וואָלט איך זי דאָ
פון דער שטוב
אַרויסגעטראָגן...
ליבער ריכטער,
הער מיך אויס,
איידער זאָגסט דיין
פּסק אַרויס:
צו אַן עופּעלע,
וואָס פאַלט נאָר
קוים אַצינד וואָס
אויף דער וועלט,
ווען מען וואָלט עס
באַלד אַ באַנקע
צו אַ זייטל
צוגעשטעלט,
און דאָס בלוט עס
נעמען ציען
אַנשטאָט וואָס דאָס
קינד דאַרף זויגן,
וואָלט עס ווען נאָך
לייט געוואָרן,
אַז עס זאָל צו
וואָס נאָך טויגן?
און ווי מיינסטו,
ליבער ריכטער,
אויסצונאָגן
„אונדזער קינד“
פון אַ „לופט־מענטש“,
פון אַ „ווינט“,
האָט אַ ווערט פאַר

אונדז אַציגד ?...
זאָל ער גיין דער
שמואל פון דאַנען,
זאָל ער גיין זיך
וואו פאַרזאָרגן...
דען אַזוי אויך
ברעכט דער קאָפּ אונדז
פאַר דעם היינט און
פאַר דעם מאָרגן...
קוים עס איז דאָס
קינד געבוירן,
קוים פון קינפּעט
אויפגעשטאַנען...
זאָל ער גיין דער
שמואל פון דאַנען !...
גייט צו אַל די
גוטע יאָר ער,
גלייך מיט אַלע
ווייסע גענדז...
דאָ צו בלייבן —
נישט ערוואַרטן
קען אים מער קיין
לאָרבער־קרענץ...
(די געדרעכטיקייט שטעקט אַריין
דעם קאָפּ דורכן פענצטער.)

ז י :

נו, עס וואַקסט שוין
מן הסתם?...

ד אָ ק ט אָ ר :

יאָ, אַ הויקער
מיט אַ קראַם...
וואָס האָסטו זיך
אָנגעטשעפּעט —

גלאַט און סתם...
(די גערעכטיקייט אָפּ.)
מ ע נ ד ל ז אָ ן :
ליבער ריכטער,
זע דעם ציניק,
האָסט געהערט דעם
דאָקטאָרס ריידן ? (צו אים)
און דו קענסט שוין
מער נישט זאָגן?
כאָטש אַ רוח אין
טאַטנס זיידן!...
ד אָ ק ט אָ ר :
מיט דער מאַמען
נאָך צוזאַמען, —
מיט דער באָבען,
אויב ווילסט האָבן...
ש מ ו א ל :
הייסט עס, בין איך
שוין באַגראָבן ?...
(עס קומט אַריין דער קריסט, וואָס דער
„נומעראָווע״ האָט אים אויפגעקלערט אין באָד.)
ד ע ר ק ר י ס ט :
וואָס איז דאָ דען,
דאָ געשען?...
ד אָ ק ט אָ ר (צום ריכטער מיט רחמנות אויפן קריסט):
אָט דעם דאָזיקן
אויסצוניצן,
ביי דער אַרבעט
זאָל ער שוויצן,
און דאָס ווייב פון
שמואלן וועט זיך
נאָר אין גאָלד, אין
זיידנס פוצן ?...

מ ע נ ד ל ז אָ ן :

נו, נו, נו, מיר
וועלן זען, ווי
וועסט דיין לאַנד אין
גאָלד פאַרוואַנדלען;
לאָמיר זען, צי
וועסטו האַנדלען
ראָזשינקעס אַליין
און מאַנדלען...

ד אָ ק ט אָ ר :

גוט, גוט, גוט...

ש מ ו א ל :

איז באַגראָבן
שוין אַ ייד?...

ר י כ ט ע ר :

קינדער, גלייבט, עס
טריפט מיין בלוט.

(אַ שווער שטילשווייגן. עס פאַלט לאַנגזאַם דער פאָרהאַנג.)

# זעלבסטשוץ

## (א בילד)

— סאַבינקע, סאַבינקע...
— וואָס איז ?
— שלאָפסט שוין ?
— ניין... און דו ?
— אויך נישט...
— סאַבינקע.
— וואָס ?
— וואָס האָט דיר דייַן מאַן געזאָגט, איידער דו ביסט אַוועקגעפאָרן ?
— וואָס ?
— כ׳מיין, ווען וועט ער קומען צו דיר?
— ער איז אויך פונקט געפאָרן אין וועג אַריין. ער האָט נישט גע־האָט קיין צייט צו רעדן צו מיר.
— מיינער אויך אַזוי... די געשעפטן זענען זיי בילכער ווי אַלץ...
— אַז זיי שיקן נאָר אַרויס די ווייבער, מיינען זיי, אַז זיי זענען שוין פּטור פון אַלץ.
— וואָס אַרט עס זיי: ליגט אויף אַ פּראָווינץ... אַרויסגעשיקט אויף אַ זומער־וואוינונג... יאָ, אַזוי קיין געלט „זשאַלעווען" זיי נישט... מיינער האָט פאַר מיר געדונגען אַ האַלב הויז און דייַנער פאַר דיר אַ האַלבס... פאַר אַ „וואָיאַזשאָר" הייסט עס שיין, אָבער פאַר אַן אָפּקומעניש זאָל עס מיר זייַן... קוק קיין מענטש נישט אָן. אויף אַ פּראָווינץ ליג... קיין טעאַטער זע נישט פאַרן אויג, קיין געזעלשאַפט, קיין באַקאַנטן. וואָלט עס כאָטש געווען אין אַ לייטיש אָרט...
— אַוודאי האָבן זיי אונדז נישט געשיקט צו אונדזער פאַרגעניגן...נאָר

נישט... און איך שטיי נישט דערנאָך אויך... אייגנטלעך בין איך נאָר דאָ אַן אָפּהיטערין איבערן קינד, אַז די דינסט זאָל עס קיין שלעכטס נישט טאָן...

— נישט מער... און איך אויך נאָר אַזוי...

— אַ מערכה מיר פאַרבעטן זיך איינע צו דער צווייטער אויף ביי נאַכט, אַמאָל איך צו דיר, אַמאָל דו צו מיר שלאָפן... ווען נישט דאָס, וואָס מען כאַפּט זיך אַביסל אָוועק כאַטש אויף ביי נאַכט פון דער דינסט מיטן קינד, וואָלט מען גאָר אינגאַנצן „פאַרבאַביעט״ געוואָרן... וואָס וואָלטן מיר טאַקע געטאָן, ווען מיר האָבן זיך נישטביידע, דאָ אין אַזאַ פאַרהאַקטער פּראָווינץ ?...

— עס וואָלט געווען שלעכט... איך וואָלט אָן דיר נישט געקענט לעבן איין מינוט... מינישי...

— פאַר וואָס ?

— טייל מאָל דאַכט זיך מיר, אַז דו ביסט מיינע אַ שוועסטער...

— דו האָסט מיך ליב ?...

— יאָ... כ׳האָב דיך ליב...

— קום אַהער, גיב מיר אַ קוש...

— ווילסט ?

— יאָ... נאָר... נייִן... ליג ... ס׳איז אַ שאָד... איך וויל נישט, זאָלסט דיך באַמיִען...

— מיינסט, ס׳איז אַ געשעפט ביי מיר אַראָפּצוטאָנצן פון בעט ?...

— נייִן, נייִן, שפּעטער וועל איך אפשר אַליין צוקומען צו דיר...

— נו, נו... גוט...

— וועסט מיך אַריינגעמען צו דיר אין בעט ?...

— יאָ...

— נו, גוט... שלאָף זשע...

— סאָבינקעלע.

— וואָס ?

— אוי, הער נאָר — — — ווער קען דאָס זיין?... ווי?...

אַ ווײַלע שטיל.

— הערסט גאָרנישט ?

— יאָ . . .

— ווער קען זיך דאַרט שאַרן אין דרויסן ביי דער וואַנט?..

— כ׳ווייס נישט...

הערן זיך איין.

— פונקט ווי אויף די שפּיץ נעגל...

— יאָ...

— ווי מען וואָלט געקוקט דורכן לעכל פון לאָדן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם...

— ווער קען דאָס זיין?

— כ׳ווייס נישט...

ווידער שטיל.

— אפשר איז עס נאָר די שטילקייט אַזוי?...

אפשר... אויף דער פּראָווינץ... אַ ליאַדע שאָרך... אַ הונט אָדער אַ קאַץ... ליגט עס שוין אין שטוב... הערט מען עס שוין דורך דער וואַנט אַדורך...

— איז עס נישט קיינער?... (שטיל).

— מינישע—שי...

— וואָס ווילסטו?

— וואָס וואָלט געווען, ווען אַ שיכּור וויל אַריין צו אונדז?...

— וואָס הייסט, וואָס עס וואָלט געווען... נאָך וואָס זאָל ער דאָ קומען?...

— נו, מיר זענען דאָך צוויי פרויען אַליין אין אַ גאַנץ הויז...

— וואָלט געווען שלעכט... אַ שיכּורער גוי, מיינסטו?... אַ פּראָווינצער? איך וואָלט אים מיט אַ האַק... וואָס מיינסטו עפּעס? אַז איך וויל נישט, וועט ער דווקא מיט געוואַלט?

— אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן... און איך וואָלט געחלשט...

— נאָר וואָס דען, מען קען נישט חלשן ביי אַזאַ גוי אין די הענט...

— אָפּגעהיטן זאָל מען ווערן...

— סאָבינקעלע.

— וואָס?

— דו האָסט פיינט דיין מאַן?

— אַ ביסל...

— פאַר וואָס?

— כ׳ווייס... אַ „וואַיאַזשאָר“ קען מען נישט ליב האָבן... ער האָט אויך נישט ליב... קאָרטן שפּילן און שנאַפּס... און דו האָסט דען יאָ ליב?

— איך אויך נישט... איך האָב פיינט מיין מאַן...

— מיידלווייז איז שוין בעסער געווען... דיין מאַן שרייבט דיר דען

עפּעס, אַפּילו, אַז ער פאַרט אַוועק אויף גאַנצע צוויי חדשים ?...

— גאָרנישט...

— מיידלוויז איז שוין בעסער געווען...

— אַ סך...

— קיין זינגלעך האָבן נישט געפעלט: מיט די בריוועלעך, מיט די שענסטע אַנזיכטס־קאַרטן, מיט איינלאַדונגען... די פּאָסט האָט נישט גערוט ביי טאָג און ביי נאַכט — שלוחים מיט בלומען...

— האָסט עפּעס געהאַט אַ סך ?...

— וואָס, בלומען?

— באַקאַנטע...

— הערסט דאָך, אַז די טיר האָט נישט גערוט... און דו ?

— נו, ווי פאַרשטייסטו?... רייכע האָב איך אַוועקגעוואָרפן; פון אייגענע קאָטשן, וואָס מען האָט מיר פאָרגעלייגט — זיך אָפּגעזאָגט... און אַ געשעפטס־פאָרער האָב איך מיר אָפּגעזוכט...

— און פאַר וואָס? דער טאַטע האָט דיך געגייט דערצו אָדער די מאַמע ?

— דער טאַטע וואָלט מיר געהאַט אַ דעה ?..

— אַליין ?...

— אויך נישט... די „סאַליע", דער טאַנץ־זאַל, „לעקציע־טאַניעץ" האָט מיך געגלוסט... און אַז כ'האָב דערזען אָט דעם „וואַיאַזשאָר" — מיט די לאַקירטע שיכלעך, האָב איך געמיינט, מי יודע וואָס פאַר אַ פּלאַקן־שיסער...

— (מיט אַ זיפץ) איך אויך מיט דער „לעקציע־טאַניעץ"...

— (מיט אַ זיפץ) אוי, נאַרישע פרויען... אַלץ די לאַקירטע שיכלעך... דער הימל, האָב איך געמיינט, איז אָפן פאַר מיר, אַז איך קוק אין אים אַריין...

— מינישי...

— וואָס ?

— רעד שוין נישט אַזוי...

— פאַר וואָס?

— ווייל דו רעדסט פּונקט אַזוי, ווי איך וואָלט געדאַרפט רעדן...

— אָבער האָסט אים אויך פיינט, דיין מאַן ?

— יאָ...

— שאַ...

— וואָס איז, מיינסט, איך שעם זיך צו זאָגן?... כ׳האָב נישט קיין מורא אויך...

— ניין, נישט דאָס...

— וואָס דען?...

— הערסט?... שוין ווידער...

— וואָס?... מען גייט אונטער דער וואַנט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

— ווער קען דאָס זיין?

— דיין מאַן, אָדער מיינער — זיכער נישט; אָבער אַ שיכּור אויף דער פּראָווינץ, קען דאָס יאָ זיין...

— טאָ וואָס זשע ווען מיר טאָן?

— וואָס? ווען ער וועט אַריינקומען?

— יאָ...

— וואָס הייסט, דו וועסט׳ן דען אַריינלאָזן?...

— אָבער, ווען ער קומט אַריין?...

— נו, וואָס זשע וואָלסטו געטאָן?

— איך וואָלט אים געזאָגט: כ׳האָב אַ דינסט... זי איז אַזעלכע... נאָך אין שטאָט פלעגן ביי איר שטיין די זעלנער אונטער דער טיר... איז דיר אַזוי אויך געגנוג אַ זכיה, אַז דו גייסט צו איר... נאָר מיך לאָז געמאַך...

— אַוודאי, געוויס...

— וואָס הייסט עפּעס... אַ שיכּור... גיי אין דר׳ערד אַריין...

— שאַ, סאַבינקעלע...

— וואָס?

— שאַ...

ביידע הערן זיך איין.

— (אָפּעטעמענדיק) ס׳איז אפשר גאָרנישט... ס׳איז צוריק שטיל... אמת?

— יאָ...

— — —

— סאַבינקעלע.

— וואָס?...

— איך׳על שוין די נאַכט נישט שלאָפן...

— איך אויך נישט...

— — —

— זאָל איך גיין אַראָפּ צו דער טיר איינהערן?...

— נאָך וואָס ?

— איך ווייס ; טאָמער איז עס עפּעס...

— ניין... מען דאַרף נישט... גיי נישט... ווילסט רופן דעם וואָלף פון וואַלד אַרויס?...

— ווער קען דאָס זיין ?... מען הערט שוין ווידער.

— כ׳ווייס נישט... אַ הונט, אָדער אַ קאַץ...

— דו רעכנסט אַזוי ?...

— יאָ...

— פאַר וואָס?

— ווייל דאָס רודערן גייט פון הינטן, לעבן דער „פּאָדוואָלינע“... דו הערסט ?... אַזאַ שטייגער ווי אַ הון, וואָס גריבלט זיך אָן דר׳ערד... נאָר ביי נאַכט איז עס נישט קיין הון... גיכער אַ קאַץ...

— ס׳קען זיין...

— שלאָף זשע...

— שלאָפן קען איך נישט...

— — —

— מינישי...

— וואָס ?

— וואָס וואָלט געווען, ווען דער, וואָס מיר האָבן זיך באַקענט מיט אים אויף דער באַן, אַהערפאָרנדיק, און ער איז אַראָפּגעפאָרן נאָך אַ פּאָר סטאַציעס ווייטער... ווען דאָס איז ער איצט?...

— ווען ער קומט דאָ ערשט אַראָפּ ? צו אונדז ? ספּעציעל ?...

— יאָ...

— דו האָסט׳ן דען געגעבן אַן אַדרעס? ער האָט דען צוגעזאָגט צו קומען ?

— יאָ...

— דו האָסט׳ן טאָקע געגעבן דעם אַדרעס ?

— וואָס איז דען ?

— כ׳מיין, ביי דיר האָט ער אים געמאָנט?

— יאָ...

— די מענער זענען פאַלש... מיך האָט ער געקושט און ביי דיר גענומען אַן אַדרעס... דו האָסט׳ן דען געזאָגט, אַז דו פאָרסט וואוינען מיט מיר צוזאַמען?... און ס׳אַנדערע: פאַר וואָס האָט ער אים ביי מיר נישט גענומען?...

— דיך האָט ער געקושט?...

— יאָ...

— און מיך?...

— אויך אַוודאי... וואָס, כ׳פאַרשטיי דען נישט...

— ווי אַזוי האָט ער דיך?...

— מיך? גאָרנישט... איך בין דאָך געזעסן מיט אים אויף איין באַנק, שטעל איך מיך אויף צום פענצטערל אַרויסקוקן... שפּיר איך, אַז ער שטעלט זיך אויך אויף... גאָרנישט... איך האָב דאָרט איין זינען, אַז איך שפּיר ער שטייט מיר הינטער די פּלייצעס... נאָר איך שפּיר, ווי עס ציִען מיר אַזש די אַקסלען פון זיין קוקן אויף מיר... אויפן פּראָפיל האָט ער מיר נאָר געקוקט...

— דו האָסט געזען, ווי ער האָט געקוקט? דו האָסט צו אים אויך געקוקט?...

— ניין, נאָר מען שפּירט דאָך... די ברעם, האָט זיך מיר געדאַכטן, איז ביי אים לאַנג געוואָרן...

— יאָ... ס׳קאָן זיין...

— שטייט ער אַזוי הינטער מיר, און אַ הויכער איז ער, בייגט ער זיך אָן צום פענצטערל אויך אַרויסקוקן... קומט ער אויס מיט זיין גלאַטיק פּנים העכער איבער מיינעם... און איך ווייס נישט וואָס ס׳איז געווען... נאָר איך שפּיר אַזש, ווי איך וויל מיך זעצן, ווי טייל מאָל אַ הון... בשעת זי האָט נישט קיין אָרט וואו צו אַנטלויפן פאַר אַ האָן... און זי מוז זיך שוין זעצן...

— אַזוי האָסטו געשפּירט?...

— יאָ...

— אוי, ס׳איז נישט גוט אין אַזאַ מאָמענט...

— זייער נישט גוט... און מען שפּירט, אַז מען קען זיך נישט קיין עצה געבן... און מען מוז זיך אונטערגעבן... און ער מוז אַ קוש טאָן...

— נו, האָסטו דיר דעמאָלט געלאָזט אַ קוש געבן?...

— יאָ... אַן עצה האָב איך געהאַט?...

— אוי, ס'א „פּאַדליעץ"...
— וואָס? ס'איז ביי דיר אויך אַזוי געווען?
— אַקוראַט איז דיין דערציילן...
— ווי דאָס ?...
— יאָ... ווי ביי מיר... אַקוראַט... אַזוי פּונקט האָט ער מיך אויך געקושט...
— אָבער ס'איז אמת, אַז מען קען זיך נישט קיין עצה געבן?...
— ניין, מען קען נישט...
— נו שוין, נו מילא. וואָס האָב איך געוואָלט טאָן? איז ער דאָך טאַקע אַ „פּאַדליעץ", ווי דו אַליין זאָגסט...
— אַוודאי נישט דו און נישט איך, ווייל וואָס זענען מיר שולדיק?...
— און ביי דיר האָט ער גענומען דעם אַדרעס?... אַן אמתער „פּאַדליעץ"...
— אָבער אַ שיינער איז ער...
— יאָ...
— סאַבינקע, סאַבינקעלע...
— וואָס ?
— וואָס וואָלט געווען ווען ער קומט ערשט אַריין?
— איך וואָלט מיך אויסגעדרייט מיטן פּנים צו דער וואַנט...
— דאָס העלפט נישט... איך האָב דאָך מיך אויך אויסגעדרייט מיטן פּנים צום פענצטערל, האָט ער זיך געשטעלט הינטער מיר...
— אָבער איך ליג דאָך ?
— וועט ער זיך לייגן הינטער דיר... נאַרעלע...
— איך וויל נישט... איך וואָלט אים געשיקט צו מיין דינסט אין דער אַנדערער שטוב אַריין...
— צי ער וואָלט געוואָלט...
— אַזוי פיל טויזנטער זאָלן מיר האָבן, פאַר וויפל געליבטע, אַפילו, עס קריכן אין קיך אַריין, כאָטש מען הייסט זיי נישט...
— יאָ... דאָס איז אויך אמת...
— און בפרט נאָך ער — אַ פרעמדער ; וואָס איז ער, מיין געליבטער ?
— אָבער אַ שיינער.
— נו, יאָ.
— אַ הויכער.

— יאָ.
— אַ בלאָנדער.
— יאָ.
— מיט קלוגע אויגן און אַ רויט, געזונט פּאָמעראַנצן־געזיכט... און װען ער טשעפּעט זיך צו דיר צו, ער װיל דיך ליב האָבן... און ער גיט דיר נאָך אַלע מאָל אַ שײנע מתּנה — אַ שנירעלע פּערל טוט ער דיר אָן. נישט קײן סך... נאָר אַ דינס און אַ גוטס... און ער לײגט עס דיר אַרויף אויפן האַלדז און ער קושט דיך און ער זאָגט דיר: כ׳האָב דיך ליב... נו, װאָס װאָלט געװען ?...
— אױ, הער אויף...
— פאַר װאָס?
— װײל לאָמיך געמאַך... כ׳האָב נישט ליב צו רעדן...
— איך גײ אַראָפּ, אים אַרײנלאָזן...
— װאָס, ער איז דען דאָ ?
— כ׳װײס נישט, כ׳װעל זען... לאָז זיך דיר דאַכטן, אַז יאָ...
— זע נאָר, דו שטײסט דאָך שױן טאַקע אויף דר׳ערד נאַקעטער־הײט... װאו גײסטו?
— צום ערשטן צו דיר... כ׳גײ אָפּטרעטן צו דיר...
— ציטערסט דאָך אינגאַנצן... קום אַרײן אַהער אין בעט...
— דאָס פּנים איז מיר פאַרפלאָמט?...
— יאָ . . .
— איך ציטער, שפּיר איך . . . גיב אַהער די ליפּלעך . . . אַ קוש . . . ס׳איז . . .
— אַ קוש . . .
— זע נאָר, די דעק האָט זיך אַראָפּגעגליטשט . . .
— דאָס נאַכט־לעמפּל האָסטו פאַרגעסן...
— איך שפּרינג שױן אַראָפּ.

עס דױערט אַ מינוט. ס׳װערט פינצטער. קלאַנגען פון קושן און אַ צאַפּלדיק הײס אַרומכאַפּן זיך פון לײבער צו לײבער פילט אָן די גאַנצע לופט אין שטוב...

# אַ שטעטל

## 1.

צווישן מנחה און מעריב איז עס געווען. דער עולם איז אין בית המדרש. פאַרן עמוד און אין די ענגלייכטער ברענען ליכט, און די ליכט־פלעמלעך טוקן זיך אין רויך פון די פּאַפּיראָסן און בלישטשען אַרויס ווי פון אַ נעפּל, וואָס האָט זיך צעלייגט אונטערן בעליק. דער עולם איז רעדלעכווייז פאַרשמועסט. דער מיטלסטער אין רעדל רעדט און אַלע אַרום לייגן די אויערן צו מיט אָנגעבויגענע קעפּ און פאַרקנייטשטע שטערן. מען ריכט זיך שוין אויפן יום־טוב, וואָס דאַרף קומען אין שטעטל גלייך מיטן געוויסער, באַלד ווי דאָס אייז וועט פּלאַצן און דער טייך וועט זיך איבער פעלדער און לאָנקעס צעגיסן, פּלויטן און ברעטער מיטשלעפּן און ערגעץ אין דער ברייטער וועלט אַריין טראָגן. מען ריכט זיך, און דער עולם איז פאַרטאָן. קרעמער ווייסן שוין היינט נישט אויף וואָסער זייט די דאַשקעס שטייען זיי. . . ספּראַוואונקעלעך צו באַזאָרגן, ראָזשינקעס אויסצופּאַקן, אויסצוּווּוען — וואָס אַ שטעטל דאַרף אַלץ! בעלי־מלאכות, שניידערס צו מייסטס, האָבן שוין בלאַסע, אויסגעצויגענע פּנימער מיט רויטע אויגן געקריגן און שטיל, ווי די הינדלעך פאַר נאַכט, שטייען זיי, און דער שלאָף דאַכט זיך, ליגט זיי אויף דעם שפּיץ פון די בלאַסע נעז. שוסטער, בפרט היגע שוסטער, וואָס אַרבעטן שטיוול פאַר די גרויסע שטעט, — זיי איז אַלצאַיינס, זיי זיינען היינט נישט ברודיק מער, ווי אַ גאַנץ יאָר. ביגטלעכ־ווייז שטייט מען און מען רעדט מכוח „אַגולניקעס"*) — יעקל בריסקער און נחום האַמעלער, וואָס וועלן קומען באַלד נאָך פּסח אין שטעטל אַריין און מאַכן אַ „רוים", אַז דער רוח זאָל עס כאַפּן. די חברה קצבים, יידן מיט

*) הורט — אַנגראָ־אויסאַרבעטער.

פליישיקע, רויטע פנימער, מיט פוטערנע היטלעך אויף די קעפּ, איבער די אויערן אַראָפּגערוקט, און מיט דינע גאַרטעלעך אויף די דיקע, פאַר־פּעצטע קאַפּאָטעס, האָבן זייער באַזונדערן טיש, קעגנאיבער דעם בעל־עגלה־טיש. זיי זיצן אָנגעלענט ביי דער וואַנט און די אויגן פינקלען אָפּער פון אונטער די טיפע היטלען... היינט, די יום־טוב־וואָך, איילט מען זיך נישט אין שעכט־הויז אַריין, קיין גרויס שחיטות וועט נישט זיין, די באַלעבאָס־טעס ווייסן שוין נישט, צי זיי לעבן אויף דער וועלט — נאָך פלייש אין זין צו האָבן!... פאַר דאָס זענען שוין די מלמדים פאַרדרייט: צווישן מנחה און מעריב כאַפּט מען אַ קוק אין „פסחים״, וואָס איז אין דער היים נישט „בנמצא״... אַ טייל דערזאָגן אַ מסכתא; אַנדערע קומען אָפּ מיטן זוכן איבער דער ספרים־שאַנק, אַרומפירנדיק מיטן חלבן ליכטל איבער די אָפּגעריסענע רוקנס פון די גמראות. נאָר גאָר אין סאַמע אונטערן־אויוון, פאַררוקט אין דער האַלב־פינצטערניש, שטייט רואיק אַ קופּקעלע יונגוואַרג, זיי גייט דאָס גאָרנישט אָן. מיט שיינענדיקע פנימער, היטעלעך אויף די שפּיץ קעפּ, שטייען זיי און קוקן מיט וואונדערלעך פאַרגאַפּטע אויגן אויף יעקל סטאָ־ליאַר — אַ גרויסן יונג, וואָס איז געשטאַנען אין דער מיט און גערעדט עפּעס געלאַסן, מיט אַ זיסן שמייכל אויפן בלאַסן געזיכט, און ער האָט זיך באַהאַלפן מיט דער האַנט אַהין און אַהער...

איבערן בית־המדרש ווערט דאָס גערודער גרעסער. דאָס גערעדעריי טראָגט זיך אונטערן בעליק און רוישט אין אַלע ווינקעלעך. די ברענענדיקע ליכטלעך אין די הענגלייכטער טריפן איבער די קעפּ, נאָר דער עולם איז פאַרקאָכט צווישן זיך. פלוצלינג האָט זיך דאָס אַלץ ווי איבערגעריסן. אַ זעץ אין שולחן אַריין — און דער עולם האָט די קעפּ אַ כאַפּ געטאָן אין דער הייך, די אויגן אויסגעגלאָצט צום שמש, וואָס איז געשטאַנען גרייט אויף דעם באַלעמער מיט אַן אָפּן מויל עפּעס אויסצורופן. די יונגע חברה האָט זיך אַ לאָז געטאָן פון אונטערן אויוון אָפּער, יעקל סטאָליאַר בראש. זיי האָבן דעם שמש אַרומגערינגלט, און ער האָט אָנגעהויבן: „רבותי״ — האָט ער זיך צעשאָקלט, מיט די אויגן צום בעליק אַרויף, גלייך ער וואָלט דאָרט געזען וואָס ער דאַרף אויסרופן — „רבותי, איך בין אייך מודיע מדעת הרב ומדעת הקהל, אַז יום־טובדיק מעל אַריינצוברענגען פון אַנדערע שטעט האָט קיין שום הכשר נישט, איז אַזוי גוט ווי חמץ: ביי ר׳ אברהמלען איז היי־יאָר דאָס מעל — עלף גילדן אַ פּוד, און מעות־חטין פאַר געמיינע לייט, אָפּגעקומענע מענטשן — ביי אליהן״... אָפּגעזאָגט, און אַראָפּלאָזנדיק דעם קאָפּ מיטן שפּיץ־בערדל אויף די פאַרפּעצטע לאַצן, האָט ער זיך

אָנגעהויבן אַראָפּצולאָזן פון די באַלעמער־טרעפּלעך.

דער עולם איז דערפרישט געוואָרן. די פּנימער האָבן אויפגעפלאַמט: סטייטש? מען גלעט די בערד, מען בייסט די שפּיצן, מען היצט זיך און מען שאָקלט צו מיט ביידע הענט. דאָס בית־המדרש קאָכט ווי אַ קעסל.

— רבותי...—האָט זיך ווידער דערהערט אַ קול, אַ פאַרזונקען קול, ווי פון אונטער דער ערד אָפּער און — אַ פּאַטש אין שולחן אַריין.

דער עולם קוקט און גאַפט — יעקל סטאָליאַר מיט אַ גאַנצער חברה. ער איז בלאַס, דערשראָקן, די אויגן פינטלען:

— רבותי... מען טאָר נישט... מען באַשטייט נישט... אָרעמע אַרבעטערס געלט... מען מעג ברענגען מעל — נישטאָ קיין מאָנאָפּאָל!...

דער עולם שטייט און קוקט מיט אויסגעשטעלטע אויגן און אָפענע מיילער. האָט זיך ערשט אַ דין קולכל פון דער מזרח־וואַנט דערהערט, וואָס האָט די איינגעהאַלטענע שטילקייט דורכגעשניטן.

— אַראָפּ, יונגאַטש, ארצי־מחוצף־פּנים!

— אַראָפּ, אַראָפּ! — איז געוואָרן אַ געשריי, אַ געטומל פון אַלע זייטן און חברה קצבים האָבן זיך שוין אַ לאָז געטאָן אויפן באַלעמער אַרויף... איז דאָרט געוואָרן אַ מהומה צווישן בליצנדיקע פּנימער און אַ געוואַרפעריי מיט הענט איבער קעפּ און קעפּ איבער הענט. אַ ים קולות האָט זיך פאַר־קאָכט און אויסגעמישט. יעקל סטאָליאַר איז פון באַלעמער אַראָפּגעפלויגן און איז אַרויס, אַנטלאָפן מיט אַ גאָלן קאָפּ און מיט אַ צעבלוטיקטער נאָז פון בית־המדרש.

איז ער אָפּגעלעגן ביז ערב־יום־טוב. ערשט ערב־יום־טוב ביי טאָג, ווען מען האָט די פענצטער אויפגעמאַכט, די פייגעלעך האָבן געפּישטשעט מיט גרויס בענקשאַפט און די זון האָט די שטוב אויסגעווייסט מיט אַ שטילער אויפגעריכטער ליכטיקייט, איז יעקל פון בעט אַראָפּ און איז פון שטוב אַרויס.

אַ שטילע אויפגעריכטע זון האָט געלויכטן איבערן מאַרק. די פענצטער פון די מאַרק־געוועלבער האָבן חנעוודיק געבלישטשעט. ערטערווייז איז שוין טרוקן געווען, זאַמדיק, נאָר אין די ראָוועס פאַר די „פּאָטשינעס" האָבן זיך נאָך דינע וואַסערלעך געצויגן און צונויפגעגאָסן זיך אין געסל באַרג־אַראָפּ. און צונויפגעגאָסן האָט עס זיך שטיל מיט אַ פריילעך גע־שעפּטשעריי, און אונטערגעברומט האָט עס שטילערהייט, ווי מען שלעפערט איין קינדער. און גערופן האָט עס זיי, די קינדערלעך מיט די צעשפּאַלטענע

מייטקעלעך, זיי זאָלן קומען גריבלען מיט רויטע, איינגענעצטע הענטלעך, שטרולקעלעך צו קלויבן...

און אָפן געפּראַלט איז טיר און פענצטער געשטאַנען. דורך די לעכער פון די בוידעמס האָבן קלאָרע, ווייסע ציכן אַרויסגעהאַנגען און יום־טוב־דיקע ווייבערשע קליידער; דאָס ווינטל האָט אויף זיי געבלאָזן, געגלעט און געשפּילט זיך מיט זיי און אונטער זיי אין באַהעלטעניש; און דורך די אָפענע פענצטער ווינקען אַרויס אויסגעקאַלכטע קוימען־אויוון, און קוקן מיט אַ באַהאַלטנקייט אין מאַרק אַריין, אויפן ליכטיקן דרויסן, און באַהאַלטן זיך, דאַכט זיך, און קיפּלען זיך איין אין די ווינקעלעך, ווי אויסגעצירטע כּלות, ווען דער חתן איז שוין פאַרן פענצטער געקומען אָנצופאָרן. און פאַר די טירן שטייען שוין ווייבער, האַלב יום־טובדיק אָנגעטאָן, און כּשרן נאָך אַ קובל, אָדער אַ לאַנגע הילצערנע באַנק, און אויף די בלאָסלעכע געזיכטער דערקענט זיך שוין אַ שיינענדיק־מידער שמייכל פון: „געלויבט ביסטו, גאָט, וואָס מיר האַלטן שוין אַזוי ווייט”... מאַניש גלעזער טראָגט שוין אַהיים עטלעכע נייע שינדלען צו פאַרדעקן זיין רויט געפאַרבט טישל. און חיים־יונה מלמד, וואָס האָט ערשט היינט, דאַכט זיך, דעם רוקן אויסגעגלייכט פון אַ גאַנצן ווינטער, טראָגט אויף די איבערגעטובלטע כּוסות אין אַ נייער, רויטער פאַטשיילע אַהיים, ווי ער איז זיך נוהג אַלע יאָר. קונדייסים, חדר־ייגלעך, טייל שוין אין נייע קאַפּאָטקעלעך, באַגעגענען זיך מיט שמייכעלעך אין די אויגן, מיט אַ בלעק אַרויס דאָס ציגנגל און — אַ פּאַטש מיטן הענטל אויף דער שויס איבער די אָנגעפּילטע קעשענעס ניס... אַפילו דאָס דינסט־מיידל פון שענק האָט זיך שוין די האָר פאַרקעמט, אַ בלאָ בענדל אין צאָפּ איינגעפלאָכטן, און טראָגט אַ „סטעמפּע” אויף מצה־מעל. דער אַלטער „סטרוזש” פון די מאַרק־געוועלבער פאַרעט זיך אַרום מיטן לאַנגן בעזעם אין דער האַנט און שאַרט צונויף די ביסלעך שטרוי און צעריבענע „גראָ־כאָווינעס”, וואָס וואַלגערן זיך פאַר די טירן אַרום, נאָך די פאָדלאָגעס אויסקערן און דעם חמץ פאַרברענען. ער שטאָפּט אָן אַ ליולקע טאַבאַק, בלייבט שטיין פאַרטראַכטערהייט, מיטן בעזעם אונטערגעשפּאַרט אונטערן אָרעם, לאָזט קופּקעלעך רויך איבערן קאָפּ און די אויגן פון אונטער די ברעמען קוקן שטיל אין דער לופט אַריין... עס כאַפּט אָן אויף אים אַ גרויס רחמנות. עס דאַכט זיך, אַז פאַר אים אין זיין גרויסער סוקמאַנע און דער קוטשמע אויפן קאָפּ איז שוין קיין שום תקומה נישטאָ, און ער וועט שוין פאַרבלייבן אויף וויטער ביים ווינטער... און דאָ, דער זומער ווינקט פון אַלע באַהעלטענישן און שפּאַלטן אַרויס. דאָס ווינטל הויכט מיט אַ ליבער,

פרישער וואַרעמקייט, וואָס מישט זיך אויס מיטן געפישטשעריי פון די פייגעלעך, וואָס טאַנצן אויף די שפּיצן דעכער מיט אויפגעהויבענע, געטרייסטע קעפּלעך צום ווייטן בלאָען הימל. און די וואַסערלעך פון אונטן רוישן, פּלוידערן און גיסן זיך צונויף אין טייך אַריין און מישן זיך אין די וועלן אויס, וואָס טראָגן זיך איינע נאָך די אַנדערע איבער דער גאַנצער ברייט טייך, ווי לענגלעך שוואַרצע רוקנס, און דערהייבן זיך און פאַלן איין איינס נאָך ס׳אַנדערע, אויף און אָפּ, אויף און אָפּ, מיט מיליאָנען בלישטשענדיקע אייגעלעך פאַר דער ליכטיקער זון, וואָס קוקט אויף זיי מיט אַ ליבער וואַרעמקייט, ווי אַ מאַמע קוקט אויף אירע לוסטיקע קינדערלעך. און דאָס געפּלעשטשעריי טראָגט זיך אין די לופטן, צעגיסט זיך אַרום און אַרום! און די וועלן איילן און יאָגן זיך זייער וועגס אונטער דער בריק אַרונטער, און וואַרפן זיך אויף די זיילן מיט אַ געפּאַטשעריי, און צעשפּריצן זיך אין דער לופט און לייכטן ווי טויזנטער שפּריצלען קאַלך־וואַסער, און אַרום און אַרום קאָכט עס און שוימט. לייבן־רוקנס, דאַכט זיך, קריכן אַרום אונטער די זיילן מיט צעפלאָשעטע גזשיווּעס און וועלן זיי באַלד אונטערבייסן און אומוואַרפן. און ווייט איז דאָס פעלד פאַרגאָסן, מיט אַ בלאָען הימל איבערגעצויגן. נאַקעטיקע שפּיצן פון פאַרטריקנטע צוימען קוקן פון וואַסער אַרויס, ווי שטומע שעפּסענע קעפּלעך, וואָס האַלטן ביי דערטרונקען ווערן און בעטן רחמים ביי דער אַרומיקער, ווייסער וועלט. און דאָס וואַסער רוישט. רוישט און קאָכט.

און אויפן שאָסיי האָט זיך אַ גערויש פון רעדער דערהערט. און באַלד איז אַ וואַרשעווער פור געגעבן אַ קום אָן און אַ שטעל זיך אָפּ אויף דער בריק, און די פערד האָבן די קעפּ פאַרוואָרפן, איינהאַלטנדיק זיך מיט פאַרשאַרצטע מיילער און אויסגעשטעלטע ציין מיט שוים, אַז דער דישל האָט זיך קאַפּויר אויסגעשטעלט. פריילעכע, יונגע שטימען האָבן שוין געקלונגען, און שיינענדיקע פּנימער, מיט פאַצעטישע היטעלעך אויף די קעפּ, האָבן זיך פון דער בויד אַרויסגעוויזן. איינער נאָך דעם אַנדערן שפּרינגען זיי אַראָפּ — וואַרשעווער געסט!... דורכאויס געפּרעסטע קעלנערלעך, רויטע אָפּגעשמיסענע בעקלעך פון ווינט, און די אייגלעך פון אונטער די דאַשיקלעך קוקן גאָר „ממזריש״... אַ ביסל פאַרשייט, נאָר ס׳שאַט נישט — אַנגעלייגטע געסט וועלן זיי זיין.

געכאַפּט די פּעקלעך, טייל די קיישלעך, אונטער די אָרעמס, און מיט שמייכלעך און אויפגעהויבענע לויטערע אויגן אויף די הייזלעך, געלאָזט זיך לויפן אַהיים, וואו נישט איין מאַמע האָט געכאַפּט און אַוועקגעוואָרפן

אַ באַנק אָדער אַ ברעט אין מיטן כּשרן און אַריינגעלאָפן אין שטוב אַריין מיט אַ גדולה...

און דער יום־טוב איז אָנגעקומען.

---

דער ערשטער טאָג יום־טוב.

עס איז נאָך פרי. די זון האָט זיך ערשט אויפן בלאָען הימל אַרויס־געררוקט און מיט אַ פריש רויט פּנים צו די שטילע גאַסן אַראָפּגעקוקט. אַ שטילער נחת דרעמלט אויף די לויטערע פענצטער. די שויבן בלאַנקען. די ווייסע פאָרהענגלעך האָבן זיך, ווי צניעותדיקע פאַרטעכלעך, אַראָפּגעלאָזט, אַ שטילע, הייליקע רו צו פאַרבאָרגן, ווינקען צו דער גאַס, סודותדיק שטיל...

נאָר פּייוול „טשעלענטניק" האָט זיך שוין פאַר דער טיר אַרויסגע־שטעלט, אין ווייסן פּיקענעם לייבל, מיט די הענט אין די הויזן־קעשענעס; נייע הויזן, נייע שטיוול און אַ ניי קאַפּל אויפן קאָפּ. און, האָט ער נאָר דעם ערשטן גענעץ אַרויסגעלאָזט אין דער שטילער גאַס אַריין מיט אַן אויפ־געהויבענעם קאָפּ און אַרויסגעשטעלטער רונדיק־געלער באָרד, מעג מען שוין זיכער זיין, אַז די גאַס וועט זיך שוין אויפכאַפּן פון שלאָף. עס גע־דויערט אַ ווײַלע און ער האָט שוין אַרום זיך אַ קופּקעלע שכנים, אַ בעל־הבתיש רעדל. און ער, פּייוול, דערציילט אייך מעשיות מיט אַן אויסגערוט פּנים, מיט אַ באַלעבאַטישקייט אין טאָן, און עדותט זיך גאַנץ אָפּט מיט זיינע אייגענע צוהערער, וועגן דעם, וואָס ער דערציילט זיי. און פרעגט עמעצער עפּעס איבער, ענטפערט ער צוריק, פאַרוואַרפנדיק אַ ביסל דעם קאָפּ: האָ־האָ־האָ!... און דערביי דאַכט זיך, אַז אָט־אָט וועט ער צופּייפן. און פון וואָס ער זאָל נישט דערציילן, וועט ער אייך שטענדיק אויסקומען אויף שאָסיי־מעשיות — אויף דעם „מילאָסנער" וואַלד, אויף די גנבים פון „זאַקרענט", אָדער פון „סטאַרע־וויעש"... אַזוי, אַז האָר און נעגל שטעלן זיך קאַפּויר. פאַר דאָס כאַפּט ער זיך נאָר אַרויף אויף די פּראַגער סוחרים, ווערט דער טאָן גאָר אַנדערש... פּילט איר אַ מין רחבות, אַ ברייטקייט. דער בויך צעוויגט זיך, דער קאַרק וואַקסט, און אַפילו דאָס קול ווערט גאָר אַנדערש; זעטיק ווערט עס. און ער וועט אייך נישט מיד ווערן אַ שעה און צוויי אויך. צוהערער גייען אַוועק, אַנדערע קומען צו, און ער שטייט זיך אויף איין אָרט און טוט זיך זיינס, ביז דאָס ווייב, מיט דעם ווייסן טשיפּיקל אויפן קאָפּ, שטעלט צו דאָס פּנים צו דער שויב און פּויקט אַרויס צו אים: „הער נאָר, הער נאָר... דער טיי ווערט דאָך קאַלט!..." אַז נישט קומט אַרויס די „מויד" מיט די רויטע קרעלן־באַקן, מיט די שליסעלעך

פאַרשטעקט אין נייעם פּלוטשענקענעם *) פּאַרטעך, שטעלט זיך אַנידער אויף דער הויז־שוועל, פאַרלייגט די הענט אויפן פּראַנט... עס דאַכט זיך, אַז ווען זי לאָזט ווען זי לאָזט ווען זי לאָזט... ווען זי לאָזט וועמען אַראָפּ אַ „כמאַל", לייגט ער זיך באַלד אויפן אָרט. שטייט זי אָבער מיט אַ שמייכעלע אויף די ליפּן, ביז דער פּאָטער מאַכט אַ „הפסק" און דעמאָלט טוט זי אים אַ כאַפּ: טאַטע, אפשר וועט שוין זיין געצוג ?...

דער עולם בעלי־בתים צעגייט זיך.

אויף דער גאַס הייבט זיך אָן איינציקווייז צו באַווייזן דאָס יונגוואַרג. מיט צעלאָזטע סאַקלעך, מיט הויזן־וועסט איבער די קאַמאַשלעך, שיין פאַר־שוירענע פּאַהלעך און אויסגעלייגטע ווייסע קעלנערלעך. מען באַגעגנט זיך מיט שמייכעלעך אויף די פּנימער, אַ שאָקל מיטן קאָפּ און מען שטעלט זיך אָפּ. באַלד ווערט אַ גאַנץ רעדל, און, אַז איטשעלע קאָמאַשן־מאַכער קומט נאָך אויך צו, — אַ יונג אין אַ פּאָר לאַקירקעס, מיט אַ העל סאַקל און אַ גלאַטיק אָפּגעראַזירט פּנים מיט פינקלענדיקע אויגן אונטערן קליינעם דאַשיקל, — ווערט שוין גאָר לעבעדיק. מען פּרוווט זיך שוין אַ שטופּ טאָן איינס דאָס אַנדערע, מען כאַפּט זיך ביי אַן אָרעם און מען דערטאַפּט דערוויל וויפל כח ביי יענעם איז דאָ, און עס ווערט אַ געלעכטערל. און גייען פאַרביי יונגע, אויסגעצירטע ווייבלעך אין שול אַריין, מיט די ביי־נערנע סדורים אין די ווייסע טיכלעך איינגעוויקלט, וואַרפט חברה אויגן און מען שיקט זיי נאָך ווערטלעך, אַז די ווייבלעך ווערן רויט און לאָזן די אויגן אַראָפּ, ווייטער גייענדיק ווי דורך אַ בראַנד. און תמיד, אין רעכ־טער פאַרטוענקייט, אין סאַמע בעסטן, גיט זיך יעקל סטאָליאַר אַ באַוויז, ער אויך, אין זיין יום־טובדיקן סאַק, און גייט זיך, דאָס בלאַסע פּנים דערהויבן, די שוואַרצע אויגן גלייך אויסגעשטעלט אויף דער חברה, ווי איינער, וואָס האָט אַלע מאָל גרייט עפּעס נייעס צו זאָגן.

— גוט יום־טוב, חברים ! — שטעלט ער זיך געלאָסן אָפּ.

— גוט יום־טוב, גוט יום־טוב. — שאָקלען אַלע מיט די קעפּ.

— נו, וואָס הערט זיך עפּעס אין אונזער וואַרשע ? — ווענדט ער זיך צו עטלעכע אָנגעקומענע אויף יום־טוב.

— נישקשה. מען רודערט !... עס גייט אַ גאַנג... — ענטפערן די אין געלעכטערלעך.

— מען „דעמאָנסטרירט ?..."

*) פּלוטשענקענעם — אַ קאָלירט ליזונטן פּאַרטעך.

— פרעגט זיך! און מען זיצט זיך אין די קאַוויאַרניעס און מען האַקט זיך מיט די מיילער, אַז דער רוח נעמט עס!

— און שטרייקן?

— אויך... אַלץ, אַלץ...

אַזויערנאָך נעמט יעקל סטאָליאַר אָפּ אַ גרוס פון „זיין" וואַרשע און צעשמועסט זיך, וואָס אַמאָל טיפער — און דער עיקר פרעגט ער זיך אויס, צי מען האָט עפּעס אַ סך שפּיאָנען אַוועקגעלייגט אין דער לעצטער צייט... ווען נישט זיי, וואָלט ער דאָך פאַרשפּאָרט צו זיצן אין דער היים און „פאַר־פאָלגט צו ווערן פון פאַנאַטיזמוס"...

נאָר שטענדיק צעקלאַפּט איטשעלע קאַמאַשן־מאַכער יעדן וויכטיקן שמועס:

— קומט, חברה — גיט ער אַ רוף, — אַ סוף, אַריין צו מאַטעלען, ווען מיר מאַכן אַ יום־טובדיקן שנאַפּס.

און חברה שאַרט זיך אַריין צו מאַטעלען אין אַ גלעזערנער טיר, וואָס ווייזט אַרויס אין גאַס אַריין אַ טשייניק אויף אַ בלעכן שילדל, מיט איין אויפגעשניטענער לימענע און אַ גלאָז מיט אַ טיי־לעפעלע — און דאָס אַלץ איז אויסגעמאָלט אין איין קאָליר — געל.

און געדויערט נישט לאַנג און עס ווערט שוין אַ געזינגעריי, וואָס לאָזט זיך אויף דער גאַס אַרויס הערן:

„ברידער און שוועסטער פון אַרבעט און נויט,
די אַלע, וואָס זענען צעזייט און צעשפּרייט"...

דאָס האָבן די וואַרשעווער געברענגט אַזאַ ליד, וואָס יעקל סטאָליאַר האָט נאָך נישט די זכיה געהאַט צו הערן ביז היינט. די נייערע געפעלן אים שענער: „וואָס אַ מאָל גייט עס פאָרווערטס"... — טראַכט ער זיך מיט אַ גליקלעכן שמייכל אויפן בלאַסלעכן געזיכט.

און אַז יידן גייען פון שול מיט די טליתים אונטער די אָרעמס און שטעלן זיך אָפּ פאַר דעם געזאַנג, צי זיינען נישט אַמאָל זעלבער אָנגעקומען... שטייט יעקל סטאָליאַר מיטן פּנים אין דער שויב און קוקט אַרויס מיט שטילער, ליכטיקער האָפענונג אויף די אויגן, און אויף די ליפּן שוועבט אַן אויסגעלייטערטער שמייכל: „וואַרט, וואַרט, אַלטע נאַראָנים, איר וועט שוין שפּעטער געוואָר ווערן"... פון איין זאַך נאָר האָט ער גרויס צער — ס'איז נישטאָ ווער עס זאָל קענען זיי, די אַרבעטער, גוט דערקלערן זייער לאַגע. ווען ער זאָל קענען פאַר זיי האַלטן אַ רעדע, וואָלט גוט געווען. — אַ

רעדע, אַך אַ רעדע... — זיפּצט ער שטיל אָפּ.

איז ער אַ גאַנצן יום־טוב ארומגעגאַנגען ווי אָן אַ קאָפּ. האָט ער געקלערט און געקלערט—ביז ער האָט עפּעס צונויפגעשטעלט פאַר זייערט וועגן, און אחרון של פּסח האָט ער געלאָזט צו וויסן טאָן אין דער „מאַסע" אַריין, און מען האָט זיך פאַרזאַמלט אונטערן טעפּערס באַרג, הערן ווי ער, יעקל, וועט עפּעס פאַרלייענען. איז חברה געשטאַנען אונטערן באַרג מיט אויפגעהויבענע פּנימער און אַרויפגעקוקט מיט איינגעהאַלטענעם אָטעם צו יעקלען — איבערן באַרג. איז ער געשטאַנען אין דער הייך, און אויפן בלאַסן פּנים האָט געשפּילט אַ רויטלעכע פאַרב, און די אויגן האָבן געגלאַנצט, גלייך צווי נשמה־קנייטלעך וואָלטן זיך אין זיי אָנגעצונדן; האָט ער אַרויסגענומען אַ פּאַפּיר מיט גרויסע אותיות, האָט אַ קוק אַראָפּ געטאָן צום עולם און האָט אָנגעהויבן צו לייענען אַ שטיקל צום גראַם, וואָס האָט זיך אויסגעלאָזט מיט אָפּגעטאָקטע ווערטער און אויך צום גראַם:

„נידער מיט דעם קאַפּיטאַליזם!"
„עס לעבע דער סאָציאַליזם!"

האָט עס דער גאַנצער עולם אונטערגעכאַפּט און געענדיקט מיט אַ געשריי „הוראַ", „הוראַ!"

און דעמאָלט האָט יעקל סטאָליאַר אַראָפּגענידערט פון באַרג און פאַר־מישט זיך מיטן עולם, וואָס האָט זיך מיט אָפענע מיילער און פאַרפלאַמטע פּנימער צוריקגעלאָזט אין שטאָט אַריין מיט אַ געזאַנג.

און מיידלעך אין די יום־טובדיקע קליידלעך, מיט בלאַנקענדיקע, צו־געקאַמטע קעפּלעך־האָר, האָבן זיך פון שטאָט אַרויסגעלאָזט מיט גלעזערנע קריגלעך אין די הענט, אַהיים צו כאַפּן אַ חמצדיקן טרונק וואַסער פון קוואַלן... און ווי זיי האָבן די חברה באַגעגנט און אָפּגעשטעלט זיך ביי יאָסל זייפנזידער אויפן גאַניק און געקוקט מיט אָפענע מיילער און אויס־געשטעלטע אויגן, האָבן די יונגען די קעפּ אַראָפּגעלאָזט און שטיל געוואָרן...

האָט אָבער איטשעלע, וואָס איז הינטן נאָכגעגאַנגען, נישט געקאָנט באַשטיין און האָט זיי אַ זאָג געטאָן, פאַרוואָס זיי זיינען אַזוינע יאָלדן, און צי זיי האָבן נאָך קיין „מיידן" נישט געזען קיין מאָל... האָט חברה געשוויגן, און איטשעלע האָט דערוויל ממזריש געשמייכלט צו די מיידן אויפן גאַניק, האָט אַרויסגעשטעלט שטייף די ברוסט, אויפגעהויבן דעם קאָפּ אַזוי ווי אָנגעבלאָזן, און געשאַרט דעם טריט אָן דער ערד, נאָר אַ פּאָר שפּאָרן אים אָנצוטון...

און באַלד נאָך יום־טוב, די פּאַצעטלעך זיינען אַוועק צוריק קיין וואַרשע, „אַגולניקעס" האָבן זיך אָנגעהויבן אין שטעטל אַריין צו באַווייזן, צו מאַכן אַ „רוים", און די פאַבריקאַנטן האָבן גרויסע ליידיקע צוקער־פעסער אונטער די פענצטער אָנגעגרייט, אָנצופּאַקן זיי מיט שטיוול, — האָבן די „יונגען" שוין אַלץ געהאַט פאַרגעסן, און מען איז זיך געזעסן ביי די וואַרשטאַטן, צו צוועלף, צו פופצן מאַן אין אַ ווערקשטעל, די אַרבל פאַרקאַשערט ביז איבער די עלנבויגנס, די פנימער רויט און באַדעקט מיט שוייס, וואָס האָט גערונען ביז איבער דער גאָמבע, און זיי האָבן געקלאַפּט מיט די העמערלעך איבער דער זויל און ווייטער זיך צוגעזונגען דאָס לאַנגסטיקע לידל:

איך האָב געליבט אַ מיידעלע,
געווען איז זי פון ווין...
איך האָב געליבט אַ מיידעלע,
געווען איז זי פון ווין...
זי איז אַהיימגעפאָרן צו אירע עלטערן,
זעען וואָס זיי טו'ן,
זי איז אַהיימגעפאָרן צו אירע עלטערן,
זעען וואָס זיי טו'ן.

און אַזוי האָבן אַלע געזעלן און די האַנט־יונגען געבענקט נעבעך נאָך דעם שיינעם מיידעלע, וואָס איז פון זיי אַוועקגעפאָרן אַהיים צו אירע עלטערן, און עס האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די גאַנצע מעשה מיט אַ שיינעם פויגל, וואָס „נישט אַזוי ווייט זיין שיינקייט, נאָר ווי זיין הויך פליען", „וואָס האָט אַראָפּגעלאָזט אַ בריוועלע, געווען איז עס פון ווין"... און נאָך און נאָך — אַז איין גאַט האָט זיך געמעגט דערבאַרעמען.

מאַכט זיך אָבער איינמאָל אַ מעשה, עס איז געקומען אַראָפּ צו פאָרן עפּעס אַ פרעמדער יונגערמאַנטשיק אויף אַ שבת, און דערצו נאָך אַזוינער, וואָס דאָס גאַנצע שטעטל האָט נישט אָנגעהייבן צו וויסן ווער ער איז, ווייל ער איז נישט איינגעשטאַנען ביי הערשל־מנשהס, וואו אַלע „אַגולניקעס" שטייען איין, און עפּעס אַ מאָדנע בריהלע איז דאָס: אַן איידלס, מיט אַ בלאַסלעך, לענגלעך געזיכט, אַ בלאָ העמדל, אונטערגעבונדן מיט רויטע פּאָמפּאָניקלעך. אַ שפּינקעלע אונטערן האַלז, אַ שוואַרץ קאַפּעליושל אויפן קאָפּ און שוואַרצע לאַנגע לאָקן ביז איבער די אַקסלען צעלאָזט. און דאָס האָט געשוועבט איבער דער גאַס, גרינג ווי אַ פייגעלע. איז עס אין שבת געווען, די זון האָט פונקט געשיינט און חברה יונגוואַרג האָט זיך אַרומ־

געדרייט אַהין און צוריק איבער דער גאַס, עפּעס שטאַרק צערודערט. ווייבלעך און מיידלעך זיצן אויף דער „פּאַטשינע", אַזוי ווי שבת בייטאָג נאָך דעם עסן. אויסגעפּוצט אין די שבתדיקע קליידער און קלאָרע פּאַר־טעכלעך — ווייסן שוין אַפילו, וואָס פאַר אַ קונצן דער „דאַזיקער" וועט מאַכן ביים גלח אויפן הויף... און די חברה יונגעזן אין מיטן גאַס קוקן אים אויך נאָך שטיל און שווייגנדיק, און טייל מאָל טוט מען זיך אַ שמייכל איבער איינס צום אַנדערן. און יעקל סטאָליאַר, זעט מען, קלעפּט גאָר אָן אים, שוועבט אויך איבער די גאַסן אַהין און צוריק און אַלע מאָל וואַרפט ער עפּעס אַריין אַ סוד צווישן חברה, נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל. ביז דער עולם איז ביסלעכווייז ערגעץ פאַרשוואונדן געוואָרן און די גאַס איז ליידיק געבליבן...

און צומאָרגנס האָט שוין דאָס גאַנצע שטעטל געדרוישט, אַז נישט קיין קונצן־מאַכער איז דאָס געווען, נאָר אַ וואַרשעווער, איינער פון יענע „פאַר־שווינדלער"... און די יונגען אין די וואַרשטאַטן זיינען עפּעס שטילער געוואָרן און אָנגעהויבן צו חלומען איבערן שטיוול, וואָס מען האָלט אויף די קני אין מיטן איבערנייען אָדער קאָוועז. יענץ בלאָסלעכע געזיכט, וואָס איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אָן בוים מיט פאַרטראַכטע אויגן, קען זיי גאָרנישט פון זין אַרויס. עס זיצן אין איין וואַרשטאַט אַרום צוועלף מאַן געזעלן מיט האַנט־יונגען, קוקט זיך איינער צום צווייטן נישט אום, און יעדער פאַר זיך איז פאַרטראַכט מיט אַ רואיק אַראָפּגעלאָזט געזיכט און שטילע אויגן, וואָס שטייען אומבאַוועגלעך איבער דער אַרבעט. און טייל מאָל שטעלט זיך אַ האַנט אָפּ, דאָס העמערל לאָזט זיך אוממעכטיק נאָך, און בלייבט ליגן אויף דער זויל, פלאַך, איבערגעדרייט, ווי אַן אָפּגעשטאַנען פּישל מיטן בייכל אַרויף. און ער, דער יונג, האַלט ביים עק שטולעכל און קוקט מיט אַזוינע אויגן, ווי אַ קינד, וואָס האָט זיך פאַרטראַכט אין מיטן גאַס מיט דעם בייגל אין דער האַנט...

— וואָס זיצסטו, תם ?... — רייסט איבער אַן עלטערער געזעל.

— הום... — כאַפּט זיך דער יונג ערשט אויף, און טוט פאַרשעמט אַ שמייכל און, ווי צו פאַרענטפערן זיך, לאָזט ער פאַלן עטלעכע ווערטער — „איי... ווער עס האָט נישט געזען"...

און וואָס געזען, ווען געזען, זאָל מען אים שוין אַ גליד איבערהאַקן, וועט ער נישט דאָס מויל עפענען, איידער ער קוקט זיך אום, צי דער מייסטער איז נישטאָ אין שטוב...

עס טרעפט טייל מאָל פאַרקערט, ווען די אויגן בליצן אויף, דאָס פּנים

קנייטשט זיך העפטיק, ווי פאַליעס וואָלטן איבערן קאָפּ געיאָגט — דעמאָלט יאָגט מען די פלעקלעך מיט אַן אימפּעט אין דער געלעכערטער זויל אַריין, צוטאַנצנדיק מיטן העמערל, איינס־איינס!... איינס־איינס!... און מיט אַזאַ געשווינדקייט, ווי מען דעריאָגט עפּעס, ווי מען דערכאַפּט עפּעס, ווי מען וויל זיך מיט עפּעס צוזאַמענשטויסן, עס זאָל קנאַקן, הילכן! און אין אַזאַ צייט מוז שוין ווערלכער עס איז אַרויסשפּרינגען מיט אַ לידל:

„וואָס טויג אייך דען, ברידער, אַזאַ לעבן —
אַ לעבן אין הונגער און אין נויט?...״

און דער גאַנצער עולם, ווי איין כאָר, טוט באַלד אַן ענטפער־אָפּ מיט געזאַנג און קלאַפּעריי מיט די העמערלעך, מען שמעטערט די שטיפטלעך אין דער געלעכערטער זויל אַריין, ווי די קוילן אין ערגסטן שונא. און דאָס געזאַנג צעטראָגט זיך דורך די אָפענע פענצטער אויף דער גאַס אַרויס, מעכטיק און מיט רעש.

און אַז עס טרעפט גראָד, יעקל סטאָליאַר גייט פאַרביי, און דערהערט דאָס געזאַנג, פאַרגנבעט זיך אים אַ שמייכל אין די ווינקלען פון די ברעמען און די אויגן שטראַלן מיט האַרציקער פרייד צו די אָפענע פענצטער...

פאַרנאַכט, מען לייגט אַוועק די אַרבעט, לאָזט מען זיך אין גאַס אַריין. מען גייט שווייגנדיק, מען באַגעגנט זיך מיט יידן, וואָס שטייען אויפן שול־הויף, אַרומגעגאַרטלט מיט רויטע פאַטשיילעס און וואַרטן אויף אַ שטערן... קוקט מען זיך איבער מיט זיי און מען גייט ווייטער... מען שפּאַצירט פאַר־לעכווייז, אָדער מען כאַפּט זיך אַריין צו מאַטעלען אין טיי־הויז הערן אַ יידיש וואָרט... ווער שמועסט אַ לידל — איז אוודאי גוט...

שבת בייטאָג קען מען דאָס גאַנצע שטעטל אויסשאָקלען פאַר איין יונג. די גאַסן זיינען לער, די לאָדנס צוגעלענט. עס הערט זיך אַ שנאָרכן, און די יונגעץ זיינען פאַרקראָכן מיט יעקל סטאָליאַר אונטערן נייעם בית־עולם אַרונטער...

נאָר ווען די זון לאָזט זיך שוין אַראָפּ אין יענער זייט טייך, אין וואַסער שפּיגלען זיך שוין אָפּ די רויטע הימל־פלאַמען, און איידעלע יונגעלייט מיט בלאַסע צורות, מיט שיך און זאָקן און מיט פאַרשטעקטע הענט אין די גאַר־טעלעך פון די שלאָפראָקן, גייען זיך בנעימות שפּאַצירנדיק אויף דעם ברייטן וועג, — הערט מען שוין די חברה צוריקגיין מיט אַ געזאַנג אין שטאָט אַריין...

און איינמאָל, שבת פאַרנאַכט, האָט זיך דער סטאַרשי־סטראַזשניק פאַר־

גנבעט הינטערן שעכט־הויז און אַפּערגעקוקט פון הינטער אַ ווינקל־וואַנט, מיט די שטעכיקע שליפעס *) און מיט דעם שטערנדל אויפן היטל...

און אַז חברה איז אין שטאָט אַריין, אין דער ערשטער גאַס, איז פאַר אַ טיר פון אַ הויז מיט ווייס געמאָלטע לאָדנס געשטאַנען אייזיק פייגע־ליבעס, דער גרעסטער פאַבריקאַנט פון שטיוול; ער מיט זיין איידעם הערשעלע, די סאַקן צעלאָזט, מיט די קייטלעך איבער די גרינע פּליושענע וועסטן, און האָבן נאָכגעקוקט מיט פאַרביסענע ליפּן, אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און פאַרבאָרגענע בליקן פון אונטערן שטערן אַפּער. חברה האָבן אויך די קעפּ אַראָפּגעלאָזט... און אייזיק מיטן איידעם האָבן זיך איבערגעקוקט מיט אַ פאַרברענטן שמייכל אין די בלישטשענדיקע אויגן...

דערנאָך, ווען דער „סטאַרשי" איז צוריקגעגאַנגען פון הינטערן שעכט־הויז, האָבן זיי אים אַריינפאַרבעטן אין שטוב אויף חלה און יידישע פיש.

דער איידעם האָט אים צוגערוקט אַ שטול, אייזיק האָט זיך געפּאָרעט מיטן טישטעך אויסגלייכן, אָפּשאָקלען, און חוהלע, דאָס ווייב אין דעם גאָלדענעם קייטל, וואָס דער לובלינער גאָלדשמיד האָט עס איר איבער־געגאָסן פון אַ שאַנשטיק, זי האָט זיך דערווייל געדרייט ביי דער סערוואַנטקע. אַרויסגענומען דאָס קאַרפּינקעלע בראָנפן און צוגעטראָגן עס צום יונגן ווייבל, וואָס איז אויפן בעט געלעגן, און געקיפּלט זי, זי זאָל צוגיין צום טיש דערלאַנגען — „מען מוז פאַר אַן ערל אויך אַמאָל יוצא זיין"... — האָט זי צוגעשמייכלט, ווי אַ ליבע מאַמע, וואָס ווייסט און איז געניט...

פון דעמאָלט אָן איז דער סטאַרשי־סטראַזשניק געוואָר געוואָרן פון נאָך אַ ניי וואָרט — „אחדות"! יידישע ווערטער קען ער פיל און האָט זיי ליב. למשל: „כלה", „באָד", „מאַכן אַ שפּיל" — האָבן פאַרשידענע טייטשן: נאָר קומען קומט פון זיי אַרויס בולקע מיט פיש... אַצינד נאָך אַ וואָרט, וואָס גיט חלה מיט פיש: „אחדות"!

יעקל סטאָליאַר ווייטער איז דערגאַנגען, אַז ער דאַרף מאַכן כסדר פאַר־זאַמלונגען און דער „סטאַרשי" דאַרף זיך פאַרגנבענען הינטערן שעכט־הויז.

אין אַ צייט אַרום האָט שוין דער סטאַרשי געהאַט פאַרשריבן אין ביכל אַלע נעמען פון די אחדות־לייט; יעקל סטאָליאַר איז געשטאַנען אויפן ערשטן זייטל, אויבן־אָן:

„יאַנקעל פּישער"...

קיינער האָט אָבער נישט געקוקט דערויף. חברה אין „טשיינע" מערט

---

*) שליפעס — אויגן.

זיך. עס קומט אַן אויפדערנאַכט, ווערט ענג אין לעצטן שטיבל. וואו נאָר אַ בעל־מלאכה, אַ האַנט־יונג, קומט ער דאָ אַהער, פאַרברענגט דאָ אַ שעה, צוויי, און ווערט שוין אַ חברה־מאַן. יעקל סטאָליאַר האָט השגחה אויף אַלעם. אַפילו זיך לוסטיק מאַכן לאָזט ער נישט; ער וויל, מען זאָל נישט שפּרינגען אויף טיש און בענק, נישט איינברעכן בעטן. ער פירט אויף „קאָרעספּאָנדענציע" מיט וואַרשע... לעזט פאַר די בריוו און פון דעם וואַקסט אויף די חברה פון טאָג צו טאָג; וואָס אַ נאַכט — ווערט אין שטיבל ענגער, פריילעכער, לעבעדיקער.

און איינמאָל האָט יעקל געבראַכט אַ גאַנצן פּאַק פּראָקלאַמאַציעס און אָנגעהויבן צו טיילן, אַזוי ווי אין די גרויסע שטעט. איז אָבער דער עולם — ווי איטשעלע קאַמאַשן־שטעפּער זאָגט — געהרגעט אויף דער „עברי"... און ווי יעקל סטאָליאַר קלאָגט זיך — „תלמוד־תורה־קאַליקעס" — מוז ער אַליין פאַרלייענען. דער עולם רינגלט אים אַרום, מען שטייט איבער טיש און בענק, איינער אויפן אַנדערן, איינער איבערן אַנדערן, איבער די קעפּ און איבער די אַקסלען, מען כאַפּט זיך אין דער לופטן, און יעקל סטאָליאַר הייבט אויף די פּראָקלאַמאַציע צום לאָמפּ:

— „גענאָסן און גענאָסינען!"

— פּאַרטייטש!... — רופט איטשעלע.

— חברים און חברטעס... — ענטפערט יעקל.

— וואָס פאַר אַ חברטעס!...

— אין גרויסע שטעט — דערקלערט יעקל — באַטייליקן זיך מיידלעך אויך.

— הייסט עס, מישן זיך אויך אַריין?... — פרעגט מען נייגעריק.

— אָוודאי...

— נאָר דאָ הי... — שמייכלט איטשעלע — אַ פאַרשאָלטענע שטאָט דאָס איז...

— גיב אים שוין אַ פּאָר מיידן... — כאַפּט עמעצער אונטער, און חברה צעלאַכט זיך. איטשעלע הייבט נאָך אָן צו קלאַפּן איבער די אַקסלען, ווערט שוין גאָר אַ געקאָכעריי, אַז גאָט זאָל אָפּהיטן. און מען הייבט זיך אָן צו וואַרפן איבער טישן און איבער די בעטן. היטלען פליען אין דער הייך, די קולות שלאָגן־אָן אין באַלקן. דערוויייל טרעט עמעץ אָן אַ קינד אויף אַ פיסל, צעשרייט זיך עס, קומט אַריין צו לויפן טויבעלע, מאַטעלעס ווייב, מיט אַ געוואַלד, כאַפּט דאָס קינד אויף דער האַנט, שטילט עס איין. חברה ווערט דערוויייל אַ ביסל געלאַסענער, צעלייגט זיך אויף די בעטן אין דער ברייט,

מיט די קעפּ אָנגעשפּאַרט אָן דער וואַנט און מיט די בייכער אַרויף, ווי די לעשטשעס. און אויב איטשעלען פאַרגלוסט זיך אַרויפצוקריכן מיט די קניען אויף די בייכער, ווערט אַ געשלעג, מעג מען שוין פון שטוב אַנטלויפן. יעקל סטאָליאַר וויל דערפאַר שטראָפן: מען דאַרף לייענען! מען הערט נישט, אַלע זענען צוזאַמען און עס ווערט פריילעך. „אחדות" — ווייסט מען שוין אַזוי אויך: דאָס איז אַ מין „באַשטיין, וואָס אַלע באַשטייען"... — זאָגט איטשעלע. לאָזט יעקל סטאָליאַר אָפּ און בעט נאָר, זיך צעגיין אַהיים: גייט קינדער שלאָפן, — זאָגט ער — איר וועט דאַרפן מאָרגן אַרבעטן, אַ טאָג אַ יאָר.

* * *

און אַז אין שטעטל האָט זיך נאָך אַ מאָל באַוויזן אַזאַ פאַרשווינדל ווי דער ערשטער, און נאָך מיט אַ הוספה: מיט אַ גראָבן שטעקן אין דער האַנט, איז שוין אויפן שטעטל גאָר אָן איבערקערעניש געקומען. נישט לאַנג האָט ער געוויילט און באַלד נאָך זיין אַוועקפאָרן האָבן אַ סך יונגען, קודם־כל, געלאָזט זיך וואַקסן די „גזשיוועס" און איינציקווייז אָנגעהויבן אַריינצוקריכן אין בלאָע העמדלעך, לויט דעם בונדיסטישן נוסח. און פלוצלונג, פון דער העלער הויט, מען הייבט נאָך נישט אָן צו וויסן, ווערט אַ שטרייק ביי אייזיק פייגע־ליבעס... נאָר איין געזעלן, איין עקשן, איז געבליבן זיצן ביים וואַרשטאַט. ער האָט זיך איינגעשפּאַרט! איז אונטערגעשפּרונגען אַ האַנט־יינגל אונטערן פענצטער מיט אַ גרינער פלאַש נאַפט אין האַנט, און האָט זי אים אָן קאָפּ צעבראָכן; און אַ פּוסטקע איז געוואָרן אין אייזיקס שטוב. און די יונגען האָבן זיך אָנגעהויבן אין מאַרק אַרומצודרייען מיט די הענט אין די הויזן־טאַשן. טאַטעס האָבן אָנגעהויבן נאָכצויאָגן, מען זאָל גיין צו דער אַרבעט, און מאַמעס האָבן זיך אָנגעהויבן נאָכצודרייען, ווי די שאַטנס הינטער די פּלייצעס און האָבן מיט פינצטערע פנימער געבעטן, געחלשט, מען זאָל גיין כאָטש דאַווענען... עס גייט אַ יונג פאָראויס, אַ מאַמע — נאָך, און בעט זיך רחמים: וואָס ווילסטו פון מיין רעשט ביסל יאָרן האָבן?... זאָלסט נישט נאָכגיין יעקל סטאָליאַרס קאָפּ, און זאָלסט מיר נישט אָפּטרעטן פון לעבעדיקן גאָט! און טאַטעס און מאַמעס האָבן גאָר נישט געהאָלפן, און דער סטאַרשי־סטראַזשניק, מיט וועלכן אייזיק האָט געסטראַשעט — אויך נישט, און מען האָט די יונגען געמוזט נאָכגעבן, פאַרקירצן דעם „אַרבעטס־טאָג"... און נאָך גיכער די יונגען זיינען אַוועק צו דער אַרבעט, זיינען שוין אַנדערע אַרויסגעקומען אויף זייער אָרט. אויך מיט די הענט אין די הויזן־טאַשן. אויך געמאַכט רעדלעך, און געהאַלטן זיך

אין איין סודען... האָט זיך דאָס געשטעלט אַ זומער, אַז מען האָט דעם מאַרק נישט ליידיק געלאָזט אויף איין מינוט — נאָר שטרייקן און שטרייקן. עס האָט קיין איין פאַבריקל נישט אויסגעמיטן; אַ פאַרשלעפּטע קרענק. און אַז עס קומט שבת אין דער פרי, די זון שיינט, שטיפט די חברה אין גאַס אַרום, אין די שבתדיקע סאַקלעך, מיט אויסגעפּוצטע קאַמאַשלעך און ווייסע קעלנערלעך אויף די העלדזלעך, און אין שול איז שטיל, ווי אין אַ גן־עדן... דער שמש קלאָגט זיך, אַז ער האָט קוים אַ מנין... און יונה־בער סופר, אַז ער גייט מיט זיין מנין אַהיים פון שטיבל און דערזעט די חברה אויף דער גאַס, באַפאַלט אים אַ גרויס טרויעריקייט און ער זיפצט אָפּ: רבונו של עולם, איך פאַר מיין חלק בין זיי מוחל...

און נאָך דעם עסן מאַכן זיך ווייטער רעדלעך אויף דער גאַס. די „טשיינע" איז שוין פול אָנגעפּאַקט. דער גאַרבער־פּאַך — יידן שוין מיט בערד — זענען אויך געקומען, מען זאָל זיי „פאַרטיידיקן" פון די קאַפּי־טאַליסטנס הענט... זיצן זיי אַלע אויסגעזעצט אַרום טיש, און מאַטעלע, דער בעל־הבית — אויבן־אָן, אין אַ קאַפּל אויפן קאָפּ, און מיט די בלויזע העמד־אַרבל, האַלט ער זיך דאָס קינד אויף דער שויס, און טויבעלע דער־לאַנגט עסן. טוט זיך דאָרט אָפּ אַ שטיקל וועלט. — דער עולם אַרום וואַרפט גלייכווערטלעך, אַז מען האַלט זיך ביי די זייטן. אַ יונג פון אַ יאָר זעכצן שטייט ביי אַ טאַטן, וואָס האָט לאַכנדיקע אויגן, מיט אַ צוגעשוירן בערדל, פעלט עס אויך נישט מער, נאָר מען זאָל עס אַ צי טאָן, זאָל עס אַליין לאַכן, — שטייט ער, דער יונג, און „מעלקט" אים ביי אַ קנעפּל. און טענהט עפּעס צו אים, גיט אים עפּעס צו פאַרשטיין, און ווען מען דאַרף שאָקלט ער צו מיט די הענט, רעדט אַ ביסל הייסער, און גאָרעט אַריין אין אים, דער טאַטע, וואָס שטעלט אַזוי די אויגן אויס, זאָל אַ שטיקל באַגריף קריגן... כאַפּט אָבער פונקט עמעץ אָן דעם פאָטער ביים אַקסל:

— יואלקע, יואלקע! ביסט אַ שיין לייט, זע איך; דער זון לערנט גאָר ד י ך...

— מעגסט דיך אויף אים פאַרלאָזן... — ווינקט דער טאַטע מיט די ברעמען, און דער דאַשיק ווינקט מיט.

— הער זשע... — ציט דער זון דעם טאַטן ביים בערדל, יענער אָבער לאָזט נישט אָפּ:

— און מיר, יואלקע, אין זיינע יאָרן?...

— האַ!... — טוט יואלקע אַ הייב מיט דער האַנט איבערן קאָפּ — האָב איך שוין חתונה געהאַט... „זי" האָט שוין, דאַכט זיך מיר, „גע־

יאַטלט אויך... מיט אים טאַקע...— ווינקט ער אויפן זון.

— ישעיה! — כאַפּט ווידער איינער אָן אַ צווייטן, וואָס זיצט מיט אַ ברייט סאַמעטן היטל אויפן קאָפּ און קוקט אין טיש אַריין ווי אַן אָקס אין קאַרעטע — ישעיה! זאָלסט וויסן, אַז אויף דיר איז געפאַלן דער גורל, זאָלסט אין דער מינוט אַראָפּנעמען די לייכטער פון טיש...

ישעיה שווייגט מיט אַ נאַרישן שמייכל אַרום די גלאַנציקע ליפּן און קוקט אויפן עולם מיט קעלבערן אויסגעגלאָצטע אויגן, צי עס איז אמת... דער עולם האַלט זיך איין נישט אויסצושיסן מיט אַ געלעכטער.

— אַנישט — ציט יענער ווייטער מיטן שמייכל אין די אויגן — אַנישט, זאָלסטו געבן אַ האַלבן רובל אויף ביר...

ישעיה שווייגט ווייטער — בײדע פּסקים זענען שווער... און ער ווייסט נישט וואָס צו טאָן, צי זאָל ער זיך צופּן ביים קליינעם בלאָנדן בערדל, צי ער זאָל זיך פריער קראַצן אין אַ פּאה פאַר גרויס עגמת־נפש...

— וואָס שווייגסטו? — מאַכט זיך יענער בייז — לאָז זיך דיר דאַכטן, אַז דאָס זאָגט דיר צאַלקע משמש אין גרינעם שלאָפראָק, און הייסט דיך שטעלן אַ פּאָר פלעשלעך ביר...

—איך שעם מיך צו זאָגן... — ענטפערט ישעיה און טוט אַ שמייכעלע. דער עולם פּלאַצט אויס מיט אַ געלעכטער.

— קאַלב איינער דו, פאַרוואָס ביסטו אַליין נישט אַהער געקומען, נאָר מען האָט געדאַרפט צוויי מאָל נאָך דיר שיקן!

— איך האָב געוויגט דאָס קינד... — האָט ער קוים אַרויסגעשטאַמלט. און דאָס אַרומיקע הילכיקע געלעכטער האָט זיך נאָך שטאַרקער צעקייקלט איבער דער שטוב.

און באַלד האָט זיך אַ פּעסעלע ביר באַוויזן מיט אַ מאַשינקע, און דער עולם האָט גענומען טרינקען.

איטשעלע איז אויך אָנגעקומען, און אין שטוב איז נאָך פריילעכער געוואָרן.

נאָך די ערשטע עטלעכע גלעזער ביר, אַז די פּנימער האָבן שוין אַ ביסל געפלאַמט, האָט איינער אַ פּאַטש געטאָן אין טיש אַריין:

— קינדער, אַ תקיעת־כּף זיך געבן, די פאַבריקאַנטן, די הינט, אָנצו־לערנען!...

— קינדער, — האָט אַ צווייטער אַ פּאַטש געטאָן — עס וועט זיי די באַלערע טרעפן, איינס ביי איינס!...

— קינדער! — מאַכט אַ דריטער — אַזאַ באַנדיט ווי מיינער איז, זעט מען נישט אַזוינס!...

— קינדער, — טוט איטשעלע אויך אַ שפּרונג אַריין אין דער מיט מיטן גלאָז ביר אין דער האַנט — איר האָט דאָך נאָר שטענדיק צו טאָן מיט די פאַבריקאַנטן... נישט אמת?... און איך, איך, זעט איר, האָב גאָר אַן אַנדער מזל, — — איך האָב געאַרבעט איינציקע צוויי חדשים ביי שמואל־טויבעס, זאָלן מיר אַזוי אַלע לעבן — גיט ער אַ דריי אַרום מיטן גלאָז פאַר די פּנימער — ווי איך בין אים די גאַנצע צייט אַ שותף געווען צו דעם ווייב...

— גיי, גיי... אַ גאַרבער־פאַבריקאַנט איז גאָר עפּעס אַנדערש...

אַזאַ באַנדיט ווי דער מיכל איז — וואָר איך וועל לעבן! דעם ווינטער, דער ערשטן, האָב איך דאָך געאַרבעט ביי אים, וויל איך איינמאָל ביינאַכט נעמען אַ שטיקל שטעקעלע, וואָס איז געשטאַנען אין ווינקל ביים קוימען — וויל איך עס נעמען אָפּצויאָגן מיך פון די הינט, וואָרן די צוויג זיינע האָט גע־ברענגט אַנצושלעפּן אַ גאַנצע „טשאַטע" פאַר דער טיר... וויל איך עס נעמען, גיט ער אוודאי אַ קום צו: ניטע!... און נעמט עס מיר אַרויס פון דער האַנט... דאָס ווייב, זאָגט ער, דאַרף עס פאַר אַ „פּאָמיאַטלע" דעם אויוון אויסצוקערן. איך האָב געמיינט, איך פאַל אַנידער... דו פאַר־שטייסט אַזוינס?... אַ מערכה, הערסטו, די צוויג האָט מיך געקענט, האָט זי מיך אַ גאַנצן וועג געלעקט און די גאַנצע באַנדע האָט מיך אונטערגעפירט מיט דרך־ארץ! אַ נישט וואָלט איך צעריסן געוואָרן אויף שטיקער!

— און איך, הערט איר — טוט אַן עלטערער מיט אַ שוואַרץ בערדל אַ פּאַטש אין טיש אַריין — איך שריי איין געשריי, אַז אַזוינס ווי מיינער איז — האָ, האָ, האָ!... — דאָס, ברודער, איז אַ כאַמיקל... אַ שטילס, מיטן קעפּל צווישן די אַקסלען... דאָס שטעלט זיך דיר אַרויס באַלד באַגינען פאַר דער טיר אויסקוקן די אַרבעטער. קום איך אַנדערש דער ערשטער — ענטפערט ער מיר גוט יאָר... — ווי באַלד — שפּעטער, דרייט ער דאָס קעפּל אַוועק אין אַ זייט... נו, איז מען דאָך נאָר אַ מענטש,—מען טוט אַ קוק ווי יענער אַרבעטער האָט שוין היינט אָפּגעטאָן אַ וועלט, ווערט מען טאַקע געפּלאַטשט ביי זיך... וואָס־זשע טו איך? דערצייל איך אים אַ מעשה, אַז באשר בכן, דער און דער האָט זיך געהרגעט מיטן ווייב, איז זיך די גאַנצע שטאָט צונויפגעלאָפן און איך אויך... אַזויערנאָך, פאַרשטייט איר מיך... גאָרנישט, פאַר דאָס, צומאָרגנס; מוז איך שוין קומען מיט אַ האַלבער שעה פריער פאַר אַן אַנדערן און קריג שוין דעם ברייטן „גוט־יאָר"...און ער ווערט שוין מיט מיר אַ גאַנצער מחותן, דערציילט מיר פון זיינע געשעפטן, אין

דער מיט וואַרפט ער מיר אַריין, אַז בכן איך בין דער בעסטער אַרבעטער... און יענער, יענער טויג שוין היינט אויף אַ כפרה; ווי קומט ער שוין מיט אים איבער צום סוף זמן... און אַז יענער קומט, גיט ער אים אַ וויז אָן אויף די גרינגערע שטיקלעך בוקאַטן, כדי ער זאָל מיך קענען דעריאָגן און איך זאָל מיך נישט לאָזן... אַזאַ סיבירניק איז דאָס...

— מען מוז זיי אָנלערנען, מען מוז! — האָבן אַלע זיך אָנגערופן — אַ שטרייק, אַ שטרייק!

און דאָס האָט שוין געהייסן אונטערגעשריבן די פּאַפּירן.

— און דו, ישעיה־קאַלב, וועסט דאָך גיין מאָרגן צו דער אַרבעט, — וועלן דיינע ביינער צעבראָכן ווערן!

צומאָרגנס האָט מען פון ר׳ עוזר גאַרבער אַריבערגעשיקט נאָך יעקל סטאָליאַר. יעקל איז אַהין געגאַנגען.

---

ר׳ עוזר, אַ לאַנגער ייד מיט אַ לענגלעך געזיכט, מיט אַ צוויי־שפּי־ציקער באָרד, איז געשטאַנען אין טלית און תפילין מיט אַ זילבערנער עטרה איבערן קאָפּ, וואָס האָט אים ביז אין דער העלפט לאַנגער נאָז פאַרדעקט. ער האָט געהאַלטן ביים לייגן די רבנו תּם תפילין. און ווי ער האָט דערזען יעקל סטאָליאַר, האָט ער אים אָנגעוויזן אויף אַ געבעטער שטול און גע־בעטן זיצן:

— נו, וואָס וועסטו זאָגן עפּעס גוטס?... — האָט ר׳ עוזר אָנגעהויבן, זיך אַ ווישׁ טוענדיק מיט דער האַנט איבערן געזיכט און אויסלאָזנדיק ביים שפּיץ באָרד.

— וואָס זאָל איך זאָגן?... — האָט יעקל געענטפערט מיט האַלב אַראָפּגעלאָזטע ברעמען, עטוואָס אַ הייב טועדיק מיט איין אַקסל.

— מען זאָגט דאָך עפּעס, אַז דו האָסט די גאַנצע דעה... און ביסט נישט קיין נאַר אויך, זאָגט מען... וואָלט איך געוואָלט מיט דיר איבער־שמועסן, צי ס׳איז גלייך אַזוי?... מילא, איך ווייס; אפשר קומט עס מיר?

— ס׳איז נישט פאַראַן, צי עס קומט יאָ צי עס קומט נישט... אַזוי פירט זיך אין וואַרשע אויך, און אויף דער גאַנצער וועלט, אַז מען שטרייקט, שטרייקט מען...

— מילא, שטרייקן איז שטרייקן — — אָבער וואָס האָבן זיי מיר נאָך די גויים אויך אַרויסגענומען פון פאַבריק?...

— וואָס דען הייסט געשטרייקט?

— ע, נישט דאָס מיין איך... איך מיין נאָר דאָס, ווי קומט מען עס

אַריין צו יענעם באַלד מיטן געשלעג ?... זיי האָבן דאָך געכאַפּט אייזנס אויף די גויים. צייט איך לעב ! — מיטגעבערענגט נאָך מיכלס אַרבעטער אויך צו מיר איפן הויף... אין אַ קיטל־הויז טוט זיך דאָך שוין אַזוינס נישט אָפּ...

— ווער איז שולדיק, אַז די גויים האָבן נישט געוואָלט אַרויסגיין אַליין ?

— הערסטו, דאָס שריי איך דאָך אויך, אַז נאָר די יידן, די יידן... אין שול אַריין איז גוט צו גיין מיט יידן...

— און אין קאַמף אַריין אויך...

— וואָס פאַר אַ קאַמף ווייטער ? אַ, אַ, קאַמפּ... יאָ, יאָ... אין „הצפירה" טאָקע שטייט עס פאַרשטראָכן אין רינגעלעך... נאָר אַזוי צי אַזוי, וואָס ווילן זיי ? — זיי זשע מוחל, ווי הייסטו, ס'איז מיר גאָר אַראָפּ פון רעיון, — האָט ר' עוזר געקנייטשט דעם שטערן, צולייגנדיק אַ האַנט און ווייטער אַראָפּגעווישט מיט איר ביז איבער דער שפּיץ באָרד.

— יעקל.

— יעקל ?

— זיי ווילן אַ קורצן אַרבעטס־טאָג. דאָס הייסט פון זיבן ביז זיבן, און אין דער מיט — צוויי שעה רו...

— זייער פיין, זייער פיין... — ציט ר' עוזר — נאָר איך ווייס נישט, צי דו ביסט עפּעס געניט אין מיין אַרבעט — — ביי מיר אַרבעט מען דאָך נישט קיין יוכטן, נאָר גריבע לעדער, „פּאָדעשוואָנע". על־כן, ביסטו דאָך נישט קיין נאַר... אויב איך דאַרף אַמאָל אַ צוויי־דריי אַרבעטער זאָלן בלייבן אַ ביסל לענגער ביי נאַכט, מחמת מען דאַרף איבערגלעטן מיטן רעדל, וואָס טוט מען ?...

— נעמט מען אַנדערע מענטשן אויף ביינאַכט.

ר' עוזר האָט זיך פאַרטראַכט.

— אַזוי הייסט עס... איין זאַך נאָר וואָלט איך געוואָלט וויסן — האָט ער זיך ווייטער אָנגערופן — כ'מיין מיט די אַרבעטער טאַקע — — מילא, וואָס איז שייך... ס'איז דאָך אַזאַ זאַך, וואָס טוט זיך אומעטום דאָס אייגענע, ווי דו אַליין זאָגסט — אויף דער גאַנצער וועלט... און מן־הסתם שטעקן דאָך אין דעם מענטשן־קעפּ... וואָלט איך נאָר געוואָלט וויסן, צי קוקט מען אַמאָל אויף יענעמס מעמד אויך... אַ שטייגער, אַ זאַך, וואָס קען נישט זיין !... אָט, ווי למשל, דו זאָגסט אַצינד... קומט אויס, איך

זאָל די גאַנצע פֿאַבריק אָפּשטעלן... נו, מײַן דאגה, װעל איך נישט אַרבעטן...

— שטעלט אָפּ... — האָט יעקל צװגעשאָקלט מיטן קאָפּ.

— איך האָב פֿאַרגעסן — מאַכט װײטער ר' עוזר — איך בין אַזאַ נוגש, חלילה, אױפֿן אַרבעטער, װאָס מען גײט מיר אױסזעצן די מינוט... געװאַלד געשריגן, זײ זײַנען דאָך נישט קײן דאָקטוירים, זײ זאָלן מיר קוקן אױפֿן זײגער... װאָרן װי אַזױ באַגײ איך מיך מיט אַן אַרבעטער? איך בין דאָך נישט קײן אַנדערער; מײַן שיעור מוז איך מיר אָפּלערנען אַלע אין דער פֿרי. דערנאָך גײ איך דאַװענען, האָב איך שױן אודאי נישט זײ אין זין... װער קוקט זיך אום, צי אַרבעטן זײ, צי באַלעמוטשען זײ? װעמעס דאגה? איך מײַן טאַקע אין דער אמתן, װער קוקט זײ נאָך? נו, איך בעט דיך זײער, קען מען מיר אױסזעצן די שעה?...

— עס קען אָבער אַנדערש נישט זײַן.

— װאָרן גלײב זשע מיר, אַז מיר פּלאַצט אַזױ אױך די גאַל אַכצן מאָל אַ טאָג, װי אַלע מאָל לױפֿט אַן אַנדערער אונטערן פּלױט אַרונטער, מכלומרשט... פֿאַרשטײסט פֿאַר אַ תּירוץ... און װי װעלװעלע שלעפּט זיך מיט דער קאַן, טריט בײַ טריט, פֿון אונטער דער שאָפּע צו דער ברונע צו, קען אױך דאָס בלוט געזעצט װערן! איך װאָלט באַדײ דורכן פֿענצטער אַרױסגעשפּרונגען! אָנגעשעפּט אים די קאַן װאַסער — נאַ דיר און גײ, אַבי מײַנע אױגן זאָלן דאָס נישט צוקוקן... און דו דאַרפֿסט זען, װי אַלע גיבן זיך מיטאַמאָל אַ שטעל אָפּ און װיקלען פּאַפּיראָסן! עס גײט זיך די גרינגע גאַל אָן... כאַפּ איך שױן אַרױס מײַן פּושקע מיט פּאַפּיראָסן און צעטײל — — װאָרן פֿאַר װאָס? — — בײַ מיר אַן אַרבעטער איז אױך אַ מענטש, — גלײך מיט מיר... נאָר אַציגד, זעסטו, אַז זײ זענען שױן יאָ אַזױ, װעלן זײ בײַ מיר גאָר נישט אױספּירן!

— האָב איך נישט װאָס צו זיצן — האָט יעקל געזאָגט, אױפֿשטײענדיק פֿון שטול.

ער האָט פֿאַרקנעפּלט דאָס אײבערשטע קנעפּל פֿון פּאַלטאָ, אַ זאָג געטאָן אַ גוטן טאָג און איז אַרױס פֿון שטוב.

---

און געװען איז אַ שבת אין דער פֿרי, װען איטשעלע האָט געזען, אַז הײַנט איז די ליבע צײַט געקומען אָפּצורעכענען זיך מיט דער חברה קצבים, פֿאַרן געשלעג פֿון ערב פּסח. האָט ער צונױפֿגענומען אַ מחנה מיט יונגען און איז אַרײַן אין קלײנעם שולכל, װאו די חברה קצבים דאַװנט באַגינען.

האָט דער עולם געהאַלטן אין מיטן „אל אָדון״. און ווי זיי האָבן דערזען די באַנדע איז זיי וואַרעם געוואָרן אין די לייבער און האָבן אַרויפגערוקט די טליתים העכער איבער די קעפּ, געמאַכט זיך פאַרטיפן אין בעל־תפילהס קול און נאָכגעזאָגט וואָרט ביי וואָרט מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. . .
און דערווייל האָט חברה געפינקלט מיט די אויגן און געזוכט עפּעס אַן אָנהייב. ביז איטשעלע האָט זיך אַ לאָז געטאָן צו זעליק שינדער, דעם שטאַרקסטן קצב, און איז אים פאַרפאָרן צווישן די אויגן, אַז עס האָט אַ הילך געטון! דאָס גאַנצע שולכל איז פאַרגליווערט געוואָרן און שטיין געבליבן מיט אָפענע מיילער און אויסגעגלאָצטע אויגן. און באַלד איז געוואָרן אַן אויסגעשטרעקעריי פון הענט צו די הענגלייכטער, און עס איז געוואָרן אַ געפליקעריי פון עסעס (רערן), אַז מען האָט געמיינט, דאָס גאַנצע שולכל קערט זיך איבער. און חברה זענען באַלד אַרויף אויף טישן און בענק, און עס האָט זיך אָנגעהויבן אַן אויסגעמישעריי און אַ גע־דרייעריי פון הענט איבער קעפּ און קעפּ איבער הענט, מיט אַ געשטיקעריי און געריסעריי און אַ מין ווילד אַרומכאַפּן זיך מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם. און מען האָט מער נישט געהערט ווי דאָס שאָרכן פון די הענט, וואָס האָבן זיך געהויבן איבער די קעפּ און דאָס שאָרכן פון די טליתים, וואָס האָבן זיך דערצווישן געפּלאָנטערט. און איינער דעם אַנדערן און אַלע אין איינעם האָבן זיך געריסן, געשלעפּט ביי די קעפּ, געשטיקט און געבערענט מיט די אויגן מיט אַ ווילדער אָנגעצונדענער תאווה, איינער דעם אַנדערן אין די העלדזער אַרייַנצוקריכן. און פּלוצלינג האָט עס אַ קנאַק געטון איבערן גאַנצן שולכל. איטשעלע, מיט אַן אימפּעט פון אַ געוואָרפענער, צערייצטער חיה, האָט אויסגעריסן אַ פוס פון שולחן, און פאַרט שוין מיט אים איבער קעפּ. עס ליגט אַ יונג אויף זעליק שינדער, איבער דער ברייט טיש אַריבערגעבראָכן, און דריקט אים ביים האַלדז, אַז דער קאָפּ פאַררייסט זיך איבערן קאַנט פון טיש. עמעצער אין אַ טלית ליגט און מען קנאַקט צו מיט די פיס. אַ גאַנצע קופּע האַלטן זיך צוזאַמען ביי די קעפּ, איינגעטיפּט און איינגעביסן מיט הענט און מיט די ציין איינער אין אַנדערן, איינער אין אַנדערן. און די גאַנצע קופּע, די שווערע צונויפגעקיפּלטע אומגעלומפּערטע קופּע, האָט אויסגעזען ווי איין גרויסע חיה מיט טויזנטער רירעוודיקע גלידער, וואָס גראָבט און אַמפּערט זיך און רוקט זיך און שלעפּט זיך איבער אַלע ווינקלען. טייל זענען געפאַלן און האָבן זיך נאָכ־געשלעפּט מיט איינגעגראָבענע הענט אין פיס און טליתים. געשלעפּט און געפאַלן, געפאַלן און געשלעפּט, און ווייטער זיך איינגעגראָבן איינער אין

אַנדערן, איינער איבערן אַנדערן און אַלע אײנאײנעם, ביז עס האָבן זיך שוין אַ פּאָר קרעכצן ווי פון באַהאַלטענע ווינקעלעך אַרויסגעריסן. נאָך אַ נצחון און נאָך אַ נצחון, און די הענט איבער די קעפּ און דאָס וואַרפן זיך איינער אין אַנדערן, און איינער איבערן אַנדערן, האָט אָנגעהויבן צו גיין רעגלמעסיקער, גלייכגילטיקער, נישט געזוימט און נישט געאַמפּערט, נאָר געהויבן די הענט און אַראָפּגעלאָזט, געהויבן און אַראָפּגעלאָזט. אַ שטויס אַהין, אַ שטויס אַהער. און װעלכע עס האָבן זיך ביי די האָר געריסן, האָבן זיך שוין גלאַט געהאַלטן ווי פּאַר אַ משכּון נאָר... מען האָט געשפּירט, ווי דער איינגעהאַלטענער אָטעם האָט שוין נאָכגעלאָזט, ווי די לופט איבער די קעפּ פאַרכאַפּט שוין נישט אַלץ מיט אַ פאַרשלינגענדיקן אָטעם, און האָט שוין אַ ציטער געטאָן, ווי אַרום אַ דריידל, וואָס האַלט שוין אין פאַלן... און פּלוצלינג, אין אַלע ווינקעלעך אויף איין מאָל, זענען אַלע פּנימער שטיין געבליבן, ווי אָפּגעשמועסט זיך, מיט אַראָפּגעלאָזטע הענט און געקוקט זיך אין די אויגן אַריין, ווי פרעגנדיק זיך, וואָס איז דאָ גע־ווען . . . עס האָט אויסגעזען, אַז מען וועט זיך באַלד פאַרוואונדערט צושאָקלען מיט די קעפּ . . . נאָר איינער ביים אַנדערן האָט שוין דערזען דאָס בלוט אויפן פּנים און איז צו זיך געקומען. . . נאָך אַ מינוט און איטשעלע איז שוין געשטאַנען, אַרומגערינגלט מיט זיין חברה, ביי דער טיר, נאָך מיט דעם פוס פון שולחן אין דער האַנט; אין גאַנצן קאָפּ, די האָר צעשויבערט, און געקוקט מיט אַ מידן שמייכל אויף די פאַרברענטע ליפּן צום עולם אין די אָפּגעריסענע טליתים. עמעצער האָט אים דאָס היטל דערלאַנגט, האָט ער עס אָנגעטון, אַרויסגעלאָזט דאָס האַלץ פון דער האַנט און איז אַרויס מיט דער גאַנצער חברה אויף דער גאַס, מיט צעקרעלטע פּנימער ; די היטלען און די האָר צעקנוידערט, די הענט פאַרבלוטיקט.

דאָ האָט מען באַגעגנט יעקל סטאָליאַר, און אַרומגערינגלט אים מיט אַ פרייד אויף די צעריסענע פּנימער. זיין בלאַסלעך געזיכט האָט אויך גע־שמייכלט, קוקנדיק אויף זיין יונג חייל: עס שאַט נישט אַמאָל „טעראָר" אויך. . . האָט ער גוטמוטיק מיטן קאָפּ צוגענייגט.

האָבן זיך אָבער פאַרנאַכט, אויפן שול־הויף, די קצבים מיט די פּור־מאַנעס געמאַכט איין האַנט, אַז וואו מען וועט פּאַקן אַן אחדות־מאַן זאָל מען אים אַ זייט אונטערהאַקן. האָט דאָס גאַנצע שטעטל זיך געשראָקן: מי יודע, וואָס דאָ קען נאָך אַרויסקומען . . . ווי אָבער עס איז געקומען נאָך דער וואַרשעווער „יאַזדע", האָט מען גאַרנישט אָנגעהויבן צו וויסן פון וואַנען און פון וואָס, זענען די פּורמאַנעס צוריקגעקומען מיט ליידיקע וועגן, מיט

געשוואָלענע קעפּ און צעהרגעטע פּנימער, אַז מען האָט קיין אויג נישט אַרויסגעזען. דאָס האָט מען זיי אין „זאַיאַזד" אַזוי צורעכט געמאַכט און אַרויסגעטריבן מיט ליידיקע וועגן. האָט דאָס גאַנצע שטעטל די קעפּ אַראָפּ־געלאָזט. און מענדל לייזערס, דעם שניט־סוחר, האָט מען אַ מעסער פאַר־רוקט אונטערן אָרעם — הלוואי זאָל ער די נאַכט אויסהאַלטן.

האָבן ווייבער אָנגעהויבן צו שעלטן שטילערהייט, מיט אַרויסגעלייגטע הענט אויף די מיילער. מענער זענען אַרומגעגאַנגען אָנגעבלאָזן, און דאָס יונגוואַרג האָט די קעפּ אויפגעהויבן און געקוקט יעדערן מיט אַ שמייכל אין די אויגן אַריין. . .

מען האָט אָנגעהויבן צו מאַכן אַלע פאַרנאַכט פאַרזאַמלונגען הינטערן בית־עולם, אָדער הינטערן „צמענטאַרזש". און זעליק שינדער מיט נאָך קצבים און בעלי־עגלות, גאַנצע ריקים, מיט די גרינע גאַרטעלעך, האָבן זיך אויך אָנגעהויבן נאָכשלעפּן נאָכן יונגוואַרג אויף די פאַרזאַמלונגען, מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און האָבן געביסן די שפּיצן פון די בלאָנדע בערדלעך — הייסט עס, אַז זיי ווילן זיך אויך איינקויפן אין דער חברה „אחדות". . .

ווערט אונדזער שטעטל מיט איר גרויסער קראַפט און שטאַרקער באַ־וועגונג באַוואוסט אין אַלע שטעטלעך אַרום און אַרום, און עס קריגט שוין קאָמוניקאַציע מיט שעדלעץ און מיט ראַדאָם אויך... גייט נישט אַוועק די וואָך, וואָס עס זאָלן נישט אַדורכפאָרן אַ צוויי, דריי פון יענע פאַרשוינדלעך — שוין אמתע בונדיסטן.

האָט זיך אָבער די פּ. פּ. ס. אין וואַרשע דערוואוסט, וואָס פאַר אַ שטאַרקע באַוועגונג ביי אונדז איז; ווי דער „בונד" שפּרייט אומעטום אויס זיינע פליגל, נעמט פּ. פּ. ס. און שיקט אַראָפּ און באַזעצט אין אונדזער שטעטל אַ באַשטענדיקן חברה־מאַן, עפּעס דערצו צו טון. האָבן מיר שוין, ברוך השם, אַ פּ. פּ. ס.ניק אויך, אַ יונגערמאַנטשיק מיט אַ בלאָס פּנימל, נאָר אַ שלאָפּראָקל אים אָנצוטון. הייבט זיך ערשט אָן אַ נייע מעשה מיט פאַרזאַמלונגען אין דעם גערטל גאָר, הינטערן קלויסטער. איטשעלע טאַנצט שוין אויף צוויי חתונות. איז אָבער די שעדלעצער אָרגאַניזאַציע דערפון געוואָר געוואָרן, שיקט זי ווייטער אַראָפּ אירע צוויי מענטשן אויף אַ דיסקוסיע!

לויפט שוין דאָס יונגוואַרג אַרום ווי פאַרסמט — אַ דיסקוסיע, אַ דיס־קוסיע. . . און מען קוקט יעקל סטאָליאַר אין די אויגן אַריין, און מען קוקט שוין אויס, עס זאָל נאַכט ווערן.

איז טאַקע אַ שיינע ליכטיקע נאַכט געווען. די לבנה האָט געשיינט און

דער עולם האָט זיך פאַרזאַמלט אויף דער לאָנקע ביי דעם טייך. אַפילו ראובן סטעלמאַך, שוין אַ מענטש אין די פערציקער יאָרן, מיט אַ שוואַרצער רונ־דיקער באָרד, און וואָס גיט זיך שטענדיק אָפּ מיט אַהיימטראָגן לונג־און־לעבער פון די יאַטקעס; אָפּבראָטן און אויפעסן, אַפילו ער איז אויך אַרויס־געקומען, אין די נאַקעטע העמד־אַרבל, אין בלויזן וועסטל און מיט אַ קאַפּל אויפן קאָפּ, און האָט אויך געוואָלט אָנקוקן די דיסקוסיע. איז טאַקע געווען אויף עפּעס אַ קוק צו טון. די לאָנקע אַרום און אַרום איז פאַרגאָסן מיט אַ טוי־זילבערנעם טייך און אין דער מיט שטייט חברה איינגעטוקט. עס זעט אויס ווי אַ שוואַרצע קופּע; אַ שוואַרצן פלעק האָט די נאַכט דאָ אַרויפּ־געוואָרפן! און די קופּע שווייגט מיט איינגעבויגענע קעפּ צום סאַמע מיט, פון וואַנען די דיסקוסיע לאָזט זיך הערן. פריער האָט זיך אַ שטעל אַנידער געטאָן דער שעדלעצער קעגן דעם וואַרשעווער פּ פּ. ס.ביק, דערנאָך — דער צווייטער, און דער עולם אַרום איז געשטאַנען אויף די שפּיץ נעגל, מיט אויפגעהויבענע קעפּ און אויסגעצויגענע העלדזער, אַלע צוזאַמענגעגאָסן, באַלייגט אַרום און אַרום, אַז דאָס פעלד איז אַזש שוואַרץ געוואָרן — איין געדיכטע מחנה. איין שוואַרצע שטילשווייגנדיקע קופּע — און די דיסקוסיע ציט זיך און ציט. פּנים צו פּנים, ווערטער אויף ווערטער, וואָס אַ מאָל שטאַרקער, הייסער און געשווינדער, אַז עס האָט געהאַגלט מיט ווערטער. די ווערטער זענען געפלויגן איינס איבער ס'אַנדערע, איינס איבער ס'אַנ־דערע, און געטראָפן זיך ווי הייסע, פייפנדיקע קוילן.

— עס איז אָן אַן ענדע, — האָט פּלוצלינג איינער פון די שעדלעצער אַ רוף אויס געטון:—חברים, ברידער, איר זענט איינשטימיק מיטן „בונד“?

— יאָ, יאָ!! — איז געוואָרן אַ געשריייעריי.

— ברידער, חברים, — האָט דער פּ. פּ. ס.ביק אויך געמאַכט די איי־גענע קונץ — איר זענט איינשטימיק מיט דער פּ. פּ. ס.?...

— יאָ, יאָ!! — איז נאָך אַ העכער געשריי געוואָרן.

איז ווייטער נישט געווען וואָס צו מאַכן. האָט ערשט יעקל סטאָליאַר געגעבן זיך אַ שטעל אַנידער מיט די צוויי שעדלעצער באַזונדער און אַ רוף אויס געטון:

— איך גיי אַרונטער אונטער דעם „בונד“!. . .

האָט זיך שוין דער גאַנצער עולם געוואָלט אַ לאָז טון אַהין. האָט אָבער דער וואַרשעווער אַ רוף געטון צו זיך, איז מען צו אים אויך צוגעשטאַנען. און דער עולם האָט זיך צעשפּאָלטן אויף צווייען. נאָר איין איטשעלע איז געבליבן שטיין אַ ווײלע אין דער מיט, און איז דערנאָך, וואָס אַ מאָל, צו־

געלאָפן דאָ אַהין, דאָ אַהער. וואָס איז די נפקה־מינה? — האָט ער געטענהט.

האָט איין צד אָנגעהויבן צו זינגען, האָט דער צווייטער צד נאָך העכער אָנגעהויבן. איז געוואָרן אַ געזינגעריי, אַז די פּאַראָבקעס פון הויף, מיט די בּאָרוועסע שיקסעס מיט ווייסע פּאַטשיילעכלעך אויף די קעפּ, זענען געקומען צו לויפן און האָבן זיך געשטעלט פון ווייטנס און געקוקט אויפן שוואַרצן וואונדער. האָבן די שעדלעצער געזען, אַז יענע ווערן אויך נישט מיד זינגענדיק, און עס איז ווייטער נישטאָ וואָס צו מאַכן — האָט איינער אַ כאַפּ אַרויס געטון אַ רעוואָלווער און — האָט אויסגעקנאַקט!... האָט עס אַ זעץ געטון אַ שטיק פייער מיט אַ רויך, האָבן זיך די שיקסעס ביי די קעפּ אָנגעכאַפּט: „אָ ליאַ באָגאָ!"

דאָס איז דער ערשטער שאָס געווען, דער ערשטער יידישער שאָס ביי אונדז אין שטעטל.

---

פון דעמאָלט אָן האָט מען אָנגעהויבן צו פאַרמאַכן די לאָדנס אַזוי ווי די נאַכט פאַלט נאָר צו.

דעם סטאַרשי סטראַזשניק איז צו דער שווערד נאָך צוגעקומען אַ רעוואָלווער אויף דער זייט... און די טאַנדעט־שניידער, וואָס האָבן ביז אַהער נישט געוואָלט צושטיין צו די אחדותניקעס, האָבן זיך אויפגעהערט אַקעגנצושטעלן און אויך געמוזט מאַכן אַ שטרייק, אַזוינס, פאַר וועלכן זיי האָבן זיך די יאָר און טעג פאַרשאָלטן. זיי האָבן געמוזט אויפהערן צו נעמען אַרבעט אַהיים. געמוזט נעמען די מאַשינען אויף די פּלייצעס און איבער־טראָגן צו די טאַנדעטער, צו די בעלי־בתּים אין שטוב אַריין, אַרבעטן. האָבן זיי געזיפצט. טאַטעס האָבן זיך שטיל געקלאָגט: מען האָט מיט אַ מיידל אַ שידוך צו טון; עס דאַרף קומען אַ חתן, אַ מחותן אין שטוב אַריין, און דאָ האָט מען אַפילו דאָס מאַשינדל אויך אַרויסגעטראָגן...

---

אַזוי איז עס געגאַנגען אַ טאָג אום אַ טאָג. און אַז אַ מאַמע האָט געדאַרפן אַ קינד איינצושלעפן, האָט זי געסטראַשעט: „שלאָף, וואָרן איך גיי רופן די שטרייקער"... אַז צוויי זיצערקעס אין מאַרק האָבן זיך געקריגט, האָט איינע דער צווייטער אַ מורא געמאַכט: „נו, נו, — איך וועל נאָר אַ זאָג טון מיין חיימלען, וועט מען דיר שוין דאָס מולטערל איבערדרייען"...

און אַז איינער, אַ יונג, וואָס האָט אַ גאַנץ יאָר אַ ליבע געפירט מיט אַ חסידיש מיידל — זומער הינטערן בית־עולם און ווינטער אויפן אַפּטייקערס

גאַניק, אַחוץ בריוועלעך, וואָס ער האָט געשריבן צו איר, וואָס „צייכנט זיך מיט איר טייערן נאָמען פייגעלע גרינבלאַט" — האָט ער שוין אַרויסגע־שטעלט דעם פאָטער אירן אַ פאָדערונג, ער זאָל אים געבן די טאָכטער... און איינער, אַ פינטשעלע, וואָס האָט זיך גערעכנט צו די אחדות־לייט, האָט קיין אַרבעט נישט געהאַט, אָדער נישט געוואָלט אַרבעטן און האָט זיך דערוייל געכאַפּט צום האַנדל; אויפצוקויפן וואָס אַ דאָרפס־ייד ברענגט אין שטאָט אַריין אַ פור אויבס, דאָמבּ, אָדער האָניק־קוועטשעכץ, — האָט פינטשעלע, וויבאַלד מען האָט אים נישט געוואָלט פאַרקויפן, געדאַרפט צולייגן אַ פינגער צו דער נאָז, געבנדיק אָנצוגעהערן, אַז, אַז... איז שוין גענוג געווען. און טאָמער האָט זיך דער ייד אויסגעלאַכט, האָבן זיך מענטשן ביי די קעפּ אָנגעכאַפּט: ייד, וואָס טוט איר?... איר שחט זיך דאָך אָפּ, איר וועט זיך נישט טאָרן אין שטאָט אַריין וויזן... און ביסלעכוויז, אַז איינער האָט געהאַט אויף דעם צווייטן אַ שווער ביטער האַרץ, איז מען טאַקע געקומען אין „טשיינע" אַריין אויף אַ קלאָג. און יעקל סטאָליאַר האָט אַ ווייך האַרץ, קען ער נישט צולאָזן קיין „אומרעכט" און זעט זיך צוצובייגן, עס זאָלן נישט געשען קיין עוולות. און אַז יעקל זיצט ביי דעם טישל אין אַנדערן חדר, געפינען זיך שוין אַרום אים אַ פּאָר יונגען — חברה־לייט; ביי דער זייט שטייען אַ פּאָר פרעמדע מענטשן, נישט פון „הינעדיקן רייסטער", נאָר וואָס זענען גלאַט געקומען מיט אַ בקשהלע אַ קליינס.

— וואָס האָט איר געוואָלט? — פרעגט יעקל אַ ייד, וואָס האַלט זיך שוין אַ לאַנגע צייט ביי דער באָרד און צאַפּלט מיט די אויגן צו אים, אַז דאָס היטל מיט דער יאַרמלקע לאָזן זיך אים אַזש אויף אַ זייט אויער אַראָפּ.

— יעקלשי...—בייגט זיך אים דער ייד איבערן אויער,—איך האָב מיר געוואָלט אַ פענצטער אויסשניידן אין הינטער־געסל אַריין. אַ כלל — מיטן סטאַרשי־סטראַזשניק בין איך שוין אַדורכגעקומען... האָב איך אָבער מורא פאַרן שכן, ער זאָל נישט קריכן אין קיין העכער אָרט אַריין... בעט איך דיך, יעקלשי.

— נו, נו, — טוט יעקל אַ שאָקל מיטן קאָפּ, אויסשטעלנדיק צוויי גוטע טויבן־אויגן, און דער ייד וואָלט שוין געגאַנגען שווערן אין טלית און קיטל, אַז עס איז קראַנט...

— און וואָס האָט איר פאַרלאַנגט?..—ווענדט ער זיך ווייטער צו אַ יונג ווייבל, אַ בלוט־און־מילך, וואָס איז געשטאַנען אין אַ זייט, איינגעהילט אין אַ פאַטשיילע.

איך בין פון סטאָצק — הייבט זי אָן שעמעוודיק, מיט אַראָפּגעלאָזטע

אויגן — האָב איך אַ מאַן, אַ חסיד... נישט צו גאָט און נישט צו לייט... איך בין אַ נייטאָרין און מוז נאָך אים געבן צו עסן. קען נישט זיין צווישן אונדז קיין לעבן... יאָג איך מיך מיט אים אַרום שוין אַנדערטהאַלבן יאָר וועגן אַ גט — איז אָבער ביי אונדז אין שטעטל נישטאָ קיין טייך, וואָס זאָל האָבן אַ נאָמען. . . און מיטן פאָרן אין אַן אַנדער שטאָט אַריין שלעפּט ער אָפּ, שלעפּט אָפּ... און איך האָב מיך נישט צו ווענען צו ווענדן... נישט קיין פריינד און נישט קיין קרובים. . .

דאָס הערט שוין יעקל אויס מיט מער אויפמערקזאַמקייט. עס געפעלט אים זייער, וואָס זי איז אַ נייטאָרין — זי „פּראָדוצירט"... איז אַ נוצלעך גליד אין דעם „געזעלשאַפטלעכן אָרגאַניזם"... אין ער פרעגט זיך אויס איינציק־ווייז, צי איז זי עפּעס אַ באַלעזענע, און דער עיקר, צי קען טאַקע נישט זיין קיין לעבן צווישן איר און דעם מאַן. און אַז ער זעט איין, אַז זיי זענען „צוויי פאַרשידענע וועלטן", שאַקלט ער איר אויך צו מיטן קאָפּ... און די חברה יונגען, וואָס שטייען דערביי און קוקן זיך איין מיט אָפענע מיילער און אויגן אין דעם ווייבלס געררייטלט געזיכט, דערהיצן זיך, די מענטשעלעך אין די אויגן הייבן אָן צו גלאַנצן, און זיי לייגן איר פאָר, אַז זיי קענען טאַקע באַלד מיט איר מיטפאָרן מכּוח דעם עסק.

טייל מאָל פאַלט אויך אַריין מיט אַן אימפּעט אַ יידענע, מיט אַ פאַר־דרייטער קופּקע, אַ צעפלאַמט געזיכט, פייער־שפּריצנדיקע אויגן, און האַלט אויסגעשטעלט צוויי הענט מיט לונג. . .

— זעט, מענטשן־קרוין... — ציטערט זי אַזש, — מען נעמט און מען בינדט מיר אָפּ די קאַץ, אויף צו להכעיס, זי זאָל מיר די לונג פון קיישל אַרויס אויפפרעסן אין די רעשטע אין זאַמד אויסנאַרען!... — קלאָגט זי זיך אויף די שכנים.

און אַז יעקל שוויגט, רעדט זי זיך כאַטש פון האַרץ אָפּ, ווערט אויך אַ קאָפּ לייכטער. . .

יעקל הערט אַלץ אויס, נעמט אַלץ צו, און דערפאַר האָט אים דאָס שטעטל ליב געקריגן. מען רופט אים שוין הינטערוויילעכס „ר' יעקעלע דיין"... און אין די אויגן לויבט מען אים אין טאָג אַריין פאַר זיין גוטסקייט, פאַר זיין חכמה... אַפילו ביים סטאַרשי־סטראַזשניק אין די אויגן האָט ער אויך נושא חן געווען: „יעוורעיסקי קאָראָל" רופט ער אים. און דער „סודיאַ", וואָס קומט צו פאָרן איין מאָל אין חודש אויף אַ פאָר טעג, אָפּצופּאַרטיקן די היגע לאָדענישן, קען זיך גאָר נישט אָפּוואונדערן, וואָס פאַר אַ פיין שטעטל דאָס איז געוואָרן. אויס פּראָשעניעס, אויס אַלץ...

נאָר איינער איז שטאַרק ברוגז אויף די אַלע מעשיות, דאָס איז דודל ראָזענצווייג. דאָס איז אַ יידל, אַ רירעווודיקס, מיט לויפנדיקע אייגעלעך, מיט ניין מאָס רייד. שפּרינגט ביים רעדן אין די אויגן אַריין, כאַפּט זיך מיט הענט און מיט פיס אויף יענעם. ער איז אויך אַ גמרא־קעפּל, ווען מען דאַרף, אַן עצה־געבער און אַ שטיק אַדוואָקאַט.

עס קומט אַריין אַ ייד מיט אַן עסק, גיט ער באַלד אַ דריי אַרויס דאָס ברענענדיקע לעמפּל, וואָס שטייט אויפן טיש אונטער אַ בלאָער שייך. שפּרינגט צו צום ספרים־שענקל, כאַפּט אַרויס אַ ספר מיט דראָבנע אותיות־לעך און ציפּערן ביי די זייטן — בלעטערט, בלעטערט און טוט זיך אַ שטעל אָפּ אויף איין אָרט מיט לויפנדיקע אייגעלעך איבער די שורהלעך, אַ לייג צו אַ האַנט צום שטערן, אַ וויש אַראָפּ ביז איבערן קליינעם בערדל, און באַלד צוריק אַ הייב אויף דעם קאָפּ: אָ, — הם.... — זעץ דיך, זיי זשע מוחל — טוט ער פלינק אַ וואָרף איבער מיט די אייגעלעך אויף אַ ליידיקער שטול. — אַזוי, פאַרשטייסטו מיך... עס איז אַפילו אַ פאַרפּלאָנטערט עסק, נאָר, מערנישט, ביסט דאָך געקומען צו מ י ר . . . וועט מען זען אַן עצה... קודם־כל, פאַרשטייסטו מיך, איז אַ פּראָשעניע, און טאַקע באַלד מיט דעם סטאַטיע „טשיסטאַ־טריסטאַ סאָראָק פיאַט"... וואָס איך האָב דאָ ערשט טאַקע אויפגעזוכט עקסטרע פאַר דיינעטוועגן, פאַרשטייסטו מיך . . . און אַזוי, פאַרשטייסטו מיך, וועט עס שוין גיכער זיין אין אָרדענונג . . .

— יאָ, יאָ... דודשי — שמעלצט זיך דער ייד אין אים פאַר נחת — איך וויים, אַ גמרא־קעפּל...

און דודל ראָזענצווייג גיט באַלד אַ קלונג אָן אין אַ ביינערן מויער־קעפּל אויפן טיש און עס קומט אַריין צו פליען אַ זינדל, אַ פּאַצעטל, אַ האָזל מיט אויפגעשטעלטע אויערלעך און האַלב צוגעמרוזשעטע אייגעלעך:

— וואָס פאַרלאַנגט דער פּאָטער ?...

— נעם נאָר געשווינד די פעדער אין דער האַנט אַריין... „יעוואָ", אַזוי און אַזוי... — טוט דודל ראָזענצווייג אַ דיקטיר און דאָס זינדל, וואָס זיצט שוין מיט דער פעדער איבערן פּאַפּיר, מאַכט אַ געדרייעלע מיט אַ ריץ און די פעדער הייבט אָן סקריפּען, צוטאַנצנדיק, און דער פּאָטער דיקטירט ווייטער, אַרומגייענדיק איבערן צימער אינעם ציצענעם שלאָפראָקל: — אַזוי ווי דער „לעווי גרינשטיין" האָט מיר „מנשה חומר'ן" אַזוי און אַזוי... לכן — „פּאָעטאָמו" הייסט עס, האָב איך גרויס „טשעסט", און אַזוי ווייטער, די סטאַטיאַ — די און די...

פאַרטיק, דער ייד חתמעט אונטער... עס וועט שוין זיין גוט!...

קומט ווייטער אַרייַן צו גיין דעם אייגענעמס בעל־דבר, דער „לעווי גרינשטיין״ און בעט אים אויך דאָס אייגענע: דודשי, קרוינישי... טוט ער ווייטער אַ כאַפּ דעם אוסטאַוו און געפינט פאַר אים אויך אַ טשיסטאַ־טרי־סטאַ, נאָר שוין סאַראָק שעסט... און עס וועט אויך זיין אין אָרדענונג...

אָט דעם פאַרשוין האָבן די אַלע מעשיות פון יעקל סטאָליאַר נישט געקענט געפעלן. ער גייט אַרום מיט אַ פּינצטערן בליק. און דערזעט ער יעקל סטאָליאַר אויף דער גאַס, זעט מען באַשיינפערלעך, ווי דער מענטש ווערט גרין און געל...

יעקל אָבער האָט זיך געטון דאָס זייניקע, אַלע טאָג זיך אַריינגעכאַפּט אויף אַ פּאָר שעה אין דער טשיינע אַריין און „אָפּגעכשרט״ אַלע „דיעלעס״, שטאָטישע און פון דער סביבה... און עס גייט שוין אין נאָמען פון דער „אָרגאַניזאַציע״... די אָרגאַניזאַציע—הייסט עס—האָט באַשטימט. און מען ווייסט שוין ווען מען מיינט...עס קומט אויך אַריין צו גיין אין טשיינע דער אייגענער פּינטשעלע טאַקע, וואָס שרעקט די דאָרפס־יידן, און דערציילט יעקלען אַ מעשה, גלאַט אין דער וועלט אַריין, פון זיין זיידן, וואָס עס קומט אים טויזנט גילדן ביי איינעם, לאָזערן, וואָס האָט דאָס געוועלב... מיינט יעקל, אַז ער דערציילט אים גלאַט אַ מעשה און פּינטשעלע פוילט זיך נישט טאַקע באַלד אַריבערצוגיין צו לאָזערן אין געוועלב אַריין:

— זאָלט איר וויסן, ר׳ לאָזער, די אָרגאַניזאַציע האָט באַשטימט, איר זאָלט אָוועקגעבן מיין זיידן די טויזנט גילדן...

— קינד — הייבט יענער אָן צו בעטן — דו ווייסט דאָך נישט די גאַנצע זאַך; ס׳איז דאָך שוין אַ מעשה פון אַ יאָר פופצן צוריק, דיין זיידע איז נאָך געווען דעמאָלט אַ „פּשיסטאָוצע״... האָט ער מיר געבערענגט פאַרלעגערטע סחורה, אַ קעסטל פלוימען — הוילע שימל... האָב איך זיי נישט געוואָלט צונעמען, אָבער כ׳האָב דאָך מיך באַלד פאַרגלייכט מיט אים...

ענטפערט פּינטשעלע:

— אַנישט וועט מען קישקעס שלעפן אין מיטן דער גאַס!...

און כאָטש פּינטשעלע איז באַלד אַוועק, אָבער דאָס וואָרט „אָרגאַ־ניזאַציע״ איז געבליבן... דער ייד ציטערט, דאָס ווייב איז שוין גרין און געל.

און טאַקע דעם אייגענעם פרייטיק, נאָכן מרחץ, ווען לאָזער איז אין דער היים געזעסן איינער אַליין. דאָס ווייב מיט די קינדער זענען אין גע־וועלב געווען. די חלות זענען שוין געווען גרייט צום טיש, מיט אַ ווייס טיש־טעכל איבערגעדעקט. דאָס גלעזל פון לאָמפּ מיט דער רויטער פּאָטשיילע

לאָזערס איז שוין אויך געלעגן גרייט אויפֿן טיש, און ער, לאָזער, האָט דערווײַלע אַ גלעזל טיי געטרונקען, דערזעט ער ווי די טיר מאַכט זיך אויף שטילערהייט און אַ שטיל קעפּל מיט סודות אין די אויגן, פּינטשעלעס אויגן, קוקן אַרײַן... ווערט אים נישט גוט... דאָס בלוט האָט אים האַסטיק אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַרײַן. די אויגן האָבן אָנגעהויבן צו גלאָצן, די האַנט צו ציטערן מיט דעם גלעזל טיי, און ער טוט זיך אַ קער אום פֿון שטול אַראָפּ, בלײַבנדיק ליגן אַ קנויל... פּינטשעלע שפּרינגט צו מיט צע־מישטע אויגן און מאַכט אַ געוואַלד. כאַפּט אַ שעפּ וואַסער, שפּריצט אויפֿן געזיכט, רײַסט און שרײַט, ביז עס איז געקומען אָנצולויפֿן אַ פֿולע שטוב מענטשן. עס האָט זיך געמאַכט אַ גערײַסערײַ, אַ געכאַפּערײַ און אַ געפּילדער, אַלע מיט איבערגעבויגענע, צעמישטע פּנימער. מען פֿאַלט איבער לאָזערן. מען האָט אים בײַ די שלייפֿן געריסן, געוואַלדן געמאַכט, און נישט געקענט אים דערמינטערן. גיט מען אַ גאָס אַ גאַנץ גלאָז קאַלט וואַסער אין פּנים אַרײַן, רײַסט ער אויף די ברעמען, אין די אויגן שנײַדט זיך אויס אַ שאַרף גלאָצן און ער מאַכט זיי צוריק צו. דער דאָקטער איז געקומען, צעיאָגט דאָס רעדל, געהייסן אַ פֿענצטער אויפֿמאַכן און האָט אים באַטראַכט. ער ליגט אין מיטן שטוב אויסגעצויגן, דאָס געזיכט שטאַרק געל און אַלע ווײַלע דאָס אייגענע גלאָצן מיט די אויגן... דער דאָקטער האָט אַ דריי געטון מיטן קאָפּ און שטיל געבליבן. ער האָט אים דעם דופּק געהאַלטן, קראָפּליעס געגעבן און דערנאָך געהייסן אים אויפֿן בעט אַרויף לייגן. צום אַוועקגיין האָט ער געזאָגט עטלעכע מענטשן, שטילערהייט, אונטער דער טיר: „טאַק, טאַק... אַפּאָפּלעקסיאַ“... און אויסשפּרייטנדיק די הענט, האָט ער אַ קוועטש געטון מיטן קאָפּ צווישן די אַקסלען...

און אַזוי איז טאַקע געווען... נאָך דעם אייגענעם שבת־צו־נאַכטס האָט מען אַ לוויה געהאַט בסוד סודות... ברענענדיקע לאַמטערנעלעך האָבן זיך אין גליענדיקע אייגלעך אין דער שטומער, פֿינצטערער נאַכט צום בית־עולם גע־רוקט און פּאַרזונקען געוואָרן צווישן דער ווײַטער שוואַרצער קופּע ביימער...

אַ טויט־שרעק איז דאָס שטעטל באַפֿאַלן. די הײַזלעך האָבן אבלדיק אויסגעזען. און שטיל, פֿאַרטראַכט איז איין סעדל קעגן איבער דעם אַנדערן: הײַנט דיר, מאָרגן מיר... די הײַזלעך שטייען פֿאַרזונקען אין טיפֿן שטיל־שווײַגן און די פֿענצטער קוקן מיט אומעט אין גאַס אַרײַן... יעקל סטאָליאַר און דער וואַרשעווער פּ. פּ. ס.ניק זענען אַרומגעגאַנגען מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און מענער און ווײַבער מיט בלאַסע פּנימער האָבן זיי נאָכגעקוקט מיט שטילע, אויסגעלאָשענע אויגן... אַפֿילו איטשעלען איז דאָס האַרץ אײַנ־

געפאַלן און ער הייבט קיין אויג נישט אויף...

— געוואַלד געשריגן — האָט ער געטענהט צו יעקלען און צו דעם וואַרשעווער — ווי זעט מען אַזוינס צו פאַרשווייגן ? אַזוינס נישט צו פאַר־היטן ?...

און אַז זיי האָבן אים אָנגעקוקט און נישט געענטפערט, האָבן זיך אים די אויגן צעברענט, ווי ביי אַ גזלן :

— האָט מען קיין איינזען נישט — זאָגט ער, — נעמט מען זיך נישט אונטער !...

און אַז זיי האָבן ווייטער געשוויגן, האָט ער געוואָרפן אַ בליק פון פאַראַכטונג און אַ שפּיי געטין פאַר יעקלס פּנים און איז אַוועקגעגאַנגען.

דערווייל הערט זיך נישט קיין פריילעכס אין וואַרשע, ווי אויך פון אַנדערע גרויסע שטעט — באַקו ברענט... טאַטאַרן שחטן מענטשן אין די גאַסן. און דאָ, שמועסט מען, זאָל זיך אויך עפּעס נייעס מאַכן „דעם זונטיק”...

און דער זונטיק איז געקומען.

פויערים פון אַרומיקע דערפער, מיט די גראָע סערמיַנגעס, גראַנאַ־טענע היטעלעך, גלאַנציקע דאַשקעס און שטיוול מיט הויכע קנאַפּל, זענען אָנגעקומען מיט רויטע צעהיצטע פּנימער און אָנגעהויבן די שטאָט צו פאַרפלייצן. גלחים פון נאָענטע „פּאַראַפיעס” זענען אויך אַהער אָנגעקומען מיט זייערע מחנות. דאָס געזאַנג אין קלויסטער, די פאַרזונקענע טענער פון אָרגל האָבן זיך פון הינטער די הויכע דיקע ווענט אַרויסגעריסן און צעגאָסן זיך איבער די שטילע דעכלעך פון שטעטל, און צעוויגט זיך אין דער לופט און אָנגעפילט זי מיט שרעק.

און אין מיטן טאָג איז מען אַרויס אויפן אַרומגעצוימטן הויף אַרום קלויסטער — פריער מיט אַ הייליק בילד מיט אַ גאָלדענער קויל אויף דעם שפּיץ, און דאָס האָט אַ בליץ געטון קעגן דער זון מיט מיליאָנען גאָלדענע שפּיזלעך, פּלוצלינג אַ שפּראָץ געטון און די אויגן פאַרכאַפּט. דערנאָך אַ פאָן מיט אַ ווייסן איינקעפּיקן אָדלער. האָבן אַלטע לייט געזאָגט, אַז דעם אָדלער האָט מען שוין נישט געזען אַ יאָר דרייסיק. נאָך דעם איז געגאַנגען אַ פאָן מיט רויטע און ווייסע בענדער און נאָך איינע, ווייטער, מיט אַן אויס־געמאָלט בעטל — אויך אַזאַ בילד אַ הייליקס. און די פענער האָבן געפלאַ־טערט אין דער הייך איבער דער מויער אַרום קלויסטער און האָבן הקפות געמאַכט לאַנגזאַם אַרום דער וואַנט, און אַ שטיל איינגעהאַלטן געזאַנג האָט זיך געהערט. ביסלעכווייז האָבן זיך די פענער דערנעענטערט צו די אָפענע

טויערן, און דערזען האָט זיך אַ מחנה פנימער, אַ רירעוודיקע מחנה פון פנימער איבער פנימער און אַקסלען איבער אַקסלען. גווים אין די גאָלע קעפּ, פויערטעס מיט רויטע און ווייסע פאַטשיילעכלעך ביז אונטער דער גאָמבע, האָבן זיך דורכגעשלאָגן דורך די ענגע טויערן און געלאָזט זיך, מיט די פענער פאַראויס, איבערן ברייטן זאַמדיקן וועג, וואָס ציט זיך אין גרינעם פעלד אַריין. אַקסלען און סערמיענגעס און קעפּ איבער קעפּ הייבן זיך און רודערן איינס נאָך ס׳אַנדערע, איינס נאָך ס׳אַנדערע, אַלץ ווייטער און ווייטער. און פון די אָפענע טויערן קומען אַלץ אַרויס נאָך און נאָך פנימער; עס וועט זיך, דאַכט זיך, גאָר נישט אויסלאָזן. און אַ לייכטער שטויב האָט זיך אונטער די טויזנטער באַוועגלעכע טריט דערהויבן מיט אַ שטיל נאָכשאָרכן פון אַ ים גראָע סערמיענגעס און בלאָע געשטרייפטע „סוקענקעס". און דער עולם האָט ווייטער געוודערט. קעפּ איבער קעפּ, אויף און אָפּ, אויף און אָפּ, ווי די וועלן איבער אַ לאַנגן שטראָם. די פענער פלאַטערן. פאַראויס גייען די גלחים, מיט בלאַסלעכע רונדיקע געזיכטער, אָנגעטאָן אין די ווייסע העמדלעך און קאַנטיקע שוואַרץ־סאַמעטענע מיצלעך איבער די קלאָרע שטערנס; הינטער זיי — דער נאַראָד, אַ טויזנטיקע מחנה, אַ שווייגנדיקע און אונטערטעניקע, וואָס ציט און ציט מיט שטילע אַראָפּגעלאָזטע געזיכטער אונטער אַן איינגעהאַלטן, טיף געזאַנג. און ווייט, ווייט ציט זיך די לאַנגע שווערע מאַסע נאָך יענעם עק נאָך, וואו די פענער ווייען און קאַשפּערן נאָך זיך אין גרינעם פעלד אַריין. און איבערן באַרג, וואו מען נעמט געל זאַמד צו דער פאַדלאָגע לכבוד שבת, האָבן זיך אָנגעהויבן ווייבער און מיידן צו באַווייזן. און יידן בעלי־מלאכות מיט די נאַקעטע העמד־אַרבל זענען אויך אַרויסגעקומען אַ קוק טון; אַבי, געלויבט צו גאָט, מען מיינט נישט זיי... און ווייבער האָבן אויך גאָט געדאַנקט פאַר דעם חסד, וואָס זיי זענען נישט ווערט. און האָבן אויך גוטווייליק נאָכגעקוקט דעם המון, וואָס האָט זיך געצויגן: זאָל זיין פענער... זאָל זיין אַ האָלץ, אַ שטיין, אַ בייך, אַבי מען זאָל יידישע קינדער לאָזן געמאַך. און ווייט זענען די בלאָע הימלען אָפן געשטאַנען. עס האָט זיך געדאַכט, אַז די וועלט האָט זיך אַ יום־טוב געמאַכט, טיר און טויער געעפנט און רופט די מענטשן צו זיך אין פעלד אַריין. איטשעלע און יעקל סטאָליאַר און דער וואַרשעווער האָבן זיך אויך געשטעלט אויפן באַרג און שטיל נאָכגעקוקט. מען האָט מערנישט געזען, נאָר קעפּ איין און קעפּ אויס; אַ ים גאָלע קעפּ, און קעפּלעך מיט רויטע און ווייסע פאַטשיילעכלעך, וואָס האָבן אַרויסגעפּעכלט, ווי צעזייטע בלימלעך פון צווישן דער מחנה, וואָס האָט זיך געוויגט נאָך די פענער נאָך. און

די פענער האָבן געוויִיעט, געפּעלבלט זיך און צעשפּרייט אין דער לענג און אין דער ברייט, און האָבן זיך אָפּגעשטעלט פאַר אַ בוים, און דער גאַנצער נאַראַד איז שטיין געבליבן. דאָ האָבן זיך די וועגן צעשפּרייט אויף צוויי, און אונטער דעם בוים איז אַ קרייץ געשטאַנען, איינגעטיפט אינעם שאָטן פון די געדיכטע צווייגן. דאָס געזאַנג איז נאָך טיפער געוואָרן און דער נאַראָד שטילער... און אָט לאָזט מען זיך שוין אַראָפּ קניען... די גאַנצע מחנה לאָזט זיך אַראָפּ און אַראָפּ, פון איין עק ביז צום אַנדערן, ווי די זאַנגען איבער אַ גרויס פעלד, ווען אַ ווינט איז דורכגעצויגן, און אַלע קעפּלעך געבויגן. איין פאַליע איז איבער אַלע קעפּ פאַרבייגעגאַנגען, אָנהייבנדיק אין איין עק און אויסלאָזנדיק אין צווייטן עק. אַלץ קניט, אַלץ שווייגט מיט געבויגענע באַקנס און אַראָפּגעלאָזטע געזיכטער צו דער ערד... און דאָס געזאַנג פון אויבן צעגיסט זיך אַרום און אַרום נאָך שטילער, נאָך טיפער און נאָך אייגגע־האַלטענער און וועלן, דאַכט זיך, אַלע שטילע קעפּלעך, וואָס לאָזן זיך אויף די קניען אַראָפּ, — זיס איינשלעפערן און לאָזן זיי ליגן מיט די פּנימער איינגעטיפט אין זייער אייגענער שויס...

און אַ זיסע פאַרזונקענקייט האָט זיך אַרום און אַרום צעגאָסן. דער פּלאַץ אַרום און אַרום האָט זיך אין אַ ים ליכטיקייט אָנגעטרונקען, און די גאָלדענע זון אין בלאָען הימל האָט געקוקט און געקוקט אין דער שווייגנדיקער מחנה אַריין... אַ לייכט ווינטל האָט געפאָכעט איבער די אויערן, געהאַלדזט און געגלעט, און געשפּילט זיך מיט ווייכע בלאָנדע האָר איבער די איינגעשלאָפענע, אַראָפּגעקניטע קעפּ. די פענער האָבן געוויִיעט און געצויגן זיך אין דער בלאָער לופט אַריין. די גאָלדענע קויל האָט געבלאַנקט און געבלאַנקט, שטעכנדיק די זון מיט טויזנט פייערדיקע אויסגעשפּראָצטע שפּיזן, און די זון איז געשטאַנען פאַרטראַכט און גע־טראַכט . . .

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פּלוצלינג — אַן איבעררייסן פון דעם שטילן געזאַנג... אין יענעם עק דערהייבט מען זיך שוין, און קעפּלעך איבער קעפּלעך הייבן אָן כסדר אויפצוקומען.

דאָס געזאַנג האָט זיך אויף ס'ניי דערהויבן און די גאַנצע מחנה האָט זיך אַ ריר געטון, לאָזנדיק זיך ווייטער איבערן וועג אין גרינעם פעלד אַריין. און ווייבער און מיידן מיט יונגען זיינען אויפן באַרג געשטאַנען, וואו מען נעמט געל זאַמד אויף שבת, און האָבן נאָכגעקוקט.

ווייט איז די מחנה גויים אַוועק. ווייט, וואו דער ברייטער זאַמדיקער

וועג זעט אויס ווי אַ שמאָל, ליכטיק שלענגל, וואָס שלענגלט זיך צווישן די גרינע פעלדער, באַרג־אויף און באַרג־אָפּ. און די מחנה האָט זיך געצויגן און געצויגן, קוים נאָר מיטן אויג צו דערזען. זי האָט אויסגעזען, ווי אַ שוואַרץ פּאַסיקל אין מיטן פֿון אַ גרינער וועלט אַרויפגעוואָרפן...

און פון דעם באַרג, וואו מען נעמט געל זאַמד אויף שבת, האָבן זיך יונגען און מיידן אָנגעהויבן צוריק אַראָפּלאָזן, נאָר איטשעלע איז געבליבן שטיין אַ פאַרטראַכטער, מיט ווייטע, אויסגעשטעלטע אויגן.

— לאָמיר גיין — האָט אים דער וואַרשעווער געוועקט.

— זאָג נאָר, — האָט זיך איטשעלע ווי אויפגעכאַפּט, — וואָס איז דאָס פאַר אַ גאַנג געווען, זייער היינטיקער גאַנג?

— אַ פּראָצעסיע... — האָט דער וואַרשעווער געענטפערט.

— אַ רעליגיעזע, — האָט יעקל סטאָליאַר פאַרבעסערט.

— דו האָסט דאָך עפּעס געהאַט געזאָגט — מאַכט איטשעלע צום וואַרשעווער, — אַז עס וועט אַראָפּקומען אַ וואַרשעווער קריסט, וועט ער האַלטן אַ „מאָווע" און מען וועט גיין צוזאַמען?...

— האַנט ביי האַנט...— פאַרריכט יעקל.

— ע... — גיט דער וואַרשעווער אַ הייב מיט די אַקסלען, — די היינטיקע איז דאָך גאָר עפּעס אַנדערש... דאָס זענען „באַראַדאָווצעס"...

נאָר איטשעלען האָט עס געקרענקט; אים האָט זיך געדאַכט, אַז דער וואַרשעווער האָט זיך עקסטרע אויסגעזוכט אַ געבילדעטע וואָרט „באַראַדאָווצעס", אַבי נאָר צו פאַרגלעטן...

— ליגנער דו!... און דו ווייסט דען נישט, אַז דו ביסט אַ ליגנער?... — האָט אים איטשעלע אַ זאָג געטאָן.

— האַ, האַ, האַ! — האָט זיך דער וואַרשעווער צעלאַכט.

איטשעלען האָט עס נאָך מער געשטאָכן. אַפילו דאָס געלעכטערל, האָט זיך אים געדאַכט, איז אויך בלויז ליגנט... נאָר איבערגעלייגט האָט ער זיך, אַז אים איז שוין אַלץ איינס — צייט די מעשה מיט לאָזערן דעם געוועלבניק, איז ער שוין סיי ווי סיי אויס...

איז אים געווען שווער אויפן האַרץ.

שווערער נאָך איז אים געוואָרן אויפן האַרץ, ווען ער איז אַריין אין מיטן מאַרק און אומגעקוקט זיך אויף די שטילע הייזלעך מיט די האַלב אויפגעלענטע פענצטער. ער האָט עפּעס דערפילט אַזעלכעס, וואָס ער האָט קיין מאָל נישט אין זין געהאַט. אָט דאָרט הינטער דער שטאָט איז אַזאַ שווערע מחנה געלעגן, און דאָ איז אַלץ אַזוי קליין, אַזוי נידעריק, און

„אויף ניכטערן שפּייעכץ האַלט עס זיך"... אים האָט זיך געדאַכט, אַז יענער מחנה זאָל זיך נאָר פאַרגלוסטן, מאַכט זי זיך אַ געלעכטערל — נישט מער ווי אַ גויאיש געלעכטערל... און יעדער איינציקער פון זיי נעמט זיך פון די היתלעך אַ באַלקן מיט אַ פּאָר פוילע שינדלען אונטערן אָרעם און גייען זיך אַוועק זייער וועגס, איבערלאָזנדיק אַ ליידיקן פּלאַץ...

---

און אונדזער עולם האָט זיך אויך פאַרבענקט נאָך אַ פּאַן. דער וואַר־שעווער האָט דאָס איינגעזען און מורא געהאַט, יעקל סטאָליאַר זאָל עס נישט פאַרכאַפּן; יעקל סטאָליאַר, ווייטער, האָט אויך דאָס אייגענע איינגעזען און מורא געהאַט, אַז דער וואַרשעווער זאָל עס נישט פאַרכאַפּן. זענען איבער נאַכט אויפגעשטעלט געוואָרן צוויי פענער, אין דער „טשיינע" טאַקע, און אין דער פרי האָבן זיך שוין יונגען געזאַמלט פאַר די גלעזערנע טירן — שיין, ריין, די היטעלעך אָפּגעפּוצט, די פּנימער אָפּגעוואַשן און די אויגן האָבן געבלישטשעט גאָר יום־טובדיק.

דער עולם זאַמלט זיך, ווערט וואָס אַ מאָל גרעסער, די גאַס ווערט שוואַרץ באַלייגט... און וואו איז דער וואַרשעווער, דער וואַרשעווער ?... — האָט איינער דעם אַנדערן געפרעגט. און עס איז געוואָרן אַ געפּאָרעריי, אַ געדרייעריי און מען איז געלאָפן הין און צוריק, אַז די גאַס האָט נישט גערוט.

— נו, וואָס שטייט מען?...—חזרט יעקל איבער צום וואַרשעווער נאָך דער גאַנצער צייט שווייגן.

— נו, גייט... וואָס ווילט איר פון מיר ?... — בלאָזט זיך דער וואַר־שעווער, אַ קוועטש טוענדיק מיט די אַקסלען. נאָר אַז יעקל בלייבט צוריק אַנטשוויגן, רופט זיך איטשעלע אָן :

— הער נאָר, וואַרשעווער יאָלד — — מיין נאָר נישט, אַז מיר זענען דיינע פּרייערס...

— ווער זאָגט, אדרבא — פאַרענטפערט זיך דער וואַרשעווער — נאָר איך קען נאָך נישט גיין... ווייל איך, מוז איך אייך זאָגן, האָב אַרויס־געשיקט מענטשן דעם טעלעגראַף איבערצורייסן — — מוז איך אויף זיי וואַרטן...

— אַזוי איז שוין עפּעס אַנדערש... — האָט ערשט איטשעלע אַ הייב געטאָן מיטן קאָפּ. נאָר יעקל איז געבליבן שטיין נאָך מער פאַרזונקען, וואָס דער וואַרשעווער איז פאַר איינער... ווי אַלץ פאַרכאַפּט ער... און יעקלען

דאַכט זיך, אַז ער האָט עס אויך אין זין געהאַט צו טון, נאָר עס איז אים גאָר פון זין אַרויס.

עס קומען אָן צו לויפן עטלעכע קונדייסים מיט פריילעכע, שיינענדיקע פנימער, פאַרקאָכט, און די דאַשעקלעך, נעבעך, פאַרדרייט; זיי רייסן זיך אַריין אין מיטן רעדל, צום וואַרשעווער. זיי רוימען אים עפּעס איין, אונ־טערשטעלנדיק די מיילעכלעך אונטער זיין אויער...

— און וואו זענען זיי?... — פרעגט ער איבער.

— גייען שוין... שוין... איבערגעריסן... עס האָט אַזש אַ ציטער געטון דער דראָט: בר־ר־ר־רר...

און באַלד זענען נאָך עטלעכע יונגען אָנגעקומען מיט נצחון־שמייכל־דיקע אויגן. פאַר זיי איז געגאַנגען איינער פאָראויס, אין אַ מאַרינאַרקע מיט שטיוול און אַ רויט שאַלכל אויפן האַלדז, מיט אַ ווייסן שטעקן אין דער האַנט. נאָך פון ווייטנס האָט ער שוין עפּעס אַ סיגנאַל געמאַכט: אַ כאַפּ געטון דעם שטעקן אין דער הייך, מיט דעם געבויגענעם הענטל אַרויף, עפּעס אַ ווייז געטון דעם עולם מיט אַ וואונק־צו אין דער הייך,און אַ שפּרינג־אונטער געטון, ווי מען כאַפּט עפּעס אָן אין דער לופטן; און אַ האַק האָט ער געטון מיט דער שאַרף פון דער האַנט אין דער לופט אַריין, און אַ שאָקל צו מיטן קאָפּ. „שוין", האָט עס געהייסן, „אָפּגעפּאַרטיקט"...

צווישן עולם האָט זיך אָנגעהויבן אַ געסודעריי, אַ געשעפּטשעריי מיט אומרואיקע באַוועגונגען אויף די געזיכטער: זעלנער וועלן קומען, זעלנער... דער נאַטשאַלניק וועט געוואַר ווערן... נאָר דער וואַרשעווער איז געווען פאַרטון אין זיין זאַך; איצט איז עס „פּאַלקאָם!" — האָט ער צו זיך אַליין געשמייכלט, און ער מיט יעקלען האָבן זיך אַ ריר געטון מיט די פענער פאָראויס און דער גאַנצער עולם האָט זיך אַ ריר געטאָן נאָך זיי.

די גאַס איז געווען פאַר זיי, ווי אָפּגערוימט, די געוועלבער פאַרהאַקט, אַ־ן חברה האָט געמאַרשירט, ציענדיק זיך נאָך די פענער. באַלד האָט זיך אַ געזאַנג אויפגעהויבן און אַלע פנימער און אַלע אויגן האָבן געשיינט מיט א י י ן גליק און א י י ן פרייד. דאָס געזאַנג ווערט שטאַרקער, ראַשער, די פענער ווייען און דער עולם רודערט נאָך מיט פאַרפלאַמטע פנימער און אָפענע מיילער פון געזאַנג, וואָס האָט די גאַנצע גאַס אַרומגעכאַפּט.

אינעם גאַנג זענען נאָך אַנדערע צוגעשטאַנען. דער עולם האָט זיך נאָך מער פאַרגרעסערט, און „אויסרופן" און „ענטפערן" האָבן די גאַס פאַר־הילכט. מען איז אָנגעקומען פאַר דעם בורמישטשס גאָרטן, פאַר דער קאַנ־צעלאַריע.

דער עולם האָט זיך אָפּגעשטעלט, אויסגערופן עטלעכע מאָל די „פּאָ־דערונגען‟, וואָס זענען געוואָרן אונטערגעכאַפּט מיט אַ ים קולות פון דער גאַנצער הילכדיקער מאַסע. דערנאָך האָט מען זיך צוריק אַראָפּגעלאָזט אין גאַס אַריין. און קיינער האָט נישט באַמערקט, ווי אין גאָרטן, פאַררוקט אונטער דער אַלטאַנקע, שטייט דער בורמישטש מיט דעם אַקציזניק, דער סטאַרשי און עטלעכע האַלץ־העקער אין די סוקמאַנעס, מיט די העק אויף די הענט, און אַז זיי סודען זיך עפּעס און וואַרפן בליקן אָפּער אויף די דעמאָנסטראַנטן... דער וואַרשעווער איז באַגייסטערט, ער פירט... יעקל, ווידער, ווייס ביי זיך אַז ער פירט גאָר... און וואָס ווייטער אין דער גאַס, אַלץ העכער ווערט דאָס „אויסרופן‟, אַלץ רווישנדיקער די קולות, אַז עס דאַכט זיך, די גאַס וועט פּלאַצן. די פענער פּלאַטערן, ווייען איבער די קעפּ, און דער עולם ציט נאָך און ציט. מען זעט נאָר אײן לאַנגע רירעוודיקע מחנה, קעפּ און קעפּ, וואָס באַוועגן זיך אינעם גערויש פון אַ ים מיט קולות.

מען גייט און מען גייט.

אין מאַרק אַריין, אין מאַרק אַריין!

און דער מאַרק איז לער. די טישלעך פון געבעקס—לער. עס וואַרפט זיך אַ דערשראָקן, בלאַס פּנים דורך אַ שפּאַרע פון אַ געוועלב, וואַרפט אַ צעמישטן בליק אויף די פענער און אויף דער צוזאַמענגעשטויסענער מחנה אַרום און די טיר גיט זיך צוריק אַ פאַרהאַק...

די פענער ווייען. און דער וואַרשעווער איז שוין אַרויף אויף אַ טישל מיט זיין פאָן אין דער האַנט, און יעקל סטאָליאַר, ווידער, מיט זיין פאָן אין דער האַנט, איז אַרויף אויף דעם אַנדערן טישל קעגנאיבער. און דער עולם, אַרום די טישלעך און אַרום די פענער, איז געבליבן שטיל און האָט אַרויפגעקוקט זיי אין די פּנימער אַריין. האָט אָבער יעקל נישט געהאַט וואָס צו רעדן, האָט דער וואַרשעווער געגעבן אַ הייב־אָן אַ רעדע, אַז דער קאָפּ זיינער מיטן קאַפּעליוש האָט זיך אַזש אַ שאָקל געטון, ווי אויפגערודערט צום אַרויסשיטן. און ער האָט גערעדט און גערעדט, און געוואָרפן מיטן קאָפּ און געמאַכט מיט די הענט און מיט די פיס, ווי טייל מאָל דעם פּריצס פערד פאַר ר׳ אייזיקס געוועלב... און דער עולם איז געשטאַנען מיט אָפענע מיילער אונטער אַ האָגל פון ווערטער, און געקוקט אים אין אין פלאַמענדיקן געזיכט, וואָס האָט אַזש געציטערט פון באַוועגונגען; און אין די אויגן, וואָס האָבן געברענט ווי צוויי שטורקאַצן.

האָבן זיך אָנגעהויבן צונויפלויפן ווייבער מיט פאַרשאַרצטע אַרבלען, מיט הענט פון טייג; און מיידלעך מיט צעשויבערטע האָר און מיט קינדער

אויף די אָרעמס; און די קינדער מיט בייגל אין די הענט. און אַלע האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום עולם און צוגעשטופּט זיך אויך עפּעס צו הערן...

און אָט באַווייזן זיך פון עק פון מאַרק־געסל אַרויס די זעלבע האַלץ־העקער פון אונטער דער אַלטאַנקע. איצט טראָגט שוין יעדער פון זיי אין בוזעם צו איינציקע חלות, פון וועלכע די אַרויסגעשטאַרצטע שפּיצן זענען שוין אָפּגעביסן. איינער פון זיי שלינגט איילנדיק אַראָפּ דעם ביס, מאַכט זיך גלייך די וואָנסעס, שאָקלט אָפּ די קרישקעס פון די לאַצן, נאָך דעם אויך די איבעריקע מאַכן זיך גלייך, ווי גרייטנדיק זיך צו עפּעס, און אַלע רוקן זיך צו דער קופּע, שטעלן אויף אַן אויער, אויך עפּעס צו הערן פון דעם אַלעם גוטן...

און ווי דער וואַרשעווער האָט דאָס דערזען, גיט ער זיך געשווינד אַ וואָרף איבער אויף אַן אַנדערן טאָן, ווי אַ קאָמעדיאַנט אויפן שטריק, און גיט אַ הייב־אָן נאָך העכער און נאָך שאַרפער:

— „בראַטשאַ, טאָוואַזשישטשי!״ . . . — גיט ער ערשט אויף ס׳נײַ אַ פּאָר אַרויס און דאָס צינגל האַקט, קנאַקט, ווי אין קרויט אַריין, ווי אַ לייגען־מילכל מיט די האַמערס, און ווי אַ מילשטיין אונטער די וואַלצן.

און די גויים מיט די ברוינע מגושמדיקע פּנימער, מיט דיקע ליפּן און בלאָנדע וואָנסן, קרימען שמייכעלעך איינער צום אַנדערן. און אָט האָט זיך איינער גאָר הינטער די ווייבער און די מיידנס פּלייצעס געשטעלט, בייגט זיך איבער מיטן קאָפּ אין רעדל אַריין, מאַכט אַ תמעוואַטע פּנים, און בליקנדיק מיט דערשראָקענע אויגן אין ווינקל מאַרק אַריין, שטאַמלט ער: „זאַלניערזשי אידאַן, זאַלניערזשי״...

עטלעכע ווייבער, די נאָענטסטע, האָט עס אַ בליץ געטון אין די אויגן, און ציטערנדיק האָבן זיי זיך אַ כאַפּ געטון מיט אויסגעשטרעקטע קעפּ און פינקלענדיקע אויגן איבער אַלע קעפּ אַריבער... און אין דער רגע איז עפּעס ווי אַ שטומע איינגעהאַלטנקייט געוואָרן צווישן עולם, און אַלעמענס בליקן האָבן זיך אָן זייערע אָנגעצונדן... צעמישטע פּנימער האָבן זיך אַ רגע איבערגעפינקלט מיט די אויגן — — און איין עלעקטרישער פונק האָט זיי אַלע אַ כאַפּ געטון און — אַ שלײדער! און די גאַנצע קופּע האָט זיך אַ הייב געטון.

— שטייט, שטייט ! ! — האָט יעקל סטאָליאַר פון טישל אַראָפּגעשריגן מיט אַלע כוחות, און איטשעלע איז אויך אַרויף אויפן טישל און נאָך העכער געשריגן און געמאַכט מיט די הענט, און דער עולם איז נאָך מער פאַר־טומלט געוואָרן, און נאָך שאַרפער האָבן די אויגן געגלאָצט. דאָך איז מען

שטיין געבליבן — עפּעס האָט זיי אַ ריס געטון, און עפּעס האָט זיי צוריק פאַרכאַפּט, און זיי האָבן די וואָג פאַרלוירן. נאָר ביי די זייטן, אַרום, איז מען שוין געלאָפן און אויף דער ערד זיך אומגעוואָרפן. ווייבער און מיידן איז נישט מעגלעך געווען איינצוהאַלטן. אויסגעשטרעקטע הענט האָבן זיך אין קליידער און אין פּיס איינגעדרייט, און מען איז געפאַלן און געטרעטן, געטרעטן און געפאַלן איינער איבערן אַנדערן, איינער איבערן אַנדערן, און ס׳האָט שוין נישט געהאָלפן, כאָטש דער מיטלסטער עולם האָט געשטורעמט: שטייט! שטייט!! אַ צעמישונג איז געוואָרן — קופּעס אויף קופּעס, הענט מיט פּיס מיט פּנימער מיט צעשויבערטע האָר. אַלץ אינאיינעם אויסגעמישט געוואָרן, און געוואַלגערט זיך איבער דער ערד, און אַלע צוזאַמען האָבן זיך געריסן איינער פאַרן אַנדערן, איינער פאַרן אַנדערן, און אַלע צוזאַמען האָבן זיך פעסט צוגעהאַלטן מיט איינגעקלאַמערטע הענט און פינגער איינער אין אַנדערן; און עס איז געוואָרן ווי איין צונויפגעגאָסענע קופּע, וואָס וואַרפט זיך און ראַנגלט זיך מיט הונדערטער הענט און פּיס. און דאָך האָבן זיי זיך אַ וועג באַפרייט, און צייט איין מינוט זענען זיך צעפלויגן אַלע ווייבער און מיידן און אַ שפּאָר ביסל יונגען אויך. געבליבן שטיין אויפן אָרט זענען נאָר די רעכטע, אמתע מאַנספּאַרשוינען — בלויז געקליבענע... און דער וואַרשעווער האָט זיך צוריק געווענדט צו זיי מיט אויפגעהויבענע אויגן און געוואַרט ביז דער עולם וועט זיך דערווייל באַרואיקן...

אַצינד האָבן שוין די האַלץ־העקער נישט געהאַט וואָס צו מאַכן, האָבן זיי זיך אָנגעהויבן צוריקצורוקן אין מאַרק־געסל אַריין און געלאָזט זיך גיין צו דער קאַנצעלאַריע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ.

פאַרנאַכט האָט שוין דאָס גאַנצע שטעטל געוואוסט, אַז דער טעלע־גראַף איז איבערגעהאַקט. צומאָרגנס אין דער פרי זענען שוין זעלנער געווען.

גענומען האָט מען איין יעקל סטאָליאַר און אַוועקגעפירט אים אין אויעזד צום נאַטשאַלניק.

אַז מען האָט אים פון שטוב אַרויסגעפירט מיט זעלנער ביי די זייטן, האָט אים קיינער נישט געקענט קוקן אין בלאַסן פּנים אַריין, נאָר דער קרעמער, דער שכן, האָט לאַנג געקוקט און געקנייטשט דעם שטערן: צוויי גילדן קומט אים פאַר פאַפּיראָסן...

— דער וואַרשעווער — האָט אַ פאָרמאַן דערציילט — האָט נאָך ביי נאַכט עוקר געווען צו דער באַן...

---

און די זון האָט זיך איר וועגס געשיינט. אַלץ האָט זיך אין אַ ים פון ליכטיקייט געבאָדן. די אויבערשטע פענצטער איבער די מאַרק־געוועלבער האָבן אויפן מאַרק אַרויסגעקוקט. עס האָבן זיך אָנגעהויבן באַווייזן אייזיק פייגע־ליבעס מיט זיין איידעם הערשעלע און דודל ראָזענצווייג, מיט אַ פאַררוקט היטל איבערן שטערן, די הענט אונטערן רוקן און דאָס בייכל אַביסל אויסגעשפּיצט. און באַלד האָבן זיך רעדלעך געמאַכט. בעלי־בתּישע רעדלעך פון יידן מיט בערד, דער עיקר פאַר דער מאַרק־ברונע — דודל ראָזענצווייג שטייט צווישן אַ גאַנץ רעדל, היצט זיך עפּעס זייער און שאָקלט שטאַרק צו מיט די הענט, אוודאי וועגן די אַחדות־לייט. קיינעם פון די חברה זעט מען נישט. אַלע האָבן זיך, ווייזט אויס, באַהאַלטן.

דאָך, אין יענער זייט מאַרק באַווייזט זיך איטשעלע. דאָס געזיכט בלאַסלעך, די אויגן אַראָפּגעהאַנגען, ווי ער וואָלט עפּעס אַ פרעטענזיע געהאַט צו דער וועלט און וויל בעסער קוקן אויף די שפּיצן פון זיינע לאַקירענע שטיוול. די הענט האַלט ער פאַרלייגט אַהינטער, אַזוי, אַז די ברייטע פלייצעס צונויפגענומען מיט דעם קאַרק קומען אויס עטוואָס געזונקען, און אין די אויגן שפּיגלט זיך אָפּ אַ בלישטשענדיקע פייכטקייט. און אַז ער וואַרפט אַ בליק פון אונטערן שטערן אָפּער צו די ווייטע רעדלעך מענטשן, זעט מען ווי די קינבאַקן רודערן, ווי זיי ווערן אָנגעשטרענגט ווי די קראַטן...

ער קומט וואָס אַ מאָל נענטער. חיים־יאָסעלע, אַ שוסטער־געזעלן, זעט ער, שטייט אויך אין מיטן רעדל, אויך אַ בעל־בתּישער יונג געוואָרן... איטשעלע איז פאַרבייגעגאַנגען און האָט זיך געוואָלט נישט וויסן מאַכן, פילנדיק, ווי אַלע קוקן אים נאָך הינטער די פלייצעס. דעריאָגט אים אָבער אַ קול: נישטאָ קיין קייזער, זאָגן זיי... קיין ג אָ ט איז נישטאָ...

— נאָר קעמפער זיינען דאָ!. . . כאַפּט חיים־יאָסעלע אונטער מיט אַ געלעכטערל. איטשעלע האָט זיך באַלד אַ דריי־אויס געטון און שטיין געבליבן, אָפּמעסטנדיק חיים־יאָסעלען מיט אַ שאַרפן בליק. מיט צוויי טעג צוריק איז ער נאָך אַליין אַ קעמפער געווען... דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין פּנים אַריין און די אויגן זענען פאַרגאָסן געוואָרן פון צאָרן.

דאָס רעדל איז פאַרשטיינערט געוואָרן. דוד ראָזענצווייג האָט זיך גע־שווינד אַ רוק אַרויס געטון און אַנטקעגנגעלאָפן איטשעלען מיט ביידע הענט:

— זע נאָר, זע. וואָס דו ביסט... קוקסט שוין בייז... ווייסט נישט וואָס און ווען און — שוין... ביסט שוין גרייט... דאָס מיינט ער דאָך דעם וואַר־

שוועער... נו, אדרבא, ביסט דאָך עפּעס אַ מענטש מיט שכל, ביסט דאָך נישט פון די קליינע לאָבוסלעך... האָט דאָס געהאַט עפּעס אַ פּנים?... אַן אַנדערער, ביסט אַ שלימזלניק — פאַרדעק . . . טו נישט אַזוינס, מען זאָל דאַרפן דערקענען, ווער דו ביסט... פאַרשטייסט? טשעפּע נישט מיטן קייזער און באַהאַלט דיך נישט. פע... ס'איז דאָך מיאוס צו קוקן. וואָס זאָגט מען היינט? — די מייז זענען זיך צעלאָפן... און אַלץ ווער? דער וואַרשעווער. ער איז שוין אַנטלאָפן. אָבער אייך האָט ער איבערגעלאָזט דאָס פּעקל... דאָס האָט ער, הייסט עס, אייך אונטערגעדרייט...

איטשעלען האָבן די רייד געטראָפן. ער האָט מיט די ליפּן פאַרביסן און דעם בליק אַראָפּגעהאָנגען. און נישט ענטפערנדיק האָט ער אַ קוועטש געטון מיט די אַקסלען און גענומען אַוועקגיין — „כאַפּט זיי איין כאָלערע מיטן וואַרשעווער צונויף!. . ." — האָבן זיך די פויסטן זיינע פאַרקוועטשט — „ס'אַנדערע — האָט ער זיך געטראַכט — צייט די מעשה מיט לאָזערן, דעם געוועלבניק, איז ער שוין סיי ווי סיי אויס!"

אַזוי איז ער זיך געגאַנגען און געטראַכט. און דודל ראָזענצווייג האָט זיך שוין צוריק אין רעדל אַריינגעכאַפּט און האָט זיך ערשט אָנגעהויבן צו צעשפּרייטן מיט די הענט:

— וואָס קלערט איר, צי איך האָב אים גוט געגעבן?. . . איך האָב אים געגעבן צו פאַרשטיין און געוויזן אים, ווי ווייט נאַריש זייערע אַלע זאַכן זענען, און ווי ווייט זיי ליגן באַגראָבן . . .

— אַבי איך האָב געמיינט, הע, הע — לאַכט חיים־יאָסעלע — אַז ער לויפט שוין צו מיר צו. . .

— נאָך אַזאַ נאַר זאָל ער זיין?. . . — קוקט אים דודל ראָזענצווייג אָן — ער וואָלט דען נישט צעריבן געוואָרן פון אונדז אַלע?. . . און אַז מען האָט אַ שוועער אַ שטאַרקן יונג, ווי דו אַ שטייגער האָסט . . . און נאָך דערצו צוויי ברידער דעם שוועערס — אייזערנע יונגען טאַקע, פרעגסטו נאָך אים?. . . שוין! ס'איז נישט פריער, אויס יידישע קאָזאַקן! . . .

— קומט, לאָמיר גיין ערגעץ — האָט אייזיק פייגע־ליבעס זיך אַ ריר געטון און נאָך אים דער אידעם.

— קומט... — איז דודל ראָזענצווייג באַשטאַנען, און חיים־יאָסעלען אויך מיטגעשלעפּט.

לאַנגזאַם, שפּאַצירנדיק, זענען זיי אַלע געגאַנגען אין איין שורה, די קעפּ אויפגעהויבן, די הענט הינטער די רוקנס. און חיים־יאָסעלע אויך דאָס אייגענע, אַ נאַריש אויפגעשטעלט בלאָנד פּאַהלע, אַ פאַרקעמטס הינטערן

אויער, דאָס היטעלע אויף דער זייט, דעם סאַק צעלאָזט, ווי עפּעס רעכטס, און דער גאַנג איז וואַקלענדיק אין דער ברייט, ווי — „מאַכט אַ וואַרע"... און קוקן קוקט ער אַצינד אויף אַלע זייטן, צי זעט מען אים כאָטש. ער גייט מיט אייזיק פייגע־ליבעס, דעם גרעסטן פאַבריקאַנט פון שטיוול, מיט זיין איידעם הערשעלע, אַ קאָפּ־שטיק, וועלכער האָט נאָך צו דרייצן יאָר פאַר־קלונגען דאָס שניידערשע שולכל מיט זיין לייענען אין ספר... ווייבער האָבן דורך שפאַרעס אַריינגעקוקט . . . און מיט די אַלע און מיט דודל ראָזענ־צווייג אויך — איז ער, חיים־יאָסעלע, חבר... און גיין גייט מען טאַקע צו דודל ראָזענצווייג אין שטוב אַריין...

אין באַזונדערן קאַבינעטל, וואו דער „אוסטאַוו" רוט, זענען זיי אַלע אַריין און געזעצט זיך אַרום טיש, פּנים צו פּנים. אייזיק פייגע־ליבעס האָט אַרויסגעוואָרפן אַ רובל פון זיין פּאַרטמאָנע אויפן טיש אַרויף און אַ וואונק געטון: זאָל מען ברענגען אַ שנאַפּס, אָדער וואָס...

חיים־יאָסעלע האָט שוין געוואָלט כאַפּן און לויפן, נאָר דודל ראָזענ־צווייג האָט אים ביים אַרבל אָנגעכאַפּט: חלילה וחס... און ער האָט געמאַכט אַ קרום פּנים, זאָל גאָט שומר ומציל זיין. און אַ קלונג אָן ביי דעם מויער־קעפּל אויף דעם טיש האָט ער געטון, האָט זיך די טיר אַ פּראַל אויף געטון און דאָס זינדל איז אַריינגעפלויגן:

— וואָס פאַרלאַנגט דער פּאָטער ?...

— עס זאָל געברענגט ווערן שנאַפּס און ביר... — האָט ער אים דעם רובל דערלאַנגט.

אין אַ פּאָר מינוט אַרום זענען שוין פלאַשן מיט גלעזער געשטאַנען אויפן טיש.

דודל ראָזענצווייג איז אַרויף אין דער הייך, דעם ראָליעט אַראָפּ־צולאָזן איבערן פענצטער:

— מען וועט זיי ווייזן, די לאָבוסעס... — האָט ער, נאָכלאָזנדיק די שטריקלעך, מיט אָנגעשטעלטע בליקן אויף אייזיק פייגע־ליבעס, געטענהט.

— מען וועט זיי דושען !... — האָט ער געענטפערט און אַ צי געטון זיך ביי די צוויי שפּיצן פון דער באָרד.

— מיר וועלן אויך מאַכן אַ חברה, אַ חברה כנגד... — האָט הערשעלע אונטערגעכאַפּט.

— אַ צעטל וועט מען אויסשטעלן און אַלע בעלי־בתים וועלן זיך איינ־שרייבן... — טאַנצט דודל ראָזענצווייג אונטער, אַרויסווייזנדיק זיין חריפות וועגן אַ פּלאַן מיט אַן אָרדענונג...

— און דו, פיינער בחור, — ווענדט זיך אייזיק צו חיים־יאָסלען, וואָס קאָן זיינע אייגענע אויגן נישט גלייבן, מיט וועמען ער זיצט אַלץ — דו האָסט גאָר מורא אַריינצוקומען צו מיר אַמאָל, גלייך איך וואָלט גאָר קיין פאַבריק נישט געפירט?... מענטשן האָבן מזל... און אַז איך דאַרף אַן אַר־בעטער, אַ בעל־מלאכה... מוז איך מיך בעטן...

— איך וועל אייך זאָגן דעם אמת, ר׳ אייזיק, — האָט יאָסעלע אַ פּאָר גראָבע ליפּן אויפגעשטעלט, ווי אין הייסער קאַשע אַריינצובלאָזן — איך האָב אַליין אויך געטראַכט, אַז איך וואָלט געוואָלט אַרבעטן ביי אייך — —

— אוודאי, אוודאי... — איז דודל ראָזענצוויג אונטערגעשפּרונגען — ביסט דאָך עפּעס אַ היימישער יונג, און דער שווער דיינער — וואַרפט ער פינקלענדיק איבער די בליקן אויף אייזיקן — איז דאָך אוודאי פון אונדזערע מענטשן...

פון דעמאָלט אָן האָט שוין חיים־יאָסעלע געאַרבעט ביי ר׳ אייזיקן — —

ר׳ אייזיק פלעגט אים גוטברודערשאַפט אַ פּעטשל טון אין די פּלייצעס:

— חיים־יאָסעלע, זאָלסט שטרייקן גלייך מיט זיי... — האָט ער מיט אַ גיפטיק שמייכעלע אָנגעוויזן אויף די איבעריקע געזעלן, — זאָלסט זיין אַ גלייכער קעמפער, הערסט? . . .

— חיים־יאָסעלע, — האָט ווייטער דאָס איידעמל, אַ קלוגער יונג און נאָך אַ בעל־קורא דערצו, זיך אָנגערופן — חיים־יאָסעלע, דער נאַטשאַלניק איז גאָר אַ נאַר... וואָס מאַכן זיי, די היגע קעמפער, מיט אַזאַ קאָפּ זעלנער. וואָס ער האָט אַראָפּגעשיקט צו זיי? אויף איין צאָן אויך נישט...

— מען וועט זיי געבן, די קעמפער... — האָט חיים־יאָסעלע מיט אָנ־געבלאָזענע בעק אַ זאָג געטון.

אַ טייל געזעלן האָבן די אויגן אַראָפּגעלאָזט; אַ טייל האָבן נאַרישלעך געשמייכלט, קוקנדיק זייערע דריי בעלי־דינים אין די אויגן אַריין.

זיי ווייסן גוט, אַז היינט אַ ליאַדע שאַרך צום נאַטשאַלניק איז שוין גענוג... און חיים־יאָסעלע סודעט זיך טאַקע אַלע מאָל מיט הערשעלען...

עס קומט, למשל, פאַרנאַכט, טוט אים הערשעלע אַ זאָג:

— **זע זיך נאָר דאָרט מיטן הויכן יאָלאָג מיטן רויטן שאַלכל אויפן האַלדז...**

טרעפט זיך שוין חיים־יאָסעלע מיט יענעם אויפן שול־הויף, צווישן מנחה און מעריב, און גייט אים דאָס רויטע שאַלכל פון האַלדז אַראָפּ־רייסן, און עס מאַכט זיך אַ געשלעג.

בייזערט זיך דער שווער אויף חיים־יאָסלען, פאַרוואָס ער הרגעט זיך אַרום טאָג און נאַכט. בלאָזט ער אָן די בעק און קוקט אים אָן: אַזוי — זאָגט ער — זיי לאָזן נישט פאַרדינען.... שטרייקערס !...

און אַז דער זשאַנדאַרמסקער קאַפּיטאַן האָט אָנגעהויבן אָן אָפּטער גאַסט צו ווערן אין שטעטל, פלעגט מען שוין אין אַזאַ טאָג באַגעגענען דודל אַדוואָקאַט מיטן זינדל לויפן פאַרפאָרעט אין די שבתדיקע קאַפּאָטעס ! . . .

— וואָס לויפט דיין טאַטע אַלץ אינאיינעם צום קאַפּיטאַן ? — האָט עמעצער דעם זינדל געפרעגט.

— וואָס דען ?... — האָט דאָס זינדל ברייטלעך געענטפערט, — נאָך וועמען דען זאָל ער שיקן, דער קאַפּיטאַן?— ס'איז דאָך אַ שטאָט מיט בידלעס (בהמות)... ער האָט דען מיט וועמען אַ וואָרט צו רעדן, אַז ער קומט?

די אַרבעטער אין די וואַרשטאַטן פלעגן שוין זיצן שטיל, ווי די לעמעלעך. און וואָס שטילער זיי זענען געוואָרן, אַלץ גרעסער איז חיים־יאָסעלע געוואַקסן—שלאָגט זיך אַלע פאַרנאַכט מיטן הויכן יאָלאָג און באַגעגנט אַלע אין דער פרי אַ „גוט מאָרגן" פון דודל אַדוואָקאַט, טייל מאָל — נאָך מיט אַ שמייכל...

און איינמאָל אין דער פרי, די זון האָט שוין געשיינט, די ערד איז נאָך געווען מיט דעם פייכטן טוי באַדעקט, און אָפּגעווייסט זענען געווען די שפּענדלעך און שטרויען, וואָס האָבן זיך אין מאַרק אַרומגעוואַלגערט, איז חיים־יאָסעלעס שווער געשטאַנען ביי אַ פור אויבס, פאַרטון מיטן גוי און מיט נאָך אַ צוויי יידן, — פאַלט צו אים צו אַ יידענע מיט אַ קלאָג, און באַלד נאָך איר נאָך אַ פּאָר מענטשן: — סטייטש, געוואַלד געשריגן, מען האָט דאָך דיין איידעם צעבלוטיקט !...

— אוי וויי, באַלד אין דער פרי ?... — האָט ער אויסגעשריגן, צעטומלט ווערנדיק, און לאָזט זיך לויפן, אין כאַלאַטל מיט די צעפלויגענע פּאָלעס, גלייך צום הויכן יונגס היים... דאָ איז אַ קופּע מענטשן געשטאַנען קעגנאיבער די פענצטער פון אַ גאָרן און אַרויפגעקוקט מיט אויפגעשטעלטע פּנימער. דודל אַדוואָקאַט איז פון ווייטנס געשטאַנען פאַר זיין טיר, און דאָס צוגעזען. אין סאַמע מיטן רעדל שטייט חיים־יאָסעלע מיט אַ פאַרבלוטיקטן קאָפּ און אַ רויט פאַרגאָסן געזיכט. און אָט קומט אָן צו לויפן זיין שווער מיט אַן אימפּעט... דודל האָט אַ שמייכעלע געטון און איז צוריק אַריין אין שטוב.

און אַז חיים־יאָסעלע האָט דעם שווער דערזען, האָט ער זיך אַ וואָרף

געטון צום טירל פון הויף, און דער שווער, מיט נאָך מער צעטראָגנקייט, האָט אים אַ שליידער געטון הינטער זיך, און ער איז פאַראויס אַריין אין טירל, צו די טרעפּ צו... נאָר פון דאָרט אַראָפּ זענען העלצער געפלויגן מיט אַן אימפּעט און נישט צוגעלאָזט. דער הויכער יונג און די מוטער, ביידע שרעקלעך צעמישט, שטייען איבער אַ וואַרשטע האָלץ און שליידערן אַראָפּ איינס נאָך דעם אַנדערן. און פון דער אָפענער טיר הערט זיך אַ געוואַלד און אַ געטומל פון קליינע קינדער און אַ בלאָסן טאַטן, וואָס לויפט צו צום פענצטער מיט ווילד אויסגעגלאָצטע אויגן און כאַפּט זיך באַלד צוריק צעטומלטערהייט, קומענדיק צו הילף דעם ווייב מיטן זון. די העלצער פליען נאָך מיט מער צעמישטקייט, מיט מער טומל, און חיים־יאָסעלעס שווער קוקט נישט, מיט די הענט פאַרשטעלט איבערן קאָפּ הייבט ער אָן גיין אַרויף אויף די טרעפּ. אין דער רגע איז דער הויכער יונג אַריין אין שטוב, געכאַפּט עפּעס פון איבערן קוימען, נישט ווויסנדיק אַליין וואָס, און צוריק אַרויס אַנטקעגן...

איין צוויק אונטערן האַרץ האָט נאָר חיים יאָסעלעס שווער דערפילט— און אַן אָפּגעקאָכטער איז ער געבליבן שטיין מיט אויסגעגלאָצטע, שטאַרע אויגן, און ביידע צדדים האָבן זיך אַ רגע אָנגעקוקט מיט צעמישטקייט אויף די פּנימער..

אין דער רגע האָט יענער אָנגעהויבן צו טאָמלען אויף די פיס און, אָנכאַפּנדיק זיך אויף דעם טרעפּן־אָנלען, אָנגעהויבן זיך אַראָפּצולאָזן אויף די שטיגן, וואַקלענדיק און מיט אַ מידן קאָפּ...

אַראָפּקומענדיק, האָט ער צעמישט אַ קוק געטון אין הימל אַריין, און מיט אַן אָפן מויל, הויל ווי אַן אַ גומען, האָט ער דעם אָטעם אַ צי געטון.. אַ שרעקלעכן בליק האָט ער געוואָרפן אַרום זיך און פאַרצווייפלט האָבן די אויגן געטאַמלט. און עפּעס ווי אַ באַהאַלטענע קראַפט האָט אים געטריבן פון דאַנען און צום טירל געפירט... ער האָט זיך פאַרשפּאַרט מיט ביידע הענט אין דער פאָרטקע און, שאָקלענדיק זיך מיטן גאַנצן קערפּער און גלאָצנדיק מיט די אויגן, האָט זיך אָנגעהויבן אַ פּוס אַריבערצוהייבן איבערן אונטערשטן ברעטל, און אַ שטראָם בלוט האָט זיך פון אונטערן שטיוול אַ גאָס געגעבן...

דער עולם פון דרויסן האָט אים דערזען און איז פאַרגליווערט געוואָרן...

— געוואַלד — — — וױ ג־ע־ל! — האָט איינער, אפרים, אויסגעשריגן און אַ טריט געמאַכט אַנטקעגן, בלייבנדיק שטיין מיט אָנגעצויגענע עלנ־

בויגן, אויפגעשטעלטע פויסטן און אַן אָנגעשטרענגטן קאָפּ צווישן די אַקסלען, מיט פאַרהאַקטע ציין, ווי ער וואָלט וועלן עפּעס איינהאַלטן . . . און געקוקט מיט שרעקלעך אַרויסגעזעצטע אויגן . . .

— געוואַלד! געוואַלד!! — איז געוואָרן אַ געטומל.

נאָר יענער האָט זיך שוין אין אַ פאַרמישט ראָד געדרייט, גלאָצנדיק אַרום זיך, ווי ער וואָלט גאָרנישט געזען, און צוגעצויגן מיט איין זייט צו דער ערד, האָט ער זיך זייטיק געדרייט, און — אַ פאַל אום געטון.

— געשטאָרבן!... — האָט מען אויסגעשריגן.

— דער שטיוול... — האָט נאָך עמעצער אַ געשריי געטון, און דער גאַנצער עולם האָט זיך אַ וואָרף געטון צו דעם דאָזיקן שטיוול און — אַ שלעפּ געטון.. ווי פון אַ קובל אַרויס האָט זיך אַ גאָס געטון אויף איין מאָל אַ גאַנצע קאַליוזשע שוואַרץ בלוט.

דער געשטאָרבענער האָט נאָך איין מאָל אַ גלאָץ געטון מיט אויפגעריסענע אויגן און צוריק אַראָפּגעציטערט די ברעמען... אין סאַמע האַרץ־גריבל איז אַ לאָך געווען ווי אַן איי גרויס. דאָס וואַרעמע בלוט בלעזלט זיך נאָך אין דער טיפער שוואַרצער וואונד און דאָס לייב מיטן אָנטון ווייקן זיך אין בלוט.

. . . . . . .

מען האָט אים געכאַפּט אויף די הענט. אפרים האָט אונטערגעהאַלטן ביים קאָפּ, וואָס האָט זיך נאָכגעשאָקלט ווי ביי אַ געשאָכטענער גאַנדז. דאָס פּנים איז געל ווי וואַקס, דאָס מויל — עטוואָס פאַרקרימט און פאַרהאַקט אין העפטיקן שמערץ, און די אויגן — האַלב אָפן, שטאַר און פאַרגלייזט.

די וואָס האָבן אים געטראָגן האָבן מיט הענט און פיס געטאַמלט, און מיט אַ דערשלאָגנקייט אויף די פּנימער גערוקט זיך, ווי איין צונויפגעוואַקסן קופּקעלע, מיט דעם טויטן אויף די הענט. און חיים־יאָסעלע האָט אָנגעהויבן נאָכצולויפן, מיט האַקן זיך אין קאָפּ און מיט אַ ריטש: מיין טייערער ש־ור־ע־ר ! !

נאָר דאָ איז דער עולם נישט אָפּגעטרעטן פון קעגנאיבער די פענצטער און אַרויפגעשריגן מיט אויפגעהויבענע קעפּ: אַראָפּ! אַראָפּ! נעמט זיי אַראָפּ ! !

און מען האָט אָנגעהויבן לייטערס צוצושטעלן.

און באַלד איז אפרים געקומען צוריק צו לויפן צעהיצט:

— וואָס טויג מיר שוין צו לעבן — האָט ער זיך געריסן — די אָרגאַ־

ניזאַציע האָט געשאָכטן!... נאָט איך, מענטשן, שעכט! — האָט ער זיך אַ כאַפּ אָן געטון ביים גאָרגל.

— די אָרגאַניזאַציע... די אָרגאַניזאַציע... — האָבן אַלע ווייבער מיט אַ געשטיקט, איינגעהאַלטן קול געקלאָגט און געגאָסן מיט טרערן — אַ טאַטע פון אַכט קליינע קינדער...

פלוצלינג האָט זיך דער סטאַרשי באַוויזן, די געלע וואָנסן האָבן גע־ציטערט, די אויגן — שאַרף פאַראויס געבליקט איבערן עולמס קעפּ און איבער די פענצטער אין דער הייך, דאָס היטל מיט דער קאָקאַרדע — פעסט איינגעזעסן איבערן קאָפּ, און די שווערד, אין דער שייד, האָט ער מיט דער האַנט אונטערגעהאַלטן, נאָר אַ שפּרונג אַרויף צו טון.

דאָס געטומל איז נאָך גרעסער געוואָרן. דער עולם האָט מיט נאָך מער פּלאָם צו די פענצטער אַרויפגעקוקט, און אפרים דער ערשטער, און הינטער אים נאָך עטלעכע, האָבן זיך אַ וואָרף געטון אויף די לייטערס אַרויף, אַרויפשרייענדיק מיט בלוט־אָנגעגאָסענע געזיכטער.

דאָס געוואַלד פון שטוב איז געגאַנגען ביז אונטערן הימל. און אָט האָבן שוין עטלעכע הענט אין איין שטיי אַ ריס געטון אַ פענצטער; אַ בראָך פון שויבן האָט זיך דערהערט און אַ צעשיטער קלאַנג האָט זיך אין אַ ים מיט קולות אויסגעמישט, און שטיקער גלאָז האָבן אַ בליץ געטון איבער אַ ים צעפלאַמטע פּנימער, מיט ברענענדיקע אויגן און שוים־שפּריצנדיקע מיילער.

אין די אָפענע פענצטער זעט מען נישט מער, ווי שוואַרצע פיגורן מיט האַסטיקע באַוועגונגען. מען איז שוין אַריין אינעווייניק, אַ טייל זיצן נאָך רייטנדיק איבער די פענצטער, און אונטער זיי זיינען די לייטערס מיט מענטשן באַקלעפּט... קעפּ איבער קעפּ און פלייצעס איבער פלייצעס. און אַ גאַנצע מחנה האָט זיך שיין דורך דעם טירל פונעם הויף אַ לאָז געטון און געפּאַקט זיך איינער איבערן אַנדערן.

— אַראָפּ!! אַראָפּ!! — האָט עס איבערן פלאַנקען פון הויף געהילכט, און אַ געקלאַפּעריי פון העלצער אָן העלצער, אויסגעמישט מיט משונה־ווילדע קולות, האָט די לופט מיט משוגעת און בהלה אָנגעפילט. און באַלד — אַ שטאַרקער קראַך האָט זיך פון אינעווייניק מיט די טויערן אָנגעשלאָגן. דאָס טירל איז שוין ווייטער פול אָגעשטאָפּט, מען פּאַקט זיך שוין צוריק אַרויס. און אָט — דער פּאָטער. דאָס פּנים בלאַס און צעמישט. פּופציק הענט שטופּן זיך מיט אים פון טירל אַרויס. דעם זון אויך. מען דערקענט אים שוין קיין פּנים נישט; רויט, פאַרגאָסן, אין גאַלן קאָפּ, און די האָר

טונקען זיך אין בלוט. ביי דער זייט פון טויער פרעסט מען אים צו דער וואַנט, מיט דעם קאָפּ אַרונטערגעריסן. העלצער הייבן זיך אויף און אָפּ איבער זיין קאָפּ; דער עולם, ווי איין צונויפגעגאָסענע קופּע מיט טויזנטער, טויזנטער רירעוודיקע אברים, געוואַלדן, טומלען און אַ געשלעגעריי פון העלצער אָן העלצער האָט אַלץ אַרום און אַרום פאַרכאַפּט — ביז דער יונג איז אונטער די קלעפּ איינגעשלונגען געוואָרן. מען זעט אים שוין נישט, נאָר דער עולם קוקט אַראָפּ מיט איינגעבויגענע קעפּ אין סאַמע מיטן רעדל אַריין און קנאַקט צו מיט די פיס. און דער סטאַרשי אין דער מיט רייסט זיך, די אָדערן אויפן האַלדז שטעלן זיך אויף, און די אויגן ווערן אים פאַרגאָסן מיט אָן אָנגעצונדנקייט, און ער שטופּט און אַמפּערט זיך, אַרבעטנדיק מיט די הענט און מיט די אַקסלען אויף אַלע זייטן. נאָר די קופּע איז ווי צונויפגעגאָסן, איינער אָן אַנדערן קלעפּט און אַלע אינאיינעם זענען פאַרכאַפּט אין איין ברען, אין איין ווילדער תאווה, וואָס פלאַמט דאַרשטיק אין אַלע פנימער און שט־רעמט אין דער גאַנצער קופּע. אַ גאַלע שווערד האָט פלוצלינג אַ בלאַנק געטון אין דעם סטאַרשיס האַנט, גלייך אויפגעהויבן איבער די קעפּ. דער עולם האָט זיך אַ רוק געטון הינטער זיך, ווי פון אַ קאַלטן שפּריץ וואַסער אויף דעם נאַקעטדיקן לייב... און געקוקט דערשראָקן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם...

— „אָטסטופּאַט!" — האָט דער סטאַרשי אויסגעשריגן. און אַז דער עולם האָט שוין די בליקן אָפּגעלאָזט פון דער שווערד מיט אָפּגעקילטע געזיכטער, האָט ערשט דער סטאַרשי אויפגעשטעלט דעם יונג, וואָס איז געלעגן אויף דער ערד און געקרעכצט, באַשיצנדיק מיט ביידע הענט דעם צעבלוטן קאָפּ. אונטערהאַלטנדיק דעם יונג אונטערן אָרעם, האָט ער דעם פאָטער, וואָס איז אויך געלעגן אויף דער ערד און געריסן זיך ביי די האָר מיט אַ יעמערלעך געשריי — געהייסן נאָכפירן נאָך זיך, און ער מיט דעם יונג זענען געגאַנגען פאָראויס. אַ פּאָר פאַרשוין האָבן דעם פאָטער געפירט און דער עולם האָט זיך ווייטער דערוועקט און אַ לאָז געטון זיך נאָך דעם סטאַרשי מיט דעם יונג. דער יונג האָט זיך צום סטאַרשי צוגעטוליעט, דעם קאָפּ אונטער זיין אָרעם איינגעראָבן, און דער עולם איז נאָך פון הינטן און פון פאָרנט מיט העלצער אין די הענט. און אַלע מאָל האָט זיך אָן אַנדערער פאַרגנבעט מיט אַ קלאַפּ איבערן קאָפּ אָדער איבער דער זייט. און שרעקלעך ברענענדיק האָט אפרים געטשאַטעוועט מיט אַ דראָנג אין דער האַנט... דער גאַנצער עולם איז נאָכגעלאָפן ווי אַ צעלאָזטע סטאַדע, און אפרים האָט זיך אַלץ ביי די זייטן

געשאַרט און געלאַקערט מיט דעם דראַנג איבערן מוח... און יעדעס מאָל, ווען ער האָט אים געגעבן אַ הייב־אויף איברן יונגס קאָפּ, האָט דער פאָטער זיך אַ ריס געטון און מיט אַן אויסגעשטרעקט פּנים און אויס־געזעצטע אויגן דעם הייב אונטערגעכאַפּט, ביז עס האָט אַ הילך געטון, און דער דראַנג איז צוריק אָפּגעשפּרונגען מיט אימפּעט פונם קאָפּ. צוויי געשרייען האָבן זיך אויף איין מאָל אַרויסגעריסן, צוויי אָפּגעריסענע גע־שרייען און דערווייטערטע איינס פונעם אַנדערן. און ביי יעדן פאַרנעם האָט אפרים געזוכט און געפינקלט מיט די אויגן... און אָט האָט ער אַ כאַפּ געטון מיטן שפּיץ האָלץ קעגן אַן אויג, געצילט און — אַ קנאַק געטון!... דער יונג האָט זיך שרעקלעך אַ וואָרף געטון מיט אַ געשריי פון אַ האַרץ־פּלאַץ. און דער פאָטער איז שוין געלעגן איבער אים, מיט ביידע הענט אין זיין קאָפּ איינגעקלעפּט, און ציטערנדיק מיטן גאַנצן גוף, צוגעדריקט זיך צו אים און נאָך יעמערלעכער, נאָך ביטערער געשריגן. דער עולם האָט דערפילט, אַז ס'איז שוין גענוג. דער סטאַרשי האָט נאָך אַ מאָל גע־פּרואווט אַרויסכאַפּן די שווערד, און דער יונג האָט שוין געטאַמלט, געוואַקלט זיך אויף די פיס, געגאַנגען און געפאַלן, געפאַלן און געגאַנגען. דאָס אויג איז שוין אָנגעלאָפן אונטערן שטערן, ווי די גרעסטע קאַרטאָפלע גרויס — שוואַרץ און פאַרצויגן. דער קאָפּ איז צעשונדן, שטיקער פעל מיט שטיקער האָר הענגען נאָך. דאָס בלוט האָט דעם קאַרק געוואַשן און איבער די פלייצעס גערונען — קוים מען האָט אים דערפירט, אים מיטן פאָטער, צו דער קאַנצעלאַריע.

אַצינד האָט זיך דער עולם אַ לאָז געטון צוריק איבער דער גאַס זוכן „שטרייקערס". צוזאַמען זענען אויך געלאָפן פאַרברודיקטע פּנימער מיט אויסגעשמירטע בערד, די אַרבלען פון די בלויזע העמדער פאַרשאַרצט און מיט „פּראָווידלעס"*) אין די הענט... און געזוכט האָט מען אין אַזוינע שטובן, וואו עס איז קיין שטאַרקער טאַטע נישטאָ, קיין צו גרויסע משפּחה. און איינעם האָט מען געכאַפּט אונטער דער בריק, און ער האָט זיך באַ־האַלטן אין דער זייט, וואו דאָס וואַסער איז אויסגעטריקנט אין די היצן, האָט מען אים שוין געלאָזט ליגן אויף דער שוואַרצער ווייכער ערד דאָרט, און ווייסט גאָט צי ער האָט נאָך געקענט מיט אַן אבר רירן. דאָס פּנים צעהאַקט, ברוין און בלאָ, געשוואָלן, אַז מען האָט קיין אויג נישט אַרויס־געזען, די ליפּן פאַרברענט, און מען האָט אים איבערגעלאָזט, ווי אַן

*) שפּאַר־העלצער צו שטיול.

אָפּגעריסענעם זאַק שעטשקע נאָך אַ יריד. און ווידער ווערט אַ געקאָך: די ברידער דעם געהרגעטנס פאָרן שוין, זיי פאָרן... מען האָט געגעבן אַ דעפּעשע נאָך זיי אויף דער וואַרשעווער ליניע, וואו זיי פאָרן אַרום מיט אַ גאַנצער חברה שותּפים שפּילן אין „טשערוואָני־ראַז, טשערוואָני־דוואַ". און דער עולם האָט זיי שוין ווי מיט ליכט אויסגעקוקט. דאָ ווערט זיך ערשט אויף דאָס ניי מאַכן... און אין האַלבן טאָג האָבן אַ פּאָר פערד מיט אַ וועגעלע, פול אָנגעפּאַקט מיט פאַרשוינען, געזעצט איבערן שאָסיי, גלייך אין שטאָט אַריין. מען האָט די פערד נישט געקענט איינהאַלטן און אין מיטן לויפן זענען די פאַרשוינען אַראָפּגעשפּרונגען פון דער פור. קאַפּעלישן, און אַזוי יונגען אין מאַרינאַרקעס מיט לאַקירענע שטיוול און גלאַנצענדיקע דאַש־קעס — די ברידער מיט די שותּפים און נאָך צו עטלעכע פרעמדע, מינסקער פּאָביטניקעס. אין די הענט האָבן אַ בלישטש געטון בלאַנקע מעסערס מיט רעוואָלווערן און מען האָט זיך געלאָזט לויפן אין מאַרק אַריין מיט געשרייען איבער דער גאַס: „אונדזער ברודער, אונדזער בלוט!"...

זענען זיי דאָס ערשטע אַריין צום ברודער אין שטוב. אויף דער ערד איז ער געלעגן, מיט אַ ווייס לײַלעך איבערגעדעקט, מיט ברענענדיקע ליכט צוקאָפּנס, און אַרום אים איז געלעגן דאָס ווייב מיט אַ פולער פאַדלאָגע קינדערלעך, איינגעטיפּט די קעפּלעך ביי די זייטן פון פאָטער. און ווי די ברידער האָבן דאָס דערזען, און אַ דעק אָפּ געטון דאָס פּנים, האָבן זיי זיך אַ וואָרף געטון אויף דער ערד צווישן די קינדער און גענומען זיך שלאָגן אין די קעפּ אַריין — „געוואַלד, אונדזער ברודער!"... און די שטוב איז געוואָרן פול מיט געוויין און האַרץ־רייסנדע קולות. האָבן די שותּפים זיך צוגערוקט צו דער טיר און געוואָלט אַרויס מיט די מעסערס אין די הענט, איז דאָס ווייב צוגעלאָפן און מיטביידע הענט פאַרשטעלט די טיר און יאָמערלעך געוויינט: אַז איר וועט שוין אַפילו די גאַנצע שטאָט אויסשחטן וועט מיין מאַן אויך נישט לעבעדיק ווערן...

זיי האָבן זיך אָוועקגעדרייט פאַר רחמנות און די מעסערס אין די קעשענעס אַריינגעלייגט.

נאָר אויפן הויף האָבן זיי שטעקנס און העלצער געכאַפּט און זיינען אַרויס אויף דער גאַס.

פון די וואַרשטאַטן האָט מען אַרבעטער אַרויסגענומען, פון די בייי־דעמער אַראָפּגעשלעפּט און געפירט זיי אונטערן געהילך פון די שטעקנס. דער גאַנצער מאַרק האָט ווי אין אַ קעסל געקאָכט. מען לויפט אַרום צע־היצט מיט אָנגעצונדענע געזיכטער, מיט אַ בלוט־דאָרשטיקייט אין די

ברענענדיקע אויגן. פנימער פלאַקערן, און בלוט האָט אין דער לופט געשפריצט, איבער קעפּ אין בלוט איינגעטונקען; די שטיינער האָבן זיך אין בלוט געוואַשן. דער הימל גרוילט, די זון איז רויט. אַ שחט־הויז אַרום און אַרום, און דער גאַנצער מאַרק איז פאַרהעמערט און פאַרהאַקט.

אין דער אייגענער צייט האָט זיך איטשעלע איבערן מאַרק באַוויזן מיט אַן אייזערנעם פרענט, וואָס ער האָט ערגעץ פון אַ לאָדן אָפּגעדרייט, אין דער האַנט. מיט אייזן־שטאָלענע טריט האָט ער זיך איבער דעם מאַרק אַדורכגעשניטן. מענטשן קוקן אים נאָך מיט שרעקלעכע אויגן און ער האָט זיך שוין אין מאַרק־געסל אַריין אַראָפּגעלאָזט. פון דאָרט ווייטער אין אַ גאַס אַריין און ער איז צו צו אַן אָפן פענצטער פון אייזיק פייגע־ליבעס הויז.

— וואו זענען זיי, די געזעלן? — האָט ער אַ פרעג געטון הערשעלען, אַרומקוקנדיק זיך איבער די ליידיקע וואַרשטאַטן...

— וואָס פאַר אַ געזעלן? — איז יענער בלאַס געוואָרן ווי די וואַנט.

— צעלאָפן?...

— צעלאָפן... אָ... אָט ליגן די שוסטער־מעסערס... — איז הערשעלע ערשט צו זיך געקומען, אויסשפּרייטנדיק ביידע הענט, ווי אַן אומגליק וואָלט אים געשען...

איטשעלען האָט זיך דאָס פּנים פאַרקרימט און אָפּטרעטנדיק פון פענצטער האָט ער אַ שמעטער געטון דאָס אייזן אָן דער ערד.

ער האָט אָנגעהויבן צו אַנטלויפן, ווי משוגע. און פון מיטן וועג האָט ער זיך צוריקגעכאַפּט — אַ כאַפּ געטון דאָס אייזן און איז ווייטער אַנט־לאָפן, זוי עמעצער וואָלט אים ביי די האָר געריסן, אַזוי ווילד, אַזוי צעטראָגן. אויף דער אייגענער גאַס האָט ער נאָך אין איין פענצטער אַריינגעקוקט און ווייטער נישט געפונען קיינעם.

אַצינד איז ער שוין רואיק געוואָרן, און מיט אַן אַראָפּגעלאָזטן קאָפּ האָט ער ווייטער געשפּאַנט, טריט ביי טריט, און די הענט מיט דעם אייזן פאַרלייגט הינטערן רוקן.

אָנקומענדיק אויף אַ גאַס איז ער פאַרבייגעגאַנגען פאַר אַ הויז, וואו ער האָט דערהערט אַ געשריי און אַ שרעקלעך גערודער פון הינטער דער הויז־טיר. ער איז אַרויף אויף דער שוועל און שטיין געבליבן פאַרגליווערט. די גאַנצע באַנדע, מיט שטעקנס און רעוואָלווערן אין די הענט, זענען דאָ געשטאַנען אויף דעם הויף און האָבן געסטראַשעט אין אָפענעם פענצטער אַריין... און אָט האָט מען אַ פיר אַרויס געטון איינעם, טעוועלען, אַ יינגל פון אַ יאָר 18, וואָס האָט דאָ געאַרבעט בייגעריי; פון טיש אַוועק האָט מען

אים אַרויסגענומען, גלײַך מיט די פאַרשאַרצטע אַרבל. אַ פאַרסמטן בליק האָט יענער אין דער אָפענער הויז־טיר געוואָרפן... איטשעלע האָט דאָס דערזען און באַלד האָט זיך אָנגעהויבן דאָס געקנאַקעריי איבערן קאָפּ — האָט ער, איטשעלע, מיט אַ ווילדן קרעכץ זיך אָנגעכאַפּט אָן דער טיר, ווי איינער וואָס האָט די וואָג פאַרלוירן פון אַ שרעקלעכן שטויס. און געמרו־טשעט האָט ער ווי אַן אָקס. שרעקלעך האָט זיך זיין געזיכט פאַרקרימט, און די אויגן, ווי צוויי שפּיזן, האָבן אין געשלעג אַריין געקוקט... ער האַלט זיך אָן דער טיר מיט פאַרהאַקטע ציין — אַ מרוטשען פון אומבאַהאָלפנקייט. אַן אָקס אונטער די שטריק האָט געמרוטשעט, ווען מען האָט אים מנצח געווען — — און באַלד האָט ער זיך אַ כאַפּ געטון און איז אַרויס אויף דער גאַס. דערשלאָגן איז ער און פאַרסמט ביז אין לעצטן טראָפּן בלוט!

ער איז אַוועק אַהיים און זיך אַ וואָרף געטון אויף זיין בעטל מיטן פּנים אַראָפּ — דאָס גאַנצע בעטל האָט זיך געוואָרפן מיט אים צוזאַמען, געציטערט, געקרעכצט מיט אים צוזאַמען. פון יעדן קרעכץ, יעדן וואָרף — האָט די שטוב געציטערט, דער בעליק וועט איינפאַלן און די ווענט וועלן צעלייגט ווערן. די מאַמע און די שוועסטערלעך מיט די ברידערלעך האָבן נאָר פון דער ווייטנס געקוקט אויף אים און אויף די שפּיץ־נעגל זענען זיי געקראָכן מיט אַן איינגעהאַלטענעם אָטעם...

אַזוי איז ער אָפּגעלעגן אַ גאַנצן מעת־לעת אויף איין אָרט, קיינער האָט אים נישט געטשעפּעט, נישט געפרעגט...

צומאָרגנס, אַז ער איז נאָר פון בעט אַראָפּ, האָט ער מיט די ערשטע ווערטער געפרעגט, וואָס טעוול מאַכט. און אַז די מוטער האָט אים גע־ענטפערט, אַז מען ווייסט נישט צי ער וועט לעבן, האָט ער דעם קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען.

און אים האָט זיך פאַרגעשטעלט טעוולס בליק, וואָס ער האָט גע־וואָרפן אין הויז אַריין: קען דען אַ לעבעדיקער אַזוי קוקן?... — האָט ער געטראַכט. דאָס פּנים איז אים שטאַרק פאַרענדערט געוואָרן, בלאָס און אין די אויגן איז געלעגן דער געווייינלעכער פייכטער גלאַנץ...

ער איז אַרויס פאַר דער טיר און האָט זיך דערוואוסט פון פעלדשער, אַז טעוולען וועט גאָרנישט זיין.

די זון האָט אים גלייך אין פּנים אַריין באַגעגנט.

אַ העלע ליכטיקייט איז איבערן מאַרק אויסגעגאָסן און איטשעלע האָט די ברעמען צוגעמרוזשעט און נישט געקענט קוקן אין דער ליכטיקייט.

נאָר אַ שטילקייט עס איז... צו שטיל... — האָט זיך אים געדאַכט. די

געוועלבלעך שטייען אָפן. די קרעמער אין די טירן, פּונקט ווי אַמאָל... זיי קוקן אין מאַרק אַריין. נאָר שטיל, צו שטיל... אַ ריינער, בלאָער הימל און אויך שטיל... די זון פינקלט און ציטערט צו. אַ ים ליכטיקייט האָט זיך צעגאָסן. די אָפּגעווייסטע מויער פון די מאַרק־געוועלבער בלאַנקט. נאָר אַ שטילקייט... ווי נאָך אַ לוויה... ער האָט זיך פאַרטראַכט, איטשעלע. אַ פּאָר שניידערלעך מיט מאַשינען אויף די פּלייצעס, איינגעהויקערט די קעפּלעך מיט די שפּיץ בערדלעך אויסגעשטעקט אונטער דער משא, און די עקן פּאָלעס פון די צעלאָזטע כאַלאַטלעך האָבן זיך ווייטער און ווייטער נאָכגעווישט אָן דער ערד. איטשעלע האָט דעם קאָפּ אויסגעדרייט; ער האָט זיך דערמאָנט אָן מנשה אייזענקרעמערס טויט... ווען ער איז נאָך אויף דער ערד געלעגן, האָבן שוין די טעכטער געגנבעט, איינע אונטער דער אַנדערערס וויסן — דאָס יום־טובדיקע געפּעס פון בוידעם אַראָפּ... נאָר אַצינד איז ער שוין אויף אַלץ באַשטאַנען, אַבי טעוולען זאָל גאָרנישט שאַטן...

פּאַרנאַכט, ווען איטשעלע איז געזעסן אין שטוב, איבערגעביסן און אַ גלאָז טיי צוגעטרונקען, — ווייל נאָך אַ תענית וויל די מאַמע, ער זאָל דווקא טרינקען אַ גלאָז טיי, — זיצט ער אַזוי, קומט אַריין אַ קליין יינגל מיט פאַרפּלאָנטע בעקלעך און לויפט צו צו איטשעלען:

— איטשעלע — רוימט ער אים איין — וואַרשעווער זענען אַראָפּגעקומען. אַרבעטער... מיט רעוואָלווערן... הינטער דער שטאָט שטייען זיי!

איטשעלע האָט אַ וואָרף אַנידער געטון דאָס גלאָז טיי אויפן טיש און איז אַוועק מיטן יינגל.

באַלד האָט זיך אין מאַרק אַריין אַ שיט געטון אַ ביסל חברה, אַ מאַן אַכצן, און איטשעלע אין דער מיט, קאַפּעליושלעך מיט מאָדנע בלאַסע פּנימער און שטילע אויגן. ס׳איז נישט היימלעך געוואָרן. דער מאַרק האָט אָנגעהויבן צו שווייגן און צו קוקן... קרעמערס און קרעמערקעס שטייען שוין אין די טירן פון די געוועלבלעך, מיט אַ רעטעניש אין די אויגן, און האַלטן שוין גרייט אַ פוס פון דער שוועל אַראָפּ, נאָר די טירן צו פאַרקלאַפּן.

נאָר דאָס מאָל איז שטיל אַריבער. די לוויה איז נאָך ביי נאַכט געווען און די שלעגערס זענען זיך שוין פונאַנדערגעפאָרן. נאָר די ברידער — „זענען זיי דאָך ברידער" — האָט איטשעלע געזאָגט...

האָט זיך דאָס שטעטל אומזיסט דערשראָקן און פרי די לאָדנס פאַרמאַכט. צומאָרגנס איז שוין זייער געביין נישט געווען. מענטשן האָבן

דערציילט, אַז זיי האָבן נאָר אויסגעשאָסן אין דער לופט, איידער זיי זענען אַרויף אויף דער פור...

אין שטעטל איז צוריק שטיל געוואָרן. און אַלע האָבן שוין געוואוסט, אַז פון היינט אָן איז איטשעלע די אָרגאַניזאַציע...

דודל אַדוואָקאַט האָט זיך ווייטער ווי אַ יתום אַרומגעדרייט, און טייל מאָל, פאַר בענקלעכקייט, פלעגט ער זיך צורוקן צו וועלכן עס איז פון די אחדות־לייט און דערציילן אים פון די צייטונגען און לויבן די ביאַליסטאָקער שטרייקערס מיט די באַקוער שרפות — ביז אין טאָג אַריין.

---

## .2

און דער זומער האָט זיך געצויגן און געצויגן, די טעג האָבן אָנגעהויבן שוין קלענער צו ווערן, און דער עולם — זיך צו פאַרטון. אַ שנת משא־ומתן. אַפילו אַ ביסל צערודערט, נאָר אַרבעט איז דאָ: „וואָיענע" אַרבעט — איבערן קאָפּ. האָט מען נישט געפילט ווי די טעג רוקן זיך, ווי די זון רוקט זיך, וואָס אַ טאָג ווינקלדיקער אַוועק, ווי דאָס ווינטל בייט זיך, די לופט ווערט גרינגער, לויטערער און בלאָזט שוין קיל, גלעטנדיק איבער די פּנימער, און רוימט עפּעס סודות איין... די שטראַלן ווערן רויטלעכער, צעגיסן זיך מיט אַן אָפּגעקילטער רויטלעכקייט און עפּעס פרעמד, דאַכט זיך, אויף דער קילער ערד. די זון ווערט וואָס אַ טאָג פאַרטראַכטער. עפּעס טוט איר באַנג און זי שווייגט... טרויעריק, זייטיק שאַרט זי זיך, און אַ האַלבער טאָג געדויערט, איידער זי באַווייזט אַ פריי געמיט... און ווערט שוין האַלבער טאָג, שפּרייטן ערשט קוים די פייגעלעך צו איינציקע פלי־געלעך אויס, צופּן עפּעס מיט די פּיסקעלעך אונטער אַ פליגעלע אַרונטער, גריבלען זיך מיט די בייכלעך, מיט צעלאָזטע פליגעלעך, איבערן שפּיץ בית־המדרש־דאַך, און קוים־קוים וואָס זיי פּרוּוון איבערהיפּן פון איין שפּיץ שינדל אויפן אַנדערן, צופּישטשענדיק מיט רחמנותדיקע קולעכלעך. עפּעס בענקט און עפּעס קלאָגט זיך.

און די פאַרנאַכטן ווערן אַנדערש. וואָס אַ טאָג פאַלט די נאַכט גע־שווינדער צו. און איידער מען קוקט זיך אום, הייבט זיך שוין די זון אַן אַראָפּצולאָזן אין אַן אַנדער ווינקל אונטער די רויטע וואָלקנדלעך, וואָס זוכן זיך אַ נאַכט־לעגער הינטערן וועלדל. אַ רויטע ליכטיקייט צעגיסט

זיך דעמאָלט אויפן שפּיץ פון שול־דאַך. און קעגן אויבערשטן פענצטערל, וואָס קוקט פאַרזונקען ערגעץ ווייט, ווייט, שטיל און בענקלעך, לאָזט זיך די זון אַראָפּ. שטיל ציען זיך די שאָטנס איבער די גאַסן אויס. מאַרק־געוועלבער זעען אויס ווי פינצטערע, אויסגעלאָשענע בעקערישע אויוונס. די מאַרק־יידענעס, מיט די קיישלעך און די בענקלעך אונטער די אָרעמס, הייבן זיך שוין פּאַמעלעך אָן פונאַנדערצוגיין, און רוקן זיך טריט ביי טריט מיט די גערונצלטע, אויסגעצויגענע פּנימער און בלאָע ליפּן, שפּירנדיק אַ קילקייט אין די ביינער!

און נאָך קילער ווערן די נעכט.

שטילע פייערלעך בלישטשען אין די פענצטער און אין די קראָמען. אַ קרעמער שטעלט זיך אויף דער שוועל אַרויס מיטן בלאַסן פּנים, וואָס בלייבט זיך אין דער טונקעלער נאַכט אַריין, און טוט אַ גענעץ אין שטילן, ליידיקן מאַרק אַרויס און דאָס צעקאָלערט זיך, ווי אַ הויל ווידער־קול. און דער הימל אַרום ליגט, ווי אַ קרישטאָלענע דעק, אויסגעפּלאַסטערט מיט שאַרפע, שניידנדיקע, בליצנדיקע שטערן, וואָס גראָבן זיך און גראָבן אין דער טיפער, בלאָער נאַכט אַריין. קילע נעכט, די פייערלעך ווערן איינציק־ווייז פאַרשוואונדן. שווערע, לאַנגווייליקע טריט קלאַפּן אָפּ אין שטילן, איינגעשלאָפענעם מאַרק. דער סטרוזש דרייט זיך אַרום די פאַרהעמערטע געוועלבער. זיין בענקשאַפט נאָך אַ פּעלץ גיסט זיך שוין אין מאָדנע קלאַנגען אויס, נאָך מער — אין רעדן צו זיך אַליין... די פאַרטאָגן זענען ווייסע, אַ ווייסער דיקער טוי הילט דעם מאַרק מיט די דעכלעך איין פון קאָפּ ביז צו די פיס. קאַלטע, רויטע זון־אויפגענג, רויטלעך־קילע טעג, און דאָס ווינטל שמעקט שוין מיט שופר־בלאָזן. יונגען און בית־מדרשניקעס הייבן זיך שוין אָן איבערן שופר אַרומצוויאָגן אונטער דער בית־המדרש־וואַנט... און אַלע אינדערפרי, ביים ערשטן דאַווענען, מאַכט דער שמש גוואַלדן, וואו דער שופר איז אים אַהינגעקומען... אַלע אינדערפרי פייפט אַ הייסע מקווה. פאַרטאָג וועקט מען צו סליחות. הילכט עס אין די לאָדנס — דער שמש פליט ווי אַ שד איינער אַליין אין פינצטערן פאַרטאָג איבער גאַסן און הינטערגעסלעך, און אומעטום — אַ פּלוצלינגן פאַל אַריין מיטן שול־קלאַפּער אין אַ לאָדן. און ווערט ווייטער פאַרשוואונדן... יידן ווערן ערנסטער, טרויעריקער און מידער. יונגעליטלעך — בלאַסער און אויסגעווייקטער. ביי טאָג איז אויפן שול־הויף שטיל. דאָס בית־המדרש שלאָפט און די פאַרקראָכענע, גרינע שויבן בלינצלען קעגן דער זון מיט בלאָלעך־אויסשיינענדיקע בלישטשען און פאַרזינקען אין אַ רחמנותדיקער

שטילקייט. — נאָר ביי נאַכט ווערן זיי רויט־אויפגעפלאַמט. ליכט ברענען דאָרט. אַן עולם רוישט. בעט מיט האַרציקע קולות, זיפצן און קרעכצן, וואָס מישן זיך צונויף מיטן זיס־האַרציקן ניגון פון צעבראָכענע הערצער און צעגיסן זיך יעמערלעך אין דער פאַרשוויגענער, דערשראָקענער פינצ־טערניש אַריין... און אַז עס ווערט טעגעניש, דער הימל הייבט אָן צו בלאָען, ווערן די ליכט אויסגעלאָשן. אין דער פינצטער זעען זיך אויסגעבלייכטע פנימער, וואָס קוקן דורך שויבן צום בלאָען, פאַרטראַכטן מאָרגן אַרויס, און קעגנאיבער רוישן די ביימער פון בעדנערס גאָרטן, און שאָקלען שטום צו מיט די שפּיצן צווייגן, ווי נאָך אַ סוד, וואָס איז איבער נאַכט געשען און איבער נאַכט פאַרשוואונדן געוואָרן... דער הימל בלייכט זיך שוין אין מזרח־זייט. אַ ליכטיקער וואָלקן־פּאַס האָט זיך ווייט אויסגעצויגן, און דער מיטן הימל איז נאָך אַש־קאָליר, טונקל, און אין דער מאָרגנדיקער, קילער לופט פילט זיך דער איינגעזאַפּטער זיפץ פון „זכור־ברית”... זכור־ברית האָט מען שוין אָפּגעזאָגט. אין באַלד וועט ווייטער קומען אַ נאַכט, אַ נאַכט...

און געקומען איז זי, די נאַכט פון „שלש־עשרה מדות”.

דעמאָלט האָבן זיך די הענער אויפגעכאַפּט פאַרטאָג נישט צום קרייען, נאָר צו שרייען מיט ביטערע, יעמערלעכע קולות, מיט קולות פון „לית דין ולית דיין” האָבן די הענער געשריגן, ווען מען האָט זיי פאַרטאָג פון באָנט אַראָפּגעשלעפּט, פון די זיסטע חלומות אויפגעריסן. דער שוחט אין זיין זשופּיצע מיט די צוויי ברייטע אַרבל און מיטן חלף אין מויל האָט זיך גערוקט פון הויז צו הויז, אין יעדן הויז האָט אים אַ קופּקעלע מענער און ווייבער אַרומגערינגלט. דעמאָלט זענען פאַרבלוטיקטע פעדערלעך איבער די קעפּ אַרומגעפלויגן, פליגלען האָבן זיך אָן דער ערד געפּאַטשט... די לעצנטע כּוחות אָן דער קאַלטער ערד צעשלאָגן, אָפּגעריסענע קולות זענען אין בלוט אַנטגאַנגען און אַ לעצטער הויך, אַ לעצטער בליק איז אונטער אַ שטיוול פון אַ פּוס צעטרעטן און אויסגעלאָשן געוואָרן.

אַ רויטער מאָרגן האָט אין מזרח־זייט געציטערט. דער הימל האָט געבלוטיקט און געשראָקן. אַ שרעקלעכער מאָרגן. און דער פאַרנאַכט האָט נאָך מער אימה געוואָרפן. די געוועלבער האָבן זיך פאַרהאַקט און וועקסענע ליכט האָבן פון די פענצטער אַרויסגעשיינט מיט גרויס אימהדיקייט. אַן איינגעהאַלטן געוויין רייסט זיך פון די שטובן אַרויס. קרעכצן און העשען פון מענער און ווייבער. און באַלד האָט מען די לאָדנס אויך פאַרהאַקט און מענער און ווייבער אין ווייסן אָנטון און מיט רויטע פאַרוויינטע אויגן האָבן זיך איבער די גאַסן געצויגן.

אין שול אַריין, אין שול אַריין.

אַ שרעקלעכע אימה טראָגט זיך אין דער לופטן און אויפן שול־הויף האָט זיך דער טאָג מיט דער נאַכט איניינעם צונויפגעגאָסן. דער הימל בלייכט זיך נאָך, און אין די פענצטער פון בית־המדרש און אין אָפענעם טויער פון דער שול צעגיסט זיך אַ רויטע ליכטיקייט פון דער מאַסע ברענענדיקע ליכט. אַ שטיל ציטערדיק געדויש האָט די לופט אָנגעפילט און האָט זיך מיט דער שטילקייט פון די לערע געסלעך צונויפגעמישט. אַ שטילע פאָרכט האָט זיך איבער זיי אויסגעגאָסן. אַ טיפער צער האָט די דעכלעך אַרומגעהילט און געבענקט האָבן זיי צו דער שול. געבענקט און געשראָקן. און דער בלייכער הימל איז אַלץ טינקעלער און טינקעלער געוואָרן, די ליכטיקייט אין בית־מדרש — רויטער, פייערדיקער און דאָס געדויש און יאָמערלעכקייט פלייצט אויף דער גאַס אַרויס. די שול און דאָס בית־המדרש האָבן זיך פלוצלינג אויפגעכאַפּט, ווי אַ וואַלד אין שטורעם און די הימלען האָבן געשווידערט:

יום־כפור, יום־כפור!...

און באַלד נאָך יום־כפור האָט זיך דער הימל צעשפּילט: אַ ווינטל האָט אָנגעהויבן פייפן און וואָלקנדלעך, ווי צערונערער גראָער שימל, האָבן זיך איבערן הימל געיאָגט, און דער גאַנצער הימל איז פאַרקראָכן געוואָרן. האָבן זיך פייגל אויפגעכאַפּט שטום, דערשראָקן און האָבן זיך צענויפגע־בונדן און געפלויגן אונטערן הימל, ווי צוויי בענדער, וואָס האָבן זיך נאָכ־געצויגן נאָך איין קעפּל אין דער לענג און אין דער ברייט, און די פייגל זענען פאַרשוואונדן געוואָרן צווישן די ווייטע וואָלקן און דער הימל איז פאַרשטומט געוואָרן.

און ווידער האָט אַ ווינטל אַ בלאָז געטון און די ביימער האָבן זיך דערשראָקן און זענען געל געוואָרן. אַ געדויש צווישן די ביימער — און די בלעטער פאַלן מיט אַנגסט צו דער ערד, און דאָס פעלד הילט זיך אין זיי איין, ווי אין אַ געל טויטן־קלייד. די צווייגן ווערן נאַקעט, דער ווינט פייפט אין זיי קרעכצן, שלאָגן זיך און קרעכצן אונטערן הוילן גראָען הימל, וואָס איז פאַרשטומט געוואָרן פון קרעכצן.

פאַרשטומט איז אַלץ געוואָרן, נאָר די לופט ציטערט.

מען קלאַפּט שוין ברעטער צונויף אַרום די אויפגעשטעלטע דרענגער הינטער די פענצטער.

סוכּות גייט. און אויף דער בריק האָט זיך ווידער אָפּגעשטעלט די בויד. און די וואַרשעווער פאַצעטלעך מיט די אויפגעשטעלטע קעלנערלעך

זענען פון דער פור אַראָפּגעקראָכן מיט איינגעקאָרטשעטע קעפּלעך צווישן די אַקסלען, געכאַפּט די פּעקלעך אונטער די אָרעמס און אַנטלאָפן מיט שטילע פּנימער, קוקנדיק אין דער פּייכטער לופט אַריין איבער די דעכער פון מאַרק.

---

גאַנץ יום־טוב האָט זיך דער הימל נישט אויסגעלייטערט. עס האָט געקאַפּעט און געקאַפּעט, נאָר שמחת־תורה איז געוואָרן אַ ביסל פרייִלעכער. דאָס יונגוואַרג האָט זיך אויף דער גאַס אַרויסגערוקט און געמאַכט אַ קלאַפּ אין בית־המדרש ביי די הקפות — וואָס אַ קלאַפּ הייסט... אָדער ווי איטשעלע זאָגט — אַ „זבענק"!

דאָס איז געווען דער אָנהייב אויף אַ גאַנצן ווינטער. אין אַ צייט פון אַלגעמיינע שטרייקן, אָדער ווי ביי אונדז הייסט דאָס „אַלטע געמיינע שטרייקן", פאָרט מען צוריק נישט אַרויס. די פּאַצעטלעך זענען געבליבן אין דער היים און דאָס שטעטל האָט געמאַכט פאַר זיך שבת: אַ שטרייקל, לויט יכולת...

דערנאָך האָט מען זיך דערוואוסט פון די נייעס־צייטונגען און פון די פּראָקלאַמאַציעס, אַז דאָס הייסט אַ „גענעראַל־שטרייק"...

האָבן זיך אַלע טאָג געזאַמלט אויף דער גאַס גאַנצע קופּעס יונגען, ווי הונגעריקע וועלף, אַ גאַנצן טאָג אַריין און אַרויס פון טשיינע, די טיר רוט נישט; יונגען פון איינוויייניק, יונגען פון אויסנוויייניק, מען דרייט זיך און מען קוקט זיך איינער דעם אַנדערן אין די אויגן אַריין, אפשר וועט מען קענען דערווייל עפּעס כאַפּן „גוט־ברודערשאַפט", אָדער לייען אויף דערווייל, אַבי נישט אַרומצוגיין אַזוי טויט־הונגעריק... שפּעטער, אַז עס וועט זיך מאַכן אַרבעט, לאַכט זיך אַזאַ שטייגער אויס... דערווייל אָבער איז נישט גוט. מען מוז געפינען אַן עצה, אַ נישט איז אַ סוף פון דער וועלט... גיט מען זיך אַ לאָז איבער דער גאַס, אַ שטיק דרייסיק יונגען, גלייך צו אהרן שוחט.

דערזעט ער די בראָך, רוקט ער זיך אָפּ אין ווינקל אַריין, און קוקט מיט אַ בלאַס פּנים און דערשראָקענע אויגן... דאָס ווייב, ווידער, אַ דיקלעך מענטש, קריגט זי באַלד דעם שלוקעכץ, הייבט זי אָן צו קרייען און חברה — נאָך. איז עס געווען ווי אַ האָן, אַ שטייגער, מיט משררים, און עס איז געוואָרן אַ געקרייעריי אין שטוב, איז מען געקומען פון דער צענטער גאַס צו לויפן, און קעפּלעך האָבן זיך אין די פענצטער באַוויזן... דערווייל געפינט אַ יונג אַ גרויס ברויט אין אַ שענקל, ווערט עס צעפליקט ווי אַ

שוואַרצער האָן, און שטייענדיקערהייט, פאַרפלאָמט איז עס געוואָרן... עס איז נאָך גוט, וואָס זיי טוען די היטלען נישט אויס צום עסן...— האָט זיך דער שוחט איין זיין ווינקעלע געטראַכט... און איז קוים אַ ביסל צו זיך גע־קומען. ער האָט לייכטער אָפגעעטעמט און געפרעגט: קינדערלעך, וואָס איז אייער באַגער ? . . .

— אונדזער באַגער, אונדזער באַגער...— האָבן זיך עטלעכע אַ כאַפּ געטון — איר עסט קהלשע פּופּקעס, דרויבעס, פּיסלעך, מיט פליגעלעך, און אונדז ווילן מיר ברויט !...

— אַבי נאָר ברויט, איז דאָך נאָך נישט אַזאַ אחריות... — האָט דער שוחט געזאָגט און צוגעשאָקלט מיט די הענט — הערט זשע, קינדערלעך... — האָט ער זיך נענטער צוגערוקט — זאָגט מיר וויפל, לפּי־ערך, זאָל איך אייך געבן געלט אויף ברויט ?...

— צען רובל!... — האָט זיך איינער אַ כאַפּ אַרויס געטון.

— צען, צען ! ! — האָבן אַלע צוגעבאַסעוועט.

— איך קען נישט . . . איר ווילט מיר ווי טון. — האָט ער געענט־פערט.

— וואָס פאַר אַ ווײ־טון, וואָס פאַר אַ ווײ־טון ? נישט מער ווי אויף ברויט מיט אַ שטיקל הערינג פאַר אונדז אַלע !...

און דאָס ווייב איז דערווייל געשטאַנען אין ווינקל ביים קוימען. דאָס געזיכט אירס האָט זיך מאָדנע געקרימט, די ליפּן האָבן העפטיק געטרודערט, און די ברעמען האָבן געציטערט.

— יוכבד — האָט זיך דער שוחט אָנגערופן — מילא, אַז יידן ווילן ברויט, מוז מען זיי געבן... ברענג מיר אַריין פון שכן צען רובל.

זי איז געגאַנגען און שטיין־בלייבנדיק אַ ווײלע אין דער טיר האָט זי זיך אומגעדרייט און אַ צייט לאַנג נישט געקאָנט אָפּרייסן די אויגן פון מאַן, דערנאָך האָט זי אַ בליק געוואָרפן אויף דער חברה: צווישן וועמען זי לאָזט אים איבער!...

ער וואָלט שוין אַפילו געפונען ביי זיך אין שטוב אַ צען רובל, נאָר גיי, ווייז זיי אַ וועג...

חברה האָט געקריגן די צען רובל אויף דער האַנט, און איז אַרויס אויף דער גאַס מיט אַ „הוראַ!" אַז יידן און ווייבער זיינען פון וועג אַראָפּ־געלאָפן און געשעדיקט זיך לויפנדיק.

דערנאָך האָט זיך ערשט געמאַכט אַ לעבן אין דער טשיינע. דאָרט איז איטשעלע אויך געווען. איז מען געשפּרונגען איבער טיש און איבער בענק.

און איטשעלע האָט געשריען: לעבט, ברידער!! און געטיילט פּעטשלעך אין די פּלייצעס אַריין: אַז איר קענט זיך קערעווען, זענט איר יונגען!...

אַזוי האָט עס זיך שוין געפירט טאָג אויף טאָג.

און דאָס שטעטל האָט זיך טאָג אויף טאָג נאָך מער דערוואוסט, וואָס די נייעס־צייטונגען שרייבן און געהערט אַלץ מער מעשיות און חידושים פון די שטרייקער אין די גרויסע שטעט. פון וויטעס פּאָליטיק האָט מען שוין גאָרנישט געוואָלט הערן — קיין רעטעכל וואָלט קיינער נישט געגעבן פאַר איר — מען זעט דאָך, אַז די באַנען אַפילו שטרייקן!...

און פּלוצלינג קומט אָן אַ ידיעה פון פּאָגראָמען... גאַנצע צעטלעך פון שטעט און שטעטלעך... שרעקלעכע מעשיות פון „כוליגאַנעס” און „שוואַרצע מאות”, וואָס האָבן בייכער אויפגעשניטן... זייגנדיקע קינדער די קעפּלעך צעדריקט... אַ שוידער האָט אָנגעכאַפּט. די פּנימער ווערן גרין און געל, די הויט — געגרונצלט. אָן אימה באַפאַלט דאָס גאַנצע שטעטל פון גרויס ביז קליין. מען שמועסט, אַז די כוליגאַנעס רוקן זיך... זיי זענען שוין אין וואַרשע. פיר טויזנט שטיק זענען אָנגעקומען מיט דער טערעספּאָלער באַן. ר' אברהם פיינבערג האָט שוין געלאָזט צומאַכן גראָבע פרענטן צו די טירן. און דער פּראָסטער עולם, וואָס האָט נישט קיין אייגענע טירן, און נישט מער, ווי ווייב און קינד און אַ צעבראָכן טישל, קלערט אַ תענית צו מאַכן, גייט אַרום מיט פינצטערע פּנימער, שוואַרץ ווי די ערד. אַפילו איטשעלע האָט שוין דעם קאָפּ אַראָפּגעהאָנגען...

פאַרנאַכט, אויפן בלייערנעם הימל האָבן זיך וואָלקנדלעך, ווי גראָע, ערדענע טעפּ אין טריבן וואַסער, געטוקט. די פענצטער האָבן געקוקט מיט אַ שטילקייט אין גאַס אַריין, און אומעטיקע יידן מיט בלאַסע, אַראָפּגעלאָזטע פּנימער, האָבן זיך געדרוקט אין בית־המדרש אַריין צו מנחה־מעריב.—

דער עולם איז פאַרטיפט געווען אין שמועסן פון היינטיקע צייטן. דער רויך פון די פּאַפּיראָסן האָט זיך אונטערן בעליק צעלייגט, די ליכט־פלעמ־לעך האָבן זיך ווי אין נעפּל געטוקט און דער בעל־תפילה איז געשטאַנען מיט די פּלייצעס צום ברעטל און אויפן עולם געקוקט. דעמאָלט האָט זיך אין בית־המדרש אַריין באַוויזן דער באָד־גוי מיט דער פוטערנער קוטשמע אויפן קאָפּ, צעקנעפּלט דאָס גראָבע, וואַטענע לייבל, פון הינטער וועלכן עס האָט אַרויסגעקוקט אַ שטיקל „קאַרטשיק” פון ברודיקן העמד. ער איז געבליבן שטיין ביי דער טיר מיט בלישטשענדיקע אויגן, ווי אַ קאָטער קוקט פון אַ פּיעקעליק אַראָפּ, און האָט עפּעס געשמאָטשקעט מיט די ליפּן, וואָס האָבן אַזוי אָפּט נאַריש געשמייכלט אונטער די בלאָנדע, אָפּגעלאָזטע וואָנ־

סעס. אַ פּאָר יידן, וואָס זענען הינטערן באַלעמער געשטאַנען, האָבן אים אָנגעקוקט: צי מיינט ער נישט אַמאָל, אַז היינט איז פּרייטיק־צונאַכטס... און באַלד האָט ער געהאַט אַ גאַנץ רעדל אַרום זיך. „סטאַך", אָבער, האָט נייעס צו דערציילן... און ער דערציילט, אַז די „כוליגאַנעס" זענען שוין אויפן וועג, מען האָט זיי געטראָפן אויפן וואַרשעווער שאָסיי, נאָר אַ גליק, וואָס זיי טרעטן דערווייל אָפּ אין אַנדערע קליינע שטעטלעך... יידן האָבן מויל און אויערן אויפגעשטעלט, געצאַפּלט, געוואָלט אים אין די אויגן אַריינקריכן, אויף די אַקסלען אָנהענגען, געוואָר צו ווערן פון אים דעם גאַנצן תּוך... און סטאַך פּוילט זיך נישט, מיט יידן לעבט ער זייער גוט, און דערציילט נאָך אַ מאָל און נאָך אַ מאָל, ביז יידן זענען אין עצבות אַריינגעפאַלן, געשאָקלט מיט די קעפּ און געזיפצט.

און שפּעטער איז חנהלע בערטשעס, די טוקערן, געקומען צו פאָרן פון אַ דאָרף ביי דער סטאַציע, וואו אַהין זי האָט אָפּגעפירט פון מקווה אַן אין מאַנס פעלץ איינגעוויקלטע יידענע... איז זי געקומען און דערציילט פאַר די שכנטעס, אַז די יידענע אַליין האָט טאַקע געזען אין דער פרי אַ פּאָר קאַצאַפּן, אין רויטע העמדלעך, און אין לייביקעס מיט פאַלבן ביז צו די קני, האָבן זיך אַרומגעדרייט אויף דער סטאַציע... דאָס זענען געווען די „כוליגאַנעס" טאַקע, און מי יודע, צי זענען שוין נישטאָ גאַנצע הונדערט אַזוינע...

די שכנטעס האָבן אויסגעהערט מיט זיפצן: „גאָט דערבאַרעמדיקער". און ווישנדיק די הענט איינע אָן די אַנדערע, האָבן זיי זיך איינציקווייז פון שטוב אַרויסגעשאַרט. זיי זענען שוין געגאַנגען נישט גלייך אַהיים, נאָר אָפּגעטראָטן צו אַנדערע שכנטעס, די צווייטע צו די דריטע און אַזוי איינע צו דער אַנדערער, ביז מען האָט עס שוין אין בלענדעוווער שטיבל דער־ציילט. און דערציילט האָט מען עס, אַז האַר און נעגל האָבן זיך קאַפּויר געשטעלט: הונדערט „כוליגאַנעס" מיט שפּיזן און מעסער זענען שוין אויף דער סטאַציע — אַ ליאַדע מינוט קומען זיי אָן...

מען האָט אָנגעהויבן די לאָדן צו פאַרמאַכן. אין גאַס איז חשך, שטיל... מ'האָט נאָר פישטשען הינטער די פאַרמאַכטע לאָדן געהערט... און צייטנווייז, האָט מען געקאָנט טרעפן לויפן אַ צעטומלטן ייד, וואָס האָט זיך מיט שרעק אומגעקוקט ביי יעדן געסל, ביי יעדן ווינקל און איז ווייטער געפלויגן מיט פאַלעס צעלאָזטע אין דער לופט, ווי די פליגל פון אַ וויעטראַק*)... וואו אַהין לויפט אַזאַ שטייגער ייד, קאָן מען נישט וויסן, אַכיבע אין באָד אויפן

*) אַ ווינט־מיל.

בוידעם אַרויף אונטער די בעזעמלעך אַרונטער . . .

אין דער טשיינע זענען געזעסן יונגען אויפן טיש און אויף די בעטן, נאָר אַלע מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ: שטיל, קיינער רעדט נישט אַ וואָרט...

פּלוצלינג האָט איטשעלע אין שטוב זיך אַריינגעבראַכן, ווי אַ דונער:

— וואָס זיצט איר? — האָט ער אַ געשריי געטון — איר ווייסט ביי וואָס עס האַלט?

דער עולם האָט אים אָנגעקוקט.

— און אַז מען ווייסט?...

— איר גייט מיט מיר?... ווער גייט נאָך קאָסעס צו עטלעך אין אייזן־געוועלב?...

דער עולם האָט זיך אַ הייב געטון און געקוקט אויף איטשעלען איבער־געגעבן.

ער האָט אויסגעקליבן נאָר עטלעכע און איז מיט זיי אַוועק.

אין אַ ווײַלע אַרום איז איטשעלע מיט די אונטערהעלפער געקומען צוריק צו לויפן מיט בינטלעך קאָסעס אין די הענט. מען האָט זיי פונאַנ־דערגעבונדן און עס איז געוואָרן אַ געכאַפּעריי, די פּנימער האָבן זיך אויס־געלייטערט, געשטראַלט פאַר פרייד און די קאָסעס אין די הענט האָבן געבלאַנקט מיט די אויסגעבויגענע שפּיצן אַרויף.

— צו ווייניק מענטשן, צו ווייניק...— האָט זיך ערשט דער עולם אומ־געקוקט און מען האָט געשיקט רופן דעם גאַרבער־פּאַך.

עס גייט נישט אַוועק קיין רגע, קומען די שילוחים צוריקצולויפן און נאָך זיי אַ מיידל מיט אַ דערעלע אויפן קאָפּ און בלישטשענדיקע אויגן פון פרייד.

דאָס איז געווען יעקלס שוועסטער, וואָס האָט די בשורה געבראַכט, אַז יעקל איז געקומען.

— יעקל איז געקומען, יעקל! — ווערט אַ גדולה.

און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטון אין גאַס אַריין מיט די קאָסעס אין די הענט, גלייך אַריין צו יעקל סטאָליאַר אין שטוב. האָבן זיי אים דערזען, זענען זיי אים באַפאַלן ווי די בינען, מיט אַ פרייד און געפּאַטשעריי אין די הענט און קולות, אַז ער, יעקל, האָט נישט געוואוסט אויף וועלכער וועלט ער איז און איז געשטאַנען אין דער מיט ווי צעמישט. זיי האָבן אים שיר אויף שטיקער צעריסן. אַז ער האָט ערשט אָנגעהויבן מיט די הענט צו מאַכן, איינגעשטילט זיי אַ ביסל, האָט ער זיך ערשט אומגעקוקט צו די קאָסעס זייערע: וואָס איז דאָס? האַ?...—האָט ער געפרעגט. דער עולם איז

עפּעס געבליבן ווי צעטומלט. זיי האָבן זיך ערשט דערמאָנט, אַז זיי האָבן קאָסעס און דערציילט אים פון די „כוליגאַנעס״.

— טפו... — האָט ער אויסגעשפּיגן — פּראָוואָקאַציע. ס'איז ליגנט; איך פאַר דאָך ערשט פון דער סטאַציע!...

חברה האָט די קאָסעס געלאָזט און יעקלען אַרויסגענומען אין מאַרק אַריין מיט געזאַנג. אַ פּאָר יונגען האָבן זיך אָ לאָז געטון צו דער חברה הכנסת־כלה נאָך די גרויסע לאָמטערן מיט די רויטע שויבן. מען האָט זיי געגעבן אַ צינד־אָן. און אויף הויכע דרענגער זענען זיי געוועזן פאַרזעצט, האָט עס דעם גאַנצן מאַרק פאַרלויכטן. מיט אַ געזאַנג און מיט רויטע, באַלויכטענע פּנימער האָט די גאַנצע קופּע יונגען יעקלען אַרום די מאַרק־געוועלבער געפירט. אויף די ווענט פון דער מויער האָט זיך אַ רויטע ליכטיקייט צעגאָסן. די שויבן פון די אייבערשטע פּענצטער האָבן געבליצט, און אין דער פינצטערער נאַכט האָט עס אָפּגעשלאָגן ווי אַ פייער פון אַ שרפה. קולות און געזאַנג האָבן זיך אינאיינעם צונויפגעמישט און איבערן גאַנצן שטעטל פונאַנדערגעטראָגן.

און איידער מען האָט זיך דערוואוסט וואָס דאָ טוט זיך, איז דאָס שטעטל שיר פון דער הויט אַרויסגעשפּרונגען. ערשט שפּעטער האָבן זיך אַ פּאָר מענער צוגערוקט צום עולם יונגען, יעקלען שלום־עליכם אָפּצו־געבן, און אין ווענס זענען זיי געוואָר געוואָרן, אַז מיט די כוליגאַנעס איז ליגנט די גאַנצע מעשה. מען האָט גאָט געדאַנקט פאַר דעם חסד און שלאָפן געגאַנגען.

נאָר סיי ווי סיי איז שוין דאָס שטעטל נישט געשלאָפן די גאַנצע נאַכט.

און באַלד אין דער פרי איז שוין יעקל סטאָליאַר מיט דעם סטאַרשי־סטראַזשניק געשטאַנען ביים סלופּ פון דער מאַרק־ברונע און האָבן צווישן זיך אַ קאַטאָוועסל געפירט... יעקל סטאָליאַר האָט געקלעפּט פּראָקלאַמאַציעס און דער סטאַרשי האָט זיי אַראָפּגעריסן: ווידער אַ נעץ איין מיט דער צונג און — אַ לייג צו צום סלופּ, און ווידער — אַ נעם אַראָפּ. און ווידער אַ קלעפּ אָן איין ווידער — אַ נעם אַראָפּ; זענען זיי ביידע געשטאַנען, אַזוי האַנט ביי האַנט, און געקוקט זיך אין די אויגן אַריין, עפּעס ווי אָפּגע־שמועסט זיך, ביז וואַנען דאָס גאַנצע פּעקל פּראָקלאַמאַציעס איז איבער־געגאַנגען פון יעקלס אין סטראַזשניקס האַנט אַריין. און ערשט האָבן זיי זיך אויף דאָס ניי אָנגעהויבן צו קוקן אין די אויגן אַריין, ווי איינער רעדט: נו... נו...

און יידן און ווייבער זיינען געשטאַנען פון ווייטנס און האָבן גע־

שמייכלט: „וואָס אַ יונג קאָן"... אַפּנים, אַז ס'איז טאַקע קאָנסטיטוציע...
דערזוויל איז דער רב אין קאַלפּיק, מיט די לאַנגע פּאות און אין דער וואַטענער אַטלאַסענער זשופּיצע, געגאַנגען איבער דער גאַס מיט זיינס אַן עולם אין בית־המדרש אַריין תהלים זאָגן. און ווי יעקל סטאַליאַר האָט דאָס דערזען, האָט ער ווידער אויך צונויפגעקלאַפּט זיינס אַן עולם אין בית־המדרש אַריין.
אין דער הייך איז שוין געווען אַ געזאַגעריי... „מזמור־לדוד" — הערט מען דעם בעל־תפילהס קול, וואָס ער שאָקלט זיך פאַרן עמוד, מיט אַ רויטער פאַטשיילע אַרומגעגאַרטלט. דער גאַנצער עולם אַרום שאָקלט זיך מיט און זאָגט מיט, דעם רבס קאַלפּיק שאָקלט זיך אין דער וואַנט אַריין... און דער עולם אַרום די טישן, נאָך אין די טליתים, זיצן אויך איבער די אָפענע תהילימלעך און זינגען זיך וויינענדיק צו, שיר ווי די מתנגדים...
איז יעקל אַרויף מיט דער גאַנצער חברה זיינער אויפן באַלעמער. אַ גאַנצע מחנה — שוואַרץ איז אַזש געוואָרן. און דער רב מיטן עולם האָבן זיך אומגעקוקט צערודערט.
— וואָס פאַר אַ תהלים?... — האָט יעקל סטאַליאַר אַ געשריי געטון און אַ פּאַטש אין שולחן אַריין — היינט איז נישט קיין צייט פון תהלים!...
דער עולם איז פאַרשטיינערט געבליבן און אויסגעגלאָצט די אויגן.
— היינט איז אַ צייט, נישט פון קיין תהלים, נאָר פון קעמפן מיט „בראָן!" *)...
— געוואַלד, בראָן!! — האָט זיך דער רב אַן וואָרט אָנגעכאַפּט, גע־ריסן זיך ביי די שלייפן און געשריגן, און דער גאַנצער עולם האָט געפינקלט מיט די אויגן—געוואַלד, בראָן... בראָן!... נישטאָ קיין בראָן... תהלים איז דאָ! תהלים!
— נישט קיין תהלים — שרייט יעקל סטאַליאַר נאָך העכער — נאָר בראָן, און טאַקע בראָן! רעוואָלווערן, פּיסטאַלעטן!...
— געוואַלד — פּיסטוילן!... — האָט נאָך אַ הייסער ייד, מיט טיפע ברעמען און שכינה־ברענענדיקע אויגן אויסגעשריגן, אַרויפשפּרינגענדיק אויפן רבס טיש, און דאָס פּנים האָט געפלאַמט און די לאַנגע באָרד האָט געציטערט פון מסירת־נפש, שטייענדיק קעגנאיבער יעקל סטאַליאַר.
— איר זענט אַ גנב!... — האָט יעקל אויסגעשריגן און געשפּילעוועט אים מיטן פינגער אין די אויגן אַריין — איר... אַ פאַלשע וואָג... טרעט אַן מיטן פוס אויף דער ענגלישער וואָג. איר וועגט „זשעפּיק" די פּויערים!...

*) „בראָן" — געווער.

— יידן, שעכטס!... יידן, קידוש־השם! — האָט דער ייד מיט אַ ווייי־נענדיק, ציטערדיק קול אויסגעשריגן און אויפגעריסן די מלבושים אויפן האַרץ און געקוקט מיט פייערדיקע בליקן.

— אַראָפּ, אַראָפּ!... — איז געוואָרן אַ געשריי פון איבערן באַלעמער. די פּנימער האָבן זיך אָנגעצונדן. פויסטן האָבן זיך איבער די קעפּ געהויבן.

— תהלים, תהלים! — איז געוואָרן אַ געליאַרם און אַ צרודערט־קייט צווישן עולם פאַרן עמוד. און דער ייד מיט די טיפע ברעמען האָט, אַזוי ווי ער שטייט און גייט, געגעבן אַ געשריי אַרויס „מזמור לדוד בב־ר־ר־ר"...

— שאַ, שאַ, שאַ!!... — איז געוואָרן אַ געפּאַטשעריי מיט די הענט אויפן שולחן און איינער האָט אַ ווייז געטון אַ רעוואָלווער.

— געוואַלד! — איז אַ געטומל געוואָרן און אַ געשטרעקעריי פון הענט צום ייד אויפן טיש און מען האָט אים אַראָפּגעכאַפּט, מיט צעמישטע פּנימער און אויסגעגלאָצטע בולטע אויגן, קוקנדיק אויף דעם באַלעמער אַרויף...

די חברה אויפן באַלעמער האָט זיך אַ ריר געטון צו די טרעפּלעך און דער עולם פאַרן עמוד האָט די פענצטער אויפגעריסן און אַרויסגעשפּרונגען — אַרויס, אַרויס!...

צייט איין מינוט איז דאָס בית־המדרש אויסגערוימט געוואָרן. עס זענען מער נישט געבליבן ווי עטלעכע אַלטע יידן און דער רב, וואָס איז געזעסן אין זיין ווינקעלע מיטן פּנים צו דער וואַנט און געוויינט, ווי אַ קליין קינד, אַפוואַשנדיק זיך מיט טרערן. און עטלעכע יידן, אין די טליתים, וואָס זענען געזעסן ביי די הינטערשטע טישן, זענען געבליבן זיצן ווי פאַרגליווערטע און געקוקט מיט דערשראָקענע פּנימער צום רב...

און אַ ווינט האָט זיך דורך די אָפענע פענצטער אַריינגעריסן און געפּאָכט מיט דעם פּרוכת פאַרן ארון־קודש... געפּאַטשט אין די טירלעך אַריין, פאַרוואַרפנדיק אַ פאָלע מיטן אונטערשלאַק אַרויף. און ווידער צע־פּאָכט דאָס פּרוכת אין דער לופטן און געפּעלבלט האָט עס זיך און געצויגן, ווי עס וואָלט זיך געוואָלט אָפּרייסן און אויך ערגעץ אַרויספליען דורך אַ פענצטער... און פון דרויסן האָבן זיך געשרייען, אויסגעמישטע קולות געהערט: „הורא! הורא!"...

— — — דאָס זענען די יונגען איבער דער גאַס געפלויגן, ווי אַ צעלאָזטע סטאַדע: הורא! הורא!... און איטשעלע אַפילו האָט זיי שוין נישט געקענט איינהאַלטן. מיט אויפגעשטעלטע הענט האָט ער זיך אַנטקעגנגע־

שטעלט און געשריגן: געגוג, געגוג! און יעקל אויך דאָס אייגענע — נאָר חברה איז געווען צו פיל צעהיצט... די געוועלבער האָבן זיך פאַרקלאַפּט איינס נאָך דאָס אַנדערע, און חברה האָט זיך ווייטער און ווייטער געלאָזט מיט קולות און געשרייען.

פלוצלינג קומען אָן צו לויפן נאָך עטלעכע יונגען, אָפּגעסאָפּעט און מיט פאַרפלאַמטע פּנימער: חברים, חברים — — אַראָפּ אין דער „סאָנד”־גאַס אַריין, מען טרייבט אַרויס דעם „סענדזשע”... אים — די „פּשאַריקעס” און נאָך און נאָך. געשווינד, געשווינד!

— קינדער, אַ סוף! — האָט יעקל סטאָליאַר אויך אויסגעשריגן.

— אַ סוף, אַ סוף!!...

— עס ל־ע־ב־ע — — —

— הוראַ!! הו־ר־אַ־אַ — — — —

און דער עולם האָט זיך אַ לאָז געטון.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און פאַרן „סאָנד”*) האָבן זיי געגעבן אַ קום אָן, ווי אַ שוואַרצע, געדיכטע כמאַרע. אַ רעדל מיט גויים איז שוין פון פריער געשטאַנען דאָרט, און פּנימער מיט פּנימער האָבן זיך אינאיינעם צונויפגעמישט, אַלע אויף איין קופּע און אַלע האָבן צו די פענצטער פון „סאָנד” געקוקט...

פלוצלינג האָבן זיך עטלעכע אַ ריר געטון פאַראויס, און דער גאַנצער עולם איז נאָך זיי אַריין אין „סאָנד”. — — —

באַלד איז פון דאָרט אַרויס דער סודיאַ, אַ צעטומלטער, וואָרפנדיק שרעקנדיקע בליקן אויף אַלע זייטן, נישט ווויסנדיק אָן וואָס זיך אָנצוכאַפּן, און ווי אַ שטורעם־ווינט וואָלט אים אַ כאַפּ געטון, האָט ער זיך אַ לאָז געטון איבער דער גאַס מיט צעפלויגענע פּאָלעס פון מאַנטל און אין גאַלן קאָפּ...

חברה האָט געמאַכט אַ „הוראַ”, ביז ער איז פאַרשוואונדן אין עק גאַס, וואו דער קאַמאַרניק וואוינט...

אין דער אייגענער נאַכט האָט מען זיי פון די בעטן אַרויסגענומען. און באַגינען, די דעכלעך האָבן זיך נאָך אין גראָלעכן נעפּל געהילט, און שטיל איז געווען, נאָר וואָס אַ קלאַנג פון אַ פרענט, וואָס איז אָפּגעשפּרונגען אָן אַ וואַנט ערגעץ, האָט מען געקענט הערן, דעמאָלט האָבן זיך שוין באַלע־באַטים פון די שטובן אַרויסגערוקט און דערציילט זיך נייעס איינער דעם אַנדערן, וואָס די נאַכט איז געשען. מאַמעס, מיט בלאַסע פּנימער און פאַרוויינטע אויגן, האָבן זיך געוויזן אויף דער גאַס. און אויפן פּלאַץ פאַר דער

*) „סאָנד” — געריכט.

קאַנצעלאַריע זענען געבונדענע זין געשטאַנען אַרומגערינגלט מיט זעלנער... זעלנער אין גראָע שינעלן און קליינע רייטער־ביקסלעך איבער די פּלייצעס. דאָ זענען איטשעלע און יעקל סטאָליאַר אויך געווען און כמעט, אַלע זייערע חבֿרים. נאָר צוויי, וואָס האָבן אַהער נישט געפּאַסט: איינער אַ ייִד פֿון אַ יאָר פֿערציק מיט אַ שוואַרצער באָרד און ערנסט בלאַס געזיכט, וואָס מען האָט אים גלאַט אַזוי אַרעסטירט, ווייל ער האָט נישט געלאָזט אַ סאָל־דאַט, ער זאָל אָן דעם עלטסטן מאַכן אַ רעוויזיע ביי זיך אין שאַנק, וואו דעם ווייבס ביסל צירונג איז געלעגן. און דער צווייטער איז אַ פּויער געווען — אַ פּויער אין זיין גראָען סוקמאַן, מיט זיין פּראָסט געזיכט און אומשולדיקע, תמעוואַטע אויגן. עס האָט זיך אים פֿאַרגלוסט שפּעט ביינאַכט אין שטאָט צו פֿאַרזוימען און, גייענדיק פֿון שענק — נאָך אַ לידל צוזינגען זיך...

— „פּאַוולע" — האָט אים אַ לאָבוסל אַ פֿרעג געטון, ווען דער פּאַטרול האָט אַ ביסל אָפּגעטרעטן — „פּאַוולע... אי ווי טוז?..."

— „נו, פּאַטש־זשע, קאָכאַני"... — האָט דער פּויער אַ צעשפּרייט געגעבן ביידע הענט און דאָס געזיכט האָט זיך אים העפּטיק פֿאַרקרימט — „זאָ סוואָי גראָש וויפּיטש — — אי טאָ ניע וואָלנאָ!!"

עס זענען געקומען אָנצולויפֿן נאָך עטלעכע צענדליק זעלנער אויף די פֿערד און אַן אָפֿיציר פֿאָראויס. אַ פּאָר וועגעלעך מיט פּויערשע פֿורמאַנעס זענען צוגעפֿאָרן און דער אָפֿיציר האָט פֿון פֿערד אַראָפּ אַ וויז געטון, אַז די חבֿרה זאָל אויפֿזיצן.

זיי האָבן זיך איינגעזעצט אין די פֿורן, געדיכט איינער צום אַנדערן. די פֿערד מיט די רייטנדיקע זעלנער האָבן שוין פּאָר אומגעדולד אויף קיין אָרט נישט גערוט, געוואָרפֿן מיט די קעפּ און געקלאַפּט מיט די קאָפּיטעס אָן דער ערד, ביז די וועגעלעך האָבן אַ ריר געטון פֿון אָרט און די זעלנער האָבן זיי אַ רינגל־אַרום געטון, נאָכרייטנדיק.

אַריינפֿאָרנדיק אין עק גאַס האָט דער אָפֿיציר אַ מאַך געטון מיטן קאָפּ צו די זעלנער. זיי האָבן זיך אַ כאַפּ געטון פֿאַר די שיידלען — און דאָס געקלאַנג און געבלאַנקערײַ פֿון די גאָלע שווערדן האָט אויפֿגעבליצט... איבער דער שטאָט איז מען געריטן לאַנגזאַם... די געבונדענע זענען געזעסן אויף די וועגן מיט אַראָפּגעלאָזטע קעפּ און בלאַסע געזיכטער, און די זעלנער אַרום זענען נאָכגעריטן, טריט ביי טריט, קוים צושאָקלענדיק זיך איבער די זאָטלעך אויף און אָפּ. די גאַס איז פֿאַרהעמערט. וואו עס איז שוין אַ לאָדן אָפֿן געווען, האָט מען אים געשווינד פֿאַרמאַכט. וואו אַ געוועלבל — פֿאַרהאַקט. שטיל איז געווען ווי אין אַן אויער, די גאַס האָט דעם אָטעם

איינגעהאַלטן... און עס האָט זיך נאָר געהערט דאָס געקלאַפּעריי פון די פערדס טריט און דאָס געקלאַנג פון די שפּאָרן. עס וואַרפט אַן אימה; די גאַס, דאַכט זיך, ווערט הינטער די פאַרמאַכטע לאָדנס אויסשטאַרבן און דאָ ציט עס זיך אַזוי לאַנגזאַם, ווי ביי אַ לוויה...

אויף דער בריק האָבן זיי אַ נעם געטון אַ ביסל גיכער און זענען אַוועק איבערן שאָסיי...

דער גראָער מאָרגן־נעפּל האָט זיי פאַרהילט און אין זיך איינגעזאַפּט... און פון דער ווייטנס האָט זיך דאָס אויסגעוויזן, ווי אַ שוואַרצער וואָגלענ־דיקער פלעק, וואָס לאָזט זיך ערגעץ וואַנדערן אין דער ווייטער וועלט אַריין...



# אינהאלט

פארוואָרט ______ V
ווי דער גורל פירט ______ 23
אפּגעשטויסן ______ 105
אין דער שטיל ______ 115
געברענגט אַ סוד ______ 121
איפּער און געוויסן ______ 125
קינדער ______ 165
אַ רעטעניש ______ 202
דער לערער גרינשטיין ______ 233
אין טאָג פון געריכט ______ 237
זעלבסטשוץ ______ 277
אַ שטעטל ______ 287

# באמערקטע דרוקפעלערן

| זייט | שורה | איז געדרוקט | דארף זיין |
|---|---|---|---|
| 23 | 24 | וועגנס, | וועגס, |
| 35 | 27 | פאַרבלאָנדשעטער | פאַרבלאָנדזשעטער |
| 36 | 20 | ברייננגען | ברענגען |
| 48 | 4 | זעען | זען |
| 53 | 18 | אמת | אמתן |
| 58 | 15 | צערטלעכע | צערטלעכסטע |
| 60 | 3 | אַריינקוקען | אַריינקוקן |
| 60 | 16 | מענטשן? | מענטש? |
| 73 | 2 | הינצוטאָן | אַהינצוטאָן |
| 73 | 17 | גענטפערט. | געענטפערט. |
| 75 | 8 | אומברעגען״... | אומברענגען״... |
| 80 | 21 | שוועסטער | שוועסטערן |
| 84 | 28 | פעלט | עמעצער וועט אַרויסקוקן?.. |
| 84 | 29 | געגאַנגען. | געגאַנגען, |
| 85 | 26 | שטראַכטן, | שטאַכטן, |
| 85 | 29 | שטראַכעט, | שטאַכעט, |
| 94 | 30 | געוואָרט | גערדאָנזשעט *) |
| 96 | 32 | זען | זעען |
| 99 | 26 | אויגן. | אויגן |
| 107 | 33 | צו | צי |
| 115 | 3 | ליכטיקייט | ליכטיקייט. |
| 121 | 23 | שוואַרצען | שוואַרצן |
| 123 | 10 | קלייניקייט | קלייבקייט |
| 126 | 22 | איינוועגס | אין איין וועגס |
| 134 | 10 | פעלט אַ וואָרט | זעמל |
| 135 | 33 | אָפּט | אפשר |
| 140 | 17 | האָב | האָב |
| 144 | 32 | דרייסטיקייט | דרייסטקייט |
| 151 | 16 | בריוט | ברויט |
| 168 | 34 | נעש | נעם |

*) ווייסנבערג איז געוועזן קעגן „באַווייזן״ אַלס עקוויוואַלענט פאַר דעם וואָרט „דאָנדזשען״.

# באַמערקטע דרוקפעלערן



| זייט | שורה | איז געדרוקט | דאַרף זיין |
|---|---|---|---|
| 169 | 26 | פייגע, | פייגען, |
| 169 | 29 | זען . . . | זעען . . . |
| 170 | 29 | דעמאַנט, | דערמאַנט, |
| 171 | 12 | ביישטעקל; | בייטששטעקל; |
| 181 | 12 | „קעלבן" . . . | „קעלבל" . . . |
| 189 | 26 | פאַפעסיע | פראַפעסיע |
| 190 | 10 | געעבן | געגעבן |
| 205 | 14 | ביי | ביים |
| 212 | 9 | מאַמע | מאַמען |
| 218 | 1 | ניש טגלייבן? | ניושט גלייבן? |
| 226 | 26 | אַהיימקומנדיק, | אַהיימקומענדיק, |
| 235 | | אַ רעטעניש | דער לערער גרינשטיין |
| 236 | 18 | אויבס. | אויפס. |
| 238 | 14 | סאַרוועגטקע, | סערוואַנטקע, |
| 303 | 1 | „געיאַטלט | „געיאַטלט" |
| 307 | 3 | צווגעשאַקלט | צוגעשאַקלט |
| 312 | 1 | נפקה־מינה? | נפקא־מינה? |
| 312 | 10 | „אַלאַ באַגאַ! | „אַ, ליאַ באַגאַ"!! |
| 316 | 33 | גרייט | געגרייט |
| 317 | 25 | אין | ווי |
| 317 | 29 | סעדל | דעכל |
| 332 | 33 | ווי ג־ע־ל ! | ווי ג־ע־ל ! ! |
| 336 | 2 | איברן | איבערן |
| 343 | 24 | לעצנטע | לעצטע |
| 345 | 30 | משררים, | משוררים, |
| 347 | 27 | ליכט־פלעמאַלעך | ליכט־פלעמלעך |
| 348 | 27 | חשך, | חושך, |
| 352 | 6 | צרודערטקייט | צערודערטקייט |